# וואָס וועט געדרוקט ווערן אינעם
# נומ. 5 "סאָוועטיש היימלאנד"

■

**אין צוזאמענהאנג מיטן 50־טן יאָרצײַט פון שאָלעם־אלייכעמען** וועלן אין נומער געדרוקט ווערן:

א ניט־פארעפנטלעכטע פיעסע פון נאָכעם אויסלענדער „דער יונגער שאָלעם־אלייכעם".

■

**עסייען** פון מוישע אלטמאן, אויזער האָלדעס אא.

■

**זיכרוינעס** פון שאָלעם־אלייכעמס טאָכטער ליאליע קויפמאן וועגן איר פאָטער.

■

**אין דעם אָפּטייל פּראָזע** וועט פארעפנטלעכט ווערן דער סאָף פון אירמע דרוקערס ראָמאן „קלעזמער", דער דריטער טייל פון הערשל פּאָליאנקערס בוך „דער בעקער פון קאָלאָמייע", דערציילונגען פון שירע גאָרשמאן.

■

**א פארצייכענונג** פונעם גענעראל־לייטענאנט הירש פּלאסקאָוו — „פראָנטאָוויקעס".

■

**מיט לידער־ציקלען** טרעטן ארויס די דיכטער: מאָטל גרוּוומאן, כאַים מאלטינסקי, הירש רעלעס, מוישע טייף.

■

**אינעם אָפּטייל „ליטעראטור און קונסט"** וועלן אויסער די שאָלעם־אלייכעם־מאטעריאלן פארעפנטלעכט ווערן אן ארטיקל וועגן ריווקע רובין (צו איר 60־טן געבורטסטאָג), דער ליטעראַרישער קאלענדאר, קולטור־כראָניק א. אנד.

# סאָוועטיש היימלאַנד

ליטעראַריש-קינסטלערישער
כוידעש-זשורנאַל

אָרגאַן פון שרײַבער־פאַרבאַנד פון פססר

זעקסטער יאָרגאַנג

פאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל“

מאָסקווע

אַפּרעל

4

1966

# אינהאַלט

זײַט


א. װ. לונאַטשאַרסקי. לענין פון רויטן מאַרמאָר . . . . 3
באָריס יאַקאָװלעװ. קריגערישער אָפּטימיזם . . . . . . 7
לידער פון ייִדישע דיכטער פון פאָלקס־פּוילן דאָוויד ספּאַרד, קאַלמען סעגאַל, מוישע שקליאַר . . . . . . . . . . . 15
אַלעקסאַנדער פּעטשערסקי. ניטאָ פאַר זיי קיין מעכילע 21
מייער יעלין. זייערע בליקן האָבן זיך באַגעגנט. — די הויז־אייגנטימערן. — קינדער, קינדערלעך... — דער לעצטער (דער־ציילונגען) . . . . . . . . . . . . . . . 25
מענדל ליפּשיץ. אַזוי לײַכטן מײַנע אויגן (לידער) . . . . 43
אײַזיק הובערמאַן (צום 60־טן געבורטסטאָג). באַ אונדז אין פּעלשטין (דערציילונג) . . . . . . . . . . . 46
הירש אָשעראָוויטש. דער טורעם פון באָוול (פּאָעמע) . . 75
יוסעף ראַבין. סאָסנעס און יאָדלעס (דערציילונג). צייכענונגען פון יו. קופּערמאַן . . . . . . . . . . . 79
שלוימע טשערניאַװסקי. איך טראַכט איצט אַלץ אָפּטער און אָפּטער (לידער) . . . . . . . . . . . . . 107
ירמיע דרוקער. קלעזמער (ראָמאַן. פאָרזעצונג). איליוסטרירט פון א. ריטאָװ . . . . . . . . . . . . . 109
װערק פון אונדזערע פרײַנט. שאָלעם שטערן. אינדערפרי. (ליד). ישעיה אורבאַס. דר. קאַרל אַבראַמאָװ (דערציילונג) 127


## טריבונע פון לעבן


אַרן װערגעליס. Como el Uruguay no hay (סאָף) . . . 135


## ליטעראַטור און קונסט


הילעל אַלעקסאַנדראָװ. שאָלעם־אַליכעמס בריװ צו דאָוויד מאַגידן . . . . . . . . . . . . . . . . 145
כאַיִם לויצקער. דער װעג פון אַ שרײַבער . . . . . . 150
סערװאַנטעס (צום 350־טן יאָרצײַט) . . . . . . . . . 152
צװישן ביכער. יעשוע ליובאָמירסקי. ש. בעליסעס „פּאָרטרעטן און פּראָבלעמען“; מוני גליזער. ש שטראַוס־מאַרקאָ „געװען אַמאָל אַ שטעטל“; שירע גאָרשמאַן. לייענענדיק מעראַסעס „אייביקער שאָך“ . . . . . . . . 153
בלעטערנדיק זשורנאַלן און צײַטונגען . . . . . . . . . 158
כראָניק . . . . . . . . . . . 144, 158, 159
נאָטיצן אַפן קאַלענדאַר . . . . . . . . . . . . 160


---

דער סקולפּטור־פּאָרטרעט פון װ. אי. לענין (אויסגעפּילט אין רויטן מאַרמאָר פון נ. אַראָנסאָן) אַף דער זײַט 3 און די פאָטאָ „װ. אי. לענין אין גאָרקי, 1922“ אַף דער זײַט 7 זײַנען רעפּראָדוצירט פון די אָריגינאַלן, װעלכע געפינען זיך אין צענטראַלן מוזיי פון װ. אי. לענין.



די דאַזיקע ארבעט מײַנע איז דאָס בעסטע פון אַלץ, וואָס איך האָב ווען־עס־איז געשאַפן, — אַזוי האָט דער סקולפּטאָר נאום אַראָנסאָן, דער אויטאָר פון סקולפּטור־פּאָרטרעטן פון בעטהאָווען, טאָלסטאָי, פּאַסטער, שאָפּען, אָפּגעשאַצט דעם פּאָרטרעט זײַנעם פון וולאַדימיר איליטש לענין. אַראָנסאָן האָט אַ לאַנגע צײַט געוווינט אין פראַנקרײַך. אין אָנהייב פונעם יאָר 1904 האָט איליטש איינעם מיט א. וו. לונאַטשאַרסקין באַזוכט דעם קינסט־לערס אַטעליע אין פּאַריז. קימאַט אין צוויי צענדליק יאָר אַרום האָט דער סקולפּטאָר פאַר־ענדיקט לענינס פּאָרטרעט. וועגן דעם האָט א. וו. לונאַטשאַרסקי דערציילט אין אַ ווייניק באַוווּסטן אַרטיקל זײַנעם „לענין פון רויטן מאַרמאָר“.

דאָס דאַזיקע אַרטיקל מיט קליינע קירצונגען פּובליקירן מיר אין „סאָוועטיש היימלאַנד“.

כ'וועל אָנהייבן פון אַ לאַנגאַנעדיקער דערמאָנונג. אין יאָר 1904, אין איינעם אַ פרילינגדיקן פרימאָרגן, האָט מען צו מיר אָנגעקלאַפּט אין טיר אינעם צימער פונעם האָטעל „דער גאָלדענער לייב" לעבן בולוואַר סען־זשערמען אין פּאַריזש. אף די טרעפּ איז געווען פינצטער. איך האָב דערזען פאַר זיך אַן אומבאַקאַנטן מענטשן אין אַ קעפּקע מיט אַ טשעמאָדאַן, וואָס איז געשטאַנען בא זײַנע פיס. אַ קוק געטאָן אף מײַן פרעגנדיק פּאָנעם, האָט דער מענטש געענטפערט:

א. וו. לונאַטשאַרסקי

# לענין פון רויטן מאַרמאָר

— איך בין לענין. דער צוג איז זייער פרי אָנגעקומען.

— יאָ, — האָב איך געזאָגט. — די פרוי מײַנע שלאָפט. ווײַזט אהער אײַער טשעמאָדאַן, מירן אים דאָ איבערלאָזן, און אליין וועלן מיר גיין ערגעץ אויסטרינקען אַ גלאָז קאַווע.

— קאַווע ווילט זיך טאַקע שרעקלעך. כ'האָב זיך ניט אָנגעשטויסן טאָן דאָס אָפן וואָקזאַל, — האָט געזאָגט לענין.

מיר זײַנען אוועק. נאָר אין אָט דער פריִער שאָ, פינף אַזייגער אינדערפרי, איז אף אַלע גאַסן פונעם לינקברעגיקן פּאַריזש אַרום וואַזשיראַר אַלץ געווען פאַרמאַכט.

— פאָלגט מיך, וולאַדימיר איליטש, — האָב איך געזאָגט, — דאָ, אַ פּאָר שפּאַן פונדאַנען, וווינט איינער אַ יונגער קינסטלער — אַראָנסאָן איז זײַן פאַמיליע, — אַ גרויסער מײַסטער, וועלכער איז שוין גוט באַוווסט. איך ווייס, אַז ער נעמט זיך צו דער אַרבעט זייער פרי. און ער וועט אונדז געבן צו גלעזלעך קאַווע. דערווײַל וועט פּאַריזש זיך אופכאַפּן.

מיר זײַנען אַרײַנגעגאַנגען אין אַראָנסאָנס אַטעליע, אין וועלכער איך בין פון דעמלט אָן זייער אָפט געווען. אין דער אַטעליע פלעגן בעהאַדראָגע־דיק זיך באַווײַזן שעדעווערן, פון וועלכע פילצאָליקע קאָפּיעס זײַנען זיך פאַנאַנדערגעשוווּמען איבער אַלע לענדער פון דער וועלט.

איליטש האָט אויסגעטאָן דעם מאַנטל און לויט זײַן געוויינלעכער לע־בעדיקער מאַניר אַרומגעגאַנגען איבער דער גרויסער אַטעליע און מיט נײַ־גער, נאָר אָן באַמערקונגען פאַנאַנדערגעקוקט די אויסגעשטעלטע גיפּסן, מאַרמאָרן און בראָנזעס.

דערווײַל האָט דער גאַסטפרײַנטלעכער באַלעבאָס צוגעגרייט פאַר אונדז קאַווע. וולאַדימיר איליטש האָט געשמאַק אַ קרעכץ געטאָן, אָנגעשמירט אַ ברויטל מיט פּוטער און גענומען צובײַסן, ווי אַ מענטש, וואָס האָט זיך שטאַרק אויסגעהונגערט אין וועג.

אַראָנסאָן האָט מיך אָפּגעפירט אין אַ זײַט.

— ווער איז ער? — האָט ער מיר אַרײַנגערוימט אין אויער.

מיר האָט געדאַכט, אַז עס וועט זײַן ניט זייער קאָנספּיראַטיוו אָנרופן לענינען. איך האָב דאָך אפילע ניט געוווּסט, צי האָט ער אַ רעגולערן פּאַס אף צו וווינען אין פּאַריזש.

— דאָס איז איינער אַ פרײַנט, זייער אַן אָנגעזעענער רעוואָליוציאָנערער דענקער, דער דאָזיקער מענטש וועט נאָך אָפשפּילן, קאָן זײַן, אַ גרויסע היסטאָרישע ראָליע.

אַראָנסאָן האָט גענומען שאָקלען מיט זײַן ווייכהאָריקן קאָפּ:

— בא אים איז אַן אויסגעצייכנטער אויסזען.

— יאָ? — האָב איך געפרעגט א פארוווּנדערטער, ווײַל איך בין דאפקע געווען אנטוישט: לעניִן, וועלכן איך האָב שוין לאנג געהאלטן פאר א גרויסן מענטשן, האָט מיר אויסגעזען בא דער ערשטער באגעגעניש א ביסל ענלעך אָף א מיטלמעסיקן סלאוויש־טאָטערישן שארפזיניקן פויער.

— בא אים איז אן אויסגעצייכנטער קאָפּ, — האָט געזאָגט אראָנסאָן, קוקנדיק אָף מיר אן אופגערודערטער. — איר וואָלט ניט געקאָנט אים אײַנריידן, ער זאָל מיר פאָזירן? איך וועל מאכן כאָטש א קלייניקע מעדאל, זי קאָן זייער צוניץ קומען מיר, לעמאָשל, פאר סאָקראטן.

— איך גלייב ניט, ער זאָל מאסקים זײַן, — האָב איך געזאָגט.

פונדעסטוועגן האָב איך לענינען וועגן דעם דערציילט. איך האָב אים דערציילט אויך וועגן סאָקראטן. לעניִן האָט מאמעש געקײַכט פון געלעכטער, פארשטעלנדיק מיט די הענט דאָס פּאָנעם.

אין יאָר 1925, אין פאריזש, האָט אראָנסאָן מיך אײַנגעלאדן א קוק צו טאָן אָף לענינס גרויסן ביוסט, וועלכן ער האָט געמאכט דערווײַל אין גיפס.

— איך בין געקומען צום אויספיר, — האָט מיר געזאָגט דער קינסטלער, — אז איך קאָן און מוז מאכן לענינס ביוסט הינטער די אויגן. נאָכן טויט זײַנעם שטייט ער פאר מיר נאָך א מער פלאסטישער און קלאָרער, און דאָס דאָזיקע געשטאלט, וואָס האָט זיך אויסגעבילדעט קימאט אויסשליסלעך אין מײַן פאָרשטעלונג, איז ווערט געווען, ווי מיר האָט זיך געדאכט, פארווירקלעכט צו ווערן.

דער ביוסט איז געווען אן אויסגעצייכנטער. ער האָט באלד צוגעשמידט צו זיך די אופמערקזאמקײַט מיט זײַן אויסדריקלעכקײַט און מיט זײַן אינהאלטרײַכקײַט. ס׳איז קימאט ניט געווען קיין קאָנקרעטע ענלעכקײַט אָף לענינען אין געוויינלעכן לעבן און בייס ער האָט אָן שום פּאָזע, טוענדיק זײַן ארבעט, פּאָזירט פאר די סקולפּטאָרן. דאָך וואָלט יעדערער, א קוק טוענדיק אפן ביוסט, זיכער געזאָגט: ס׳איז לעניִן.

אראָנסאָנס פארטראכט האָט מיר אויסגעזען גאנץ קלאָר און זייער צוציִענדיק. פארשטייט זיך, די גרויסע פערזענלעכקײַט לענינס גיט א ברייט פעלד פאר אויסטײַטשונגען און וועט געוויס נאָך פיל מאָל געטײַטשט ווערן אין אלע מינים קונסט, אויב נעמען זי „לעגענדאריש“, דה. פלײַסן זיך אויסדריקן אין מארמאָר די שטריכן פון זײַן געשטאלט, ווי עס זעט אים די מענטשהײַט, אויב אָפּשפּיגלען ניט די פיזישע פיגור זײַנע, נאָר די אינטעלעקטועלע, געזעלשאפטלעך־רעוואָליוציאָנערע.

נאָר וואָס האָט געגעבן אראָנסאָן? ער האָט אופגענומען לענינען, אויב איר ווילט, פּאָליטיש אפילע א ביסל נאַיִוו, און פונדעסטוועגן, ווי איך האָב שוין געזאָגט, פילווערטיק. דער קינסטלער אראָנסאָן האָט פײַנט געהאט די זעלבסטהערשאפט. לעניִן איז בא אים קוידעמקאָל די פארקערפּערונג און דער פירער פון דער רעוואָליוציע, וועלכער האָט אָף פיץ־פיצלעך צעקלאַפּט דעם טראָן. ער איז אים דאנקבאר דערפאר, ער שטאָלצירט מיט אים, ווי מיט א גרויסן דעמאָקראט. נאָר אלס פרידלעכן קינסטלער, אלס א קולטור־טוער, האָט ער אים שטארק אָנגעשראָקן — אָט דער הערשערישער צעשטערער. ער ווייסט גוט, אז לעניִן איז אוועק ווײַטער, אז די רעוואָליוציע, וואָס איז פארבונדן מיטן נאָמען פונעם דאָזיקן מענטשן, האָט צעבראָכן אויך דעם קאפּיטאליזם און פּראָקלאמירט, און אין דער ווירקלעכקײַט דורכגעפירט, א רעאלן איבערגאנג צו דער הערשאפט פון גערעכטיקײַט.

— לענין, — פלעגט מיר זאָגן דער קינסטלער, — איז העכער פון אַלע נעוויִים פון דער פאַרגאַנגענהײַט...

איך באַשטיי דאָ ניט דערויף, אַז אַראָנסאָן האָט גאַנץ באַוווּסטזיניק געשטעלט פאַר זיך אַזאַ פּראָגראַם, נאָר איך באַהויפּט, אַז אין זײַן ערשטן ביוסט האָט ער פּונקט אָט די פּראָגראַם פולשטענדיק פאַרווירקלעכט, און דערבײַ מיט גרויס מײַסטערשאַפט.

אין אַראָנסאָנס מײַסטערשאַפט, וואָס האָט געפונען אַ טיקן אינעם ערשטן ביוסט, וועלכן ער האָט דערנאָך געבראַכט צו פירן קיין מאָסקווע — אינעם גיפּסענעם, האָבן פרײַנטלעך געפּאָרט זיך אין איין סטיל צוויי פּרינציפּן: דער קינסטלעריש־רעאַליסטישער און דער אַקטיוו־ראָמאַנטישער. לענינס קאָפּ אַפן פעסטן האַלדז איז געווענדט פאָרויס. זײַן גרויסער שטערן, אַנאַטאָמיש גלענצנדיק באַאַרבעט, איז פול מיט געדאַנקען, וועלכע ער וועגט אָפּ און איינצײַטיק מאַכט אויספירן. די אויגן זײַנע קוקן שאַרף אין דער ווײַט. דאָס איז בעעמעס אַן אַדלער־בליק, וואָס כאַפּט אַרום די ברייטקײַט פונעם לעבן און באַגלײַך מיט דעם קלײַבט ער אויס דעם פּונקט, וווּהין מע דאַרף פון דער הייך אָנצילן דעם בליץ־שנעלן קלאַפּ.

אָבער לענין אין אַראָנסאָנס ביוסט האָט געמאַכט אַן אײַנדרוק אַן איבערמענטשלעכן. דאָס איז דערגרייכט געוואָרן, פאַרשטייט זיך, ניט בלויז אַדאַנק דעם, וואָס דאָס ווערק שטײַגט איבער די נאַטירלעכע גרייס פונעם אָריגינאַל. דאָ האַנדלט זיך ניט פּראָסט אין דער גרייס פונעם ביוסט, ניט אין די סאַנטימעטערס, עס האַנדלט זיך אין אויסדרוק־מיטלען, וועלכע ס'איז אַ סאַך שווערער אופצוכאַפּן, איידער דאָס רעאַלע: אין עפּעס אַן אופלי פונעם שטערן, אין עפּעס אַ היפּערבאָלע פון די שלייפן. אַליין אין דער רײַכקײַט פונעם פּסיכאָלאָגישן אינהאַלט, וועלכער איז אָנגעשריבן אַפן פּאָנעם, ווערט געגעבן דאָס איבערמענטשלעכע לויט דער קראַפט פונעם ווילן און אינטעלעקט, לויט דער זיגערישער דערהויבנקײַט איבער דעם קליינלעכן און געוויינלעכן. ער איז אַלץ בעיִכוליעס. ער וועט פאַר קיין זאַך זיך ניט אָפּשטעלן. ער וועט אויספילן ביזן סאָף. ווײַל אין דעם זין איז ער קאַלט, ווי אײַז, און פעסט, ווי אײַזן. נאָר אויך אין דער ראָמאַנטישער מאַניר כאַזערט אַראָנסאָן נאָכאַמאָל איבער: אָבער דער אינערלעכער געזעץ פון זײַן אַלץ באַזיגנדיקער ענערגיע איז פאָרט ליבע.

אַראָנסאָן האָט אויסגעפילט זײַן טרוים. ער האָט פאַרווירקלעכט זײַן ווערק אין רויטן מאַרמאָר. דער ביוסט איז איצט פאַרטיק אין אָט דעם ענדגילטיקן אויסזען. מיט עטלעכע טעג צוריק האָב איך אים געזען אין דעם קינסטלערס אַטעליע. מיר דאַכט, אַז דער ביוסט האָט עפּעס פאַרלוירן אין דער סטיכייִשער, אין דער אומיטלבאַרער קראַפט.

איך וויל אין קיין פאַל ניט באַהויפּטן, אַז דאָס איז איצט אינגאַנצן אַרויסגעפאַלן, איך האָב בלויז מוירע, אַז די דאָזיקע שטריכן פון לענינס קינסטלערישער כאַראַקטעריסטיק זײַנען עטוואָס אָפּגעשוואַכט. קאָן זײַן, אַז ס'איז אַרויסגעטראָטן אַפן ערשטן פּלאַן די אומבאַשטרײַטבאַרע און פיל־אויסגעפּרוּווטע מײַסטערשאַפט.

דערפון, פאַרשטייט זיך, דרינגט אין קיין פאַל ניט אַרויס, אַז „לענין אין רויטן מאַרמאָר“ איז ניט איינע פון די דערהויבנסטע און עפּשער ביז איצט די סאַמע הויכע קינסטלערישע אָפּשפּיגלונג פון לענינען.

באָריס יאַקאָוולעוו

# קריגערישער אָפּטימיזם



## האַרבסט פון 1923-טן. מאָסקווע—גאָרקי

בא הײַנטיקן טאָג איז שווער, פארשטייט זיך, גענוי זיך פאָרצושטעלן, מיט וואָס פאר א פרייד די סאָוועטישע מענטשן האָבן געפײַערט די ערשטע אָקטיאבער־יאָמטויווים. א באזונדער אָרט פארנעמט צווישן זיי דער זעקסטער יאָרטאָג, וואָס איז אָפּגעמערקט געוואָרן אין 1923 יאָר.

נאָך מיט א יאָר צוריק האָט די רויטע ארמיי באפרײַט וולאדיוואָסטאָק און „אפן שטילן אָקעאן פארענדיקט איר מארש". אף דער גאנצער טעריטאָריע פון לאנד — פון דעם ווײַסן און שווארצן יאמען ביז די ברעגן פון שטילן אָקעאן — איז מער ניט געבליבן קיין מיליטער ניט פון די אינטערווענטן, ניט פון די ווײַסגווארדייער. דאָס ערשטע מאָל האָבן די סאָוועטישע מענטשן א גאנץ יאָר ניט געפירט קיין שלאכטן, נאָר געבויט. קימאט אלץ איז דעמלט פאָרגעקומען „צום ערשטן מאָל".

די ערשטע טראקטאָר־קאָלאָנעס האָבן געאַקערט די ערדן פון די ערשטע לאנדווירטשאפטלעכע קאָמונעס נאָך ניט מיט קיין פאָטערלענדישע „רויטע פוטילאָווצעס“, נאָר מיט אימפּאָרטירטע „פאָרדזאָנען“. אפן מוגאַן האָט מען געבויט די ערשטע סאָציִאַליסטישע שטאָט, די פּראָספּעקטן פון וועלכער עס האָבן אויסגעבילדעט א פינפעקיקן רויטארמייִשן שטערן. עס זײַנען ארויסגעשיקט געוואָרן די ערשטע געאָלאָגישע אויספאָרשער־גרופּעס אף אויסצופאָרשן די אוצרעס פון דער קורסקער מאגניט־אנאָמאַליע. די ערשטע מאַשינעס פאר דער טוטין־אינדוסטריע, וועלכע עס האָבן געמאכט די פּעטראָגראַדער זאוואָדן, זײַנען שוין עקספּאָרטירט געוואָרן אין די שכײניש לענדער, און די דײַטשישע ראַדיִאָטעכנישע פירמע „טעלעפונקען“ האָט באַשטעלט בא דער ניזשעגאָראָדער ראַדיִאָ־לאבאָראטאָריע פונעם פּראָפעסאָר באָנטש־ברויעוויטש לאָמפּן־גענעראַטאָרס פון זײַן סיסטעם...

און נאָר איינס האָט פארומערט דעם יאָמטעוו: די שווערע קרענק פון וו. אי. לענינען. ערשט ניט לאנג — אין אָנהייב מארט 1923 יאָר — האָט די „פּראַוודאַ“ פארעפנטלעכט לענינס לעצט ארטיקל. דער נאָמען פון דעם ארטיקל „בעסער ווייניקער, נאָר בעסער“ האָט גלײַך באקומען פליגל און געוואָרן א שפּריכוואָרט. דאָס ארטיקל האָט זיך באוויזן אין דער פּרעסע דעם 4 מארט, און שוין אין צען טעג ארום האָבן די צײַטונגען געמאָלדן, אז לענינס געזונט־צושטאנד, וואָס איז ארונטערגעריסן געוואָרן בייס דער ארבעט אין אונטערערד, ווי אויך צוליב דער פיליאָריקער איבערמענטשלעכער אָנשטרענגונג פון די גײַסטיקע קרעפטן, האָט זיך ווידער פארערגערט. אין צוזאמענהאנג דערמיט האָלט די רעגירונג פאר נייטיק „אָנהייבנדיק פון הײַנטיקן טאָג פּובליקירן מעדיצינישע ביולעטענען וועגן דעם געזונט פון וולאדימיר איליטשן“.

# „ניט פארשמידן די שפּראָך פון געוויטער“

די מענטשן פון מײַן דאָר געדענקען גוט, ווי „פון פינצטערניש א שאָטן אין פרילינגדיקן טאָג“, די ביולעטענען וועגן לענינס געזונט, וואָס האָבן גרויזאם זיך געשווארצט צווישן די פּלאקאטן, מעלדונגען און אפישן, מיט וועלכע ס'האָט שעמערירט מאָסקווע פון יענע טעג. בא די ביולעטענען האָבן זיך געשטויסן מענטשן און אופגערעגט באהאנדלט די ניט שטענדיק פארשטענדלעכע פאר ניט־ספּעציִאַליסטן באשלוסן פון די דאָקטוירים. אין די ביולעטענען איז בלויז אָפּגעמערקט געוואָרן „אייניקע קאָמפּליקאציעס“ און „פארשוועריקונגען“ אינעם רײדן, נאָר ס'איז נאָך ניט געזאָגט געוואָרן וועגן סאמע ערגסטן: דער גרעסטער דענקער פון דעם יאָרהונדערט האָט דעמאלט ניט געקאָנט ניט רײדן, ניט שרײַבן. נאָר א סאך האָבן שוין געוווּסט וועגן דעם. איינער פון זיי איז געווען מאיאקאָווסקי. א טיף אופגערודערטער, האָט דער פּאָעט פארעפנטלעכט די שוין איצט כרעסטאָמאטישע שורעס, וועלכע זײַנען מאָמענטאל זיך צעפלויגן איבערן לאנד. אונטער דעם נאָמען „לענין“ האָבן זיי אין מארט און אין אפּרעל 1923 יאָר זיך באוויזן קימאט אייניצײַטיק אין די צײַטונגען פון וולאדימיר און ריאזאַן, מאָהילעוו און פּענזע, קראַסנאָדאר און קאלוגע, כארקאָוו און ארכאנגעלסק, טאשקענט און קראַסנאָיארסק.

— עס טרעפט דען, אז דער דונער זאָל אף שטומעניש קראנק זײַן?! — שרײַט אויס דער פּאָעט. פונקט ווי מיליאָנען זײַנע מיטצײַטלער, האָט ער גערעכנט, אז קיין שום קראַפט וועט „ניט פארשמידן די שפּראַך פון געוויטער“.

די נאטור איז אָבער געווען אומגעהייער גרויזאם. די טויזנטזײַטיקע „שטורעם־גלעקערדיקע לענינישע שפּראַך“ פון זײַנע ביכער, ארטיקלען, רעדעס, בריוו, דעקרעטן האָט ווי פריִער געקלונגען. נאָר דער, וואָס האָט זיי אָנגעשריבן, איז מער ניט געווען אימשטאנד ארויסצוזאָגן זײַנע געדאנקען, וועלכע האָבן אים ניט פארלאָזט ניט באטאָג און ניט באנאכט.

אין א יאָר ארום איז נ. ק. קרופּסקאיא ארויסגעטראָטן אין „פּראַוודאַ“ מיט אן ארטיקל „וועגן וולאדימיר איליטשן“, אין וועלכן זי האָט געשריבן:

— ער איז געווען א מענטש, פאר וועלכן אלדאס מענטשלעכע איז געווען אייגנטימלעך.

לענין איז ווירקלעך געווען א מענטש אין סאמע הויכן, שעקספירישן און גארקישן זין פון ווארט. און ווי א גרויסער מענטש, וואס באגרייפט שארף די גאנצע פולקייט פון דער היסטארישער פאראנטווארטלעכקייט פאר דעם גורל פון דער פארטיי, וואס ער האט באשאפן, פאר דער טעטיקייט פון דער רעגירונג, מיט וועלכער ער פירט אן, פאר דער פאנאנדערבליונג פונעם פאלק, האט ער געליטן, ווייל ער האט ניט געהאט קיין מעגלעכקייט זיך טיילן מיט זיינע געדאנקען און פארויסזעונגען, אייצעס און ווארענונגען.

נאר לענין — דער גייסטיקער פאטער פון די קארטשאגינס, מא־רעסיעווס, גאגארינס — האט זיך ניט אונטערגעגעבן זיינע ליידן, נאר געטאן אלץ, וואס ער האט געקענט, אף ביי־צוקומען זיי. א פארמאטערטער פון דער קרענק, איז ער ביז דער סאמע לעצטער מינוט פון זיין לעבן געבליבן א קעמפער.

אין די דאזיקע טעג האט לענין מיט א באזונדער הויכער גייסטיקער קראפט ארויסגעוויזן יענעם הויפט־שטריך פון זיין כאראקטער, וועלכן גארקי האט אנגערופן „קריגערישער אפטימיזם פון א מאטעריאליסט“. דער שריי־בער האט דער ערשטער אפגעמערקט, אז ס׳איז אף דער ערד נאך ניט געווען קיין מענטש, וואס זאל מיט אזא טיפקייט און קראפט, ווי לענין, פילן האס, עקל צו די ליידן און אומגליקן, דראמעס און טראגעדיעס פון לעבן.

מעגלעך, אז עס וועט אמאל קומען א קינסטלער, א גלייכער לויטן טא־לאנט צו דעם אווטאר פון „קריג און שאלעם“, און וועט דרייסט אריינדרינ־גען אין דער וועלט פון די לענינישע איבערלעבונגען פון יענע טעג. נאר דערווייל וועלן מיר זיך פרווון מיט דער קארגער, נאר פינקטלעכער שפראך פון א דאקומענטאלער פארצייכענונג דערציילן, וויאזוי לענין האט באגעגנט זיין לעצטן אקטיאבער־יארטאג.

## זיין העכסטער געזעץ

צו הארבסט 1923 יאר האט לענינס שפראך שוין ניט גע־קלונגען העכער זיבן כאדאשים.

לענין האט ניט געקאנט אויסדריקן מיט ווערטער זיינע געדאנקען ניט מינדלעך, ניט שריפטלעך, נאר אין זיין רעשוס איז פארבליבן די שפראך פון זשעסטן און מימיק, טאט און האנדלונג. ביסלעכווייז האבן וולאדימיר איליטשס איי־גענע, דערנאך די דאקטוירים זיך אויסגעלערנט, כאטש ניט ביז צו ענד, פארשטיין דעם לענינישן געדאנק.

איז לאמיר זיך ווענדן צו די, וועלכע זיינען געווען באנאנד מיט איליטשן אין אט די אלע ניט גרינגע טעג, וואכן און כאדאשים. ס׳קאן זיין, אז זייער איידעס־זאגן, וואס איז נאך קיינמאל ניט צונויפגענומען געווארן איינעם, וועט העלפן, כאטש סכעמאטיש, אריינדרינגען אין די מוטיק־איינגעהאלטענע און ציל־געווענדט־שטרענגע לענינישע איבערלעבונגען.

אזויארום האט לענין צו הארבסט 1923 יאר שוין העכער זיבן כאדאשים ניט גערעדט. נאר דער פראפעסאר פערסטער דערמאנט זיך:

— פון זיינע אויגן, וואס זיינען אט בריט צעעפנט און קוקן רויק און קלאר, אט האלב־פארזשמורעט, ווי צוליב דעם, זיי זאלן בעסער און פינקט־לעכער זיך אנצילן... האט שטענדיק געפלייצט א בלענדנדיקער שטראם פון כאכמע...

ווי עס גיט איבער פערסטער, האט איליטשס מימיק „זיך אויסגעטיילט מיט אן אויסטערלישער לעבעדיקייט, יעדער שטריך זיינער האט דערציילט וועגן דער באשטענדיקער און אינטענסיווער גייסטיקער טעטיקייט“.

מיט די ארומיקע רעדט לענין ניט בלויז מיט די אויגן, וואס זיינען פול מיט ניט קיין ארויסגעזאגטע געדאנקען.

דער זעלבער געלערנטער דערציילט, אז אין דער צייט, ווען דער פארא־ליטש האט פולשטענדיק אפגענומען בא לענינען די רעכטע האנט, „האט ער זיך געסטארעט טאן אלץ, וואס ער האט נאר געקענט, מיט דער לינקער, אויסמיידנדיק, אף וויפל ס׳איז מעגלעך געווען, זייטיקע הילף“.

# די געזעגענונג מיט מאָסקווע

— דינען יענעם, — זאָגט דער פּראָפעסאָר פערסטער, — דאָס איז געווען דער יעסאָד פון זײַן גאַנצן וועזן, ניט דערלאָזן, מע זאָל דיך באַדינען, נאָר זיך זאָרגן וועגן זיך אַליין, — אַזאַ איז געווען דער העכסטער געזעץ זײַנער ביז דעם לעצטן טאָג.

אַנאַלאָגישע באַווײַזן האָט געלאָזט דער אַקאַדעמיקער אָווערבאַך, די דאָקטוירים־קאָמוניסטן: אָבוך, ווײַסבראָד, סעמאַשקאָ — דער פאָלקס־קאָמיסאר פאַר געזונט־פאַרהיטונג און דער פרײַנט פון וולאַדימיר איליטשן. וועגן דעם האָבן געשריבן דער פּראָפעסאָר קראַמער, דער פּריוואַט־דאָצענט קאָזשעווניקאָוו און פיל אַנדערע. נאָר באַזונדערס דעטאַל זײַנען די דערינערונגען פון די פּעטראָגראַדער ספּעציאַליסטן פּראָפעסאָרן וו. פּ. אָסיפּאָוו און וו. מ. דאָבראָגאַיעוו.

דאָס וואָרט — דאָס פּובליציסטישע און אָראַטאָרישע — איז לענינס הויפּט־געווער — זײַן גרונטיקע רעוואָליוציאָנערע זאַך. דערפאַר איז נאַטירלעך, וואָס דעם גרעסטן אינטערעס שטעלן מיט זיך פאָר די מאַטעריאַלן, וואָס דערציילן, מיט וואָס פאַר אַן אַקשאָנעס לענין האָט זיך געראַנגלט אַף אופצושטעלן דאָס לאָשן.

די פּובליקירטע מאַטעריאַלן אין דעם כוידעשלעכן זשורנאַל „נאַשאַ איסקראַ“, וועלכן עס האָבן דעמלט אַרויסגעגעבן די קאָמוניסטן פון דער לענינגראַדער מיליטערישער מעדיצין־אַקאַדעמיע, אַנטהאַלטן אַ גרויסע צאָל דעטאַלן, וואָס כאַראַקטעריזירן די מאָטיקײַט און דעם ווילן פון לענינען.

דעם 9 אָקטיאַבער 1923 יאָר האָט די „פּראַוודאַ“ פאַרעפנטלעכט אַ נאָטיץ „דאָס געזונט פונעם כאַווער לענין“. מיטיילנדיק, אַז מיט דער הילף פון די דאָקטוירים „און פון די קרויווים, וואָס רינגלען אים אַרום, באַזונדערס מיט דער הילף פון נ. ק. קרופּסקאַיאַ“ ראַנגלט זיך וולאַדימיר איליטש אָנגעשטרענגט אַף אופצושטעלן דאָס לאָשן, האָט די צײַטונג דערציילט די לייענער:

„דער כאַווער לענין אינטערעסירט זיך מיט די פראַגן פונעם פּאָליטישן לעבן; ער האָט נאָך פריִער, מיט דער דערלויבעניש פון די דאָקטוירים, אָנגעהויבן לייענען צײַטונגען. די זעלבשטענדיקײַט און די זעלבסטעטיקײַט פונעם כאַוו. לענין גייען פאָרויס, און מיר האָפן, אַז זיי וועלן איַנגיכן דערפירן אים צום פולקומען געזונט ווערן“.

אַז לענין וועט געזונט ווערן, האָבן געהאָפט אַלע: סײַ די דאָקטוירים, סײַ די אייגענע, סײַ די פרײַנט, וואָס האָבן אים באַזוכט. נאָר ער האָט ניט געהאָפט דערויף. מעגלעך, אַז דערפאַר איז איליטש אין צען טעג אַרום — דעם 19 אָקטיאַבער — באַשטאַנען מיט אַלע מיטלען, וועלכע זײַנען אים געווען צוטריטלעך, אַף דער רײַזע פון גאָרקי קיין מאָסקווע. לענין האָט זיך געזעגנט מיט אונדזער הויפּטשטאָט, מיטן קרעמל, מיטן ראַט פון די פאָלקס־קאָמיסאַרן. גענוי דערציילט וועגן אָט דער רײַזע פון איליטשן דער פּראָפעסאָר אָסיפּאָוו. ער דערמאָנט זיך:

— ווען מע איז צוגעפאָרן צו מאָסקווע, איז שוין געוואָרן טונקל, עס האָבן זיך אָנגעצונדן פײַערן. ווי נאָר מע איז אַרײַנגעפאָרן אין שטאָט, איז וולאַדימיר איליטש פריילעכער געוואָרן... מע איז אַרײַנגעפאָרן אין קרעמל. וולאַדימיר איליטש האָט זיך אופגעהויבן צו זיך אין קוואַרטיר... די קוואַרטיר איז פאַרייניקט געווען מיט דעם זאַל, אין וועלכן עס פלעגט זיך פאַרזאַמלען דער ראַט פון די פאָלקס־קאָמיסאַרן. ער האָט זיך געלאָזט אַהין, אופגעעפנט די טיר און געשטאַנען אַ צײַט און באַקוקט דעם זאַל. אין זײַן ביבליאָטעק האָט ער אָפּגעקליבן איניקע ביכער... פון דעמלט אָן האָט ער שוין קיינמאָל ניט אַרויסגעזאָגט קיין ווילן צו פאָרן קיין מאָסקווע.

יאָ, אַזוי איז עס מינאַסטאַם, דאָס האָט לענין זיך געזעגנט מיט מאָסקווע. זייער פיל האָט וולאַדימיר איליטש זיך געקאָנט דערמאָנען, אַ קוק טוענדיק צום לעצטן מאָל אַף דעם זיצונגס־זאַל פון סאָוונאַרקאָם, ווו ער האָט פאַרבראַכט אַזויפיל שאָען, וועלכע האָבן באַשלאָסן דעם גוירל פון דער רעוואָליוציע; דאָס לעצטע מאָל איז ער געווען אין זײַן קאַבינעט, ווו אַלץ, לאַכלוטן

# דער אָקטיאַבערישער שמועס

אַלץ האָט נאָך ביז היינטיקן טאָג פאַרהיט דעם שטעמפּל פון זיין פּערזענלעכקייט. ס'איז ניט מעגלעך ניט מסכים צו זיין מיט וו. פּ. אַסיפּאָוון, וואָס ענטפערט אַזוי אויף דער פראַגע, וואָס איז אים געשטעלט געוואָרן: „וויאַזוי זשע קאָן מען אויסטייטשן וולאַדימיר איליטשס רייזע קיין מאָסקווע, די רייזע, וועלכע האָט אַזוי אופגערעגט אַלע, וואָס האָבן אים אַרומגערינגלט?"

— איך קלער, אַז דער איינציקער פירנדיקער מאָטיוו איז געווען דער ווילן צו זען מאָסקווע, קאָן זיין, צום לעצטן מאָל, זיך געזעגענען מיט דער נייער הויפּטשטאָט... די גאַנצע אופירונג פון וולאַדימיר איליטשן זאָגט אונטער די דאָזיקע דערקלערונג.

קיין מאָסקווע איז וולאַדימיר איליטש אַראָפּגעפאָרן דעם 19 אָקטיאַבער, און אין סאַמע סוף פון דעם דאָזיקן כוידעש האָבן אים באַזוכט אי. אי. סקוואָרצאָוו-סטעפּאַנאָוו און אַ. אַ. פּיאַטניצקי. דעם לעצטן פון זיי — דעם אַלטן טוער פון דער באָלשעוויסטישער אונטערערד — געהערן די דערינערונגען וועגן אָט דער באַגעגעניש. ער שרייבט:

— ...איליטש האָט זיך באַגריסט מיט אונדז זייער וואַרעם, מיט דער לינקער האַנט און מיט זיין שמייכל, מיט וועלכן ער האָט שטענדיק באַגעגנט אַלטע פריינט און באַקאַנטע. ווען איך האָב דערזען לענינען, בין איך געווען דערשטוינט: איך האָב דערזען דאָס זעלבע פּאָנעם פון איליטשן, זיינע קלוגע, וווּנדערלעכע אויגן. דער אויסדרוק פון זיינע אויגן, דער שמייכל, וואָס האָט געשפּילט אויף זיין פּאָנעם, זיינען געווען די זעלבע, וואָס איך האָב געזען צענדליקער און הונדערטער מאָל אין פאַרלויף פון צוואַנציק יאָר, ווען מיר איז אויסגעקומען צו זיין בא איליטשן צוליב פּאַרטייִשע אָנגעלעגנהייטן. ס'איז פון אָנפאַנג ניט שטאַרק מערקבאַר געווען אויך דאָס, אַז איליטש קאָן ניט ריידן. איליטש האָט געוויינלעך ווייניק גערעדט, ווען ער האָט וועמען-ניט-איז אופגענומען בא זיך. ער האָט געצוווּנגען ריידן דעם כאַווער, וואָס איז צו אים געקומען. די כאַווײרים, וואָס האָבן גוט געקענט איליטשן, האָבן געזען זיין באַציִונג צו דער פראַגע, וועגן וועלכער ס'איז געגאַנגען אַ רייד, לויט דעם אויסדרוק פון פּאָנעם.

אין יענע טעג זיינען פאָרגעקומען די וואַלן אין מאָסקווער סאָוועט. דער ערשטער דעפּוטאַט — פון די אַרבעטער און אַרבעטערנס פון דער טריאָכגאָרקע — איז ווידער געוואָרן לענין. אי. אי. סקוואָרצאָוו-סטעפּאַנאָוו האָט איבערגערעכנט וולאַדימיר איליטשן די מער טיפּישע אויסבעסערונגען צו דעם אָנזאָג פון דעם מאָסקווער קאָמיטעט, וועלכע עס זיינען אַריינגעטראָגן געוואָרן אויף די אַרבעטער-פאַרזאַמלונגען. אַ. אַ. פּיאַטניצקי דערמאָנט זיך:

— איליטש האָט אופמערקזאַם געהערט און מיט זיין איינציק וואָרט «вот-вот»[1], וואָס ער האָט גוט באַהערשט, גענומען, אין גאַנג פון דעם דערציילן, מאַכן באַמערקונגען מיט אַזעלכע אינטאָנאַציעס, אַז אונדז איז פולשטענדיק קלאָר און דייטלעך געוואָרן, פונקט אַזוי, ווי דאָס פלעגט זיין פריִער, ביז לענינס קראַנקהייט, אַז די אויסבעסערונגען צו דעם אָנזאָג זיינען זאַכלעכע, ריכטיקע און אַז מע דאַרף אָננעמען אַלע מיטלען אויף צו פאַרווירקלעכן זיי.

פונקט אַזוי לעבהאַפטיק האָט זיך לענין אָפּגערופן אויף דער מיטיילונג פון פּיאַטניצקין גופא, וואָס האָט דעמלט געאַרבעט אין אויספּיר-קאָמיטעט פון דעם קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל, וועגן די געשעענישן אין דייטשלאַנד. נאָר זאָל וועגן דעם אַליין דערציילן לענינס מיטשמועסער:

— ווען איך בין איבערגעגאַנגען צו דייטשלאַנד און דערציילט וועגן דער צעפאַלונג פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע... וועגן דער קאַטאַסטראָפאַלער אַרבעטסלאָזיקייט און אָרעמקייט פון עטלעכע מיליאָן אַרבעטער און אַרבעטערנס, וועגן דעם, אַז די אַרבעטער פאַרלאָזן מאַסנווייז די פּראָפאַריינען, וועגן דער ראָל פון די פאַבזאַווקאָמען... איז איליטש אופגעלעבט געוואָרן און האָט גע-

[1] „אָט-אָט".

# די באַגעגעניש מיט די גלוכאָווצעס

הערט זייער אופמערקזאַם. בייס איך האָב דערציילט וועגן דײַטשלאַנד, האָט ער ניט אַראָפּגענומען פון מיר די אויגן. מיט א באַוועגונג פון דעם קאָפּ און מיט זײַן «вот-вот» האָט ער אויסגעדריקט זײַן גרויסן אינטערעס צו די געשעענישן. איך האָב פאַרגעסן, אַז איך געפין זיך בא דעם קראַנקן איליטש. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז איך בין בא אים אין אַרבעטס־קאַבינעט...

ביידע געסט לענינס זײַנען אוועקגעפאָרן פון גאָרקי „מיט דער פולער איבערצײַגונג, אַז איליטש וועט זיך גאָר גיך אומקערן צו דער אַרבעט". נאָר ס'איז ניט באַשערט געווען, אַז די דאָזיקע האָפענונגען זאָלן מקוים ווערן.

ווי מיר ווייסן שוין, איז איליטשס בליק, א פולער מיט געדאַנק, געווען אַזוי קלאָר און די זשעסטן און די מימיק אַזוי פילזאָגנדיק, אַז די מענטשן, וואָס זײַנען געווען ביז גאָר אופגערודערט פון דער באַגעגעניש, האָט זיך געדוכט: לענין האָט גערעדט מיט זיי! געענטפערט אַף פראַגן, אַפילו אַליין געשטעלט זיי! אַזוי זײַנען נאָך באַם לעבן פון וולאַדימיר איליטשן אופגעקומען אַלץ נײַע און נײַע לעגענדעס וועגן צווייזײַטיקע שמועסן מיט אים. באַזונדערס ברייט האָבן זיך פאַרשפּרייט אין פאַרשיידענע וואַריאַנטן די דערציילונגען פון די דעלעגאַטן פון די גלוכאָווער טעקסטיל־שטשיקעס. דעם 2 נאָיאַבער 1923 יאָר האָבן זיי געבראַכט א מאַטאָנע לענינען יונגע ווײַנשל.

דערנאָך האָבן קימאַט אַלע אָנטיילנעמער פון דער דעלעגאַציע, דערמאָנענדיק זיך וועגן דער דאָזיקער באַדײַטנדיקער לעצטער לענינישער באַגעגעניש מיט די אַרבעטער פון הינטער מאָסקווע, בוכשטעבלעך איבערגעגעבן וולאַדימיר איליטשס פילצאָליקע רעפּליקעס, וועלכע ער האָט אין דער ווירקלעכקײַט ניט אַרויסגעבראַכט. די טיפע אופריכטיקײַט פון די דאָזיקע פאַרזיכערונגען איז פאַרקערט פּראָפּאָרציאָנעל צו דער ווירקלעכקײַט. וועגן דער דאָזיקער אומשולדיקער, אָבער גאַנץ פאַרשטענדלעכער איליוזיע, וואָס באַווײַזט נאָך אַן איבעריק מאָל די קראַפט פון דער לענינישער פּערזענלעכקײַט, האָט מען געשריבן און גערעדט נאָך מיט פיל יאָרן צוריק. אַזוי האָט אין 1927 יאָר דער פּראָפעסאָר אָסיפּאָוו, אין זינען האָבנדיק די דערציילונגען פון די גלוכאָווצעס, וועלכע זײַנען צום ערשטן מאָל אָפּגעדרוקט געווען אין דער „קרעסטיאַנסקאַיאַ גאַזעטאַ", דערציילט די לענינגראַדער פּעדאַגאָגן:

— די באַצויבערנדיקע פּערזענלעכקײַט פון וולאַדימיר איליטשן איז געווען אַזוי גרויס, אַז איינע פון די דעפּוטאַציעס, וואָס האָט אים באַזוכט... האָט איבערגעגעבן דעם אינהאַלט פון זייער שמועס מיט וולאַדימיר איליטשן, אירע פראַגן צו אים און דעם אינהאַלט פון זײַנע ענטפערס.

אין זייער שטאַרק ענטוזיאַזם האָבן די דעפּוטאַטן ניט באַמערקט, אַז גערעדט האָבן נאָר זיי, און די ענטפערס, וואָס לענין האָט געגעבן נאָר מיט זשעסטן, האָבן זיי אויסגעטײַטשט אַלס ווערטערלעכע רעאַקציע אין אַזאַ ריכטונג, ווי זיי האָבן פאַרלאַנגט.

אין 1938 יאָר האָט נ. ק. קרופּסקאַיאַ אָנגעשריבן וועגן דער זעלבער באַגעגעניש אין אינסטיטוט פון מאַרקס — ענגעלס — לענין:

— דאָס איז געווען, דאַכט זיך, אין 1923 יאָר... די געקומענע זײַנען געווען אַזוי באַגײַסטערט, אַז זיי האָבן אַפילו ניט באַמערקט, אַז איליטש רעדט ניט, זיי האָבן אויך אָן ווערטער פאַרשטאַנען, וואָס איליטש וויל זיי זאָגן. וועגן דער באַגעגעניש האָט מען געשריבן אין דער „קרעסטיאַנסקאַיאַ גאַזעטאַ" אָדער אין „בעדנאָטאַ", דערבײַ איז דאָרט ניט געזאָגט געוואָרן, אַז איליטש האָט ניט גערעדט... די באַשרײַבונג איז געווען א גאַנץ ריכטיקע (אויסער, פאַרשטייט זיך, דעם, וואָס דאָרטן זײַנען איבערגעגעבן געוואָרן לענינס ווערטער).

# מע לייענט איליטשן צײַטונגען

נאָר אויך אין יענע טעג האָט לענין געוווּסט פון פרייד. א לאַנגע צײַט האָט מען פון איליטשן אויסבאַהאַלטן די צײַטונגען. לויט דער מיינונג פון די דאָקטוירים וואָלטן די ידיעות אים אופגערעגט און שלעכט געווירקט אַף אים. נאָר פון אווגוסט 1923 יאָר האָט ער זיך דערשלאָגן, מע זאָל אָפּשאַפן דעם דאָזיקן פאַרבאָט. פון דעמאָלט אָן און ביז צום סאָף פון זײַן לעבן האָט נאַדיעזשדאַ קאָנסטאַנטינאָוונאַ טאָגטעגלעך אַף א קאָל געלייענט די צײַטונגען, נאָר דעם מאַטעריאַל אַף צו לייענען האָט אָפּגעקליבן איליטש זעלבסט.

מיר באַהויפּטן, פאַרשטייט זיך, ניט, מיר שטעלן זיך בלויז פאָר, אַז אין דער צײַטונג פאַר דעם 6 נאָיאַבער, צום בײַשפּיל, האָבן לענינען געקאָנט פאַרינטערעסירן די מאַטעריאַלן, וואָס האָבן א שײַכעס צו דער עפענונג פון טימיריאַזעווס דענקמאָל. טימיריאַזיעוון האָט וולאַדימיר איליטש געשעצט אַלס גרויסן געלערנטן און סאָוועטישן פּאַטריאָט.

עס האָבן געקאָנט צוציִען לענינס אופמערקזאַמקײַט אויך די אַרטיקלען, וואָס זײַנען געווידמעט דעם אָנדענק פון דעם אַמעריקאַנער געלערנטן — עלעקטראָטעכניקער שאַרל שטיינמעצן, וואָס איז געשטאָרבן אין נאָיאַבער און וועלכן וולאַדימיר איליטש האָט נאָך אין דעקאַבער 1922 יאָר אָנגערופן „איינער פון די ניט פיל אויסנאַמען אין דעם פאַרייניקטן פראָנט פון די פאָרשטייער פון דער וויסנשאַפט און קולטור, וואָס שטעלן זיך קעגן דעם פּראָלעטאַריאַט".

דורכקוקנדיק די צײַטונגען, האָט ער וואַרשײַנלעך ניט געקאָנט פאַרזען דעם גרויסן בריוו פון דעם פּויער אי. א. טשעקונאָוו, וואָס איז אָפּגעדרוקט געווען אין „בעדנאָטאַ" און באַגלייט געוואָרן מיט א פּאָרטרעט פון דעם פּאַטריאַרכאַלן זאָקן אין ברילן. ברילן זײַנען געווען א זעלטענע זאַך אין דעם דעמאָלטיקן דאָרף. נאָר דאָס זײַנען דאָך געווען די זעלבע ברילן, וועגן וועלכע וולאַדימיר איליטש האָט ווינטער 1921 יאָר געשריבן דעם פאָלקס־קאָמיסאַר נ. א. סעמאַשקאָן:

— בא מיר זיצט דער כאָוו. איוואַן אַפאַנאַסיעוויטש טשעקונאָוו, זייער אַן אינטערעסאַנטער האָרעפּאַשנער פּויער, וואָס פּראָפּאַגאַנדירט אַף זײַן אויפן די יעסוידעס פון קאָמוניזם. ער האָט פאַרלוירן די ברילן, באַצאָלט פאַר דער פּאַסקודסטווע 15.000 ר.! צי קאָן מען אים ניט העלפן קריגן גוטע ברילן?..

די מער ווייניקער וואָרהאַפטיקע פאָרשטעלונגען קאָנען מיר דערגאַנצן אויך מיט פּינקטלעכע ידיעות וועגן לענינישן אינטערעס צו די צײַטונגס־מאַטעריאַלן פון 1923 יאָר. אָט פאַרופט זיך, צום בײַשפּיל, די דעלעגאַטקע פונעם XI אַלרוסלענדישן צוזאַמענפאָר פון די ראַטן — די אַרבעטערן פון דער וויטעבסקער פאַבריק „דווינאַ" די כאָוו. ציגאַנקאָווא אַף אַזאַ מיטיילונג פון נ. ק. קרופּסקאַיאַ וועגן וולאַדימיר איליטשן:

— ער האָט זיך זייער געפרייט, ווען זי האָט אים געלייענט אין די צײַטונגען וועגן דער פרויען־באַוועגונג, וועגן דעם, אַז די פרוי אַרבעט באַגלײַך מיט די מאַנצבלען.

אינדערעמעסן האָבן אַזעלכע מיטיילונגען זיך געטראָפן אין די צײַטונגען קימאַט יעדער טאָג. אָט האָט די „בעדנאָטאַ" מיטגעטיילט, אַז בלויז אין איין סומער קרײַז פון כאַרקאָווער גובערניע זײַנען אין די דאָרפישע סאָוועטן אויסגעקליבן זיבעציק פרויערטעס. אָט האָט די „פּראַוודאַ" באַשריבן דאָס קאָמונע־הויז פון די אַרבעטערנס פון דער אָדעסער זשגוט־פאַבריק. אָט איז פּובליקירט געוואָרן אַן אַרטיקל פון נאַדיעזשדאַ קאָנסטאַנטינאָוונאַ זעלבסט, געווידמעט דעם פינפטן יאָרטאָג פון דעם ערשטן אַלרוסלענדישן צוזאַמענפאָר פון אַרבעטערנס און פויערטעס, אַף וועלכן עס איז אַרויסגעטראָטן וולאַדימיר איליטש.

פונקט פון אַזאַ ווערט זײַנען אויך די פאַרהיטע פאַרנאָטירונגען פון די זשורנאַליסטן, וואָס זאָגן אידעס וועגן די פּאָליטישע אינטערעסן פון לענינען אין יענע טעג. אָט איז, צום בײַשפּיל, דער פאַרשריבענער געשפּרעך פון

נ. ק. קרופּסקאַיאַ מיט אַ צווייטער דעלעגאַטקע פון דעם זעלבן צוזאַמענפאָר פון די סאָוועטן — מיט דער פּויערטע פון פּענזע — באָריסאָווע:

„נאַדיעזשדאַ קאָנסטאַנטינאָוונאַ זאָגט איר, אַז דער כאַווער לענין האָט זיך זייער געפרייט, ווען מע האָט אים געלייענט איר רעדע אויפן צוזאַמענפאָר“.

אין די טמימעסדיקע רייד פון דער פּויערטע האָט לענין דערהערט די עכטע שטים פון דער האָרעפּאַשנער פּרוי, וואָס דער אָקטיאַבער האָט באַפרײַט. מיר וועלן ברענגען עטלעכע שורעס פון דער רעדע, וואָס האָט אַזוי דערפרייט איליטשן:

— כאַווײרים דעלעגאַטן פונעם גאַנצן ראַסייִשן צוזאַמענפאָר! געקומען זײַנען מיר אַלע אַהער פון אַלע פינצטערע ווינקלען, פון גאַנץ רוסלאַנד. דערלויבט מיר אײַך באַגריסן אין נאָמען פון די פּויערטעס פון פּענזער גובערניע, פון דעם זעלבן אויעזד, פון דאָרף בעסאָנאָווקאַ. מיר איז 57 יאָר. איך בין אויסגעוויילט געוואָרן אין 21־טן יאָר, 21־טן אויגוסט פאַר אַ דעלעגאַטקע און אויסגעטיילט געווען אין דער קאָמיסיע פּאָמגאָל[1]. איך בין אַ פינצטערע און ניט קיין גראַמעטנע און האָב ניט געקלערט, אַז איך וועל דורכפירן אָט די אַרבעט. איך האָב זי דורכגעפירט ווי עס דאַרף צו זײַן. דערקלערן אָט די גאַנצע אַרבעט וועל איך ניט. נאָר איך מיין, אַז מיר, פּויערים און אַרבעטער, דאַרפן אַרבעטן אין אַלגעמיינעם מאַסשטאַב... אַז די אַרבעטער זאָלן פאַרשטיין די מי פון די פּויערים, און די פּויערים זאָלן פאַרשטיין די מי פון דעם אַרבעטער... און מע דאַרף, אַז עס זאָלן ניט זײַן צווישן זיי קיין טײַנעס; מע דאַרף אַרבעטן אין אַזאַ מאַסשטאַב, אַז יעדער איינער זאָל שאַצן דעם צווייטנס מי, עס זאָלן ניט זײַן קיין פאַרדראָסן ניט בײַ די פּויערים אויף די אַרבעטער, ניט בײַ די אַרבעטער אויף די פּויערים.

די רעדע פון דער פּויערטע דער דעלעגאַטקע האָט זיך באַוויזן אין די צײַטונגען דעם 20 יאַנוואַר — אַ מעסלעס פאַר דעם, ווי וולאַדימיר איליטש איז געשטאָרבן. די דאָזיקע שורעס זײַנען, ווײַזט אויס, געווען פון די לעצטע, וואָס נאַדיעזשדאַ קאָנסטאַנטינאָוונאַ האָט איבערגעלייענט לענינען.

42 יאָר איז פאַריבער, זינט עס איז געשטאָרבן וולאַדימיר איליטש לענין. אין דאָר פון רעוואָלוציאָנערע קעמפער פאַרטרעט שוין דעם צווייטן, נאָר פאַר די סאָוועטישע מענטשן פון אַלע דורעס, פון די, וואָס טרעטן ערשט אַרײַן אין לעבן, און פון יענע, וואָס דערנעענטערן זיך שוין צום ראַנד, האָט דאָס געשטאַלט פון לענינען, מיט אַלע זײַנע שאַטירונגען, פאַרקערפּערט אין זיך די גײַסטלעכע אידעאַלן פון קאָמוניזם. דערלערנען לענינען באַטײַט לעבן לויט זײַן בײַשפּיל, טעטיק זײַן, קעמפן און באַזיגן.

---

[1] הילף די הונגערנדיקע.



דאָס דערשײַנען פון דעם דאָזיקן נומער „סאָוועטיש היימלאַנד" פאַלט צונויף מיטן 23־טן יאָרטאָג פונעם העלדישן אופשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ.

אין צוזאַמענהאַנג מיט אָט דער רומפולער דאַטע דרוקן מיר אַ ציקל לידער פון די ייִדישע דיכטער פון פאָלקס־פּוילן, וועלכע באַווײַזן מיט זייער שאַפונג, אַז פּראָבלעמען פון דער געטאָ־העראָיִק און פון דער הײַנט־צײַטיקייט זײַנען ענג פאַרבונדן.

דאַוויד ספאַרד

# באַלאַדע וועגן לעני נען

ווען זיי זײַנען ס'ערשטע מאָל אין שטעטעלע
גערקומען
אין דער האַרבסטיקער קילער נאַכט,
האָבן זיי מיט זיך די רויטע פאָן געבראַכט
און זײַן שטאָלצן קלינגענדיקן נאָמען.

ניט אַף טראַנספּאַראַנטן בלויע,
מיט אויסיעס גאָלדענע געשטיקטע,
נאָר מיט ווערטער פּראָסטע אומגעשיקטע
אַף שאָרסטקע פּאַק־פּאַפּירן גרויע.

ניט אין נעפּל פון פאַרדאַכטן
און ניט אין לויב־געזאַנגען שטאַרע,
נאָר אין הערצער, אויסגעפּרוווטע אין געפאַרן,
נאָר אַף פּענעמער, פאַרבראָנזעטע אין שלאַכטן.

און אופגעליכטיקט האָט דער נאָמען ווי אַ בסורע,
ווי אַ רוף אַ פרײַער,
פול מיט אומרו פון באַנײַונג,
פול מיט האָפענונג און גוורע.

און ס'האָבן זיך אין צווייט פאַרקליידט
די ביימער אין דעם האַרבסטיקן באַגינען,
די גראָזן האָבן ווידער אָנגעהויבן גרינען,
און דער אַלטער מאַרק האָט זיך אויסגעצירט מיט
יונגער פרייד.

דאָס אַלץ געשען איז אין יענער נאַכט,
ווען זיי זײַנען ס'ערשטע מאָל אין שטעטעלע
געקומען
און די רויטע פאָן מיט זיך געבראַכט
און זײַן שטאָלצן קלינגענדיקן נאָמען.

# דער זינגער אין ווארשעווער געטאָ

פייַערן און רויכן,
כורבן און פארוויסטונג —
אין דער מיט א דייַטש א הויכער
אין דער פולער ריסטונג.

און דעם דייַטש אנטקעגן שטייט
א זינגער א קליינער,
מיט א פידל גרייט,
צווישן הויפנס ביינער.

זאָגט דער דייַטש מיט שפּאָט:
— כ'האָב אייַך אלע טויט געשלאָגן,
אין אש פארוואנדלט אייַער שטאָט,
ווילסטו מיט א ניגן מיך פאריאָגן?

עס געפעלט די שפיל מיר זייער:
דו מיט קלאנגען, איך מיט קוילן —
ווער עס וועט זייַן מענאצייער,
דעם געהערט דאָס שיינע פוילן.

זעט דער זינגער: ארום
שטארצט די וואנט פון געטאָ-געגנעם,
און די ווייַטן זייַנען שטום,
און די הימלען אלע ברענען,

און א שווארצער רויך זיך ציט
אלע וועגן צו פארשפּינען.
ווי זשע וועט די לעצטע ליד
פון דעם פייַער-יאַם אנטרינען?

פלוצעם פון דעם סרייפע-ליכט
איבער פאלנדיקע שטאָקן
גייט אויף שימשן אומגעריכט
מיט צעפלאַמטע לאָקן.

„ס'איז די צייַט ניט איצט, —
זאָגט ער, — זינגער, פאר קלערן" —
און פון פידל טוט א בליץ
מיט א גליִענדיקן שטערן.

ווייַט ארום איז טיפע נאכט,
שאָטנס פינצטערע זיך קנוילן.
נאָר דעם זינגער איצטער דאכט —
ס'לייַכטן שטערנס איבער פוילן.

# נאָקטיורן

באלד וועט ווידער נידערן די נאכט,
פון דער ווייַסל וועט א צי טאָן שטיל און
אומעטיקער ווינט,
לאנגע שאָטנס וועלן בא מייַן שוועל זיך שטעלן
אף דער וואך,
אלע שויבן וועלן ווערן בלינד.
נאָר קעגניבער אין דער טונקעלער אליי,
בא דעם גראָען אָנדענק-שטיין,
וועט אן איינזאם פלעמל, ווי א צאנקענדיק
געשריי,
אופגיין און פארגיין.

# אין נייַעם הויז

איצט שפּראָצט די זון אוף,
ווי א פייַערדיקע כריזאנטעמע,
אף מייַן פענצטער,
און כ'זע, ווי ס'ווערט דער טאָג געבוירן
פון דעם נעפּלדיקן איין-סאָף
און קליידט אין גינגאָלד אָן די מויערן
אין מייַן שטאָט —
פון אלע שטעט דער שענסטער.

מיט זון אין שויס
און זילבערדיקן ווייַסל-גארטל,
לייַכט פארוואָרפן אף די לענדן,
ליגט פאר מיר די ערד אנטבלויזט
אין מידן זיסן דרימל
נאָך די נאכטיקע באגערן,
ווען ס'האָט באשאָנקען זי דער הימל
מיט מיליאָסן דימענטענע שטערן
און אין טונקלקייַט געהיימער
בא דעם ראנד פון רוים
צארט געקושט דעם זוים
פון אירע צעפּ צעגרינטע.

אין די קרוינען פון דיביימער
שלאָפן נאָך די ווינטן,
אין שטוינענדיקן שווייַגן
פון דעם נעס פון טאָגן
גליווערן די צווייַגן,
די גאסן — אופגערוימטע, קילע —
ווארטן נייַגעריקע אף די ראָגן,
נאָר צו אופגעהעלטע הויכן,
ווי שורעס פון א מאָרגנדיקער טפילע,
ציִען זיך שוין גלייַכע פּיִאָלעטע רויכן
און מיט רו און פריידן בענטשן
דעם יוגנט-טאָג אף אונדזער ערד,
דעם נייַעם גאנג, וואָס איז אים דאָ באשערט,
און די פרייַע מי פון מענטשן.

# פאַראַן א מײַסעלע...

פאַראַן א מײַסעלע, מײַן קינד,
וואָס ניט געשטויגן ניט געפלויגן —
אײַנגעפּאַסט אין טעוועלעך פון אָרט און צײַט.
און ס׳מישט אין דעם דער ווינט
די אויסגעטראַכטע בויגנס
ביז דער לעצטער זײַט
אין הייסן פיבער
טאָג־אײַן, טאָג־אויס.
און ווען אַלע בלעטלעך זײַנען שוין פאַריבער,
גייט דאָס מײַסעלע פון די טעוועלעך ארויס.

נאָר אויב שוין יאָ אַזוי,
איז עפּשער גאָר, מײַן קינד,
אין מײַסעלע דעם אינהאַלט טוישן?
פאַרמעקן אַלץ, וואָס אומעטיק און גרוי,
און לאָזן בלויז, וואָס גרינט
און זינגט מיט פרילינגדיקע רוישן.
די בייזע לײַט פון מײַסעלע פאַרטרײַבן,
מיט גוטסקײַט אַלע הערצער גלײַך פאַרטיילן
און דאָרט, ווו סינע, ליבשאַפט שרײַבן — — —
עס זאָל דאָס מײַסעלע אין פרידן זיך דערציילן?

# דאָס קליינע ייִנגל פון וואָלין

אין דער אופגעפּראַלטער טיר
פון לויטערן באַגין
מיט אויגן פול מיט כידעש
געשטאַנען איז א יונג א בלאָנדער פון סיביר,
און פון וואָלין
א באָכערל א ייִדיש.

ארומגענומען אײנער מיטן צווייטן,
ווי ברידער פון איין טאַטע־מאַמע,
האָבן זיי ווי כוואַטסקע יונגען
ס׳גאַנצע שטעטל
דורכמאַרשירט צוזאַמען
און דעם „אינטערנאַציאָנאַל“ געזונגען.

און מיטגעזונגען האָט מיט זיי
די וואָלינער ערד,
די שטיבעלעך האָרבאַטע פונעם שטעטל,
און די זעלנער פון דער רויטער ארמיי,
און די טאַטעס מיט די גראָווע בערד,
און די מאַמעס מיט די פרומע שײַטלען.

און ביידע האָבן דעמלט עס פאַרשטאַנען —
דאָס קליינע ייִנגל פון וואָלין
און דער באָכער פון די ווײַסע שנייען, —
אז נאָר דער גאַנג צוזאַמען
איז דער גרויסער זין
פון אַלץ, וואָס איז געשען.

# אָקטיאַבער

צי קאָנען ווינטן קאַלטע
דעם טראָט פון פרילינגען פאַרהאַלטן?
צי קאָן א ליקעכאַמע די זון אָפּשטעלן? —
אָקטיאַבער איז דער אָנהייב פון א גאַנג א העלן
איבער שטעט און איבער לענדער,
און ס׳קאָן קיין שאָטן ניט זײַן שײַן פאַרענדערן,
און ס׳קאָן קיין שטרויכלונג ניט זײַן מאַרש
פאַרצאַמען.
ווי א שיף איבער נעפּלדיקע יאַמען,

ער שווימט איעדן שטורעמווינט אנטקעגן,
און צו אַלע ווײַסע ברעגן
ער שיקט אריבער ליכט־סיגנאַלן.
עס זאָלן וויסן אַלע, אַלע —
אז דורך שווערן בלוטיקן געראַנגל,
דורך שוואַכקײַט צײַטנווײַז געפאַנגען,
דורך פעלערן און גרײַזן —
נאָר ס׳וועלן מענטשן פרײַ זײַן,
ס׳וועלן פעלקער פרײַ זײַן.

# שטילקײַט

פון די יאַמען רייד,
פון די קלוגע רייד
פיר ארויס מיך
אף דעם ברעג פון שטילקײַט,
פון דער גרויסער שיינער שטילקײַט,
ווו דאָס וואָרט אנטשטייט
ניט אין שוים פון ברויזנדיקע כוואַליעס,

געטריבענע פון ווינטן,
נאָר אויסגעלײַטערט אין די הייכן
צווישן טרויער־וואָלקנס
בעיעכידעס
שטילערהייט
אין טראָפּנס שײַן,
און יעדער אָס איז פרייד,
און יעדער אָס איז פײַן.

# אין א לעוואָנעדיקער נאַכט

אין איינער א לעוואָנעדיקער נאַכט
כ׳האָב זי אויסגעטראַכט
וואָרער נאָך ווי אַף דער וואָר.
ווי דעם שלאַנקסטן בוים אין וואַלד
כ׳האָב מיר אויסגעכאָלעמט איר געשטאַלט
און ווי דעם זונען־אופגאַנג אירע האָר.

דערנאָך בין איך מיט איר אוועק
צו דעם שענסטן ברעג
בא דעם בלויען יאַם.

פון זײַן ווײַסן פערלשטיין
צוגעקליבן אירע ציין,
אירע אויגן אָנגעצונדן מיט זײַן גרינעם פלאַם.

און זעענדיק, אַז אַלץ איז גוט,
האָב איך אַף קילן זאַמד גערוט,
באַזינגענדיק דאָס ווערק פון מײַנע הענט.
נאָר איידער כ׳האָב פאַרענדיקט נאָך די ליד,
האָט א צווייטער שוין מײַן קיניגן געהיט
און מיך האָט זי אינגאַנצן ניט דערקענט.

# הימן צו דער יוגנט

פון יונגן בלוט,
ווי פון ווײַן,
באַרוישט און פאַרבלענדט,
און דורשטיק נאָך שײַן —
אַף זון זי פאַרמעסט זיך
מיט נאַקעטע הענט.
שיקער פון מוט
און פון פרייד,
מיט הילכיק געזאַנג
אַנטקעגן די שטורעמס זי גייט
און רײַסט מיט אין גאַנג

די אַלע, וואָס דרימלען
אינמיטן פון וועג,
און די ערד מיט די הימלען
פאַרבינדט
און צעצינדט
מיט זוניקע טעג,
ווי מיט גאָלדענע רינגען,
און מיט הייסע צעוויכערטע טריט —
כ׳וואָלט ווי די זון זי באַזונגען,
נאָר זי אַליין איז א ליד.

קאַלמען סעגאַל

# אין סטעפּ

אָ, סטעפּעס איר ברייטע, בײַוואָלגישע, גרינע,
פאַרצייכנט איר זײַט נאָך ביז הײַנט אין מײַן זינען.
איך זע אײַך נאָך שטענדיק אין מײַנע געדאַנקען,
איך וויל אײַך באַגריסן, איך וויל אײַך באַדאַנקען,
איך וויל אײַך באַזינגען פאַר שיינקײַט און ראַכוועס,
פאַר פרײַנטשאַפט, וואָס איך האָב געפונען בא אײַך בלויז.

דורך יאַמען פון גרינקײַט, דורך בלומיקע מענגעס
די וואָלגע די ברייטע, זי שטראָמט ווי א סטענגע,
עס ציִען פּילפּאַרביקע פייגל אין טשאַטעס,
דו הערסט זייער זינגען און פליגל־געפּלאַטער,
דער ווינט וויגט די פעלדער און שעפּטשעט זיי עפּעס,
און ס׳דרעמלען אין וואַרעמער זון־שײַן די סטעפּעס.

עס טראָגט זיך גאַלאָפּ און געשווינד, ווי א פײַער,
מײַן רירעוודיק פערדל, מײַן פערד דאָס געטרײַע,
עס שפּרינגט און עס הירזשעט, די גריווע צעבלאָזן —
ס׳אַנטלויפן פון נאָרעס די פּיקסלעך און האָזן.
עס שמײַסט אונדז דער וואַרעמער סטעפּ־ווינט אין פּאָנעם
מיט טרוקענעם אָטעם און רייעך פון בלומען.

עס טריקענען פרישע געקאָסעטע הייען,
עס פרייט זיך דאָס הארץ און די אויגן זיך פרייען.
אַ, טראָג זיך, מײַן פערדל, אַ, טראָג זיך געשווינדער!
איך טאָר קיין מינוט ניט פאַרלירן אצינדער.
די פרוכט פון מײַן ארבעט איז ליב מיר און טײַער.
עס זינגען אין סטעפּ די כאַווײרים געטרײַע,
זיי זינגען, אין פרייד און אין ארבעט פאַרברידערט, —
דער פוילישער ייִד מיט זײַן רוסישן ברודער.

אַ, סטעפּעס איר ברייטע, בײַוואָלגישע, גרינע!
פאַרצייכנט איר זײַט נאָך ביז הײַנט אין מײַן זינען.
בא אײַך כ׳האָב פאַרגעסן פון נויט און פון עלנט,
בא אײַך כ׳האָב די פרייד פונעם לעבן געלערנט.
און שטענדיק איך וועל אײַך אין מײַנע געדאנקען
באגריסן, אין לידער אײַך הארציק באדאַנקען.

## די ייִדישע מוזע

ניט אין קליידער פון זײַד, ניט אין קליידער פון סאמעט
גייט מײַן ייִדישע מוזע, גייט מײַן ייִדישע מאַמע.
כ׳האָב זי נעכטן געזען ערשט, אין גאַס מיט א קוישל,
מיט בייגעלעך פרישע, מיט עפּל און ווײַנשל.
געברענט האָט די זון, ס׳האָט א האָגל געדראָשן,
און זי האָט געוואַרט צו פאַרדינען א גראָשן.
די באַקן אין קנייטשן, אין זילבער די שלייפן —
מײַן ייִדישע מוזע... מײַן ייִדישע גרעפין...
און ס׳זאָל מיר דער אומעט זײַן שטילער און גרינגער —
זי האָט מיך דורך טרערן געלערנט צו זינגען.
די ייִדישע מוזע, די הארציקע, גוטע,
האָט שטענדיק געטרייסט מיך און שטענדיק געמוטיקט,
אנציקט מיך מיט פראָסטיקע בלומען אף שויבן,
צום זילבערנעם מילכוועג דעם בליק אָפּט געהויבן.
מײַן ייִדישע מוזע — זי האָט ניט געשוויגן,
די מוזע, זי האָט נאָר מיט ווייטעק געשריגן.
זי האָט צו די הימלען די טויבע גערופן,
געיאָמערט בא גריבער מיט קינדערשע גופים.
די ייִדישע מוזע, די שווארצע און שטומע,
פאַרוויקלט אין טרויער, פאַרבענקט נאָך נעקאָמע —
עס האָט אין איר שווײַגן און ציטער געשריגן
דער גרויל פון דעם אומקום, דער גרויל פון האריגע.
עס וואָיען די פראָסטיקע ווינטן און בלאָזן
און טראָגן די ליד פון דער ייִדישער מוזע.
איר טרייסט איז א זיסע, איר טרייסט איז א צאַרטע:
„מע וועט נאָך דערלעבן, מע וועט נאָך דערוואַרטן...״
די ייִדישע מוזע —
זי לעבט און זי שמייכלט און זינגט אירע לידער,
און טרייסט און דערפרייט מײַנע שוועסטער און ברידער.
באַם וויגל פון קינד זי דערציילט דיר א מײַסע
פון ראָזשינקעס, מאַנדלען און ציגעלעך ווײַסע.
און לערנט דיך ליבן די וועלט און דאָס לעבן,
און לערנט די טרוימען די גרינינקע וועבן
און שטאַרק זײַן אנטקעגן די ווינטן, וואָס בלאָזן,
שטאַרק זײַן, ווי זי — ווי די ייִדישע מוזע...

מוישע שקליאר

# א טראָפּן שײַן

ווי מוישע, וואָס האָט אויסגעשלאָגן
וואסער פונעם שטיין,
כ׳וואָלט וועלן אויסשלאָגן פון וואָרט מײַנעם
א טראָפּן שײַן
און מיט דעם אנטקעגנגיין
דעם אומבאקאנטן מאָרגן,
וואָס איז נאָך פארבאָרגן
אין שאָטנס פונעם נעכטן
און פון הײַנט.
און אויב מײַן וואָרט וועט דעמלט
שוין ניט זײַן,
זאָל בלײַבן כאָטש
דער טראָפּן שײַן —
א קלײנער שטערן,
וואָס קאָן אמאָל
א זון נאָך ווערן.

# מיט ברויט און זאַלץ

ווי צום באגעגענען
א ליבן גאסט
מיט ברויט און זאַלץ —
איך גיי אנטקעגן דיר
מיט אויסגעשטרעקטער ליד,
און דאָס איז אַלץ,
וואָס איך קאָן געבן.

איך ווייס:
דו ביסט שוין מיד
און וועסט נאָך מידער ווערן
פונעם הערן
זינגענדיקע ווערטער הארבע,
נאָר אף זיי, ווי אף א האָר,
עס הענגט מײַן לעבן
און וועט אויסגיין,
שטארבן
מיט דער לעצטער ליד.

# פונעם ציקל „באַם געטאָ־דענקמאָל“

□ □ □

די נײַע הײַזער, וואָס ארום,
געדענקען ניט די פּײַן
און ניט די שלאכטן,
זיי קוקן שטום
אף די געטעסעטע אין שטיין
פיגורן
און בלויז אין די פארנאכטן,
ווען שאָטנס שלײַכן זיך, ווי שפּורן
פון פארקוילטע טאטעס,
מאמעס,
קינדער,
און פארהאַלטן זיך באַ יעדן טויער,
די פענצטער ווערן בלינדער,
פארציִען זיך מיט פאָרהאנגען פון טרויער.

□ □ □

און דו האָסט געטײַנעט,
אז דער טרויער
האָט אף אייביק שוין פארצויגן
מײַן געמיט.

אָ, ניין!
דער בלויער הימל,
וואָס האָט אופגעשײַנט
אין דער צעגרינטער שטאָט,
מאכט ווידער אופהעלן די אויגן,
זע:
זיי עפענען זיך אוף,
ווי פרילינגדיקע קנאָספן,
וואָס האָבן ערשט דערקענט דעם סאָד
פון אייג׳נער בליִונג.



# ניטאָ פאַר זיי קיין מעכילע

דער ראַטגעבער פונעם קרייַז־געריכט אין דער שטאָט האַגען (מייַרעוו־דייַטשלאַנד) דאָק־טאָר מיכעלס האָט זייַנערצייַט מיטגעטיילט דער פרעסע, אַז דעם 6 סעפּטעמבער 1965 וועט אינעם געריכט פון די געשווירענע באַם קרייַז־געריכט זיך אָנהייבן דער פּראָצעס פון צוועלף געוועזענע עסעסאָווצעס און מיטאַרבעטער פון דער פּאָליציי, וועלכע ווערן באַשולדיקט אין הארגענען יידן אין דעם טויט־לאַגער סאָביבאָר (לעבן דער שטאָט לובלין, אין פּוילן) אין די יאָרן 1942 און 1943.

אין דער דאָזיקער מיטיילונג ווערט געזאָגט, אַז „סאָביבאָר איז באַגלייַך מיט טרעבלינקע און בעלזשעץ געווען איינער פון די טויט־לאַגערן, וואָס די אָנפירונג פון עסעס האָט געשאַפן סאָף 1941 — אָנהייב 1942 מיטן ציל ענדגילטיק צו לייזן די אַזוי־גערופענע יידן־פראַגע".

ווייַטער ווערט מיטגעטיילט, אַז אין סאָביבאָר זייַנען פאַרניכטעט געוואָרן 250 טויזנט מענטשן און אַז אין אָקטיאַבער 1943 האָבן עטלעכע הונדערט יידישע קאַצעטלער אָרגאַניזירט אַ באַוואָפנטן אופשטאַנד קעגן דער וואַך. דער אופשטאַנד איז דערשטיקט געוואָרן; דעם לאַגער האָט מען ליקווידירט.

דרייַ פון די צוועלף אָנגעקלאָגטע זייַנען מיר פּערזענלעך גוט באַקאַנט. אין וואָס זשע ווערן זיי באַשולדיקט?

דער געוועזענער עסעס־אָבערשאַרפירער קאַרל פרענצעל — אין דעם, אַז ער האָט אין 42 פאַלן דירעקט אָנטיילגענומען אין דערהאַרגענען אַ גרויסע צאָל מענטשן, אין צוויי פאַלן — מיטגעהאָלפן דערמאָרדן באַ 250 טויזנט מענטשן;

דער געוועזענער עסעס־אונטערשאַרפירער פראַנץ וואָלף — אין דעם, אַז ער האָט אין איין פאַל דירעקט אָנטיילגענומען אין די מאָרדן און אין איין פאַל מיטגעהאָלפן דערמאָרדן באַ 115 טויזנט מענטשן;

דער געוועזענער עסעס־שטאַבסשאַרפירער ווערנער דיובואַ — אין דעם, אַז ער האָט אין איין פאַל מיטגעהאָלפן דערמאָרדן 43 טויזנט מענטשן.

און ווייַטער ווערט קאָנסטאַטירט, אַז לויט די פּאַראַגראַפן יעדיעס זייַנען די אָנגעקלאָגטע באָלענדער, פרענצעל און וואָלף באַגאַנגען די מאָרד־טאַטן לויט זייער אייגענער איניציאַטיוו, ניט האָבנדיק דערויף קיין אויסגעשפּראָכן קלאָרן באַפעל. די איבעריקע, וועלכע ווערן באַשול־דיקט אויסשליסלעך אין מיטהעלפן מאָרדן, האָבן אָן קיין באַפעל ניט געהאַרגעט.

סאַראַ כויזעק, סאַראַ איזדעקוווען זיך איבער די הונדערטער טויזנטער מענטשן, וועלכע זייַנען אומגעבראַכט געוואָרן אין סאָביבאָר!

יענע, וואָס האָבן אַרייַנגעטריבן אין די גאַז־קאַמערעס: באָלענדער — 86 טויזנט מענטשן, פרענצעל — 250 טויזנט מענטשן, וואָלף — 115 טויזנט מענטשן, לאַכמאַן — 150 טויזנט מענטשן, הייַנשיוט — 86 טויזנט מענטשן, דיובואַ — 43 טויזנט מענטשן, פוקס — 3600 מענטשן, איטנער — 57 טויזנט מענטשן, אונפערהאַו — 72 טויזנט מענטשן און אַנדערע, זיי מישפּעט מען נאָר פאַר „מיטהעלפן מאָרדן" און ניט פאַר מאָרד, ווייַל, לאָזט זיך אויס, אַז אייַנשליסן דעם מאָטאָר, וואָס פּאָמפּעט אָן שטיק־גאַז אין „באָד" אַרייַן, הייסט פּאַשעט „אויספילן דעם באַפעל"!

מיר איז אויסגעקומען צו זען זייערע פּנעמער נאָך דער „אַרבעט", נאָך דעם, ווי זיי האָבן דערשטיקט הונדערטער אומשולדיקע פרויען און קינדער. וויפל זעלבסטצופרידנקייַט, וויפל „שטאָלץ" איז געווען אויסגעגאָסן אויף די פּנעמער!

אין זייערע באַווייַזן זאָגן די מערדער: מע האָט געדאַרפט וואָס גיכער זיך אָפּטערן מיטן אָנגעקומענעם צוג, ווייַל ווען ניט, ווען עס וואָלט געדויערט אַ ביסל לענגער, וואָלטן די קאָר־באָנעס זיך דערוווסט, וואָס עס דערוואַרט זיי. זיי וואָלטן זיך געהאַלטן אומרויִק, און דאָס וואָלט פאַרשווערט זייער אויספאָטונג.ווירקלעך, אין משך פון די 22 טעג, וואָס איך בין אָפּגעווען אין סאָביבאָר, זייַנען קימאַט יעדן טאָג אָנגעקומען עשעלאָנען, צו 2000 מאַן אין יעדן. מע פלעגט די מענטשן אָפּגיך זיך הייסן אויסטאָן, קעדיי צו גיין קלוימערשט אין באָד אַרייַן, די פרויען און קינדער האָט מען אָפּגעשוירן „פון ריינקייַט וועגן". דאָס אַלץ האָט געדויערט אַ שאָ — צוויי, ניט מער...

ניין, די מערדער האָבן ניט נאָר דעם פיורערס באפעל אויסגעפילט. זיי האָבן געטאָן, וואָס זיי האָבן געוואָלט טאָן, דאָס, צו וואָס זיי האָבן געשטרעבט.

ווי לאנג איך וועל לעבן, וועל איך ניט פארגעסן איינעם א טאָג אין דעם טויט־לאגער. מיר האָבן געארבעט אין פערטן סעקטאָר, ווען עס איז אָנגעקומען אן אָרדנטלעכער עשעלאָן מיט מענטשן. די עסעסאָווצעס זײַנען פריילעכע, שמייכלענדיקע אוועק צו דער „ארבעט". אונדז צו באוואכן זײַנען געבליבן פּאָליצײַען. בא דער ערשטער מעגלעכקײַט זײַנען מיר — לייטמאַן, שובײַעוו, ציבולסקי און איך — ארײַן אין באראק. פונדאנען האָט מען געזען דעם דריטן סעקטאָר, ווו עס האָבן זיך געפונען די גאז־קאמערעס. פון דאָרט האָבן זיך געלאָזט הערן הארצרײַסנדיקע געשרייען פון קינדער און פרויען. דאָס איז געווען אזא שוידערלעך, אזא דערשיטערנדיק געשריי, אז עס האָט מיך אָנגעהויבן טרייסלען. ניין, קיין פּאכעד האָבן מיר ניט געפילט, עס האָט אונדז באהערשט א פּײַנלעך געפיל פון הילפלאָזיקײַט: אָט קוקן מיר עס אלץ צו און קאָנען מיט קיין זאך ניט העלפן די פרויען און קינדער. דעמלט האָט שוין אונדזער אונטערערדישער קאָמיטעט געהאט פאנאנדערגעארבעט א פּלאן, וויאַזוי צו אנטלויפן פון לאגער. אין דעם מאָמענט האָב איך פעסט באשלאָסן: מיר טאָרן ניט פּאָשעט אנטלויפן, ראטעווענדיק אונדזער לעבן. מיר מוזן פארניכטן אלע פאשיסטן אין דעם דאָזיקן לאגער.

ביז הײַנטיקן טאָג קלינגט בא מיר אין די אויערן דאָס קינדערשע געשריי. באנאכט, אין שלאָף, הער איך עס ווידער, און איך כאפּ זיך אוף, א באשלאָגענער מיט קאלטן שווייס.

אין צוויי שאָ ארום האָבן זיך די באנדיטן אומגעקערט. לויט זייערע פריילעכע פּנעמער, לויטן צופרידענעם געלעכטער זייערן האָט מען געקאָנט אורטיילן, מיט וואָס פאר א האנאָע זיי האָבן אויסגעפילט דעם „באפעל" פון זייער פיורער.

לויט די געזעצן פון מײַרעוו־דײַטשלאנד הייסט עס „מיטהעלפן" אין מאָרד. אזא צוויִעס, אזא נידערטרעכטיקע צוויִעס!

איך האלט אין די הענט די דײַטשישע צײַטונג „הײַמאטנאכריכטען", פון אירע שפּאלטן קוקן אראָפּ עלף געוועזענע קאטן פון סאָביבאָר. וואָס פארא זאטע, זעלבסטצופרידענע צורעס. ס'איז קלאָר, די דאָזיקע פילן זיך ניט ווי אָנגעקלאָגטע, נאָר ווי העלדן. נו, נאטירלעך, זיי האָבן גוט אײַנגעכאזוערט, אז אין גרונט האָבן זיי אויסגעפילט דעם פיורערס באפעלן, און פאר דעם מישפּעט מען דאָ, אין דער דײַטשישער פעדעראטיווער רעפובליק, ניט שטארק שטרענג.

איך בלעטער די מײַרעוו־דײַטשישע צײַטונגען, די בריוו, וועלכע איך באקום פון די געוועזענע אסירים פון סאָביבאָר — איידעס אפן האגענער פּראָצעס. איך לייען די בריוו פון דעם היסטאָריקער מאריאם נאָוויטש, וואָס איז די גאנצע צײַט אפן פּראָצעס און פארשרײַבט אלע באווײַזן פון די איידעס. פאר מײַנע אויגן טויכן ווידער ארויס פון דער פארגאנגענהײַט די שוידערלעכע טעג אין טויט־לאגער. א ציטער לויפט דורך איבערן לײַב. ניט שוין זשע זײַנען עס מענטשן — די, וואָס זײַנען פּייִק געווען אזוינס צו טאָן?

בייס איך בין געווען אין לאגער, איז באָלענדער שוין דאָרט ניט געווען, נאָר איך האָב וועגן אים א סאך געהערט. ער האָט אָנגעפירט מיט דער „ארבעט" פון די גאז־קאמערעס.

נאָך דער מילכאָמע האָט ער זיך אויסבאהאלטן אין עסטרײַך אונטער דער פאמיליע ברענער. פאר דער וועלט האָט עס געזאָלט הייסן: ניטאָ באָלענדער, געשטאָרבן. כאָטש בייס עס האָט געהאלטן באם באקומען פּענסיע, איז באָלענדער געווען צווישן די לעבעדיקע...

אפן פּראָצעס האָבן די איידעס דערציילט, אז באָלענדער האָט געשאָסן 200 ייִדן נאָר דערפאר, ווײַל זיי האָבן געוואָלט דערלאנגען א באקאָשע דער אדמיניסטראציע פון לאגער. ווען איין קאצעטניק האָט געבעטן באם צווייטן עסן און באָלענדער האָט עס געהערט, האָט ער אָפּגעלאָזט אף זיי זײַן הונט און דערנאָך זיי דערשאָסן. דער הונט האָט בא אים געהייסן „מענטש". ער פלעגט צו אים שרײַען: „מענטש, אטו אף די הינט!"

באָלענדער האָט זיך מיט עפּעס פארזינדיקט, און מע האָט אים אוועקגעשיקט אין דעם שטראָף־לאגער לעבן דאנציג. נאָר זײַן טעטיקײַט אין סאָביבאָר איז הויך אָפּגעשאצט געוואָרן: ער האָט באקומען א העכערן פּאָסטן און צוויי אָרדענס.

נאָך דער מילכאָמע, ווי געזאָגט, האָט ער זיך גענומען די פאמיליע ברענער. ווען מע האָט בא אים געפרעגט, פארוואָס גראָד ברענער, האָט ער געענטפערט: „צוליב מײַן פריִערדיקער באשעפטיקונג. איך האָב זי דאָך ניט געקאָנט אזוי לײַכט פארגעסן".

ער האָט ניט געקאָנט פארגעסן זײַן „ארבעט" — מאָרדן און פארברענען די דערמאָרדעטע. זי איז אים געווען אזוי טײַער, אז ער האָט זי באשלאָסן צו פארייביקן אין זײַן פאמיליע און איבערלאָזן אלס רעליקוויע די קינדער און קינדס־קינדער.

באָלענדער אנערקענט ניט, אז בא זײַן אָנטייל זײַנען פארניכטעט געוואָרן 86 טויזנט מענטשן. „די ערשטע גרוב איז געווען פול, איידער איך בין אוועק אין אורלויב. מאקסימום זײַ־

נען דאָרט געווען 10 טויזנט טויטע ייִדן. אין דער צווייטער — אויך ניט מער", — מאכט ער א כעזשבן. „דעם אָנשיט פון די גריבער האָט מען געמוזט שטארק פארפעסטיקן, זיי זאָלן זיך ניט אופהייבן", — דערציילט ער אפן געריכט. נאָך א הייסן טאָג האָט זיך דער זאמד געהויבן.

„מע האָט געמוזט מאכן הויפטזאכלעך גרויסע גריבער, אז די בויונג פון די גריבער זאָל אנטשפרעכן דער צאָל אָנקומענדיקע טראנספּאָרטן", — זאָגט באָלענדער.

וואָס איז שייַעך דער מאָרד־סיסטעם, האָט מען באָלענדערן ניט געדארפט געבן קיין ספּעציעלע אָנווייַזונגען. ער האָט זיך איינפאך אין דעם ניט געניייטיקט. „אלץ איז געגאנגען אָרגאניזירט, מע האָט קיינעם ניט געדארפט באפעלן", — זאָגט באָלענדער. די בערג מייסים האָבן ניט געקימערט די מערדער. האריגע איז געוואָרן בא זיי א געוווינהייַט.

פּרענצעלן געדענק איך זייער גוט. אן אָפּגעפּאשעט פּאָנעם, גרויע פּוסטע אויגן.

אויב א מוטער האָט זיך ניט געוואָלט שיידן מיט איר קינד, האָט פּרענצעל זי דערהארגעט. ער האָט דערשאָסן א פּאָטער, וואָס האָט זיך אָפּגעזאָגט אופהענגען זייַן קינד. ער האָט געצווונגען מענטשן טראָגן הויפנס זאמד און האָט זיי דערהארגעט, אויב א ביסל זאמד האָט זיך אויסגעשאָטן אף דער ערד. דער איידעס מייער סיוס האָט געזען, ווי פּרענצעל האָט מיטן שטיוול א זעץ געטאָן א קינד אין קעפּל און עס דערהארגעט.

דער געוועזענער קאצעטלער שמועל לערער דערציילט דעם געריכט, וויאַזוי פּרענצעל האָט אויסגעשאָסן א מענטשן אין רוקן דערפאר, וואָס יענער האָט שלעכט צוגעזען זייַנע, פּרענצעלס, כאזיירים.

דער איידעס גאָלדפארב דערציילט, אז מע האָט אים איינמאָל גענומען צום עשעלאָן, וואָס איז געקומען פון טשעכאָסלאָוואקיע. און אָט זעט ער: פון וואגאָן גייט ארויס דער לעצטער א גראָווער זאָקן. ער גייט צו לאנגזאם. פּרענצעל מאכט קוילעס: „דו, אלטער הונט, דו, פארפלוכטער יודע, שנעלער". דער זאָקן האָט זיך אָנגעבויגן, אופגעהויבן א הויפן ערד, צעריבן זי מיט די פינגער און געזאָגט: „אָט ווי דער שטויב, אזוי וועט איר צווייטע ווערן איבער דער ערד פאר אייַערע פארברעכנס". פּרענצעל האָט ארויסגעכאפּט דעם פּאראבעלום און גלייַך אפן אָרט אוועקגעהארגעט דעם אלטן.

איך דערמאָן זיך: פּרענצעלן האָט זיך אמאָל אויסגעדוכט, אז דער קעכער גיט צו לאנגזאם ארויס דעם אזויגערופענעם „סוף". ער האָט אים צוגערופן, געהייסן זיך אוועקזעצן אף דער ערד און, פייַפנדיק אונטער דער נאָז, מיט א בייַטש אויסגעפּויקט איבער יענעמס קאָפּ דעם ריטם פון דער מעלאָדיע. בלוט האָט גערונען איבערן קעכערס פּאָנעם. מיר זייַנען געשטאנען אין הויף און צוגעקוקט די סצענע. מיר האָבן קיין רעכט ניט געהאט זיך אָפּקערן.

איינער פון די איידעס שרייַבט מיר, אז בייס דעם פּראָצעס האָט פּרענצעל געזאָגט: נאָכדעם, ווי עס זייַנען אין סאָביבאָר פארניכטעט געוואָרן די ייִדן, וואָס זייַנען נאָכן אופשטאנד לעבן געבליבן, האָט ער אָנטיילגענומען אין אראָפּנעמען די בגאָדים פון די דערמאָרדעטע און האָט קלוימערשט געפונען אף די טויטע קערפּערס בריוו, אין וועלכע עס איז געשטאנען געשריבן, אז מע דארף אים (פּרענצעלן) ניט הארגענען, ווייַל ער איז א גוטער נאצי.

אויסטראכטן אזא ליגן קאָן זיך דערלויבן, ווירקלעך, בלויז א נאצי.

ערווין לאמבערט האָט אופגעבויט זייַן ערשטע גאז־קאמער באם שלאָס גערטהיים. ער האָט קלוימערשט ניט געוווּסט, פאר וועמעסווען זי איז. מע האָט אים אָבער אייַנגעלאָדן נאָכאמאָל, ווייַל דאָרט איז עפּעס געווען ניט אין אָרדענונג. האָט לאמבערט אופגעבויט א נייַע קאמערע, און דעמלט האָט ער, ווי ער אליין זאָגט, שוין געוווּסט, וואָס עס האָט פּאסירט. נאָר ער האָט פאָרגעזעצט בויען: אין בארנבורג, אין האדאמער בא לאמבורג, אין טרעבלינקע און אין סאָביבאָר. כוץ לאמבערטן איז נאָך געווען אזא „ספּעציאַליסט", ווי בארבעל, וועלכער וווינט הייַנטצוטאָג אין ווין. זייַן ספּעציאַליטעט איז געווען — מאסקירן די גאז־קאמערעס, אז זיי זאָלן אויסזען ווי אן איינפאכע באָד.

די אדוואָקאטן פון די אָנגעקלאָגטע באמיִען זיך צו טאָן אלץ, קעדיי אָפּשוואכן דעם אייַנדרוק, וואָס עס מאכן די באווייַזן פון די איידעס. זיי שטעלן קלאָץ־קאשעס, אף וועלכע עס איז אומעגלעך צו ענטפערן. צום בייַשפּיל: „ווו זייַט איר געווען, ווען קארל פּרענצעל האָט, ווי איר דערציילט, דערמאָרדעט דעם ייִדן מיטן נאָמען שול שטארק? וויפל מעטער די ווייַט פונעם עסעסאָוועץ זייַט איר געשטאנען?" אאוו.

מיר, די פארשפּארטע אין לאגער, האָבן, הייסט עס, געמוזט וויסן, אז מיר דארפן אויסמעסטן דעם מעהאלעך צווישן אונדז און אונדזערע פּייַניקער מיט א מעטער!

די, וואָס פאַרטיידיקן די פאַרברעכער פון סאָביבאָר, ווילן פאַרפּלאָנטערן די איידעס, פּסי־כאָלאָגיש זיי אײַנברעכן, נאָר דאָס גיט זיך זיי ניט אײַן.

דער איידעס מוישע באַכיר האָט וועגן אַ גאַנצער ריי פאַרברעכנס דערציילט מיט דער גרעסטער פּינקטלעכקייט, אָנווײַזנדיק אויף דעם טאָג און אויף דער שעה, ווען די פאַרברעכנס זײַנען באַגאַנגען געוואָרן, אָנרופנדיק בײַ די נעמען די מערדער. ער שרײַבט מיר, אַז פון די צוועלף פאַרברעכער פון סאָביבאָר, וועלכע זיצן אויף דער באַשולדיקונגס־באַנק, געפינען זיך בלויז פיר אין טפיסע, די איבעריקע קומען צו פאָרן אויף אויטאָמאָבילן, נאָר אויב זיי זײַנען שלעכט גע־שטימט, קאָנען זיי ניט קומען אויך.

איינמאָל אין אָוונט, נאָך דער זיצונג פונעם געריכט, איז באַכיר אַרײַן אין רעסטאָראַן אָפּעסן, אַהין איז אויך געקומען איינער פון די פאַרברעכער צוזאַמען מיט זײַן אַדוואָקאַט. פרײַ און רויִק פילן זיך דאָ די פאַשיסטישע מערדער.

איצט קער איך זיך אום צו דעם דאָקטאָר מיכעלסעס מיטיילונג פאַר דער פּרעסע. ער שרײַבט, אַז אין טויט־לאַגער סאָביבאָר זײַנען פאַרניכטעט געוואָרן 250 טויזנט ייִדן און אַז דער אופשטאַנד איז דערשטיקט געוואָרן.

אַ ליגן, אַ גראָבער ליגן. אין לאַגער איז פאַרניכטעט געוואָרן ניט ווייניקער ווי אַ האַלבער מיליאָן מענטשן, און דאָס איז נאָך ווײַט ניט קיין פולער סאַכאַקל. צווייטנס, איז דער אופשטאַנד ניט דערשטיקט געוואָרן, ער האָט זיך געענדיקט מיט דערפאָלג. עס זײַנען אַנטלאָפן קימאַט אַלע, וואָס זײַנען צו יענער צײַט געווען אין לאַגער, און דאָס האָט געצוווּנגען די פאַשיסטן צו ליקווי־דירן אים.

לויט דער אַכזאַריעס, לויט דער צאָל קאָרבאָנעס און לויט דער מעטאָדישקייט, מיט וועל־כער דער מאַסן־מאָרד איז אָרגאַניזירט געוואָרן, איז סאָביבאָר איינער פון די שוידערלעכסטע פאַרברעכנס פון די היטלעריסטן.

די פאַשיסטן, וואָס זיצן אויף דער באַשולדיקונגס־באַנק, זײַנען באַגאַנגען די שווערסטע פאַר־ברעכנס קעגן דער מענטשהייט.

אין נאָמען פון די לעבן געבליבענע אסירים פון סאָביבאָר, וועלכע זײַנען צעוואָרפן אין אַלע עקן וועלט, פאָדער איך — די מערדער דאַרפן באַשטראָפט ווערן מיט דער גאַנצער שטרענגקייט.

אַלעקסאַנדער פּעטשערסקי,

אָנפירער פונעם אופשטאַנד אין טויט־לאַגער סאָביבאָר.

# זייערע בליקן האָבן זיך באַגעגנט

זייערע בליקן האָבן זיך באַגעגנט, אַנגעשטויסן. זי האָט באַלד צוריקגעכאַפּט אירע אויגן, זיי פאַרזשמורעט. נאָר צו שפּעט.

אין אַ שוואַרצער אוניפאָרם, מיט אַ זילבערנעם שאַרבן אויפן שוואַרצן היטל, האָט ער ווי אַ געשפּענסט אַרײַנגעשניטן זיך אין דעם מענטשן־געדראַנג באַם געטאָ־טויער. די, וואָס זײַנען אים געשטאַנען אין וועג, זײַנען אָפּגעשפּרונגען אין אַ זײַט. זי, נאָר זי אַליין איז געבליבן טאָרטשען אויפן ברוק, וועלכן די אונטערגייענדיקע זון האָט פאַרצויגן מיט אַ רויטלעכן אָפּגלאַנץ.

מיטן ענטל פון זײַן סטעק האָט ער אַ הייב געטאָן איר קין, פאַרוואָרפן איר פּנים, און זייערע בליקן האָבן זיך ווידער באַגעגנט. נאָר אירע אויגן זײַנען איצט געווען גלעזערנע, ווי באַ אַ מעס.

— דאַכט זיך, אַ באַקאַנטע, — האָט ער, אַראָפּרײַסנדיק איר קאַפּטיכל, אַ שמייכל געטאָן, און זײַן אויסגעצויגן, בלאַס פּנים האָט אויפגעלעבט.

ער האָט זי דערקענט. זי אים — געוויס. זײַן װענדונג אין דײַטש האָט זי ניט פאַרשטאַנען, בלויז געפילט, אַז אַזוי מוזריידן דער מאַלעך־האַמאָוועס.

איצט האָט ער דאָס ענטל פון זײַן סטעק אַרײַנגעשטויסן אינעם זעקסעקיקן געלן שטערן, וואָס איז געווען צוגעשפּיליעט צו איר קליידל דירעקט איבערן האַרצן. דערשפּירנדיק די שטײַפקײַט פון דער יונגער מיידלשער ברוסט, דאָס אומרויִקע פּויקן פון איר האַרץ, איז ער אַנגעצונדן געוואָרן: אַזאַ צופאַל, אַזאַ װוּנדערלעכער צופאַל! און ער האָט דאָס ענטל פונעם סטעק אַלץ שטאַרקער, טיפער אײַנגעשפּאַרט אינעם געלן שטערן, אין דעם מיידלס ברוסט, אין איר האַרץ...

דאָס מיידל איז אַפּגעטראָטן אויף הינטערוויילעכס. די מענטשן, אָפּ טויט דערשראָקענע, האָבן פאַר ביידן געמאַכט אַ וואַרע. אַזוי האָט ער זי צוגעשטופּט צום וואַכשטיבל באַם געטאָ־טויער, אַרײַנגעשטופּט אַהין.

— איז וואָס, אַ ליטווינערן און קריכסט אין געטאָ?.. — האָט ער גיפטיק אויסגעציִשעט, און זײַן פאַרגליווערט פּנים האָט ווידער אויפגעלעבט אויף אַ רעגע.

זי האָט ווידער ניט פאַרשטאַנען, וואָס ער זאָגט, ניט רעאַגירט אויף זײַנע רייד. נאָר איצט זײַנען אירע אויגן געוואָרן אויס גלעזערנע און געגומען עפּעס זוכן. אַזוינס, וואָס זאָל אָנדײַטן אויף אַן אויסוועג, וואָס זאָל צוזאָגן אַ רעטונג. אין דעם דושנעם, שטאַרק אָנגערייכערטן צימערל האָט זי דערזען בלויז עטלעכע, אין קאָרטן־שפּיל פאַרטאָנענע מענער, געקליידטע אין טונקל־גרינע היטלעריסטישע און אויך אין געלבלעך־גרינע אַמאָליקע ליטווישע מיליטערישע אוניפאָרמעס. זיי זײַנען אויפגעשפּרונגען, די דאָזיקע לײַט, דערזעענדיק דעם שוואַרץ־אוניפאָרמירטן, און אים באַגריסט מיט אויפגעהויבענע רעכטע הענט און מיט אויסגעשרייען „הײַל!“.

אַזאַ צופאַל! אַזאַ שוידערלעכער צופאַל! אויף אַלץ האָט זי זיך געקאָנט ריכטן, נאָר ניט אויף דעם, וואָס מיט איר האָט איצט פּאַסירט. צוויי מאָל איז זי צוליב אירע שוואַרצע געקרײַזלטע האָר, צוליב דער טונקעלער הויט פון פּנים און די גרויסע שוואַרצע אויגן אַרײַנגעפאַלן אין זײַנע לאַפּעס. ביידע מאָל בעשאָלעם אַרויסגעגליטשט זיך אויף דער פרײַ. אָך, ווען זי הייבט ניט אויף אירע פאַרעטעריש־נײַגעריקע אויגן, ווען ס׳וואָלט ניט געווען אַזאַ לויטערער זומער־פאַרנאַכט...

דער שווארץ־אוניפאָרמירטער האָט א ווונק געטאָן צו איינעם פון די וואכלײַט מיט שליפעס פון אן אונטעראָפיצער:

— דאָלמעטשער, דערוויס זיך בא איר, וועמען זוכט זי אין געטאָ?

דער דאָלמעטשער, ס׳הייסט דער איבערזעצער, האָט זיך אזש פארוווּנדערט: „ווּהין זאָל א יידישקע גיין אף נאכטלעגער נאָך דער ארבעט, אויב ניט אין געטאָ?"

— ווונדער זיך ניט, דאָלמעטשער, ס׳איז דײַנע א בלוט־גענאָסן, א ליטווינערן, — האָט דער שווארץ־אוניפאָרמירטער, באטאָנענדיק דאָס וואָרט „ליטווינערן", א צופרידענער זיך אוועקגע־זעצט באם טישל, אָפּגעשארט אין א זײַט די צוואָרפענע אף אים קאָרטן, און א שטראָם ווערטער, ווי פון א קוילנווארפער ארויסגעשלײַדערטע, האָט גענומען אויסשטעפן די געשיכטע מיט דעם דאָזיקן מיידל, וואָס איז צוויי מאָל — יאָ, צוויי מאָל! — פארהאלטן געוואָרן אין שטאָט צוליבן פארדאכט, אז זי איז אנטלאָפן פון געטאָ. צוויי מאָל האָט מען זי געבראכט צו אים אין געסטאפּאָ. ער האָט זי דאן מאמעש דורכגעלויכטן ווי מיט רענטגען־שטראלן, וואָס האָבן ניט איבערגעלאָזן קיין פארבאָרגן ווינקעלע אין איר לײַב־און־לעבן. און ס׳האָט זיך באקומען, אז זי איז טאקע די, פאר וועלכע זי גילט אין אירע דאָקומענטן.

— טאָ וואָס זוכט זי אין געטאָ? — האָט דער איבערזעצער הויך אויסגעדריקט זײַן שטוינונג.

— דאָס ווילן מיר דארפן פעסטשטעלן, און טאקע גלײַך! — האָט דער געסטאפּאָווער פארענדיקט און ארויסגענומען פון זײַן גלאנציקן פּאָרטסיגאר א סיגארעט, אָנגעצונדן אים, א קנאק טוענדיק מיט דער צינד־מאשינקע, און טיף ארײַנגעצויגן דעם רויך.

דער איבערזעצער, פילנדיק, אז דער געסטאפּאָווער וואָרט, האָט שטרענג אָנגעהויבן די אויספאָרשונג. אף דער פראגע, וואָס האָט זי געדארפט אין געטאָ, האָט די פארהאלטענע קאלט־בלוטיק געענטפערט:

— כ׳ספּעקולירט.

און עס גענומען דערווײַזן: ארויסגעשלעפּט פון אונטערן קלייד א שטיק שפּעק, פונעם בוזעם — עטלעכע שאכטלעך סאכארין.

ניט צום ערשטן מאָל ווערן פארהאלטן ליטווינער באם איבערגעבן אָדער פארקויפן יידן שפּײַז. געשען פלעגט עס געוויינלעך אף געמיינזאמע ארבעטס־פלעצער, אמאָל אף דער גאס, ווען מע פלעגט פארבײַפירן די קאָלאָנעס געטאָ־אסירים. אָבער מע זאָל אליין קריכן אין פאסטקע ארײַן...

„דאָ איז עפּעס ניט גלאטיק", — האָט דער געסטאפּאָווער פארביסן די ליפּן און מאמעש דורכגעבויערט דאָס מיידל מיט זײַן בליק.

אויך אינעם איבערזעצער האָט אופגעקאָכט דער קאס. מיט פארגעניגן וואָלט ער בא דער דאָזיקער, ווי מע זאָגט, ליטווינערן ארויסגעריסן צוזאמען מיט דער צונג די יעדיעס, וואָס קאָנען באפרידיקן זײַן אלמעכטיקן באפעלגעבער פונעם אלמעכטיקן אנשטאלט. די אָפּטריניקע פון זײַן שטאם, וואָס זוכט זי אינעם אָפּצוים פון די פון גאָט פארשאָלטענע? פרײַוויליק, אליין זיך אָנגעטאָן דעם געלן שאנד־צייכן.

ווי אנטדעקנדיק עפּעס גאָר וויכטיקס, האָט דער איבערזעצער ראַפּאָרטירט:

— דער שטערן איז בא איר ניט צוגענייט צום קליידל, ניט ארומגענייט, ווי עס פאָדערט זיך לויטן געזעץ! צוגעשפּיליעט בלויז. פארן ארײַנגיין אין געטאָ צוגעשפּיליעט. קלאָר.

דער שווארץ־אוניפאָרמירטער, מיטן נאכלעסיק אראָפּהענגענדיקן סיגארעט אין א ווינקל פון מויל, האָט ניט רעאגירט אף דעם איבערזעצערס רייד. וואָס וויל יענער? נאָכאמאָל דער־ווײַזן, אז זי איז ניט קיין יידישקע און מיט ספּעקוליאציע־צילן געקראָכן אין געטאָ? צו פּאָשעט פלאָנטערט זיך דאן אויס דער איניען. אים באפרידיקן ניט קיין לײַכטע לייזונגען... ניין, עפּעס איז ניט גלאטיק מיט דער דאָזיקער שלאנקער טונקלהויטיקער ליטווינערן, וואָס פאלט לויטן ווילן פון גורל שוין צום דריטן מאָל ארײַן אין זײַנע הענט: פריִער — צוליבן פארדאכט, אז זי איז אנטלאָפן פון געטאָ; איצט — בייס זי האָט געפּרוּווט ארײַנשלײַכן זיך אהין. א געניאלער אײַנפאַל געוווען קומען כאפּן א קוק, ווי דאָס פאלק מיט די געלע לאטעס קערט זיך אום פון צוואנגס־ארבעט. צום ערשטן מאָל געקומען, און שוין ניט אומזיסט געוווען זײַן טירחע.

א קערעווע געטאָן די געדאנקען אהער, זיי א ווענד געטאָן אהין, האָט דער געסטאפּאָווער געמאכט א לאָגישן אויספיר: זי קער האָבן, זי האָט געוויס א שײַכעס צו די, וועלכע ער זוכט. געוויס, אזוי איז עס! ווי האָט עס פאָרמולירט זײַן שעף? „ניטאָ קיין לאגער, ניטאָ קיין געטאָ, ווו עס זאָל ניט זײַן טעטיק די אונטערערד". כוידעש אין כוידעש מעלדן זיי בערלין, אז זיי זײַנען אף איר שפּור. איצט וועט מען קאָנען צו וויסן געבן עפּעס קאָנקרעטס. עפּשער וויל די פאָרטונע, אז ער, ניט קיין געהויבענער געסטאפּאָ־פונקציאָנער, זאָל אָפּדריבלען דאָס ערשטע אייגל, וואָס

פון אים וועט זיך שוין אויספלאָנטערן דער גאַנצער קנויל. דערווײַל איז אים אבסאָליוט קלאָר: גאָט אליין האָט געוואָלט, ער זאָל צוויי מאָל פרײַלאָזן דאָס מיידל, קעדיי עס זאָל א דריט מאָל ארײַנפאַלן דירעקט אים אין די הענט אפן אָרט פונעם פארברעכן. און עס ווינקען שוין צו אים דעמבענע בלעטער צום אײַזערנעם קרייץ, וועלכן ער האָט פריִער געהאַט פארדינט, אפן קראַגן און אף די עפּאָלעטן — צו נאָך א זילבערנעם קוואדראַטל, א ראַנג העכער, א שטאַפּל העכער אפן לעבנס־לייטער...

ער איז אופגעשטאַנען, באַפוילן די וואַכלײַט פארדרייען דעם מיידל די הענט אף הינטן, צוגעגאַנגען צו איר, ארויסגענומען פון מויל דעם סיגארעט און אים פארלאָשן, צודריקנדיק דאָס פײַער צום מיידלס שטערן. צוגעדריקט, ווי פארכאַסמענענדיק איר גורל. דאַן האָט ער א געשריי געטאָן:

— צו וועמען ביסטו געגאַנגען ספּעקולירן?

דראָענדיק מיט די פויסטן, האָט דער איבערזעצער איבערגעכאַזערט די פראַגע.

זי האָט געענטפערט רויק, ווי דערקלערנדיק עפּעס זעלבסטפארשטענדלעכס:

— ווער ס'וואָלט זיך אונטערגעדרייט, דעם וואָלט איך אָנגעבאָטן.

— און בא וועמען וואָלסטו איבערגענעכטיקט?!

דאָס מיידל האָט ווידער זאַכלעך דערקלערט, אז זי האָט בעדייע געהאַט נאָכן אויסבײַטן אירע שפּײַז־פּראָדוקטן אף עפּעס־וואָס פון קליידונג צי גאָר אף א זייגערל ארויסגיין פון געטאָ מיט די, וועלכע מע טרײַבט צו דער נאכט־וואַכטע אין שטאָט ארײַן. אין דער פינצטער וואָלט זי זיך ארויסגעשלײַכט פון דער קאָלאָנע אָדער וואָלט אנטלאָפן פונעם ארבעטס־פּלאַץ.

אויסגעהערט עס, האָט דער געסטאַפּאָוועץ באַפוילן נאָך שטאַרקער פארדרייען איר די הענט און אליין דערלאַנגט איר א זעץ איבערן קאָפּ מיטן הענטל פון זײַן סטעק. צוזאַמען מיטן דומפן קלאַנג האָט אופגעהילכט די פריִערדיקע פראַגע:

— צו וועמען ביסטו געגאַנגען?

— כ'וועל ווײַזן, ווײַזן! — האָט ארויסגעקרעכצט דאָס מיידל, און אומגעוואַלגערטע אף דער ערד.

זי האָט זיי ארומגעפירט איבער די אויסגעליידיקטע גרויע געסלעך פון דער געטאָ. פאר־קערעוועט דאָ אין א שטיבל, דאָרט אין א שטיבל, זיך אומגעקערט אין די שוין באַזוכטע ערטער, ווי וועלנדיק זיך דערמאָנען, וווהין זי האָט געהאַט בעדייע צו גיין. אירע באַגלייטער האָבן גע־דולדיק נאָכגעפאָלגט, געוואַרט, זי זאָל געפינען די שטוב, די מענטשן, וועלכע זי האָט צוגעזאָגט אָנווײַזן. מע האָט זי ניט געשלאָגן, ניט געדרייט די הענט. א ביסל אף הינטן צוריקגעצויגענע, האָבן צוויי וואַכלײַט פעסט זי געהאַלטן פארקוועטשט, געבנדיק איר אזויארום צו פארשטיין, אז זי געפינט זיך אין אזא קלעם, פון וועלכן מע קאָן ניט אנטרינען.

לויטן באַקומענעם אדרעס, לויט דער אויספירלעכער שילדערונג האָט זי געפונען דאָס נייטיקע שטיבל און אינווייניק געטראָפן דעם געזוכטן מענטשן. יאָ, דעם זעלבן האָט זי געהאַט איבערגעגעבן אין שטאָט א פּעקל פּראָקלאַמאַציעס. זייערע בליקן האָבן זיך באַגעגנט.

א ניט הויך באַכערל מיט אן אײַנגעשרומפּן פּאָנעם און טיף אײַנגעפאַלענע אויגן איז אופ־געשטאַנען פון אָרט. א בלאַסקײַט פון א טויטן האָט באַדעקט זײַן פּאָנעם, ווי די פענעמער פון די אַלע, איבער וועמעס שוועל זי און אירע שרעקלעכע באַגלייטער זײַנען אריבערגעטראָטן. נאָר דאָס דאָזיקע באַכערל האָט זיך אזש א וואַקל געטאָן און, קעדיי ניט אומצופאַלן, מיט די הענט זיך אָנגעשפּאַרט אינעם טיש, לעבן וועלכן ער איז געזעסן. צום גליק, האָט זי, נאָר זי אליין עס באַמערקט. אויך זי אליין האָט דערזען, אז דעם באַכערלס אויגן זײַנען געוואָרן ווי גלעזערנע.

אינעם דאָזיקן שטיבל האָט זי זיך געמוזט פארהאַלטן א קאָפּ לענגער, דאַן האָט זי דערפילט, ווי אונטער איר בליק דערוואַכן צוביסלעך דעם באַכערלס אויגן און נעמען טויפעס זײַן, אז זי וויל אים עפּעס געבן צו וויסן. האָט זי גענומען דערקלערן אירע באַגלייטער:

— ניין, מיט די דאָזיקע שלעפערס האָב איך ניט געהאַט צו טאָן. ניט איך מיט זיי און ניט זיי מיט מיר, ניט זיי מיט מיר...

עטלעכע מאָל איבערגעכאַזערט, אַלץ שטאַרקער באַטאָנענדיק די לעצטע ווערטער. דײַטלע־כער האָט זי ניט געקאָנט, ניט געטאָרט זיך אויסדריקן.

די פּלוצעם אופגעפינקלטע פײַערלעך אינעם באַכערלס אויגן האָבן איר געזאָגט, אז ער האָט זי פארשטאַנען. דאָס מיידל האָט געצייטערט פון שפּאַנונג: ער דאַרף, ער מוז פארשטיין, אז די גרופּע פון געטאָ טאָר הײַנטיקע נאכט ניט קומען צום אָפּגערעדטן טרעף־פּונקט. דער סוינע לויערט דאָרט. אויב עמעצער פון געטאָ וועט ארײַנפאַלן, וועלן לײַדן הונדערטער און עפּשער טויזנטער... ווי שטענדיק, וועט מען ניט שאַנעווען פרויען און קינדער. דעריבער איז זי געגאַנגען אנטקעגן אזא געפאַר, זיך פארלאָזנדיק אף אירע שוואַרצע לאָקן און שוואַרצע אויגן. געמיינט,

זי וועט זיך ניט אויסטיילן, זיך ניט ווארפן אין די אויגן. ווער האָט געקאָנט פאָרויסזען, אז דאפקע איר אויסזען וועט זי פאראטן? וועט עפשער איר איצטיק אויסזען דערקלערן דעם באַכער דאָס, וואָס זי האָט געדארפט אים איבערגעבן מיט ווערטער? אירע פארדרייטע הענט, די אויס־געברענטע ווונד אפן שטערן, דאָס ריטשקעלע בלוט, וואָס רינט איבערן קאָפּ... זאָל ער נאָר פארשטיין, און זי וועט טייקעף אוועקפירן פונדאנען אירע שרעקלעכע באגלייטער, וועט זיי ווידער נעמען ארומשלעפּן, ווו ס'וועט איר איַינפאלן, אבי וואָס וויַיטער פונדאנען...

זי האָט זיי ארומגעפירט, פארפלאָנטערנדיק די שפורן. דער געסטאפּאָווער האָט זיך אליין געוווּנדערט אף זיַין געדולד. אָבער אלץ אף דער וועלט האָט א ברעג.

— נו! — האָט ער שטרענג אויסגערופן, שמייַסנדיק מיטן סטעק איבער דער גלאַנציקער כאָליעווע פון זיַין שטיוול.

דאָס מיידל האָט אויסגעבאָמבלט, אז זי האָט פארגעסן, פּאַשעט פארגעסן, ווו יענע שטוב געפינט זיך.

דער געסטאפּאָווער האָט געהייסן דעם איבערזעצער איר מודיע זיַין, אז ער פארמאָגט א ספּעציעלן מעכאניזם, וואָס העלפט זיך אין אלץ דערמאָנען. אין די רייד האָט ער ארויסגענומען א קליינע, פון אים אליין קאָנסטרויִרטע און לויט זיַין באשטעלונג געמאכטע מאשינקע צו דרע־לעווען ציינער. עמעס, מע מוז זי אָפּט אָנציִען. אָבער די ציַיט, וואָס די פרוזשינע ארבעט, איז גענוג דורכצובויערן א צאָן.

נאָך אין א סאך ערטער זיַינען זיי געבליבן שטיין. בא א סאך שטיבלעך האָט מען געפרעגט דאָס מיידל, צי אהער איז זי געגאנגען. זי פלעגט יעדעס מאָל מאכן מיטן קאָפּ אף „ניין". ניט אהער איז זי געגאנגען... און נאָך יעדן ענטפער פלעגט מען איר אופריַיסן דאָס מויל און א מוירעדיקער ווייטעק פלעגט מיט טויזנטער נאָדלען זיך איַינפרעסן אין אירע שיינע געזונטע ציין.

איצט האָט דאָס מיידל ניט געשוויגן. זי האָט זיך געריסן פון זייערע הענט, געשריִען, גרוליק, גרילצנדיק געשריִען „ניין". איין־איינציק וואָרט „ניין". דאָס געשריי האָט א ביסל פאר־טויבט דעם ווייטעק, אף אן אויגנבליק פארטושט די יעסורים.

עס האָט אָפּגעבליאקעוועט דער בראַנזענער פארנאכט, פארלאָרן זיַין גלאַנץ. צוגליַיך האָבן אָפּגעבליאקעוועט די טרוימען פונעם געסטאפּאָווער. נאָך גאָר ניט לאַנג האָט ער קלאָר געזען, ווי ער האלט שוין אין זיַינע הענט אלע סאבאָטאזשניקעס, קאָמוניסטן און זייערע מיטלויפער, א געשיקט אופגעבויטע סיסטעם פון אונטערערדישע קעמערלעך און גרופּעס. א כיטרע צוגע־טראכט געפלעכט פון געפערלעכע קעגנער איז פארניכטעט. צענדליקער, ניין, גאַנצע הונדער־טער געכאפּטע פארפולן די אונטערזוכונג־קאמערעס. עס לויפן אונטערגעשריבענע פון אים דע־פּעשעס קיין בערלין. עס קומען פון דאָרט באפעלן...

אָנשטאָט דעם אלעם האָט ער אף דער הינטערשטער באנק פון זיַין מאשין געפירט א צע־מאזיקט, קוים זשיפּענדיק מיידל, וואָס ענטפערט שוין ביכלאַל ניט אף קיין פראגעס, וואָס האָט אפילע ניט אָנגעוויזן, ווו זי וווינט, און ער האָט געמוזט אונטערוועגנס פארקערעווען צו זיך אין אנשטאַלט, קעדיי אופזוכן איר פריִערדיקן איניען.

„וווהין פארן זיי?" — צום מיידל האָט זיך אומגעקערט דאָס באוווּסטזיַין. זי האָט אופגע־הויבן דעם קאָפּ. און א ניַיער שטראָם ווייטעקן האָט פארפלייצט איר קערפּער, מיט א געדיכטן נעפּל פארצויגן די אויגן. זי האָט געוואָלט אים צעווייען, זיַינען די הענט געווען אויסגעדרייט און פארבונדן אפן רוקן. זי האָט מיט גוואַלד אופגעריסן די אויגן־לעפּלעך. דורכן שייַבל פונעם איַילנדיקן אוטאָ האָט זי דערזען באקאַנטע גאסן, פארבייַגייער. מיטן זעלבן וועג וואָלט זי גע־גאנגען אהיים. איצט פירט מען זי. וווהין? אהיים?

אהיים? פון דעם געדאנק אליין איז דאָס בלוט פארגליוועט געוואָרן אין אירע אָדערן. אין דער היים איז דאָס פּעקל פּראָקלאמאציעס, וועלכע ענדיקן זיך מיט די ווערטער: „א טויט די דיַיטשישע אָקופּאַנטן!", אָפּגעדרוקטע אופרופן... ניט שווער וועט זיַין זיך כאפּן, אז זי האָט עס געדרוקט אפן ראָטאטאָר אין דער קאָנטאָר, ווו זי האָט געאַרבעט. און ווער האָט געגעבן די מאטריצע, אָפּגעדרוקט אף איר דעם טעקסט אף א שריַיב־מאשינקע? צי וועט מען גלייבן, אז א שיק־מיידל פון א בוי־קאָנטאָר, וואָס האָט געענדיקט קוים פיר קלאסן, האָט דעם טעקסט פארפאסט, אָפּגעקלאַפּט אף דער מאשינקע... און עפּשער — שוויַיגן, קיין זאך ניט ענטפערן? טיפער אָפּ־ציִענדיק דעם אָטעם, דערשפּירט זי א שוידערלעכן ווייטעק אין די צעצגבערטע ציינער. יאָ. שוויַיגן וועט זיַין לייַכטער. ניט שפּאלטן דאָס מויל!

„אוי, ווי איך האס זיי!" — האָט זי געוואָלט אויסשריַיען אפן קאָל. אזוי ווי דאן, בייס זי איז געקומען אף דער ארבעט נאָכן צווייטן ארעסט. דערציילנדיק וועגן אירע איבערלעבענישן, האָט זי אייניקע מאָל איבערגעכאזערט, אז זי האסט זיי, די היטלעריסטן, די אָקופּאַנטן. ניט מוירע געהאט עס זאָגן אָפּן. און דער אָנפירער פון דער קאַנצעליאַריע, איר שעף, האָט, אדורכ־

שמועסנדיק זיך מיט איר אויג־אויף־אויג, געזאָגט, אַז ס'איז ווייניק בלויז האסן. שפּעטער האָט ער געגעבן אָפּדרוקן אויפן ראָטאַטאָר אַ ניט געוויינלעכן טעקסט. ניט קיין לאַנגווייליקע טעכנישע אינסטרוקציע, וואָס איר אינהאַלט האָט זי ניט פאַרשטאַנען. דעם נייַעם טעקסט — אַן אויפרוף צום קאַמף — האָט זי איבערגעלייענט אין איין אָטעם און שוין גוט פאַרשטאַנען. פון דעם האָט זיך אָנגעהויבן. וואָס ווייַטער, זייַנען די פאַרגעבונגען געוואָרן קאָמפּליצירטער און געפערלע־כער. און אָט איז זי אַרויס אויספּילן די הייַנטיקע שליכעס. זי האָט זיך אַ מינוט ניט געקווענקלט.

אויב מע וועט געפינען די באַהאַלטענע פּראָקלאַמאַציעס, וועלן זיי אַרויסגעבן אי זי, אי איר שעף. דאָס האָט ער דאָך אויף זייַן שרייַב־מאַשינקע אָפּגעדרוקט די מאַטריצע. איר קלוגער, אַלץ מער געאַכטער, איר ליבער, אַלץ מער נאָענטער... און די מאַמע? וואָס וועט זייַן מיט דער מאַמען, אויב זיי אייַלן אַזוי אַהיים?

די שטוב איז אָבער געווען פּוסט. די מאַמע — ניטאָ. די אַרייַנגאַנג־טיר — פאַרשלאָסן.

דער געסטאַפּאָוועץ האָט אפילו ניט געפרעגט, צי זי האָט אַ שליסל, געהייסן זייַנע געהילפן אויפברעכן די טיר.

ווי גרויסע שוואַרצע פּאַצוקעס האָבן זיי געניִשטערט איבערן אייַנשטאָקיקן שטיבל — איבערן צימערל, וווּ זי האָט געלעבט מיט דער מוטער, איבער דער שכייַנישער דירע. זיי זייַנען אַרופגע־קראָכן אויפן בוידעם. געזוכט אינעם גערטנדל, אינעם שטעלכל, וואָס אויפן הויף, זיך צוריקגע־קערט אין שטוב, פאַנאַנדערגעוואָרפן דאָס צונויפגעלייגטע האָלץ אינעם פּירהויז... ניט געפונען, ניט געפונען אונטערן האָלץ די פּראָקלאַמאַציעס.

דאָס מיידל האָט קוים אייַנגעהאַלטן דאָס פרייד־געשריי. ווער? ווער האָט באַוויזן אַרויסצו־טראָגן? וועגן זיי האָט געוווּסט בלויז דער, וועמעס נאָמען זי האָט איצט מוירע אפילו אין די געדאַנקען אַרויסצוברענגען, וועמעס בלאָנדע האָר זי האָט בלויז אין די געדאַנקען געוואַגט אַ גלעט צו טאָן און אין וועמעס טיפע, מאָדנע פאַרטראַכטע אויגן זי האָט בלויז זעלטן זיך דער־לויבט אַרייַנקוקן. די פּראָקלאַמאַציעס זייַנען פאַרשוווּנדן!

דער געסטאַפּאָוועץ האָט געבושעוועט. מיט זייַן הילכיקער שטים האָט ער, ווי מיט אַ בייַטש, אָנגעטריבן זייַנע געהילפן. און דער דאָלמעטשער האָט די געשרייען פון זייַן געביטער איבערגעזעצט אויף ליטוויש. וועלנדיק דערווייַזן, אַז אים גייט ניט אָן, וואָס די פאַרזינדיקטע איז אויך אַ ליטווינערן, האָט ער זי אָן ראַכמאָנעס געשלאָגן מיט די פויסטן, געבריקעט מיט די פיס.

דער געסטאַפּאָוועץ האָט געמוזט אָפּקילן דעם איבערזעצערס קוראַזש: דעם אָביעקט האָט מען געדאַרפט אויפהאַלטן באַם לעבן פאַר ווייַטערדיקע אויספאָרשונגען. פּלוצעם האָט ער אַ פרעג געטאָן:

— אַ ספּעקוליאַנטן — און אַזוי אָרעם... ווי זאָל מען עס פאַרשטיין?

זי האָט געשוויגן. ניט געענטפערט אויף די ווייַטערדיקע פראַגן זייַנע. געשטאַנען אין אַ ווינקל, אָנגעשפּאַרט מיטביידע עלנבויגנס אין די ווענט, קעדיי ניט אומצופאַלן. צוגלייַך אָנגע־שפּאַנט דעם גאַנצן ווילן אירן: אויסהאַלטן, ניט אונטערגעבן זיך! איר האָט געהאָלפן דער האַס. אַזוי שטאַרק האָט זי זיי געהאַסט, אַז האַסנדיק געהאַט האַנאָע פון דעם, וואָס זיי ווערן צעפּלאַצט פון ערגערניש, בושעווען, שלאָגן זיך אַרויס פון די קויכעס, וואַרפן זיך אין אַלע זייַטן, ווי מע־שוגענע הינט...

אין דרויסן איז שוין געווען טונקל, ווען מע האָט זי אַרייַנגעוואָרפן אין אַ פאַרמאַכטן קוזאָוו פון אַן אויטאָ. די מאַשין האָט געהודעט, ווי אַ כייַע, מאַכנדיק אומדערטרעגלעך דאָס גערויש אינעם מיידלס קאָפּ. עס האָט וויברירט, אונטערגעשפרונגען דער אייַזערנער דיל, אויף וועלכן זי איז געלעגן, און געזעצט, געשטויסן אירע צעקאַטעוועטע זייַטן. און פון די ציינער האָט אַ כאַלעף־שאַרפע, ביז מעשוגאַס דערפירנדיקע נאָגעניש אַוועקגעצויגן זיך איבער אַלע גלידער...

די הודערייַ און שטויסעניש האָבן מיטאַמאָל זיך איבערגעהאַקט. מע האָט זי אַרויסגעשלעפּט פון דער פינצטערניש, אַראָפּגעפירט איבער טרעפּ און אַרייַנגעשלייַדערט אין אַ קאַמערל. אַ קוים זשיפּענדיק עלעקטריש לעמפּל האָט באַלויכטן די ענגשאַפט. זי איז אַראָפּגעזונקען אויף אַ שטרויע־נעם זאַק. אַראָפּגעלאָזט זיך אין אַ טהאָם פון ווייטעק און ליידן. אַזוי איז זי, אַפּאָנעם, אָפּגעלעגן אַ גאַנצע נאַכט, ווייַל אויפגעוועקט האָט מען זי שוין באַ טאָג־שייַן.

— קענט איר איינער דעם צווייטן? — האָט ווידער געקלונגען די שטים פונעם נעכטיקן שוואַרץ־אוניפאָרמירטן געסטאַפּאָוועץ.

אַ מידער, בלאַסער, מיט טונקעלע זעק אונטער די אויגן, איז ער געזעסן באַ אַ שרייַבטיש אין אַ געראַמען, מיט זון פאַרגאָסענעם צימער. צום דריטן מאָל איז איר באַשערט אַריבערצו־טרעטן די דאָזיקע שוועל.

צווייען האָט מען צוגעשטופּט צום טיש. דאָס מיידל איז קוים בעקויעך געווען צו האַלטן אָפן די אויגן. אַנטקעגן איר איז געשטאַנען אַ ניט הויך, מאָגער באָכערל אין אַ צעפליקטן בע־

געד, זײַן פּאַנעם — צעבײַלט, בלוי, געשוואָלן. די אונטערשטע צעשפּאָלטענע ליפּ האָט גע־בלוטיקט...

זי האָט אופגעציטערט: „דער זעלבער, דער פון געטאָ!"

דאָס באַכערל האָט אופגעריסן זײַנע גרויסע העל־קאַרע אויגן, אוןביידנס בליקן האָבן זיך באַגעגנט, פונקט ווי נעכטן אינעם שטיבל הינטערן שטעכדראָט.

— ענטפערט, איר קענט איינער דעם צווייטן?

ביידע האָבן געשאָקלט מיטן קאָפּ אָף „ניין". זיי זײַנען דאָך בעעמעס ניט געווען באַקאַנט, האָבן איינער דעם צווייטן באַ די נעמען ניט געוווּסט.

— איינע איז געקראָכן אין געטאָ, דער צווייטער — ארויסגעגאַנוועט זיך פון דאָרט, ארומ־געשלעפּט זיך איבער דער שטאָט, — האָט דער געסטאַפּאָוועץ רויִק, מיט א געדעמפּטער שטים, אופגעקלערט דעם איניען. — ביידע זאָגט איר „געגאַנגען ספּעקולירן". דאָס איז דאָך בלויז אַן אויסרייד. געסטאַפּאָ וועט איר ניט אָפּנאַרן. כ'פאַרשטיי, ביידע געהערט איר צו דער אונטער־ערדישער באַנדע, וועלכע מיר האָבן די נאַכט אופגעדעקט. די קאַמעראַס זײַנען איבערפולט מיט אַרעסטירטע. ביידע שווײַגט איר. כ'פאַרשטיי, מע האָט אײַך אויסגעמושטרירט. כ'פאַרשטיי, די אַזויגערופענע אינוויינעקסטע דיסציפּלין און די צעבויערטע ציין, וואָס טוען שטאַרק ווי, לאָזן ניט ריידן. וואָס האָבן מיר אָבער געקאָנט טאָן, אַז איר געדענקט קיין זאַך ניט... הייבט אָן זיך דער־מאָנען, און מיר וועלן נאָך הײַנט פאַרפּלאָמבירן די ציין. מיר האָבן א פּרעכטיקן דײַטשישן פאַספּאַט־צעמענט. קיין סימען וועט ניט בלײַבן. און דערצו — אומזיסט. מיר דאַרפן ניט אומבאַ־דינגט זײַן קיין סאָנים. מיר וועלן אײַך אַרויסלאָזן אָף דער פרײַ. איצט פּילט איר שויִן, וואָס דאָס איז אַזוינס פרײַהײַט. איר דאַרפט אונדז נאָר העלפן אופקלערן איינעקע זאַכן...

ער האָט נאָך לאַנג און א סאַך גערעדט. דער איבערזעצער האָט עס זאַץ באַ זאַץ איבערגע־כּאַזערט אָף ליטוויש. אויך פון זײַן זײַט האָט ער געפרוווט ווירקן אָף די נאַרישע אַקשאָנים, צוגעזאָגט זיי קאַלערלײַ גליקן, אויב זיי וועלן אַלץ דערציילן. א ווונק טוענדיק אָף דער גלעזער־נער שאַפע הינטערן געסטאַפּאָוועץ, ווו עס זײַנען געהאַנגען פאַרשיידענע גומענע און מעטאַלענע פּײַניקונגס־מאַכשירים, האָט ער זיי געוואָרנט, אַז אין קעגנפאַל וועט זײַן גאָר פאַסקודנע.

ביידע האָבן געהערט און ניט געהערט. זיי איז מער אָנגעגאַנגען דער שטומער געשפּרעך, וועלכן ס'האָבן געפירט זייערע בליקן.

זי האָט געפרעגט: „ווי קומסטו אהערצו?"

און ער, פאַרשטייענדיק זי אַפן ווונק, האָט אָן ווערטער געענטפערט: „געגאַנגען אין א וויכטיקער שליכעס".

זי האָט געמאַטערט די פראַגע, ווער האָט צו וויסן געגעבן, אַז זי איז ארײַנגעפאַלן, און זי האָט אופגעהויבן אַפן באַכערל א פרעגנדיקן בליק.

יענער האָט פּילדײַטיק א צוק געטאָן מיט דער ברעם, ווי ער וואָלט זאָגן: „יאָ, דאָס האָב איך געוואָרנט".

און ביידע האָבן ביגנייווע א שמייכל געטאָן איינער צום צווייטן.

יאָ, ער, ער! זי איז אים געווען דאַנקבאַר פאַרן ענטפער. דאַנקבאַר פאַרן פאַרהיטן די מוטער, פאַרן פאַרהיטן דעם מענטשן, וואָס איז איר טײַער. דאַנקבאַר פאַר דער באַגעגעניש אין דער דאָזיקער שרעקלעכער שאָ. אַפילע דערפרייט זיך, וואָס זיי האָבן זיך געטראָפן... נאָר באַלד זיך פאַרגעוואָרפן: „געמיין צו פרייען זיך, באַגעגענענדיק דאָ א כּאַווער..."

„און איך האָב געראַטעוועט די געטאָ!" — האָט זי מיט אַן אופגעהויבענעם קאָפּ, אָן ווער־טער צו וויסן געגעבן דעם באַכערל. זי האָט נאָך געוואָלט צוגעבן, אַז זיי ביידע האָבן, אַפּאַנעם, אויסגעצייכנט אויסגעפּילט זייער שליכעס. מע פירט זיי דאָך ניט צונויף אויג־אָף־אויג מיט קיי־נעם מער. הייסט עס, אַז אַרעסטירט זײַנען בלויז זיי ביידע.

— קענט איר נאָך אַלץ ניט איינער דעם צווייטן?!

ביידע האָבן געשאָקלט מיט די קעפּ אָף „ניין". זיי האָבן געזאָגט אַן עמעס און געלײַגט, זייערע בליקן האָבן זיך ווידער באַגעגנט. און ביידן איז לײַכטער געוואָרן וואַרטן אָף דעם, וואָס דאַרף קומען.

# די הויז-אייגנטימערן

הערט נאָר, וואָס ס׳קאָן פּאַסירן. פאַרנאַכט־צו לאָזט זיך אראָפּ צו איר אין הויף א גאַנצע כאַליאַסטרע מיט פּעקלעך אין די הענט. צוערשט — א הויכער, ניט ראַזירטער מאַנצבל אין א צעטרימפּלטער קעפּקע, מיט א ברייטער נאָז, ווי בא א באָקסיאָר, און פּולבלעכע ליפּן. הינטער אים שלעפּט זיך נאָך א קליין מאָגער ווייַבל מיט צוויי קינדער, אף פּיסלעך, ווי שוועבעלעך. אַלע — אָן א טראָפּן בלוט אין די פּענעמער, קרוע־בלוע. זי, די הויז־אייגנטימערן, האָט באַלד פאַרשטאַנען, וואָס זיי זוכן. צום גליק, איז זי געשטאַנען בא דער אַריינגאַנג־טיר אין הויז. האָט זי זיי פאַרשטעלט דעם וועג און האַסטיק פאַרשלאָסן די טיר מיטן שליסל, וואָס האָט זיך, ווידעראַמאָל צום גליק, געפונען בא איר אין קעשענע.

דעם אַזויגערופענעם אָרדער אף וווין־שעטעך, וועלכן דער מאַנצבל האָט איר דערלאַנגט, האָט זי אים צוריקגעוואָרפן אין פּאָנעם אַריין. און ער, ווי ניט אים מיינט מען, האָט זיך אָנגעכאַפּט פאַר דער קליאַמקע פון דער טיר, א ברום טוענדיק צו די זייַניקע:

— אַרייַן! ניטאָ מער וווהין צו גיין!

נאָר זי, די הויז־אייגנטימערן, איז ניט ניספּאָעל געוואָרן פון דער דאָזיקער אַנטשלאָסנקייַט. עס האָט זי אויך ניט געשראָקן די באָקסיאָרישע נאָז. זאָל ער נאָר פּרוּון... אַוועק די באָלשעוויסטישע העפקער־צייַט! פון אָט דער מאַכשאָווע האָט זי זיך דערפילט נאָך מער טאַקיף, זיך אויסגעגלייַכט אין איר גאַנצער הייך, וואַזשנע אַרויסגעשטעלט די ברוסט, נאָך מער צוגעזשמורעט די קליינע אייגלעך, באַהאַלטענע אונטער די געדיכטע ברעמען, און רויִק אויסגעזייַט:

— גיט איבער די, וואָס האָבן אייַך געשיקט, אַז וויבאַלד ס׳איז אויס מיטן העפקער אין שטאָט, וועט אויך אין געטאָ זייַן אָרדענונג! די באַלעבאָסטע בין איך!

דער הויכער, מעגושעמדיקער מאַנצבל האָט זיך פאַרלוירן. זייַן פּאָנעם איז געוואָרן נאָך בלאַסער. אָפּהענטיק האָט ער זיך אַרומגעקוקט, א נעם געטאָן זייַן פּאַק. דאָס קליינע ווייַבל איז א פאַרצאַפּלטע געוואָרן, גענומען פּילדערן.

אַזוי לייַכט זיך אָפּגעפּאַטערט מיטן מאַנצבל, האָט די הויז־אייגנטימערן ניט געטראַכט זיך אויספּירן מיט דעם ווייַבל, מיט דער דאָזיקער אומגעדולדיקער נערוועזער בריִע.

דאַן האָט דער מאַנצבל ווידער א ברום געטאָן:

— סייַווי ניטאָ וווהין צו גיין!

ווי אויסגיסנדיק דעם קאַס, האָט ער א שלייַדער געטאָן זייַן פּאַק אינמיטן הויף. צונויפגעוואָרפן אַהין אויך די אַנדערע פּעקלעך, האָט ער זיך אַוועקגעזעצט אף זיי און פאַרגראָבן דאָס פּאָנעם אין די דלאָניעס. זייַן פרוי און די קינדער האָבן אים נאָכגעטאָן — זיך אויסגעזעצט אף זייער הויפן בעבעכעס.

עך, ווען זי, די הויז־אייגנטימערן, וואָלט באַוויזן זיי אָפּצוהאַלטן באַם טויער! זי וואָלט די קאַליטקע פאַרהאַקט זיי פאַר דער נאָז. איצט וועט ניט לייַכט זייַן וואָיעווען מיט זיי. זי האָט געפּרוּווט אַרויסטרייַבן די כעווריַיע, געוואָרנט, אַז ס׳איז א געפאַר צו בלייַבן אונטערן פרייַען הימל נאָך דער פּאָליציי־שאָ, וועלכע רוקט זיך אָן, געוואָרנט, אַז זי וועט דעמלט פאַרשליסן דעם טויער, ווי ס׳איז באַפוילן. וועט שוין זייַן ניט אַרייַן, ניט אַרויס.

די פרעמדע האָבן ניט רעאַגירט אף אירע רייד, אַפילע אין איר זייַט ניט געקוקט. בלויז דאָס קליינוואַרג האָט אומרויִק זיך געטוליעט צו טאַטע־מאַמע, און אַזוי זייַנען זיי אַלע געבליבן אף אָן אָרט. זאָלן זיי, אויב ס׳געפעלט זיי, זאָלן זיי טאָרטשען, ביז ס׳וועט זיי נימעס ווערן.

דערווייַל איז שוין גוט שפּעט געוואָרן, און די הויז־אייגנטימערן קאָן מיט קיין אויג ניט צומאַכן, יעדע ווייַלע קוקט זי אַרויס אין הויף דורכן פענצטער פון איר שלאָפצימער אפן צווייטן שטאָק. די לעוואָנע, א בלייכע און א פולע, פּויזעט איבערן הימל. אָט איז זי נאָך געלעגן אפן ראַנד פון א ווייַטן שוואַרצן דאַך, און אָט קוקט זי שוין אַראָפּ דירעקט אין הויף, פאַרגיסנדיק מיט שייַן די מישפּאָכע, וואָס נעכטיקט דאָרט. דאָס קליינוואַרג — אויסגעצויגן אף די פּעקלעך — פּאָפּט אוואַדע געשמאַק. מאַן און ווייַב, צוגעשפּאַרט איינער צום צווייטן, כאַפּן, אַפּאָנעם, אויך א דרעמל. נישקאָשע, זיי וועלן ניט אומקומען. אין דרויסן איז א וואַרעמע זומער־נאַכט, און ס׳איז גאָר געזונט צו נעכטיקן אף דער לופט. נישקאָשע, זיי איז, א סוואָרע, בעסער ווי איר, דער הויז־אייגנטימערן. זיי זייַנען אַלע צוזאַמען, בייס איר מאַן אוןביידע דערוואַקסענע זין... ווער ווייסט, וווּ זיי שלאָפן איצט, ווי זיי קומען אָפּ...

נאָר זי האָט זיך געטרייסט: מע האָט זיי גענומען אף אַרבעט, ווי די דייַטשן האָבן געזאָגט. עמעס, ס׳איז קאָשעדיק, וואָס אין דעם זעלבן לאַסט־אווטאָ האָבן זיי אַרייַנגעשטופּט עטלעכע קוים זשיפּעדיקע זקיינים. ס׳גייען אַרום גאָר ניט קיין גוטע קלאַנגען וועגן דעם גוירל פון די אַרויס־

געפירטע... נאָר מאַלע וואָס מענטשן פֿלוידערן. זי וועט זיך ניט לאָזן פאַרפירן פון פוסטע קלאַנגען. מאָרגן, איבערמאָרגן, נאָכן דערליידיקן פאַר דער נייער, פון גאָט געשיקטער מאכט די נייטיקע ארבעט, וועלן אירע אייגענע זיך אומקערן. פאַליטיש זיינען זיי קאָשער. פאַרקערט, געליטענע פון די באַלשעוויקעס. זייער שטוב איז געווען נאַציאָנאַליזירט.

זי האָט זיך, ניט קיין אויסגעטאָנענע, צוגעשפּאַרט אָף א רעגע. באַלד ווידער צוגעגאַנגען צום פענצטער. א מעכייעדיק ווינטל האָט זי אָפּגעפרישט. און דער פאַרדראָס האָט ווידער געגנומען זי הריזען: אזא כוצפע פון שלעפער! ווי ווערט מען פון זיי פּאַטער? כוצפעדיק זיינען אויך די טוער, וועלכע פארנעמען זיך קלוימערשט מיט דער איינקווארטירונג פון דער געטאָ־באַפעלקערונג. אז מע גיט איבער אן איניען יידן אין די הענט, קאָן שוין קיין גוטס ניט ארויס. עפשער זאָל זי אריינעמען די גאַנצע שטאָט אין איר שטוב? גענוג, וואָס די שכיינים האָבן, ניט רעכענענדיק זיך מיט אירע פּראָטעסטן, אריינגענומען צו זיך אין די דירעס קרויווים און באַקאַנטע. אין דער דאָזיקער ענגשאַפט וועלן זיי נאָך מער א טעל מאכן פון איר נייעם, ערשט פאַרדרייאָרן אויסגעבויטן מויער, וואָס איז, צום גליק, אריינגעפאַלן אין געטאָ־ראַיאָן און הייבט זיך איצט, נאָך מער ווי פריִער, איבער די ארומיקע הילצערנע שטיבלעך, ווי א פרינץ צווישן בעטלער.

עפשער האָבן די מאכערס דאָרט, אויסשרייבנדיק דעם אָרדער, געהאַט גאָר אין זינען איר אייגענע דירע? אזא כוצפע! זי האָט איר פלעמעניק מיט זיין פרוי ניט אריינגעלאָזט צו זיך, וועט זי עפענען טיר און טויער פאַר א גאַנצן פאָלק פרעמדע שלעפערס... און זיי, די שכיינים אירע! וויניק, וואָס זיי באַלעבאַטעווען דאָ, ווי בא זיך אין שטוב, זיינען זיי נאָך געקומען מיקויעך איינאָרדענען די מענטשן, וואָס ליגן אין דרויסן, האָבן געהאַלטן א גאַנצע דראָשע. אזוי און אזוי — געטאָ, מילכאָמע, איינזעעניש פאַר ברידער אין א נויט... און פאַר איר האָט ווער איינזעעניש? שטאַדלאָנים האָבן זיך געפונען! פאַר א דאַנק זאָל זי זיך פאַרענגען, וואָס? און טאָמער כאַלילע, די שאַ זאָל ניט שלאָגן, מיט איר וועט געשען א צאָרע, ווער וועט איר העלפן? אָט איז זי געבליבן איינזאַם, ווי א שטיין — אָן באַשיצער, אָן שפּייזער... מוז זי אַליין באַשטיין איר וועלטל. אויב די, וואָס אפן הויף, וועלן זיך ניט אָפּטראָגן, וועט זי מאכן די אָרדער־שרייבער א ווּיסטן סאָף. אויך אירע שכיינים וועט זי באַווייזן, אז עס זיינען פאַראַן באַלעבאַטים אף דער וועלט! גלייך אינדערפרי וועט זי זיי מעלדן!..

די לעוואָנע האָט זיך אראָפּגעגליטשט צו עפּעס א קוימען און געגנומען פאַרשווינדן הינטער אים. א גרויע מוטנעקייט האָט פאַרצויגן די שוואַרצע סילועטן פון שטיבער, צוימען, ביימער. די קורצע זומער־נאַכט האָט געהאַלטן באַם אויסגיין, און זי, די הויז־אייגנטימערן, איז נאָך אַלץ געשטאַנען באַם פענצטער. ערשט ווען פונעם הימל־ראַנד האָט געגנומען אופשטייגן א ראָזגעלבלעכע שיין, האָט זי דערשפּירט א שטעכעניש אין די אויגנלעפּלעך. זי האָט דאַן איינגעדרעמלט.

אופגעוועקט האָט זי א קלאַפּן אין טיר.

— באַלעבאָסטע, צייט אָפּשליסן דעם טויער.

דורכן פענצטער זיינען אריינגעפאַלן אין צימער אַלאַכסנדיקע פאַסמעס פרימאָרגן־זון. די לופט האָט אויסגעזען ווי אָנגעפילט מיט א שעמערירנדיקן שטויב.

דער הויז־אייגנטימערן, וואָס איז שפּעט איינגעשלאָפן, איז שווער געווען אופצושטיין. דער קאָפּ — א שטיק בליי. די אייוורים — פאַרשטאַרט. ציטערנדיק פון עפּעס אן אינערלעכער קעלט, איז זי אופגעשטאַנען, א שויבער געטאָן די צעפּאַטלטע האָר, ארופגעוואָרפן אף זיך א קאָפּטל, פאַרכאַפּט דעם דאָקומענט, וועלכן זי האָט שוין לאַנג זיך געקליבן ווייזן אירע שכיינים.

דער שאָכן, וואָס האָט זי געוועקט, האָט געדולדיק געוואַרט בא דער טיר. בייסביידע זיינען אראָפּגעגאַנגען פון די טרעפּ, האָט ער ווידער געפּרוווט איר דערמאָנען אין די מענטשן, וואָס האָבן געגנעכטיקט אין דרויסן:

— מיר האָבן געטראַכט, ווען יעדערער פאַרענגט זיך... וואָלט געווען א יוישער...

— מיט אייצעס בין איך באַזאָרגט, — האָט אים איבערגעשלאָגן די באַלעבאָסטע. — אַגעוו, זייט וויסן, אז נאָך היינט וויל איך האָבן אן ערנסטן געשפּרעך מיט די פאַרשטייער פון אַלע מיינע דירעס. און טאַקע באַלד. זייט אזוי גוט, רופט זיי צונויף.

ניין, צו זיך אין דירע וועט זי זיי ניט רופן, ניט ווייזן דעם וועג אהין. דאָס האָט נאָך געפעלט! עס וועט רעכט זיין אין דרויסן. דער וועטער איז פּראַקטיק.

צוויי מאַנצבלען און איין פרוי, די פאָרשטייער פון אירע דריי פאַרדונגענע דירעס, זיינען געזעסן אף דער באַנק פאַרן אריינגאַנג, און זי, די הויז־אייגנטימערן, איז געשטאַנען אנטקעגן זיי. די שכיינים האָבן זייערע אויגן אראָפּגעלאָזן צו דער ערד, געשעמט זיך קוקן אף דער מישפּאָכע, וואָס איז א צוזאַמענגעטוליעטע געזעסן אינמיטן הויף. נעכטן האָט די באַלעבאָסטע

איַינגעלייגט ווערן, ניט געלאָזט אַריַינעמען אין שטוב כאָטשבי די קינדער. איצט האָט זי אָן שׂינאה אָנגעהויבן אזא דראָשע:

— איך וויל מעלדן, און אלע זיַיט איר אידעס, אז איך מעלדע עס עפנטלעך, ס׳הייסט אָפּי־ציִעל, עס זאָל דערנאָך ניט זיַין קיינע טערוצים און אויסדריייענישן. שוין באלד צוויי כאַדאָשים, ווי אין שטאָט איז באָטל די נאַציִאָנאַליזאַציע. דאָס מוזט איר ווײסן. די געטאָ איז אויך א טייל פון שטאָט. און כאָטש מיַין מאַן איז ניטאָ, וועל איך מיך ניט לאָזן באַאוולען. די באַלעבאָסטע בין איך! איר ווייסט אוודע, אז דער מויער איז פארשריבן אף מיַין נאָמען. אָט האָב איך אויסגעהיט א דאָ־קומענט. ביטע, איר קאָנט זיך איבערציַיגן, — זי האָט פאַנאַנדערגענומען א צונויפגעלייגטן אין א הארמאָשקע הארטן פאַפּיר. — ביטע, ס׳איז דער אָריגינאַל. אָט איז די דערלויבעניש צו בויען. אָט — די דערלויבעניש צו באַווינען די פּאַרטיקע געביַידע. דאָ האָט איר אלע אונטערשריפטן און שטעמפּלען. און אַלץ אף מיַין נאָמען. דעריבער מעלדע איך, אז ס׳איז די העכסטע ציַיט אַריַינצוטראָגן מיר דירע־געלט. שוין א כוידעש אוועק, ווי מיר זיַינען אין געטאָ...

— עמעס, שוין א כוידעש, ווי ס׳איז אונטער טויט־שטראָף פארבאָטן די געלט־צירקוליאַציע אין געטאָ, — האָט קאַלט באַמערקט א מאַנצבל, ניט אופהייבנדיק זיַין בליק.

— כ׳טראַכט ניט צו נעמען געלט — רובלס צי אַפילע מאַרקן, — האָט די באַלעבאָסטע קאַטעגאָריש דערקלערט. אירע ברעמען האָבן נערוועז געצוקט און די אָראָפּהענגענדיקע באַקן זיַינען געווען באַשלאָגן מיט רויטע פלעקן. באַהערשנדיק זיך, האָט זי דאַן גענומען וויַיטער ריידן: — איך מעלדע, אז איך נעם אָן דאָס געצאָלט נאָר מיט פוטער, שפּעק... אויך מיט ווערט־זאַכן...

— כ׳ווייס ניט, אויב אזא געזונט גילט אין געטאָ, — האָט זיך אַריַינגעמישט דער צווייטער מאַנצבל, וואָס איז געזעסן אף דער באַנק, — נאָר, דאַכט זיך, קיינער צאָלט ניט קיין דירע־געלט פאַרן פאַרגעניגן צו וווינען אין געטאָ. און איַיך, גנעדיקע פרוי, פּאַרקערט, וואָס פעלט איַיך? גאָרניט, דאַכט זיך. סײַדן איַיערע אייגענע. אף אונדז אַלעמען געזאָגט געוואָרן די זעק מיט צוקער, גרויפּן, מעל, די געריכערטע וואָרשטן...

— יידן, ווי געפעלט עס איַיך, יידן? — האָט די הויז־אייגנטימערן אזש גענומען ברעכן די הענט. — כ׳האָב געוווּסט, אז אומפריַינט הויזן אונטער מיַין דאַך. זיַיט אָבער ווייסן, אז יענע ציַיטן זיַינען אוועק! אף אייביק פארשוווּנדן!

די, מיט וועמען זי האָט זיך אויסגעפּירט, זיַינען פלוצעם אופגעשפּרונגען. די מענער האָבן אראָפּגעכאַפּט זייערע היטלען, ווי ס׳איז דער דין באַם דערזען דיַיטשן.

די הויז־אייגנטימערן האָט זיך אויסגעקערעוועט, און אירע פיס האָבן זיך אונטערגעבויגן: דורכן טויער האָבן טאַקע אַריַינגעשפּריַיזט צוויי דיַיטשישע סאָלדאַטן. עמעס, קליינוווּקסיקע, גאָר יונגע. די קורצע קאַראַבינען אריבערגעוואָרפן אף רימענס איבער די אַקסלען, די פּילאָט־קעס — ווויליונגעריש פארשאַרצט אין א זיַיט.

— וואָס פאַר א פארזאַמלונג? — האָט גרילציק אויסגערופן איינער פון די געקומענע — א בלאָנד סאָלדאַטל מיט אויגן אָן ברעמען, רויטלעכע, ווי בא א קראָליק. — א סינאַגאָגע אונטערן פריַיען הימל? ליידיקגייער! פוילערס!

פּויקנדיק מיט די געקאָוועטע שטיוול איבערן ברוק, האָט צו זיַין קאַמעראַד לעבעדיק צוגעמאַרשירט דאָס צווייטע דיַיטשל און, אָנבלאָזנדיק די באַקן, א פּיר געטאָן מיט דער האַנט זיך איבערן האַלדז:

— אַלעמען — כיט־כיט!

— אַנטשולדיקט, ווערטע הערן, — האָט זיך פאַרנייגט די הויז־אייגנטימערן צו די אָנגעקו־מענע. אף א גוטער דיַיטשישער שפּראַך האָט זי דערקלערט: — דערוויַיל איז קיינער פון אונדזער שטוב ניט גענומען געוואָרן צו דער אַרבעט, אויסער מיַין מאַן און ביידע זין, וואָס וועלן טריַי די־נען די הערן... און איך, איך בין די אייגנטימערן פונעם הויז. זיי אַלע זיַינען מיַינע שכיינים. כ׳האָב זיי געמאָלדן וועגן קוואַרטיר־געלט. גאָט באַהיט, ניט מיט געלט... איך בין פאַר גערעכטיקיַיט. ס׳איז דאָך שלוס מיטן באָלשעוויסטישן ווילקיר. אָט איז א באַוויַיז, אז איך בין די אייגנטימערן.

ווי אָן עקלדיקן שערעץ האָט דאָס בלאָנדע דיַיטשל אָנגענומען מיט די שפּיץ פינגער דעם דאָקומענט און גענומען ריַיסן.

— וואָנצן דאַרפן ניט קיין דאָקומענטן, — האָט ער, ריַיסנדיק דאָס הארטע פּאַפּיר, גערעדט. — נאָר דאָס איז ריכטיק — שלוס מיטן באָלשעוויסטישן ווילקיר. מע דאַרף אַכטן אייגנטימער, איר הערט, שוויַינען! א צווייט מאָל, אז מיר וועלן קומען, וועסטו אונדז אָנ־וויַיזן, זאַרא...

— ניט זאַרא, ראָזאַליִא...

— קריץ זיך אײַן אפן שטערן, — איז דאָס צווייטע דײַטשל אופגעשפרונגען ווי אַ הענדל, — אַלע ייִדן־ווײַבער זײַנען זאראס! אַלזאָ, זארא, אַ צווייט מאָל וועסטו אונדז אָנווײַזן, ווער עס פאָלגט ניט. און איצט, עס זאָל אײַנגעשטעלט ווערן אָרדענונג, רוף צונויף אַלע דײַנע אײַנוווינער, אַלע ביז איינעם!

בייס אַלע זײַנען ניט טויט, ניט לעבעדיק זיך צונויפגעקומען, האָט דאָס בלאָנדע דײַטשל, דראָענדיק מיט דער פויסט, זיך צעשריִען:

— איר זאָלט וויסן, יודען־שווײַנע, אַז דאָס איז אײַער ווירטן! ווער עס וועט ניט פאָלגן, דעם וועט זײַן שלעכט!

די דײַטשלעך האָבן דאַן איינער מיטן אנדערן זיך איבערגעשושקעט און ארויסגעפּלאַצט אַ געלעכטער. זיי האָבן אַ ווונק געטאָן דער באַלעבאָסטע, וואָס איז געשטאַנען מיט אַ זיגעריש־פאַריסענעם קאָפּ. אַ דאַנקבאַרע פאַרן אָנעמען זיך איר קריוודע, איז זי צוגעגאַנגען צו די דײַטשן. און יענע האָבן זי גאָר געוואָרנט:

— צופיל נעם זיך ניט איבער. זײַ וויסן, אַז דו ביסט בלויז אַ שמוציקע און עקלדיקע זארא!

דאַן האָבן זיי איר באַפוילן צוגיין צו דער באַנק, אײַנבייגן זיך, אָנשפּאַרן זיך מיטביידע הענט אין דער באַנק. און זי האָט האַכנאָעדיק געפאָלגט.

— היפּש אָנגעפּיטערט! — האָבן געכויזעקט די דײַטשלעך. און אוועקשטעלנדיק זיך פון ביידע זײַטן, האָבן זיי גענומען שמײַסן די פרוי, געשמיסן און געלאַכט, געקאַטשעט זיך פון געלעכטער. — עס גייט ווי אין פּוטער! פון אונדז, זארא, באַקומסטו די ערשטע באַלוינונג ניט מיט געלט...

די געשמיסענע האָט געבעטן ראַכמים:

— מײַנע הערן! געערטע הערן! גענוג! הערט אוף!

זיי האָבן אופגעהערט. פאַרמאַטערטע, שווער סאָפּענדיקע, זיך ארומגעקוקט. דערזען די בלאַס געוואָרענע צושויער פונעם ספּעקטאַקל, האָבן ביידע קימאַט אין איין קאָל אויסגערופן:

— זײַט וויסן, דאָס איז אײַער ווירטן! האָט פאַר איר אַכטונג! און איצט — מאַרש אין אײַערע לעכער און מער ווי צו צוויי זיך ניט זאַמלען! קיינע קאָנפערענצן! און ווער עס וועט ניט פאָלגן די ווירטן, וועט האָבן צו געדענקען!

גוט געלוינט, האָבן די דײַטשלעך פאַריכט די קאַראַבינען אף די אַקסלען און זיך אויסגע־קערעוועט אוועקצוגיין. און דאָ האָבן זיי דערזען די מישפּאָכע, וואָס איז געזעסן אין הויף אף די פּעקלעך.

— וואָס איז דאָס?

— דאָס וויל מען זיך איבערגוואַלד אײַנקוואַרטירן באַ מיר... — האָט גענומען אופקלערן די הויז־אייגנטימערן.

די עלטערן זײַנען אופגעשטאַנען. אַפילע די קינדערלעך זײַנען אופגעשפּרונגען פון די ערטער. דער פאָטער האָט דערלאַנגט די היטלעריסטן דעם אָרדער. איבערגעלייענט אים, האָבן זיי זיך צעהירזשעט:

— געזען אַמאָל — ייִדישער ווינונגס־אַמט! וואַנצן און אַמטן! וואַנצן און דאָקומענטן!..

צעריסן אף פּיץ־פּיצלעך דאָס פּאַפּירל און, ווי מיט שנייעלעך, אָפּגעשאָטן מיט די שטיקלעך פּאַפּיר דעם קאָפּ און די פּלייצעס פונעם מאַנצבל, האָט דער בלאָנדהאָריקער ווידער גענומען מאַכן אָרדענונג:

— אויב די אייגנטימערן לאָזט ניט ארײַן, איז עס איר הייליק רעכט. און בלײַבן אין געטאָ אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ איז פאַרבאָטן. קאַטעגאָריש פאַרבאָטן! מע קאָן קראַנק ווערן. עס וועלן אויסברעכן עפּידעמיעס. אַלזאָ, די דאַכלאָזע נעמען מיר מיט. מיטגיין!

יעדערער פון דער מישפּאָכע האָט זיך געכאַפּט פאַר זײַן פּעקל.

— די שמאַטעס לאָזט איבער! — האָבן פאַראָרדנט די דײַטשלעך. — איר וועט זיי ניט דאַרפן. עס וועט נאָר שטערן גיין... אַלזאָ, פאָרויס, מאַרש!

דערשראָקן, אומזיכער, האָט די מישפּאָכע זיך גערירט פון אָרט.

אראָפּגענומען די קאַראַבינען פון די אַקסלען, האָבן די היטלעריסטן געשטופּט מיט די קאָלבעס, געשטויסן די מענטשן, זיי זאָלן גיכער זיך באַוועגן. און די הויז־אייגנטימערן, וואָס איז הערשעריש, ווי אַ שטרענגער וועכטער, געבליבן שטיין באַם ארײַנגאַנג אין איר שטוב, האָבן די פּאָר דײַטשן געוואָרנט:

— היט די אָרדענונג! דיך וועלן מיר לאָזן צום פאַרבײַסן!

# קינדער, קינדערלעך...

אראָפּגענומען פון דער פּליטע דעם טשוהון־דעק, ארויסגעצויגן ווי א שופלאָד דעם בראָטקאסטן, האָבן זיי איינער נאָכן אנדערן, דורך דער לאָך, וואָס האָט זיך אנטפּלעקט אונטער אים, געגומען אראָפּלאָזן זיך. נאָך דעם, ווי זיי האָבן זיך אראָפּגעלאָזט, איז זיי נאָך דורך אן ענגן קאנאל אויסגעקומען צו פּויזען אף אלע פיר ביז צו דער באהעלטעניש גופע.

דער לעצטער איז געבליבן שטיין אין דער לאָך און מיט אופגעהויבענע הענט ארופגעשטופּט צוריק אף אן אָרט דעם דעק פון דער פּליטע, אריינגעצויגן דעם בראָטקאסטן און דאן אראָפּגעקראָכן צו אלע איבעריקע אין דער נאָרע, וואָס איז געווען אויסגעגראָבן אונטערן דיל פונעם שטיבל.

גוט צוגעטראכט, קונציק. אף דער פּליטע וועט קיין כשאד ניט פאלן, די באהעלטעניש, וועלכע ס'האָט אפילע באלויכטן א געהיים צוגעשלאָסן צו דער עלעקטרע־נעץ לעמפּל, האָט אויסגעזען צו זיין א זיכערער מאָקעם־מיקלעט. דאָ האָט מען געקאָנט איבערוואַרטן פארשיידענע אָבלאַוועס און בעהאָלעס אין געטאָ.

דאָס מאָל האָבן די היטלעריסטן איינגעאָרדנט א געיעג אף ארבעטספייִקע, געלאָדן זיי אין לאַסט־מאשינעס און ערגעץ אוועקגעפירט. שוין ניט דאָס ערשטע מאָל, ווי דאָ פּאסירט אזוינס. און ווו די פארשלעפּטע קומען אהין, ווייסט קיינער געגוי ניט. א שוידער נעמט ארום, ווען מע הערט זיך צו צו דעם, וואָס מע רעדט וועגן זייער גורל.

ניין מענטשן זיינען דאָס מאָל אראָפּ אין דער באהעלטעניש. אלע איינוווינער פונעם שטיבל, אויסער דער סאמע עלטסטער און די סאמע יינגסטע — דער באָבען און אירע צוויי איניקלעך. דער פאָטער פון די קינדער איז אין איינער א כאפּעניש אזא אריינגעפאלן און ווי אין וואסער אריין. די מוטער האָט זיך איצט אויסבאהאלטן.

ניט לייכט איז איר געווען זיך צו אנטשליסן לאָזן אויבן דאָס דרייאָריקע יינגעלע און דאָס מיידעלע קוים א יאָר אלט. זיצנדיק אונטן, אין דער קונציק פארמאסקירטער באהעלטעניש, האָט זי געהאט דאָס געפיל, אז זי איז באוואָרנט פון געפאר. און דאָס דאָזיקע געפיל האָט נאָך וויטעקדיקער אונטערגעשטראָכן די שוצלאָזיקייט פון אירע קינדער דאָרט אויבן.

ניין, זי קאָן דאָ מער ניט בלייבן. זי וועט אופשטיין, דורכשפּארן זיך דורך די ענג צונויפגעדריקטע שכיינים, ארויסרייסן זיך פון דער דושנער אונטערערד. זי מוז דאָך עפּעס טאָן פאר אירע קינדערסוועגן. נאָר פון וואָס זאָל זי אָנהייבן, אז איצט גילט דאָ איין געבאָט: שווייגן! דער מינדסטער שאָרך הילכט אין דער ארומיקער בעסוילעם־שטילקייט, ווי א דונער. דאָ מוז יעדער איינער פארבייסן די ליפּן און זיך קיין באוועג ניט טאָן. אָבער אויבן, אויבן... דאָרט האָט זי מיט אלע אירע קויכעס זיך געווערט, געשטריטן מיטן מענטשן, וואָס האָט די באהעלטעניש אויסגעבויט און איז בא זיי אין שטיבל דער גאנצער באלדייע. ער איז אקשאָנעסדיק באשטאנען אף דאָס זייניקע:

— אריינגעמען די קינדער אין דער אונטערערד, בייס זיי דראָעט ניט קיין געפאר, איז אן אומזין.

— אויב זיי וועלן שרייען, ווען די בעסטיעס וועלן אריין אין שטוב, וועל איך זיי דערשטיקן, — האָט די מוטער א פארצווייפלטע אים געפּרווט פארזיכערן.

אליין א פאָטער פון קינדער, האָט דער מענטש געוויס איר מיטגעפילט. ס'איז אים אָבער אָנגעגאנגען צו איבערצייגן די מוטער, אז זי איז אומגערעכט:

— וואָס הייסט — דערשטיקן? עס רעדט זיך נאָר אזוי. און אז איר וועט עס אפילע טאָן, וועט סייווי זיין צו שפּעט. איין פּיפּס — און די באהעלטעניש איז פארראטן. קאָנט איר ריזיקירן מיטן לעבן פון אכט פרעמדע מענטשן? און נאָך דאן, ווען כאפּן כאפּט מען נאָר דערוואקסענע, ארבעטספייִקע. טוט, ווי איר פארשטייט. די ברייִרע איז בא אייך, נאָר מיר דאכט, אז אייער לעבן איז אויך עפּעס ווערט. אייערע קינדער דארפן נאָך א מאמע...

ס'איז געווען שווער אים איבערצושפּארן. ס'איז דאָך געגוג לייטיש פון זיין זייט, וואָס ער האָט זי, א ווילדפרעמדן מענטשן, אריינגענומען בעשייטע צו זיך, זאָרגט זיך וועגן איר. האָט זי דען געקאָנט אים פאָרוואַרפן, האלעמיי ער לאָזט ניט זיינע קינדער אויבן? זיינע יינגלעך — זעקס־זיבניאָריקע — האָבן שוין סייכל...

דער שטרייט איז פאָרגעקומען בא אלעמען פאר די אויגן. דערשראָקענע, אופגערעגטע, נערוועז־געשפּאנטע, האָבן אלע אומגעדולדיק געוואַרט, מע זאָל וואָס גיכער זיך באהאלטן. אין געטאָ האָבן דאָך שוין ארומגענישטערט די מעכאבלים. האָט די מוטער, זיך אָפּגיסנדיק מיט טרערן, ניט געהאט מער וואָס צו זאָגן.

דאן האָט זיך אַרייַנגעמישט איר שוויגער, די באָבע פון אירע קינדערלעך:

— איך וועל בלייַבן אויבן מיט די קינדער. אז ס׳וועלן קומען די דייַטשן, וועל איך זאָגן, אז אַלע זייַנען אַף דער ארבעט. וועלן זיי ווייניקער זוכן. מיך, אן עלטערע פרוי, וועלן זיי ניט טשעפּען.

דערמיט האָט זיך פאַרענדיקט דער שטרייַט. די מוטער האָט נאָכגעגעבן.

און אָט איז זי אונטן, אָבער מיט איר הארץ און אַלע כושים — אויבן. זי פילט, זי הערט, זי זעט מאַמעס, ווי די באָבע אייסעקט זיך ארום איר מיידעלע, פּרוּווט עס אייַנוויגן. גוואַלד, וואָס שרייַט עס אזוי? געוויס האָט קיין בייז ניט פּאַסירט, קוים שטיפט, לויפט ארום איר ייִנגל איבער דער פלוצעם אויסגעליידיקטער שטוב, שפּילנדיק זיך מיט דער באָבען אין באהעלטעניש.

דער הילצערנער דיל לאָזט אדורך דעם מינדסטן קלאַנג. יעדער שאָרך דערגייט צו דער מוטער. דאָס איז א געוויסע טרייסט. און די צייַט גייט. שווער, לאַנגזאַם, שרעקלעך לאַנגזאַם, נאָר פונדעסטוועגן גייט זי. צי דען האָבן די מערדער זייער שטיבל פאַרזען, אויסגעמיטן, און מע וועט אָפּקומען בלויז מיט שרעק? יאָ, מעגלעך. די טעג זייַנען קורצע. ס׳איז שוין געוויס צוגעפאַלן דער פאַרנאַכט, ס׳ווערט טונקל אין דרויסן. ווי לאַנג קאָן אָנהאַלטן די כאַפּעניש פון מענטשן? וואַקסט די האָפענונג, ווערט שטאַרקער וואָס א רגע...

די אָנגעפּראָפּטע באהעלטעניש, דער באשרענקטער כאָלאָל איבער די קעפּ פון די שווער אָטעמענדיקע מענטשן, א באַלויכטענער פון א קוים שעמערירנדיק עלעקטריש לעמפּל, — אַלץ נעמט ארומשווימען אין א ראָזלעכער ־מוטנעקייַט. פּאַמעלעך, פּאַמעלעך אַנטשפּאַנט זיך דער מוטערס קאָפּ, זינקט מיד אין א זייַט. אירע אויגן שליסן זיך.

א פּלוצעמדיק טופּען פון געקאָוועטע שטיוול האָט זי אופגעריסן פונעם דרעמל. דאָס זייַנען זיי! אויבן!

אין דער באהעלטעניש איז אַלץ נאָך מער פאַרטייַעט געוואָרן... עטלעכע פּאָר שטיוול האָבן געשפּרייַזט איבערן סקריפּענדיקן דיל, ווי זיי וואָלטן געטראָטן איבער די אויסבאהאלטענע מענטשן, געקוועטשט זיי צו דער ערד, געדריקט, געשטיקט...

דאַן האָט אויבן א הייזעריקלעכע מענער־שטים א ביל געטאָן אין דייַטש:

— ווּ האָבן זיך אַלע פאַרשטעקט, אַלטע?

די באָבע האָט זיך ניט פאַרלוירן און קאַלטבלוטיק, מיט דער געהעריקער האכנאָע, געענטפערט:

— צו דער ארבעט אוועק, הארעלע.

— אַלטע מאַכשייפע! — האָט איינער פון די אָנגעלאָפענע א צישע געטאָן.

און א צווייטער האָט שטרענג אויסגערופן:

— לייַגסט! זאָג בעסער מיט גוטן!

— אַף דער ארבעט, ווי איר זעט מיך א לעבעדיקע.

דער באָבעס ענטפער איז פאַרלוירן געגאַנגען אין דעם הארמידער פון שווערע טריט, פון א קלאַפּן אין די ווענט, אין דיל.

די מאַמע אונטן איז זיי מאַמעש נאָכגעלאָפן מיטן געהער: אָט רוקן זיי פאַנאַנדער די בעטן, עפענען און פאַרמאַכן מיט א קנאַק די טירלעך פון די שאַפקעס. אָט נישטערן זיי שוין ארום אין דער קיך. הייבן אוף דאָס דעקל פונעם קעלערל, קריכן אראָפּ און טראַסקען, שטויסן דאָרט אַלץ. אינעם טומל מישן זיך אַרייַן דייַטשישע זידלווערטער: „דאָנערוועטער“, „פערפלוכט“, „הינטישע זין“ און ווידער „דאָנערוועטער“.

און אָט זייַנען זיי ארויסגעקראָכן פון קעלער און זיך פאַרזאַמלט אויבן.

אַלעמענס פּנעמער אין דער באהעלטעניש האָבן ווי אופגעלויכטן: „זיי וועלן אונדז ניט געפינען!“ נאָר דער מאַמען איז עס געוועָן ווייניק, פיל צו ווייניק.

און ווידער האָבן אויבן געגומען כריפּען די הייזעריקע שטימען:

— אַנטלאָפן, אַלטע מאַכשייפע, וואָס? אָדער זיך באהאלטן, וואָס? אַלזאָ, קאָנען מיר געברויכן אויך קינדער...

וואָס איז געשען מיט דער מוטער? זי איז אופגעשפּרונגען, אויסגעשטרעקט די הענט, דאָס מויל אופגעריסן צום שרייַען... נאָר די דראָענדיקע בליקן פון די מענטשן ארום איר האָבן זי ווי אויסגעניכטערט. זי האָט זיך פאַרשטאָפּט דאָס מויל מיט דער האנט, אייַנגעביסן זיך מיט די ציין אין איר אייגן פלייש. ביז בלוט! אז דער ווייטעק אין האנט זאָל אריבערשטייַגן אַלע אנדערע...

„וואָס טוט מען? — האָבן געפרעגט די מיט פאַרצווייפלונג און גרויל אָנגעגאָסענע אויגן פון דער מוטער. — וואָס טוט מען, מענטשן?“

„שווייַגן, שווייַגן!“ — איז געוועָן דער שטומער, קאַטעגאָרישער און אָנראַכמאָנעסדיקער ענטפער פון איימפּולע אויגן, פאַרקראַמפּטע ליפּן און שטערנס, צעאַקערטע פון טיפע קנייטשן.

„וואס זײַנען מיר שולדיק? מיר ווילן לעבן!!!״ — האָבן אַן ווערטער געשריִען צעקרימטע פּענעמער, קעפּ מיט פאַרבראַכענע הענט איבער זיי.

די דאָזיקע שטומע טאַכנונים האָט פּלוצעם איבערגעריסן א הילכיקער שוידערלעך־קלאָרער אויסרוף, וואָס האָט זיך דערהערט אויבן:

— לאָס, אַלטע! אויך דו גייסט מיט! ניט אונדזער פליכט צו טראָגן דײַנע ווערעם.

די ווערטער האָט באַגלייט א זעץ, א שטויס אין עפּעס לעבעדיקס.

די אַלטע האָט א קרעכץ געטאָן און עפּעס גענומען מורמלען. אָבער פאַרוואָס שווײַגן די קינדער? פאַרוואָס הערט מען זיי ניט? ווי נאָר ס׳האָט אָנגעטראָגן די מאַשכיסים, אזוי זײַנען די קינדער אַנשטומט געוואָרן...

— לאָס, שנעלער, שנעלער! — האָבן געיײַלט אויסרופן אין דײַטש, — גוט אזוי, ווי ס׳איז.

— זיי קאָנען, כאָלילע, זיך פאַרקילן, — האָט אַרויסגעזיפצט די באָבע.

— דאָרט קילט מען זיך ניט צו, דאָרט איז געגנוג הייס. מע פּרעגלט אָף בראָטפּאַנען...

אויבן האָט אופגעדונערט א געלעכטער.

ניין, די מוטער האָט עס מער ניט געקאָנט אויסהאַלטן. זי מוז זײַן דאָרט! דאָרט, מיט אירע קינדער! זי איז אופגעשפּרונגען, אָנגעשעפּט א פולע ברוסט מיט לופט, ווי גרייטנדיק זיך אַרויס־צולאָזן דאָס גרעסטע געשריי צו אַלע מענטשן אין דער וועלט און צו אַלע געטער אין די הימלען.

די ביז בלוט צעביסענע האַנט — פאַרויס, האָט זי זיך א וואָרף געטאָן צו דער שוואַרצער עפענונג, וואָס האָט זי געקאָנט אַרויספירן פון דער פאַרשאָלטענער געפענקעניש.

נאָר דאָ האָט זי זיך אָנגעשטויסן אין די איינס צום אַנדערן צוגעטוליעטע יינגלעך פונעם באַהעלטעניש־בויער. עס האָבן זי אָנגעקוקט צוויי פּאָר אויגן, אין וועלכע עס האָט זיך געטוקט דער צער און די שרעק פון דער גאַרער וועלט... קינדער, קינדערלעך...

אויבן האָט ווידער אופגעהילכט א דומפּער שטויס. מע טרײַבט זיי אַרויס...

איר יינגעלע דאָרט אויבן האָט אַרויסגעצוויטשערט:

— באָבע, דאָס זײַנען גוטע דײַטשן, אַז מיר גייען מיט זיי?

מע האָט פאַרהאַקט די טיר. א שווערע שטילקייַט האָט זיך אַרופגעוואַלגערט אַף אַלץ און אַף אַלעמען.

אָבער אונטן איז די שטילקייַט באַלד אופגערודערט געוואָרן. פאַנאַנדערשטופּנדיק די מענטשן, פאַרטשעפּענדיק זיך אין זייערע פיס, פאַלנדיק און אופשטייענדיק, האָט די מוטער זיך געריסן צום אַרויסגאַנג.

עמעצער האָט אומדרייסט געפּרוווט זי וואָרענען:

— ס׳איז נאָך פרי... צו פרי... וואַרט כאָטש א ווײַלע... ס׳איז סאַקאָנעס־נעפאָשעס...

נאָר וואָס פאַר א ווירקונג האָבן געקאָנט האָבן ווערטער. קיין קראַפט אין דער וועלט איז איצט ניט געווען בעקויעך אָפּהאַלטן, אײַנהאַלטן די מוטער...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דער קאַלטער מאַרט־אָוונט האָט ווי מיט א שטיין צוגעדריקט, צוגעשטיקט די געטאָ. אירע געסלעך און הויפן האָט די איימע מענטשנריין אויסגעקערט. אַלע לעבעדיק פאַרבליבענע האָבן צוזאַמען מיט זייער מוירעדיקן בראָך זיך פאַרשפּאַרט הינטער טיר און ריגל.

בלויז די מוטער איז אַרומגעלאָפן איבער דער געטאָ, אַרומגעלאָפן, און נאָכגעיאָגט האָט זי איר אייגענער געיאָמער:

— אוורעמעלע, סאָרעלע! סאָרעלע, אוורעמעלע, קינדערלעך מײַנע!

די היטלעריסטן האָבן אַרויסגעוויזן גרויסמוט: איר ניט געשטערט, כאָטש עס האָט זיך שוין לאַנג אָנגעהויבן די פּאָליציי־שאָ און מע האָט געשאָסן אין יעדן איינעם, וואָס פּלעגט זיך ווײַזן אין גאַס.

# דער לעצטער

ער — פאָרויס, זיי — הינטער אים. צוויי גרין־אוניפאָרמירטע דײַטשישע זעלנער מיט ביקסן אַף די אַקסלען...

לאַנגזאַם שפּאַנט ער דעם טויט אַנטקעגן. די צוויי, וואָס הינטער אים, אײַלן אויך ניט. איינער פון זיי נעמט אונטערפּײַפן אַ צעצויגענע, אומעטיקע מעלאָדיע.

ביז צום וועלדל איז ווײַטלעך. די שטויביקע סטעזשקע שלענגלט זיך אַהין איבער אַ זאַמדי־קער, מיט מאָגערן גראָז פאַרוואַקסענער לאָנקע. ניטאָ אַף איר קיין קוסט, קיין פּאָר ביימלעך, ניטאָ קיין ריוו, ווו מע זאָל קאָנען פאַרענדיקן מיט אים. מוז מען זיך שלעפּן צום וועלדל...

און די הייסע נאָכמיטיק־זון סמאַליעט אָן ראַכמאָנעס דעם נאַקן, באַקט דעם רוקן.

אַ האַרמאַטן־שאָס טוט אַ קרעכץ. זײַן עכאָ פאַרקײַקלט זיך אין וואַלד אַרײַן. דעם עכאָ יאָגט נאָך אַ צווייטער, אַ דריטער שאָס. אָ, ווען די דאָזיקע שיסערײַ הערט זיך פריִער, כאָטשבי מיט אַ שאָ צוריק! אַוואַדע וואָלט ער פון זײַן מאָקעם־מיקלעט ניט געווען אַרויסגעקראָכן. אָבער אַז דער סאַמבאַטיען, וואָס האָט געקאָכט אַרום אַ וואָך צײַט, האָט זיך אײַנגעשטילט, און שוין באַ צוויי מעסלעס, ווי עס הערשט אין דער געגנט אַ בעסוילעם־שטילקײַט, צי האָט ער געקאָנט זיך אײַנהאַלטן?.. פון זײַן באַהעלטעניש אין וואַלד האָט ער געזען: קינדער קלײַבן יאַגעדעס. ער וואָלט געדאַרפט פרעגן באַ זיי, צי זיי קומען פון דאָרף אָדער זיי געהערן צו די מישפּאָכעס, וועלכע באַהאַלטן אין וואַלד זייערע בעהיימעס און דאָס אַנדערע ביסל אייגנס.

האָט ער מוירע געהאַט זיך ווײַזן פאַרן קלײנוואַרג. אַ שמוציקער, אַ באַוואַקסענער, אין הוילע שמאַטעס, וואָלט ער דערשראָקן די קינדער, זיי וואָלטן אים אָנגענומען פאַר אַ שעד, וואָס איז אַרויסגעקראָכן פון אונטער דער ערד, און וואָלטן אַנטלאָפן ווו די אויגן טראָגן.

זיי וואָלטן פון אים געלאָפן, און ער, מעגלעך, איז שוין געווען אַ באַפרײַטער, אַ מענטש מיט מענטשן גלײַך. באַ אָט דעם געדאַנק האָט ער פּלוצעם דערפילט אַ מוירעדיקן הונגער — אַ הונ־גער פון אַ מענטשן. יאַגעדעס, סאָק פון ביימער, וואָרצלען האָבן מער דעם מענטשלעכן הונגער ניט געקאָנט שטילן. האָט ער ניט אויסגעהאַלטן. איז אַוועק אין דאָרף. און האָט זיך אָנגעשטויסן אַף אַ דײַטשישן מיליטער־טייל, ווי עס זעט אויס, אָן אָפּטרעטנדיקן. שמוציקע, פאַרסאַזשעטע, צעמיימעסטע, אויסגעשעפּטע... נאָר דעם באַפעל פון זייער עלטסטן וועלן אָט די צוויי, וואָס שלעפּן אים זיך נאָך, באַווײַזן אויספילן... די מילכאָמע האָבן זיי פאַרשפּילט. אַלע — זייער עלט־סטער, די צוויי זעלנער. אָבער די שלאַכט מיט אים וועלן זיי געווינען...

„מענדל, מענדל, — זײַנען די אַלטע טײַנעס צו זיך אופגעקומען מיט אַ נײַער פרישקײַט, — האָסט געוואָלט איבערקליגן די וועלט, אָפּנאַרן דעם גוירל...“

און באַלד האָט ער געמאַכט דעם אויספיר:

„ביסט זינדיק, מענדל. דײַנע ברידער און שוועסטער, דײַן ווײַב און דײַנע קינדער זײַנען אומגעקומען ווי צאַדיקים. זיי האָט מען כאָטש פאַרדעקט מיט ערד. און דו גייסט אָן אַ לאָפּעטע. דיך וועט מען איבערלאָזן פאַר די פליגן און ראָבן...“

פאַר די פליגן און ראָבן... און מיט אַ שאָ צוריק איז ער געווען זיכער, אַז ער גייט צו דער וועלט ווי אָן אײדעס, אַ לעצטער אײדעס פון אַן אויסגעקוילעטער אײדע, אַ לעצטער סאָריד פון אַ שטעטל, און עפּשער פון אַ גאַנץ פאָלק... ווייסן די, וואָס פירן אים, אַז זיי גייען אומברענגען אָן איינציקן אײדעס?.. ער האָט אַ קער געטאָן דעם קאָפּ צו זיי. ניין, זיי ווייסן ניט. זיי שפּאַנען הינטער אים — טעמפּע, באַוואָפנטע...

ווען מע האָט אים מיט דרײַ יאָר צוריק געטריבן אין וואַלד, איז עס געווען אַ לויטערער, קילבלעכער באַגינען, און צוזאַמען מיט אים זײַנען געווען נאָך אַ צוויי צענדליק מענער פון זייער שטעטל. זיי האָט מען דאַן געגעבן לאָפּעטעס. האָט זיי געמאַטערט דער געדאַנק: „אַף וואָסער אַרבעט טרײַבט מען?“

בייס זיי האָבן געגראָבן אַף אַ וואַלד־לאָנקע אַ לאַנגן ברייטן ריוו, האָבן די באַוואָפנטע שאָמ־רים דערקלערט, אַז ס'איז אַ קעגנטאַנקען־טראַנשיי. טיף אין וואַלד, אין אַ זײַט פון וועגן און שטעגן — אַ קעגנטאַנקען־טראַנשיי? דער פראָנט איז שוין העט־ווײַט, און דאָ, אינמיטנדערינען — אַ טראַנשיי. גראָבן זיי אַ קייווער פאַר זיך? איז די גרוב צו גרויס. און פאַרוואָס זאָל מען זיי אָן אַ פאַרוואָס און אַ פאַרוואָן צעשיסן אינמיטן וואַלד?

איז מיט זיי טאַקע בייסמײַסע קיין זאַך ניט געשען. נאָך דעם, ווי די גרוב איז פאַרטיק געוואָרן, האָט מען זיי אַוועקגעטריבן אַף אַ כוטאָר. געגעבן יעדן איינעם צו האַלבן לעבל ברויט, אַן עמער וואַסער פאַר אַלעמען און פאַרשפּאַרט אין אַ שײַער. אַ גאַנצן טאָג האָט זיך געהאַט דערטראָגן צו זיי אַ ווײַטע שיסערײַ. פון קוילנוואַרפער? אַווטאָמאַטן? צי דען דער פראָנט? זיי

האָבן אָנגעשפּאַנט דאָס געהער ביז ווייטעק. געוואַלט דערהערן הארמאַטן, א גערויש פון טאַנקען... פּאַרנאַכט־צו האָט מען דעם ריגל פונעם שײַער אַראָפּגענומען. די זעלבע באַוואָפנטע שאָמרים, נאָר טויט־שיקערע, האָבן זיי ווידער געטריבן אין וואַלד אַרײַן, די לאָפּעטעס פאַרלייגט אַף די פּלייצעס... שוין פונוויַיטן האָבן זיי דערזען די בערגלעך זאַמד בא דער גרוב, וואָס זיי האָבן געהאַט אויסגעגראָבן אינדערפרי, מע האָט זיי באַפוילן פאַרשיטן די גרוב...

אוי, וויי! זי איז פול געווען מיט פאַרבלוטיקטע קערפּערס פון נאַקעטע מענער און פרויען, קינדער און זקיינים, איינע אַף די אַנדערע, ניט אַלע טויט. אַנדערע האָבן געצוקט מיט די אייוורים, האָבן דומפּ געכאָרכלט, גרויליק געקרעכצט... און זיי, די פּאָר צענדליק מענער, האָבן געמוזט פאַרשיטן די גרוב. צולעצט, בייס איין ווינקל איז געבליבן ניט פאַרשאָטן, האָט מען זיי באַפוילן אויסטאָן זיך, לייגן זיך אַף די טויטע...

ער האָט זיך א ריס געטאָן פון אָרט, זיך געלאָזט לויפן. מע האָט אים נאָכגעשאָסן. אין עטלעכע ערטער האָט עס א שניט געטאָן זײַן לײַב. ער איז אָפּגעגאָסן געוואָרן מיט בלוט. ער איז געלאָפן, פאַרפּלאָנטערט זיך אין קוסטעס, געשפּרונגען איבער גריבער, אַריבערגעגאַנגען טײַכלעך און געלאָפן, געלאָפן. ער איז געווען פלינקער פאַר די, וואָס האָבן נאָכגעיאָגט, און פאַר זייערע קוילן. דער צוגעפּאַלענער אָוונט האָט אים פאַרהוילן אין טונקלקײַט, ביז ער איז אַרײַנגעפאַלן אין אָפּגרונט פון דער נאַכט, א מאַכטלאָזער, אַן אויסגעשעפּטער, און זיך פאַרכלינעט מיט שלאָף.

די קעלט האָט אים אופגעוועקט אינמיטן דער נאַכט. ערשט איצט האָט ער באַגריפן, וואָס ס'איז געשען. נאָר אָנשטאָט צו בלײַבן ליגן און שטאַרבן, האָט ער גענומען באַוועגן מיט זײַנע פאַרגליווערטע הענט און פיס. אָנשטאָט צו אַנטלויפן פון די מענטשן אין עק וועלט, איז ער אופגעשטאַנען און געגומען זוכן זייערן אַן אָפּדאַך. זוכן, זוכן... א נאַקעטער, א באָרוועסער, איז ער געקראָכן דורכן נאַכטיקן וואַלד. דאָס האַרץ פאַרפראָרן, און אין קערפּער האָט געפלאַקערט א סרייפע. איז ער צוגעפאַלן צו א באַשפּרענקלטן פון זילבערנע לעוואָנע־שפּליטערן וואַסער, געלאָשן מיטן אײַזקאַלטן וואַסער די סרייפע אין זײַן גוף, וואָס האָט געברענט ווי א האָלאָוועשקע אין דער נאַכטיקער קעלט...

אויך איצט, אונטער דער סמאַליענדיקער זון, ברענט אין אים א העליש פײַער, א מוירעדיקער דאָרשט. פאַר די אויגן — א ווייכע, שטויביקע סטעזשקע איבער א לאָנקע... ווו געפינט מען א טײַכל, א באַשפּרענקלטס מיט זילבערנע לעוואָנע־שפּליטערן... ער האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו די, וואָס גייען הינטער אים. איינער פון די צוויי, דער, וואָס מיטן שפּיציקן מײַזישן פּאָנעם און מיט די סטאַרטשענדיקע העלע וואָנצעלעך, האָט מאָדנע א ברום געטאָן, א טראָט טוענדיק אַף צוריק.

וווהין וועלן זיי אים הײַנט פאַרטרײַבן? און ווו וועט ער בלײַבן ליגן א טויטער?

מיט דרײַ יאָר צוריק האָט ער, א נאַקעטער, א פאַרבלוטיקטער, א פאַרפרוירענער, ווי א בלינדער, געטאַפּט אין דער וועלט פון מענטשן און איז דערקראָכן צו אַן איינזאַם, האַלב כאָרעווע שטיבל, פאַרלוירן אין א זײַט פונעם וואַלד־וועג. ער האָט אָנגעקלאַפּט אין דער טיר, געריסן די לאָדן. טויב איז געבליבן דאָס שטיבל צו זײַן קלאַפּן. דער אומגעדולד איז געוואַקסן אין אָנבליק פון א מענטשלעכער היים. ניין, ער קאָן מער ניט בלײַבן נאַקעט אין דער מענטשן־וועלט. נאָר די וועלט האָט זיך ניט אָפּגערופן, איז געבליבן גלײַכגילטיק צו זײַן קלאַפּן אין אירע טויערן. האָט ער זיך צעשריִען אין רוסיש:

— מענוואָלים! איר וועט ניט עפענען?! קאַליא, אַף רעכטס! וואַסילי, פון הינטן פאַרכאַפּט א פּאָזיציע! די קוילנוואַרפער אָנצילן! וואַניא, די האַנט־גראַנאַטעס!

האָט זיך דערהערט פון אינווייניק א ציטערנדיקע שטים פון א זאָקן. אויך אין רוסיש האָט ער אויסגעשטאַמלט:

— ברידערלעך! האָט ראַכמאָנעס! טשעפּעט ניט! די דײַטשן האָבן באַפוילן קיינעם ניט אַרײַנלאָזן. זיי וועלן שיסן, אויב מע. וועט אַרײַנלאָזן...

און די טיר האָט לאַנגזאַם געגומען זיך עפענען. אין איר איז געשטאַנען א גראָוובערדיקער אַלטיטשקער מיט א לאַמטערן אין האַנט. פאַר די פּאָלעס פון זײַן ראָק האָבן זיך געהאַלטן צוויי קינדער אין אונטערוועש.

דערזען דעם נאַקעטן מענטשן, האָט דער אַלטער א הייב געטאָן די הענט אין דער הייך:

— אָ, יעזוס!

דער לאַמטערן איז אַרויסגעפאַלן פון זײַן האַנט און זיך צעשאָטן אַף שטיקלעך. די קינדער האָבן זיך צעשריִען, ווי מע וואָלט זיי געקוילעט.

נאָר ער, מענדל, איז שוין געווען אינווייניק, זיך צונויפגעקאָרטשעט אין א ווינקל.

— האָט ניט קיין מוירע, איך בין א מענטש, — האָט ער באַרויִקט אַלעמען, און בא אים אַליין האָט א צאָן געקלאַפּט אין א צאָן. — מיר איז קאַלט, כ'וויל זיך אָנטאָן. איך וויל עסן.

דער אַלטער האָט אָנגעצונדן א נאַפּט־לעמפּל, צוגעוואָרפן מענדלען אַן אַלטע פאַרשמאָלצענע קורטקע און קרעכצנדיק אופגעזוכט א האַק...

מענדל איז צוגעפאַלן צום לעמפּל, עס פאַרלאָשן און אין דער פינצטער געלאָזט זיך צום אַלטן: אַרויסרייַסן די האַק!

— כ'וועל אָנהאַקן שפּענער. מאַכן פייַער, אופקאָכן וואַסער, — האָט דער אַלטער ווידער אָנגעצונדן דאָס לעמפּל. — וועסט זיך אַרומוואַשן, וועסט אויסטרינקען טיי מיט פּאַטעקע און זיך דערוואַרעמען. באַרשטש איז געבליבן פון וועטשערע...

און דערנאָך — אין אונטערוועש פון האַרטן לייַן, אַן אייַנגעטוליעטער אין דער קורטקע, איז מענדל אָפּגעשלאָפן עפּשער אַן אייביקייט.

ווען ער האָט זיך אופגעכאַפּט, איז די זון, א רויט־צעגליטע, געלעגן אַפן הימל־ראַנד און אַרייַנגעוואָרפן אין שטוב לאַנגע בלוטיקע פאַסן ליכט. לעבן זיך אַפן אויוון האָט מענדל געפונען א פּאָר אַלטע הויזן, א פּאָר צעשמאַטעטע שיך. אַף אים האָט געוואַרט א שיסל קאַרטאָפל, א קריגל זויערמילך. אָן ווערטער האָט דער אַלטער נאָכגעקוקט יעדע באַוועגונג פונעם אומגעבעטענעם אוירעך. צולעצט האָט ער אָנגעהויבן אַזש ווייַנענדיק:

— דערבאַרעם זיך אַף מייַנע אייניקלעך, גיי אַוועק. די דייַטשן וועלן אונדז אַלעמען דערשיסן. זיי מאַכן אָבלאַוועס. אומעטום — אָבלאַוועס. זוכן אין די וועלדער רויטאַרמייער. נאָר אין שטעטל גיי ניט. דייַנע אייגענע וועסטו דאָרט סייַווי ניט געפינען...

מענדל איז אַרויס פון שטוב, פאַרכאַפּנדיק פון טיש א מעסער.

ניט געווען וווּהין צו לויפן, וווּהין צו גיין. סייַדן אין גרוב — צו די אייגענע. צו דער גאַנצער אידע, צום גאַנצן שטעטל. דער וואַלד האָט אים אַרייַנגעכאַפּט אין א גרין־גרויער נעץ. לאַנג אומגעהוידעט אהין־אהער, אָבער צו דער שרעקלעכער גרוב ניט דערפירט.

דאַן איז די נאַכט אַראָפּ — א שווערע, אומגעהייער דריקנדיקע. קוים אויסהאַלטנדיק איר לאַסט, האָט מענדל אַרומגענישטערט אינעם וואַלד־כּוישעך. עפּשער וועט ער טרעפן וועלף. צוזאַמען מיט זיי וועט ער אופזוכן און באַפאַלן די מערדער. א מעסער האָט ער איצט. ווו זייַנען זיי?..

מענדל האָט זיך אומגעקוקט, געכאַפּט א בליק אַף הינטן.

און ווידער האָט דער דייַטש מיטן מייִזישן פּאָנעם, אָנשטויסנדיק זיך אין מענדלס בליק, א ברום געטאָן, א צוק געטאָן מיטן גאַנצן קערפּער, ווי מע וואָלט אים געוואָרגן.

„דערשראָקן זיך? — האָט מענדל זיך פאַרוווּנדערט. — דייַטשן, פאַר וועמען אַלע האָבן מוירע, שרעקן זיך שוין".

דרייַ יאָר האָט ער, מענדל, אָנגעוואָרפן א פּאַכעד אַף יעדן, וואָס איז געקומען מיט אים אין א מאַגע־מאַסע. די געפאַר האָט געלויערט איבער אים, איז אים נאָכגעגאַנגען, ווי א פינצטערע כמאַרע, און באַדראָעט יעדע שטוב, וואָס איר שוועל איז ער אַריבערגעטראָטן.

די פּויערים, וועלכע האָבן אים אונטערגעהאַלטן, פלעגן אָפּט זאָגן:

— מיר וועלן דיר אוועקלייגן שפּייַז אין אַן אָפּגערעדטן אָרט, ברויט, וווּרשט, פּעטס. נאָר באַווייַז זיך וואָס ווייניקער אין דאָרף... דייַן אויסזען איז אַזאַ... פּאַלט גלייַך אויף...

עס האָט פּאַסירט: ער האָט זיך דערנעענטערט צו דעם אָרט, ווו עס דאַרף ליגן שפּייַז פאַר אים, און פונדערווייַטן האָט ער דערזען א מענטשלעך געשטאַלט. מענדל האָט אָנגעגרייט דאָס מעסער... דאָס זעלבע מעסער, וואָס ער האָט פאַרכאַפּט באַם אַלטן... ס'איז אָבער געווען דער פּויער, וואָס האָט לעצטנס געזאָרגט וועגן אים.

— דאָ האָסטו ברויט, שפּעק און פאַרשווינד פונדאַנען, — האָט אים געוואָרנט דער מענטש. — עס זייַנען אַוועק קלאַנגען, אַז פון דער גרוב אין וואַלד שטייט מען אוף טכיִעס־האַמייסים... ייִדן מיט בערד שלעפּן זיך אַרום איבער די דערפער... כאַפּן וועש, אופגעהאַנגענס צום טריקענען...

אין איינעם א דאָרף האָט מענדל טאַקע געהאַט אַראָפּגענומען באַנאַכט א העמד, וואָס איז געווען אויסגעהאַנגען צום טריקענען. עמעס, ער האָט זייַן שמוציק העמד איבערגעלאָזן... אין עטלעכע טעג אַרום האָט ער געפונען זייַנס אַן אויסגעוואַשנס, הענגענדיק אַף דעם שטריק... האָט ער עס אָנגעטאָן, איבערלאָזנדיק דאָס פרייִער צוגענומענע... יאָ, ער מוז טייקעף אַוועק פונדאַנען...

וואָס האָט ער זיך געטראַכט, מענדל, בייס ער האָט אַוועקגעוואַנדערט אין א נייַער געגנט, בייס אויסגעשעפּט פון הונגער, האָט ער געקלאַפּט אין נייַע טירן און אָנגעוואָרפן טויט־שרעק אַף נייַע מענטשן? ער האָט, דאַכט זיך, גאָרניט געטראַכט. בלויז האַרטנעקיק געשוויגן. ווי ביז איצט. און וואָס לענגער ער האָט געשוויגן, אַלץ מער ווערטער האָבן זיך געקליבן אין מויעך, אין האַרצן. זייער קנויל איז געוואַקסן, ווי א זיך קייַקלענדיקער שניי־קויל, און פאַנאַנדערגעשפּאַרט

זיין האלדז, שיר ניט צעריסן די ברוסט. אויסריידן זיך! פאר דער גאנצער צייט, וואס ער שווייגט. ער האט דאך אזויפיל געזען, איבערגעלעבט. אויסריידן זיך, אויסשרייען זיך — פאר זיך אליין, פאר די, וואס זיינען פארשניטן געווארן. ער איז דאך דער לעצטער! און אויב ער וועט ניט זיין, ווער וועט איידעס זאגן, ווי ס'איז געווען?

מענדל האט ארומגעבלאנקעט מיטן גרייטן מעסער... געוואלט קוילען כאטש איינעם פון יענע, וואס האבן אים געצוווּנגען גראבן די גרוב און דערנאך, שיקערע, אים געטריבן זי פארשיטן. איינעם פון די, וואס האבן באפוילן אויסטאן זיך און געשאסן אין אים... כאטש איינעם פון זיי קוילען.

ניט איין מאל האט ער געבעטן אף זיך דעם טויט, געוואלט פארשילטן גאט, די וועלט — און שטארבן... און מאכמעס דער מאלעך־האמאוועס האט אים ווי בעקיוון אויסגעמיטן, האט ער, מענדל, איינגעזען אין דעם א צייכן. דער מאלעך־האמאוועס וויל, אז דער סטאליער מענדל פונעם ליטווישן שטעטעלע בייסאגאלע זאל בלייבן לעבן און אלעמען דערציילן, אז אף דער וועלט זיינען פאראן שרעקלעכע גריבער, און שיסער, און נאקעטע מענטשן...

און דערוויילע האט מען אים ווידער געווארנט, אז פאליציי זוכט ארום שווארצבערדיקע ארומוואגלער, וועלכע וואשן זיך ביגנייווע אין די דארפישע בעדלעך און לאזן דארט איבער קוטשמעס שווארצע האר, שווארצבערדיקע, וועגן וועלכע די צייטונגען שרייבן, אז זיי טראגן פאנאנדער די טיף־עפידעמיע, פארגיפטיקן ברינעמער...

און ווידער האט ער געהאט מאזל ניט ארייננצופאלן אין דער אבלאווע.

אריינגעפאלן איז ער אבער יא. און אזוי נאריש... בייס ער האט זיך אנגעשטויסן אינעם אפ־טרעטנדיקן דייטשישן טייל, האט דער עלטסטער, ארופשארנדיק אפן שטערן די קאסקע, אויס־געגלאצט די אויגן:

— יודע?

מענדל האט געשוויגן. קיין זאך ניט געזען, ניט געפילט, בלויז דאס, אז עס בייסט אים מוירעדיק די הויט אונטער דער דריי יאר ניט געגאלטער באָרד און אז דער קנויל אין האלדז וואקסט זיך פאנאנדער און ווערגט, שטיקט...

— קורט, עריך, — האט אויסגערופן דער עלטסטער, — אין וואלד אפפירן און וואס שנע־לער באזונדערס באהאנדלען!

איצט גייען זיי אין וואלד אריין. מענדל — פאָרויס, זיי — הינטער אים.

„באזונדערס באהאנדלען... באזונדערס טייטן? אויסשטעכן די אויגן? אויסשניידן די צונג?" יא, יא, מענדל פלעגט אפט טראכטן, אז ס'וועט זיין גלייכער זיך פריוויליק איבערגעבן די, וועלכע זוכן אים, מאכמעס דאן וועט מען אים בלויז שיסן, און אין קעגנפאל — פייניקן פארן טויט... און איצט? וועט מען אים בלויז שיסן? ווי וועט מען אים „באזונדערס באהאנדלען"? און ווער וועט אים פייניקן — קורט צי עריך? מענדל האט זיך אומגעקוקט, וועלנדיק פעסטשטעלן, ווער פון זיי איז קורט און ווער — עריך.

דער, וואס מיטן מייזישן פאנעם, איז שטיין געבליבן, גענומען ציטערן און ארויסגעבע־לעבעטשעט:

— איך קען'ס ניט מער... איך האלט'ס ניט אויס...

געזאגט און איז א פארגליווערטער געבליבן שטיין אף אן ארט. דער צווייטער דייטש האט גלייכגילטיק געשפאנט הינטער מענדלען און זיך פאנאנדערגערעדט, דייטלעך אויסברענגענדיק יעדעס ווארט:

— און איך זאג, אז אזוי לאנג ווי עס בלייבן לעבן וועלן אויך נאר צען יודען, האבן מיר דעם קריג פארשפילט. אזוי האט געזאגט דאקטאר געבעלס.

ווער האט אים איצט ארייננגעפירט אין וואלד — קורט צי עריך? צי איז עס אבער וויכטיק? ער, מענדל, וועט באלד צוזען דעם אייגענעם טויט און אנשוויגן ווערן אף אייביק. די ביימער וועלן צוזען און שווייגן. דער הימל וועט צוזען און שווייגן. און דער, וואס טראגט איצט אריין דעם טויט אין וואלד, וועט א צופרידענער, א זיכערער אין זיג, מונטער אונטערפייפנדיק, אומ־קערן זיך צו די זייניקע.

— איך וואלט, — האט ווידער אנגעהויבן דער דייטש, — איך וואלט, אייגנטלעך, געקאנט דיך לאזן לויפן. א פאר שאסן אין דער לופט, און עס וואלט געהייסן, אז איך האב מיין פליכט אויסגעפילט. נאר ניין, ליבער שפילפויגל, ניין! קוים בלייבן לעבן צען פון דיינע ברידער, האבן מיר דעם קריג פארלוירן. און עפשער ביסטו פון ווילנא? א ווילנער יודע? דאקטאר געבעלס זאגט, אז דאס זיינען די געפערלעכסטע...

מענדל האט זיך האסטיק אויסגעדרייט, א ווארף געטאן זיך אפן היטלעריסט. אומגעוואלגערט אים. אנגעכאפט פארן קאפ און אים א זעץ געטאן אין דער ערד. פארקוועטשט זיין האלדז...

נאָר מענדלען איז ניט גוט געוואָרן. פון דעם דײַטשס אָטעם, פון יענעמס שווייס־גערוך, צי פונעם בלוט, וואָס ער האָט דערשפּירט אױף די פינגער... קעדיי ניט צו כאַלעשן, איז ער אָפּ־געשטאַנען. די ביימער האָבן זיך געוויגט, געדרייט אין א ראָד, מוטנע געדאָפּלט זיך. און זײַנע הענט האָבן מאַכטלאָז זיך אַראָפּגעלאָזט.

דער דײַטש איז געלעגן מיטן פּאָנעם אַרויף און דומפּ געכאָרכלט. ווײַלנווײַז פלעגט זיך א צאַפּל טאָן זײַנע א האַנט, א פוס.

מענדל איז אָפּגעטראָטן אױף הינטערווײַלעכס, ביז ער האָט זיך אָנגעשטויסן מיטן רוקן אין א סאָסנע און אָנגעשפּאַרט זיך אין איר.

פונדערווײַטן האָט פּלוצעם זיך דערטראָגן אַן אויסגעצויגן געשריי:

— קו־ו־רט! קו־ו־רט!

„קורט, עריך, אין וואַלד אים אָפּפירן...‟ — מענדל האָט זיך דערמאָנט אינעם באַפעל פו־נעם עלטסטן פון די דײַטשן. הייסט עס, אַז דער, וועלכער ליגט אויסגעצויגן אױף דער ערד, איז קורט, און עריך זוכט זײַן קאַמעראַד, האָט מורא אַליין אומצוקערן זיך צו די זײַניקע.

און ווידער אַן אויסרוף שוין גאָר נאָענט:

— קורט!

אױף דער וואַלד־סטעזשקע האָט זיך באַוויזן דער דײַטש מיטן מײַזישן פּאָנעם. נאָך שפּיצי־קער — די נאָז, נאָך סטאַרטשענדיקער — די שיטערע וואָנצעלעך. דערזען זײַן קאַמעראַד זיך קאָרטשען אױפן גראָז, דערזען מענדלען, אָנגעשפּאַרט אינעם בוים, האָט ער אין שרעק גענומען אָפּטרעטן אױף צוריק.

א האַרמאַטן־דונער האָט זיך אַדורכגעקײַקלט איבערן וואַלד. די ערד האָט זיך א וויג געטאָן. די ביימער האָבן זיך א וואַקל געטאָן. דעם וואַלד האָט באַלד דורכגעשאָבן א וואָיעניש פון מינעס, ווי זיי וואָלטן עמעצן נאָכגעיאָגט.

דער דײַטש מיטן מײַזישן פּאָנעם האָט זיך צוגעדריקט צו א בוים. זײַן קאַסקע האָט זיך אַראָפּגערוקט, פאַרדעקט דאָס פּאָנעם. ער האָט זי ניט פאַריכט.

מענדל האָט געוואַרט, אויסגעקוקט אױף די, וואָס וועלן קומען און ענדלעך צונעמען פון זײַנע אויגן די צוויי גרויסע גרינע ווערעם — איינעם א צעקוועטשטן, וואָס וואַלגערט זיך אינעם גראָז, דעם צווייטן א צעכושטן, א צוגעקלעפּטן צו דער סאָסנע. די קאַנאָנאַדע האָט ווי פאַרזיכערט, אַז לאַנג וועט מען אױף דעם ניט דאַרפן וואַרטן. דאָס וועט געוויס הײַנט געשען. יאָ, הײַנט וועט ער אויסגעלייזט ווערן אויך פונעם קנויל, וואָס צערײַסט די ברוסט, שפּאַרט פאַנאַנדער דעם האַלדז. הײַנט וועט ער ווערן אַן איידעס, און ס'וועט אים לײַכטער ווערן, אים — דעם פון דער גרוב אַנטלאָפענעם...

מענדל ליפשיץ

# אזוי לײַכטן מײַנע אויגן

* * *

און אָפט איך טראַכט גאָר, אַז ס'איז גוט,
וואָס יוגנט איז אַדורכגעגאַנגען, —
עס האָט זיך אײַנגעשטעלט דאָס בלוט
און אויסגעלײַטערט די געדאַנקען.

און אָפט איך טראַכט גאָר, אַז ס'איז פײַן,
וואָס יוגנט איז אַדורך, פֿאַרשוווּנדן, —
ס'איז אומרויִקע רו אַרײַן
אין הייסן קלעם פֿון דײַנע וווּנדן.

נאָר מערסטנס אָבער פֿיל איך בלויז,
אַז אַלץ, אַז אַלץ איז אַ קלייניקײַטן,
וואָס צוליב דעם בלויז טראַכט איך אויס,
קעדיי פֿון בענקשאַפֿט זיך באַפֿרײַען.

* * *

איך זע אין דײַנע ברעמען,
מײַן קינד, וואָס צײַט באַטײַט.
פֿון יוגנט קיינמאָל שענער
איז ניט געווען קיין צײַט.
דײַן דאָר ברענגט נײַע טרוימען,
אים שטייט דער וועג ערשט פֿאָר;
ווי גראָזן קעגן בוימער,
איז קעגן אים מײַן דאָר.
מיר האָבן דורשט נאָך פֿלאַמען
געטראָגן ווײַס, ווי שניי,
און דו האַלטסט פֿײַער־יאַמען
אין האַנט, ווי פּראַמעטיי.
איך שרעק פֿאַר דיר זיך אָפֿטמאָל
און פֿאַר דײַן דאָר, מײַן זון,
ווי זיגער אומבאַשטראָפֿטע
איר קוקט אַף אַלץ אַרום.
איר זאָלט זיך ניט פֿאַרגעסן,
ווי מע פֿאַרגעסט אָן טויט,
דעם ערשטן פֿונק ניט לעשן,
וואָס מיר האָבן פֿאַרזייט...
— ניט שרעק זיך, — זאָגט ער, —
טאַטע, —
און הילכיק לאַכט דערבײַ. —
דער אומרו, וואָס דיך מאַטערט,
איז גאָר ניט אַזוי נײַ...
מע דאַרף זיך גאָר ניט שרעקן
פֿאַר אונדזער נײַעם דאָר,
עס קלעקט אים ליכט און פֿלעקן
אין וועג, וואָס שטייט אים פֿאָר.
קום בעסער גיין צוזאַמען,
וועט גרעסער זײַן דער שווּנג,
און איך, ווי דו, וועל פֿלאַמען,
און דו, ווי איך, — זײַ יונג.

* * *

ניט דער דימענט שײַנט אַזוי —
אַזוי לײַכטן מײַנע אויגן:
איך בין אַלט, און יונג, און גרוי,
בלויז פֿאַר פֿרײַנטשאַפֿט כ'וויל זיך נויגן.

דימענט האָט ניט קיין קאָליר,
בלויז דעם בלענד פֿון מײַנע אויגן.
גאָלד האָסט — ביסט נאָך ניט קיין גוויר.
האַרץ האָסט — ביסטו רײַך אָן שיר,
אָט אַזוי בין איך דערצויגן...

ניין, קיין שײַן דער דימענט האָט —
אים באַשײַנען מײַנע אויגן.
פֿרײַנטשאַפֿט כ'זוך אַף יעדן טראָט,
פֿרײַנטשאַפֿט איז דער גרעסטער גנאָד, —
און פֿאַר פֿרײַנטשאַפֿט כ'וויל זיך נויגן.

ס'לײַכט דער דימענט נאָר דערפֿאַר,
ווײַל עס לײַכטן מײַנע אויגן:
מיר דער צאַר איז ניט קיין צאַר,
מיר געפֿאַר איז ניט געפֿאַר,

מיר איז שײַן — דער רעגנבויגן.
פֿרײַנטשאַפֿט — פֿאַר מײַן מי דער סכאַר,
אָט אַזוי בין איך דערצויגן...

* * *

אלטער עמעס, אלטער עמעס,
ווי און ווער ביסטו און וועמעס?
קומסט אין טויזנטער געשטאלטן,
אין דער ערד ביסטו באהאלטן.

לעבן דיר עס וואקסט דער שעקער,
ער באהאלט זיך ניט פון קיינעם,
קלינגט, פונקט ווי אין סרייפע־
גלעקער,
גלייך די וועלט געהערט אים איינעם.

„ווער עס האט די מייע, יענער
האט די דייע" — קלינגט זיין לערע;

אבער איך וויל: גרעסער, שענער,
ברייטער זאל דער פאלקס־שפרוך
ווערן.
„ס'האט די דייע דער פארדינט נאר,
וואס זיין טאט דעם לעבן ווידמעט,
וואס זיין מאכט — ניט אים זי דינט
נאר".
אט אזוי דעם שפרוך כ'דערווידער.

כ'פיר מיט פאלשע גרויע דינים
און מינהאגים מיינע קריגן,
נייעם עמעס כ'וויל געפינען
און פארטרייבן אלטן ליגן...

* * *

כ'בין ניט קלענער פון דעם גרעסטן,
כ'בין ניט גרעסער פון דעם קלענסטן,
ס'ווענדט זיך נאר, ווי דו וועסט
מעסטן,
ווי אליין דעם וווקס באנעמסטו...

ס'איז דער קליגסטער פון כאכאמים
נארישער פון די נאראנים,
אפטמאל...

און פארקערט — דער שוואך־
באזינטער
ווערט אלס כאכעם א בארימטער,
אפטמאל...

כ'האב זיך אויסגעלערנט לאכן,
ס'איז ניט פון די פראסטע זאכן
אזא לערע.
לאך איך, ווען מיר ווילט זיך וויינען,
ווילט זיך לאכן — לאך איך צוויי מאל.
און באגיס דאס הארץ מיט טרערן.

* * *

1

זאל דער ניט־געבעטענער נאך ווארטן,
ווארטן זאל אים אויסקומען נאך לאנג,
כ'האב דאס ווארט נאך ניט דערזאגט
דאס צארטע,
ס'צאפלט אין מיין הארץ נאך א געזאנג.

זאלן זיך נאך הארבסטיקן די אסיענס,
לאנג זאל זיך נאך פרילינגן דער מארט —
זאל ער זיך פארזאמען נאך, נישקאשע,
סייווי וועט ער קומען אומדערווארט...

ווארטן וועל איך, ווייל איך מוז דערווארטן
זיך א גרוס, גלייך ווי א הייסן דאנק.
כ'האב דאס ווארט נאך ניט דערזאגט
דאס צארטע,
ס'צאפלט אין מיין הארץ נאך א געזאנג...

2

גראדע איצט די קרעפטיקייט פון גראזן
כ'פיל, פון בוים — די מאכט, וואס
גרינט און געלבט;
גאר די ערד איך פיל, וואס ווערט אין
הארבסט פארלאזן
און אין פרילינג, ווי א קו זיך קעלבט...

כ'פיל דעם וואלד, וואס רייסט זיך מיט
די ווארצלען
פון דעם גרונט, ווי מיט צעקארבטע הענט,
וואס צינדט אן די קרוינען צו דעם
יארצייט
נאך דעם זומער, וועלכער שוין
דערברענט.

ערד — מיין מוטער, טייערע און טרייע,
ערד — מיין קינד, וואס בלייבט דא
אייביק יונג,
ערד, וואס האט און דארף נאך
מערער פייער,
זאל מיין לעבן זיין דיר אויך א פונק...

* * *

הויכסט דעם ניגון, ווי די לופט, די זון איין.
ער דערמונטערט דיך, ווי ערשטער שניי.
אלע בענקשאפטן זיך נעמען פון ניגונים
און די בענקשאפט שטילן
קאנען אויך נאר זיי.

ווי דער מוילעד, הינטער בארג פארגאנגען,
ציט דיך דאס געזאנג צו בלויער הויך.
אלע בענקשאפטן זיך נעמען פון געזאנגען,
און די בענקשאפט שטילן
קאנען זיי נאר אויך.

וואלטן ניט געווען קיין ווונד און ווייען, —
וואלט קיין דורשט ניט וויסן זעל און לייב.
פון געזאנגען אלע בענקשאפטן פארגייען,
אלע ווייען שטילן —
נאר דער ניגון בלייבט...

* * *

— אן אלטן פריינט דערקענסט, צי ניין,
טערעשקא יאגור?
— אן אלטער פריינט, ווי אלטער וויין,
ער שיקערט איין.
— צי נעמסטו צו פאר גוטע געסט
אן אלטן פריינט, טערעשקא?

— פאר גוטעפריינט מיין טיש איז גרייט,
ווי פאר די געסט די בעסטע,
נאר כ'קען אייך ניט, און אויב איך בין
אייך יא באקאנט,
איז זאגט מיר, ווער איר זייט. און נאט!
און דריקט מיין האנט.

— דערקען אליין, דערקען אליין,
טערעשקא יאגור!
איך האב געהערט, אז דער זיקארן דינט
דיר זייער גוט.

און ס'קוקט טערעשקא א מינוט,
נאך א מינוט, א צווייטע,
און ס'טוט אין אויג א בליץ,
ער שרייט אויס א דערפרייטער:
— דערקענט! דערקענט!..
דערקענט כ'האב אויסגעצייכנט,
כ'האב פערציק יאר אייך ניט געזען,
דערקענט כ'האב לויטן שמייכל.

מיט פערציק יאר צוריק אוועק
איך בין א קינד פון דערפל,
אין פערציק יאר ארום איך קום
ווייס, ווי דער שניי פון בער־פעל.

און אויב ס'האט צייט קיין מאכט ביז היינט
א שמייכל צו צעשטויבן,
איז גוט, יאגור, מיין טרייער פריינט,
ס'איז אונדזער פריינטשאפט אייביק!



אין דער מיט פון די צוואנציקער יאָרן האָט א קלונג געטאָן אײַזיק הובערמאנס אופריכטיקע דיכטערישע שטים. עס האָבן זיך געהערט אין איר די מונטערע טריט פון דער יונגער וועלט.

אײַזיק הובערמאן האָט וואָס ווײַטער אלץ מער פארברייטערט זײַן שעפערישן דיאַפּאַזאָן. ער האָט זיך פארפעסטיקט אין דער ליטעראטור ניט בלויז אלס טאלאנטפולער ליריקער, נאָר אויך אלס אוטאָר פון א ריי אויסגעצייכנטע קאָמעדיעס.

צו זײַן 60־טן געבורטסטאָג קומט אײַזיק הובערמאן מיט א ווערק פון א נײַעם פאר אים זשאנער, מיט דער אוטאָביִאָגראפישער דערציילונג „בא אונדז אין פעלשטין“.

מיר ווינטשן אונדזער טײַערן פרײַנט געזונט, אריכאס־יאָמים און ווײַטערדיקע שעפערישע דערפאָלגן.

---

### אײַזיק הובערמאן

# בא אונדז אין פעלשטין

## דער נײַער דירעקטאָר

בא יעדן הייבט זיך אָן דער טאָג דעמלט, ווען ס'הייבן זיך אָן די זאָרגן. מענאשע דער גלעזער האָט זיך הײַנט אופגעכאפּט, ווי נאָר ס'האָט אָנגעהויבן בלויען אין די שויבן. נאָך ליגנדיק אין בעט, האָט ער פארהויבן דאָס פאָרהענגל אפן פענצטער און געזאָגט צום ווײַב, צו זלאטען:

— ס'איז שוין טאָג. וועק אוף שמוליקן, און איך וועל אײַנשפּאנען דאָס פערד.

מענאשע האָט זיך אפגיך אָנגעטאָן און אוועק אין סטאניע גרייטן אין וועג דאָס פערד־און־וועגעלע. די לעצטע צײַט איז מענאשען שווער געוואָרן גיין איבער די דערפער מיטן קעסטל גלאָז אף די אקסל. ער האָט געקויפט א פערד. באלד נאָכן בירגערקריג זײַנען אין שטעטל אפן מארק אָפט געווען טאָרגעס, ווו מע האָט פארקויפט מיליטערישע פערד, וואָס טויגן שוין ניט פאר דער ארמיי. אזא פערד האָט אײַנגעהאנדלט אף די טאָרגעס מענאשע. באצאָלט האָט ער פאר דעם א קארב. ער האָט געבראכט אהיים א גרויס סאָלדאטסקע פערד, א שרעקלעך אויסגעמאָגערטס, מיט ווײַסע קײַלעכדיקע פלעקן ארום די אויגן. דאָס פערד איז געווען אזוי הויך, מיט אזעלכע דארע, לאנגע פיס, אז ס'איז געווען א מוירע נאָענט צוגיין צו דעם. ניט קיין פערד, א סטראשידלע. געווען אפילע מאָדנע און א ביסל שרעקלעך עס אײַנשפּאנען אין א יידיש צעבראָכן וועגעלע. פארטאָג, אין דער פינצטערער סטאניע, פלעגט זיך דאָס פערד שווער אופהייבן און שטעלן אף די אײַנגעבויגענע פיס. מיטן ליידיקן וועגעלע, אף וועלכן ס'זײַנען געלעגן צוויי קעסטלעך גלאָז, פלעגט עס נאָך צוביסלעכווײַז לויפן. אָבער צוריקוועגס, ווי נאָר מע איז ארויסגעפאָרן פון דאָרף און גענומען בארג־ארוף, האָט עס זיך אָפּגעשטעלט, גענומען שאָקלען מיטן קאָפּ, שטיין און טראכטן. מענאשע האָט שוין געוווּסט אָט די קונץ. אין וועגעלע פלעגט ליגן אָנגעגרייט א ביסל היי, שמוליק פלעגט באלד ארא͏ָפּשפּרינגען, נעמען א זשמעניע היי און זיך שטעלן פון פאָרנט, פארן דישל. דאָס פערד פלעגט אָנהייבן טשיפּען דאָס היי און גיין נאָך שמוליקן. אזוי איז שמוליק געגאנגען, און דאָס פערד איז אים נאָכגעגאנגען.

אין דרויסן איז געווען נאָך פינצטער און שטארק שטיל. נאָר אין דער שטילקײַט און אין דער פינצטערניש האָט זיך נאָך בעסער געהערט דער מינדסטער קלאנג. יעדער שאָרך און יעדע באוועגונג האָט גערעדט צו מענאשען מיט זײַן לאָשן און איז געווען פון יאָרנלאנג באקאנט: אָט דער לאנגער טרוקענער הוסט, וואָס פארגייט זיך אזוי אין דער באנאכטיקער גאס, דאָס איז כאַיִם־שאָלעמס, וואָס ווינט אין דער צווייטער שטוב; אָט דער סקריפּע פון דעם טויער איז בא זײַדעלע יוינעס — ער שטופּט שוין ארויס דאָס וועגעלע, ער גרייט זיך אײַנשפּאנען. און אָט האָט זיך געעפנט די טיר בא כאָנע ארצעס, ער גייט צופוס אין דאָרף ארײַן, ער טראָגט פארקויפן פאטשיילעס. ער בײַט זיי אויס אף מעל און טראָגט נאָכדעם דאָס זעקל מעל אף די פּלייצעס.

דאָס שטעטל האָט שוין געלעבט. און כאָטש קיין איין פענצטער האָט נאָך ניט געלויכטן, האָט מענאשע זיך אָנגעשטויסן, וואָס עס טוט זיך איצט אין יעדער שטוב. ער האָט אפילו געוווּסט, אז ווען ער וועט צופאָרן צו דער בריק, וועט ער דערזען בא וואָלי דעם שניידער דאָס אכטער לעמפּל ברענען אפן פענצטער און וועט דערהערן, אז די מאשין שטעפּט שוין.

שמוליק איז געזעסן איינגעניורעט אין היי און האָט געשוויגן. ארויספאָרנדיק פון שטעטל, באַם בארג־ארוף צום שפּיטאָל, האָבן זיי אָנגעיאָגט, ווי שטענדיק אף דעם זעלבן אָרט, די צוויי ברידערלעך לייזערן און מוניען. זיי זיינען געגאנגען איבערן וועג, גלייך זיי באמערקן גאָרניט. אינדערעמעסן האָבן זיי גוט געהערט, אז עס פאָרט שוין מענאשעס פערד־און־וועגעלע, און האָבן געוואַרט, אַט וועט ער זיך אָפּשטעלן. נאָר דערווייל דארף מען גיין, גלייך ווי גאָרנישט, אראָפּ־געלאָזט דעם קאָפּ, און ניט קוקן אין א זייט. לייזער מיט מוניען זיינען נאָכן פעטליורישן פּאָגראָם געבליבן יעסוימים, און זיי גייען איבער די דערפער בייטן נאָדלען. דער עלטערער האלט א זעקל אף די פּלייצעס. דער יינגערער גייט אים נאָך פון הינטן מיט א שטעקן אין האנט. מענאשע האָט אָפּגעשטעלט דאָס פערד, און די יינגלעך האָבן שווייגנדיק זיך ארייַנגעזעצט אין וועגעלע. דער גלעזער האָט געזען, מיט וואָס פאר א פארגעניגן די כעוורע האָבן ארונטערגענומען די באָרוועסע פיס אונטער זיך. ס׳איז היינט א קאַלטער טוי.

— שמוליק, עפשער דיר געבן דאָס פעלצל? — האָט א זאָג געטאָן מענאשע און ארויסגע־שלעפּט דאָס פעלצל, אף וועלכן ער איז געזעסן. — ס׳איז דיר ניט קאַלט?

שמוליק האָט גענומען דעם טאטנס פעלצל, ארופגעוואָרפן אף די אקסל און זיך אייַנגע־וויקלט אין דעם. די ברידערלעך באגעגנט ער יעדן טאָג אין דער זעלבער צייט, אף דעם זעלבן אָרט. קיין געשפּרעך פירן זיי ניט צווישן זיך. ריידן ווי קינדער האָבן זיי ניט וואָס, ריידן ווי גרויסע שעמען זיי זיך פארן טאטן. דער עלטערער, לייזער, רייכערט שוין מאכאָרקע, און דער טאטע נעמט אָפּט בא אים א שטיקל פּאפּיראָס־פּאפּיר. דער יינגערער, מוניע, איז מיט שמוליקן אין איין עלטער. אמאָל, ווען ס׳איז געווען א שול, האָבן זיי זיך געלערנט צוזאמען, אין פערטן קלאַס. שמוליק פארטראַכט זיך. ווען איז דאָס געווען?.. איצט לערנט זיך קיינער ניט.

דאָס פערד גייט פּאמעלעך, דאָס וועגעלע טרייסלט ניט, שטערט ניט שמוליקן טראַכטן. ס׳הייבט שוין אָן גרויען אף טאָג. סאַרא שטילקייט. אזוי שטיל קאָן זיין נאָר פאַר זון־אופגאַנג. מע הערט, ווי די גראָזן וואַקסן.

מענאשע גיט אַלעמאָל א טשמאָקע צום פערד. שלאָגן מיט דער בייטש פארגינט ער זיך ניט. א ראַכמאָנעס. דאָס פערד פּלאָנטערט אזוי אויך קוים מיט די פיס. לייזער מיט מוניען האָבן זיך איינגעוואָרעמט, און זיי דרעמלען ארומגענומען איינער דעם צווייטן.

שמוליק איז פארטראָגן אין זיינע געדאַנקען.

...פאַר, שמוליק, פאַר. און קוק זיך צו, ווי די זון גייט אוף. הער זיך איין, ווי די רעדער סקריפּען, לאָז גאָרניט דורך. דו הערסט? ערגעץ שרייַט א פויגל. שמוליקן איז קיינמאָל ניט לאַנגווייליק, ווען ער טרוימט. ער באמערקט ניט קיין צייט, קיין וועג, קיין טאָג. פון טרוים האָט אים אָפּגעריסן די זון. ס׳איז אים פּלוצעם געוואָרן וואַרעם אין פּאָנעם און ס׳האָט אָנגע־הויבן שטעכן אין די אויגן. ער האָט א קוק געטאָן, ס׳איז שוין אופגעגאַנגען די זון. ווידער פאַר־שפּעטיקט. קיינמאָל זעט ער ניט, ווי די זון הייבט זיך אָן באַווייַזן. מע זאָגט, זי זעט אויס צו־ערשט ווי א ריפּעל ברויט, דערנאָך באַווייַזט זי זיך א האַלבע. ער האָט דערזען די זון שוין א קיילעכדיקע. ווי אַן אָפּגעריסענע זון־רויז, הענגט זי אפן הימל, גאָר ניט ווייַט, ווי פונדאַנען ביז אַט דער ווינטמיל, א שפּאַן פינף־זעקס, ניט מער. א שמאָלער פארוואָרפענער וועג פירט אין א דערפל, אפילו ניט קיין טראַקט, ניט קיין שליאַך, נאָר אזוי זיך א פארגעסענער פעלד־וועג. א הילצערנער אויסגעבויגענער ציילעם בא דער זייַט מיט אַן אָפּגעבליאַקעוועטן פון רעגנס יעזוס אף אים, עטלעכע ווערבעס שטייען און בענקען נאָך א ווינט. אמאָל איז, ווייַזט אויס, דאָ געווען א ריטשקעלע, נאָר ס׳האָט לאַנג שוין אויסגעטריקנט.

פּלוצעם כאַפּט זיך שמוליק אוף פון זיין פארטראַכטקייַט. לויט מענאשעס אָרט ריידן צום פערד, לויט זיין טרייסלען מיט די פּלייצעס, לויט זיין בעטן זיך באַם פערד „ניאָ! רוכיַיסיא!“ האָט שמוליק פארשטאַנען, אז ערגעץ דאָ נאָענט דארף זיין א פרעמדער מענטש און מענאשען איז ניט אָנגענעם, וואָס דאָס פערד גייט אזוי, קוים וואָס עס שטעלט די פיס.

און בעעמעס, אז שמוליק האָט אופגעהויבן דעם קאָפּ, האָט ער דערזען — איבערן וועג שפּאַנט א יונגער באָכער, אפן אקסל פארליגט א שטעקן מיט א קליין קלומעקל, דעם שינעל פארוואָרפן אף דער האנט. ניט אָפּשטעלנדיק זיך, ווענדט ער זיך צו מענאשען:

— אַט דער קלויסטער, וואָס זעט זיך פונווייַטן, דאָס איז שוין א שטעטל?

מענאשע האָט באַלד אָפּגעשטעלט דאָס פערד. לייזער מיט מוניען האָבן זיך אופגעכאַפּט.

— דאָס איז אונדזער קאַסטיאַל, — האָט מענאַשע געענטפערט, אוועקלייגנדיק די בײַטש, גרייט פאַרפירן אַ שמועס, — און דאָס זעט זיך פעלשטין, אַ שטעטל, וואָס איז באַוווּסט געוואָרן מיט זײַנע פעטליורישע פּאָגראָמען.

— איז דאָס שוין פעלשטין? דאָ בין איך אַמאָל געווען, איך האָב דאָ אַפילו אַמאָל מילכאָמע געהאַלטן, — האָט זיך אָפּגעשטעלט דער באָכער און גענומען אָפּרײַסן אַ שטיקל צײַטונג אַף פאַרדרייען אַ ציגאַרעט.

מענאַשע האָט אויך אָפּגעריסן אַ שטיקל צײַטונג. דער באָכער איז צוגעגאַנגען צום וועגעלע, אָנגעשאָטן מענאַשען אין פּאַפּירל אַרײַן מאַכאָרקע, דערנאָך אָנגעשאָטן זיך ווייניקער אַ ביסל און גענומען פאַרדרייען.

— יאָ, אָט דאָ האָב איך מילכאָמע געהאַלטן, און איצט שיקט מען מיך אַהערצו פאַר אַ לערער. עס עפנט זיך אַ זיבניאָריקע שול.

— און איר אַליין זײַט אַ לערער? פונוואַנען זײַט איר? — האָט מענאַשע געפרעגט מיט נײַגער.

— איך אַליין בין אַ סאָלדאַט, זיך ערשט דעמאָביליזירט. אַמאָל געווען אַ סטודענט, — האָט זיך פאַרצויגן מיטן ציגאַרעט דער באָכער.

— געווען אַ סטודענט? — האָט מענאַשע געשאָקלט מיטן קאָפּ. — קאָנט איר איצט ווערן אַ גרויסער מענטש.

— און דערוואַקסענע ייִנגלעך וועלן אויך זיך קענען לערנען אין שול באַגלײַך מיט די קליינע? — האָט שמוליק ווי פאַרשעמט זיך אַרײַנגעמישט.

מענאַשע האָט פאַרכידעשט אַ קוק געטאָן אַף שמוליקן. וואָס אַ קינד קאָן קומען אין קאָפּ אַרײַן! און דער באָכער מיטן שינעל אַף דער האַנט האָט זיך צעשמייכלט צו שמוליקן:

— ווו האָט איר די יאָרן געקענט זיך לערנען? איך האָב דאָך אין דער צײַט זיך אויך אין ערגעץ ניט געלערנט.

— און וווהין פאַרפאָרט איר אין פעלשטין? איר האָט באַ וועמען צו נעכטיקן? — האָט מענאַשע, אוועקוואַרפנדיק דעם ציגאַרעט, געפרעגט.

— דאָס איז אַ קלייניקייט. ערגעץ האָט דאָך שוין די שול אַ קאַנצעליאַריע מיט אַ טיש. און אַף אַ טיש קאָן מען שלאָפן. עמעס, איך האָב דאָ אַ באַקאַנטן. נאָך אין דער צײַט פון בירגערקריג האָבן מיר אַמאָל, אָנגרײַפנדיק פון פּראָסקוראָוו, זיך אַרײַנגעריסן אין אָט דעם שטעטל, און די פעטליוראָווצעס האָבן גענומען אָפּטרעטן. אין דער ערשטער שטוב האָב איך געפונען ליגן אַ ייִדן, אַ פאַרוווּנדעטן, אײַנגאַנצן אין בלוט. וואָס האָב איך געקענט טאָן? איך האָב אים גענומען אַף די פּלייצעס און אָפּגעטראָגן אין שפּיטאָל. אַפן וועג רעדט דער ייִד ווי צו זיך אַליין. „אויב פעטליורע, — זאָגט ער, — איז אין קאָס אַף דער וועלט, קאָן ער זעצן די פענצטער, וויפל ער וויל, נאָר אַ גלעזער דאַרף מען דאָך איבערלאָזן". אָט די ווערטער האָב איך פאַרגעדענקט. געווען, ווײַזט אויס, אַ קלוגער ייִד.

די ייִנגלעך האָבן אָנגעשטעלט מויל־און־אויערן. מענאַשע איז פּאַמעלעך אַראָפּגעקראָכן פונעם וועגעלע, ווי ער וואָלט וועלן באַטראַכטן בעסער דעם לערער, זיך אָנגעשפּאַרט אַף דער ראָד און געזאָגט:

— יונגערמאַן, איך מעג שווערן, אַז דאָס בין איך געווען דער גלעזער.

דער באָכער האָט אַ קוק געטאָן אַף מענאַשען, ווי ער וואָלט אים ערשט איצט דערזען צום ערשטן מאָל.

— אַ שיינע מײַסע, נאָר אַ קורצע. און דאָס זײַנען אײַערע ייִנגלעך?

— איינער איז מײַנער, און די צוויי גייען צופוס אין דאָרף אַרײַן. פיר איך זיי צו. בייסן פּאָגראָם געבליבן אָן אַ טאַטן, יעסוימים. ווען איך בין געווען ייִנגער, בין איך אויך געגאַנגען צופוס מיטן קעסטל גלאָז, איצט איז מיר שוין שווער, האָב איך אײַנגעהאַנדלט אָט דעם באַהעלפער, — און ער האָט מיט דער בײַטש אָנגעוויזן אַפן פערד. — נאָר ער האָט אײן כיסאָרן: ער פאַרטראַכט זיך צו אָפט. און באַ אונדז זאָגט מען, אַז אַ גלעזער און אַ שויכעט טאָרן זיך ניט פאַרטראַכטן, ביפּראַט נאָך זייער פערד. יונגערמאַן! איך וואָלט געווען ערגער פון דעם פעטליוראָווצע, וואָס האָט מיך פאַרוווּנדעט, ווען איך זאָל אײַך איצט ניט פאַרבעטן צו זיך אין שטוב. איר זאָלט באַ מיר נעכטיקן און זײַן ווי באַ זיך אין דער היים. נאָר ווי זאָגט מען, מײַן פּרנָסה, אַרבעט איז אַ טאַטע און פּאַרנאָסע איז אַ מאַמע... איך האָב נעכטן צוגעזאָגט אַ פויער קומען הײַנט אָנגלאָזן די פענצטער. באַ אים איז אַף אַ טאָג אַרבעט. איז וואָס טוט מען, גיט אָן אייצע, איר זײַט דאָך אַ לערער.

— טאטע! עפשער וואָלט איך זיך אומגעקערט צופוס מיטן לערער אהיים און אים באַגלייט צו אונדז אין שטוב? — האָט זיך אָנגערופן שמוליק.

— אז מע לאַדט איַין א גאַסט, שמוליק, און דער באַלעבאָס אַליין פאַרט אוועק, איז אַלציינס ווי ער וואָלט דעם גאַסט אַרויסגעטריבן. אויב דער כאַוער לערער וועט אונדז ניט אונטערזאָגן, וואָס מע דאַרף טאָן, וועלן מיר פאַרקערעווען דעם דישל אָף צוריק, — האָט מענאַשע שוין גע־זאָגט פעסט, ווי פאַר א טאַטן פּאַסט.

— אין דער פרעמד א באַקאַנטער איז טײַערער, ווי אין דער היים א ברודער, — האָט דער באָכער געענטפערט. — איך וועל בעסער פאָרן מיט אײַך, איך וועל אײַך העלפן אָפּטאָן אײַער ארבעט, און דערנאָך וועלן מיר צוזאַמען פאָרן אהיים.

דער באָכער איז גרינג אַרײַנגעשפּרונגען אין וועגעלע. די ייִנגלעך האָבן זיך צוגערוקט איינער צום צווייטן, געמאַכט אָן אָרט פאַרן באָכער מיטן שינעל. בא זיך אין האַרצן האָט יעדערער פון זיי געוואָלט, ער זאָל זיך זעצן נעענטער צו אים, ער זאָל זיך כאָטש אָנשפּאַרן אין זײַן פּלייצע. דאָס פערד איז אוועקגעלאָפן מיט מער כיישעק, ווי אים וואָלט געוואָרן גרינ־גער, ניט שווערער.

— א פערד, און האָט גלײַך דערפילט א שינעל אָפן וועגעלע, — האָט מענאַשע א פּאַכע געטאָן מיט דער בײַטש.

שפּעט אין אָוונט האָט מענאַשע זיך אומגעקערט אהיים און געבראַכט מיט זיך דעם אוירעך: אַלעקסע פּעטראָוויטש, דעם נײַעם לערער.

שוין אָף מאָרגן גאַנצפרי האָט זיך אַלעקסע פּעטראָוויטש גענומען צו דער ארבעט.

אין א פּאָשעטן, געוויינלעכן וואָכעדיקן טאָג האָט מען אין פעלשטין ניט באַמערקט קיין היץ. די צאָל גראַדוסן האָט קיינער ניט געוווּסט. גיין זיך אויסבאָדן צום טײַך איז קיינעם ניט געקומען אָפן זינען.

די שנײַדערס זײַנען געזעסן בא זיך אין די שטיבער און האָבן געאַרבעט, די טירן צע־עפנט. זיי האָבן נאָר אַראָפּגענומען די רעקלעך פון די אַקסל און געבליבן אין די ווײַסע ארבל. נאָר די מיידלעך האָבן עפּשער אָנגעהויבן אָפּטער צו זינגען, ווען עס איז געוואָרן שטאַרק הייס.

בא דעם קירזשנער אין קלייטל זיצט זײַן ייִנגל שוויַיגנדיק בא דער מאַשין און שטעפּט. זײַן טאַטע מעסט אָן א פויער א נײַע שמויסענע קוטשמע; אַלע מאָל, ווען דער פויער כאַפּט א קוק אין שפּיגעלע, וואָס הענגט אָף דער וואַנט, כאַפּט ער אַפּגיך אַראָפּ די קוטשמע פון קאָפּ. נאָר דעמלט לויפט באַלד צו דער קירזשנער און רופט אָן אַזא פּרײַז, אז דער פויער מוז נאָכא־מאָל אָנטאָן די קוטשמע. דער קירזשנער ווערט ניט מיד פּאַטשן דעם פויער אין דער האַנט און דינגען זיך.

דער שוסטער זיצט אין זײַן אָפענער בודקע און קלאַפּט און קלאַפּט מיטן העמערל. ווי ווערט אים ניט נימעס אַזוי לאַנג צו קלאַפּן מיטן העמערל.

די קלייטן זײַנען אַלע אָפן, נאָר קיינער גייט ניט אַרײַן אהין, קיין פויערים זעט מען ניט, די קלייטניקעס זיצן אַרום די בודקעס און דרעמלען.

די היץ אין פעלשטין באַמערקן אַלע נאָר שאַבעס באַטאָג נאָכן עסן. די קלייטן זײַנען פאַרמאַכט, אָפן שאָסיי זעט מען קיין מענטשן ניט. ס'איז אָפן נאָר דער בופעט, דאָרט זיצן עטלעכע יונגעלײַט און קנאַקן קערלעך, וואָס זיי האָבן געבראַכט פון דער היים. פון צײַט צו צײַט הייבט זיך איינער אוף און קויפט א מאַנדל פאַר א קאָפּעקע.

מיט דער הינטערגאַס גייען אוועק זיך באָדן מיידלעך און ייִנגלעך. דאָס גייען שנײַדערישע טעכטער און שוסטערישע באָכערים צו דער מיל. גיין אהין זיך באָדן איז זייער ווײַט, נאָר איין מאָל אין וואָך, שאַבעס, פאַרגינט זיך די יוגנט אַזא שפּאַציר. די מיל ארבעט שוין ניט פון דער צײַט פון בירגערקריג. נאָר בא דער מיל איז פאַראַן א בריקל. אהין, אונטערן בריקל, גייט מען זיך באָדן. פריִער לאָזן זיך אַראָפּ די מיידלעך, נאָכדעם די ייִנגלעך; די מיידלעך גייען אַראָפּ זייער פּאָרזיכטיק, האַלטן זיך מיט די הענט בא די סלופּעס, בא די ברעטער, ווײַל ס'איז גלי־טשיק פונעם וואַסער, וואָס רינט טאָג און נאַכט אָן אופהער. נאָר דערפאַר איז דאָס וואַסער קיל און פריש. די מיידלעך באָדן זיך אונטער דער בריק, באַשיצט פון פרעמדע אויגן. אז זיי הייבן אָן זיך אָנטאָן, וואַרטן זיי איינע אָף דער צווייטער, זיי זאָלן אַרויסגיין אַלע צוזאַמען. די ייִנגלעך שטייען שוין אָפן ברעג און וואַרטן אָף זיי, דערלאַנגען זיי די הענט און העלפן זיי אַרויסגיין פון אונטער דער בריק. אייגנטלעך צוליב דעם גייט מען אהערצו זיך באָדן. שטיין און אָפּהיטן די טופּליעס, האַלטן אין קעשענע דאָס קעמעלע און דערנאָך גיין צוזאַמען אהיים, ניט געײַלט, אָט דאָס איז דער גאַנצער שפּאַציר. וואָס דאַרף מען נאָך אין דער יוגנט! דערפאַר זאָגט מען אין פעלשטין: „מע האָט זיי באַגעגנט באַם ערשטן בריקל“, דאָס איז קימאַט ווי מע זאָל זאָגן, זיי

שפּילן א ליבע. אין פּעלשטין איז פאַראַנען נאָך א צווייט בריקל און א דריטס. עמעס, אַז מע זעט א פּאָרל בא דעם דריטן בריקל, איז עס אין פּעלשטין די גרעסטע זינד. מע זאָגט ניט אַנ־דערש, ווי „מע האָט זיי געכאַפּט באַם דריטן בריקל". דאָ באַגעגענען קאָן מען שוין ניט, דאָ קאָן מען נאָר כאַפּן.

אינגיכן האָט אַפן שאָסיי, וואָס גייט דורך דער הויפּט־גאַס פון שטעטל, זיך אָנגעהויבן באַווייַזן די „אינטעליגענציע". זיי האָבן זיך געקליבן אַף די בענק בא דעם אָפּגעצאַמטן גאַנעקל לעבן דער פאַבריקמאַכערסקע. דאָ וווינט יאַנקעוו־הערש דער פאַבריקמאַכער. ער געהערט שוין לאַנג צו דער אינטעליגענציע פון שטעטל. זאָגן, פּאַרוואָס און פאַר וועלכע פאַרדינסטן דער אָדער יענער געהערט צו דער אינטעליגענציע, איז שווער. די דאָזיקע קאָמפּאַניע יינגלעך מיט מיידלעך איז זייער א פאַרשיידנאַרטיקע. דאָ זייַנען פאַראַן א פּאָר מיידלעך מיט יינגלעך, וואָס האָבן ביז דער רעוואָליוציע געלערנט אין אָדעס. קיינער פון זיי האָט אָבער גאָרנישט ניט געענדיקט. נאָר אַלע גייען שטענדיק מיט ביכער אין די הענט. די לעצטע צייַט טראָגט יעדערער דאָס ביכל אייַנגעוויקלט אין א צייַטונג. מיט די ביכער גייען זיי אומעטום — שפּאַצירן, צוגאַסט, זיך באָדן; אַז די צייַטונג רייַבט זיך אויס, וויקלען זיי איין דאָס ביכל אין א נייַער. אין שטעטל ווייסט מען, אַז זיי לייענען א סאַך ביכער, באַטאָג און באַנאַכט לייענען זיי. אין שטעטל זאָגט מען, אַז אָן קיין ביכער קאָנען זיי ניט לעבן. איבערהויפּט די מיידלעך. אין אָט דער קאָמפּאַניע איז אויך דער פאַבריקמאַכער יאַנקעוו־הערש — אַן אַלטער באָכער, וואָס קאָן זיך בעשום־אויפן קיין זיווג ניט געפינען. די קאָמפּאַניע אינטעליגענציע ווערט אַלעמאָל קלענער. מיידלעך, יינגלעך האָבן אַלע יאָר כאַסענע, נאָר יאַנקעוו־הערש בלייַבט. ער איז שטענדיק יונג, גאָלט זיך אַלע טאָג, און אַף יעדער שטעטלדיקן באַל פּירט ער אָן מיט די טענץ. ניט איין דאָר יינגלעך און מיידלעך געדענקען זייַנע אויסגעשרייען בא די טענץ „אַנגאַזשע" און „אַדרוא". דעם טייַטש פון די ווערטער ווייסט קיינער ניט ביז איצטער. מעגלעך, ער איז אין דער אויסדערוויילטער קאָמפּאַניע דערפאַר, ווייַל ער שפּילט אין שטעטלדיקן דראַמקרייַז שטענדיק די טראַגישע הויפּט־ראָלן.

די קאָמפּאַניע גייט אַוועק זיך באָדן, און אין שטעטל איז ווידער שטיל, ווידער הייס, ווידער שאַבעס.

לעבן פּוסטן קאָסטיאָל אַף די טרעפּ זיצן אייַנזאַם די צוויי מעכוטענעסטעס: די מומע העניע און די מומע מעניע. די צוויי מעכוטענעסטעס שטרייַכן נאָר אונטער די שטילקייַט אין שטעטל. זיי זיצן און שווייַגן. זיי זייַנען עפּשער די איינציקע צוויי ווייַבער אַף דער וועלט, וואָס זיצן שאַבעס באַטאָג און שווייַגן. נאָר ווען־ניט־ווען פאַרוואַרפט די מומע העניע אַן עק פון איר שוואַרצער שאַל אַפן לינקן אַקסל. עס גייט דורך א מינוט, פאַרוואַרפט די מומע מעניע דעם עק פון איר שוואַרצער שאַל אַפן רעכטן אַקסל, שטיל, אָן איין וואָרט צו זאָגן. אָט אַזוי זיצן זיי, ביז עס צינדט זיך אָן א ליכט אין ערשטן פענצטער; דעמלט הייבן זיך די מעכוטענעסטעס אוף און זאָגן איינע דער אַנדערער „א גוטע־וואָך" און לאָזן זיך גיין אַהיים. דערמיט ענדיקט זיך דער שאַבעס אין שטעטל.

נאָר הייַנט איז דער שאַבעס אַוועקגעגאַנגען מיט אַן אַנדער וועג. באַטאָג, ווען די זון האָט נאָך געהאַלטן אין עמעסן ברען, די אינטעליגענציע איז ערשט אַוועק זיך באָדן, די מעכוטע־נעסטעס זייַנען געזעסן אַף די טרעפּ פון קאָסטיאָל און געשוויגן, האָבן זיי פּלוצעם דערזען, ווי פון הינטערן קאָסטיאָל, פון דאָרטן, ווו ס'האָט זיך געעפנט די נייַע זיבניאָריקע שול, איז אַרויסגעלאָפן א כאַפּטע יינגלעך מיט מיידלעך, איבעריאָגנדיק איינער דעם אַנדערן. די יינג־לעך אַפריער, די מיידלעך פון הינטן. אייניקע פון זיי טראָגן טאַבורעטקעס, צוויי מיידלעך טראָגן א באַנק אינצווייען. די מעכוטענעסטעס האָבן אויסגעדרייט די קעפּ אין יענער ריכטונג און האָבן דערזען, אַז די שילער גייען אַרייַן אין לייען־שטיבל. מיט א טומל, מיט א ראַש, מיט אויסגעשרייען. זיי האָבן ווי אומגעריכט אופגעוועקט דאָס שטעטל פון שלאָף שאַבעס באַטאָג נאָכן עסן.

נאָך די קינדער האָט זיך באַוויזן דער יונגער נייַער לערער אָלעקסע פּעטראָוויטש גאַמור־ליאַן. ניט קיין הויכער, א שטאַלטנער און עפּשער שוין טאַקע צו א שיינער פאַר א יונגן לערער. אין לייען־שטיבל האָט אָלעקסע געטראָפן שוין זיצן אַף א באַנק עטלעכע יידן. מ'האָט געזען, אַז ס'איז זיי ניט באַקוועם צו זיצן, ווי ס'איז ביכלאַל ניט באַקוועם עלטערע מענטשן צו זיצן אַף א נאָרמאַלער שול־באַנק.

— כאַווער לערער! לויט די בענק, וואָס איר האָט פאַר אונדז צוגעגרייט, זעט מען, אַז איר האָט אונדז פאַרבעטן ניט צו דער צייַט, — האָט זיך אָנגערופן דער פּעטער בער, וואָס האָט געהאַט א טעווע זיך כאַכמענען ניט שטענדיק צום וואָרט.

אין שטעטל האָט מען געקענט דעם פעטער בער ווי זייער א קאַרגן ייִדן, וואָס זשאַלעוועט זיך א גראָשן. ווינטער בינדט ער אַרום די שטיוול מיט שטריקלעך, עס זאָלן זיך ניט אויסרייַבן די פּאָדעשוועס. אין דער באַלעבאַטישקייַט האַלט ער קיינמאָל ניט קיין בעהיימע. ער האַלט נאָר ציגן, א סאַך ציגן. ציגן, זאָגט ער, עסן ווייניקער. באַם פעטער בער איז געווען דאָס פערטע ווייַב. דרייַ ווייַבער זייַנען בא אים געשטאָרבן. ווען ער האָט כאַסענע געהאַט מיט דעם פערטן ווייַב, מיט דער מומע העניע, האָט מען אין פעלשטין געזאָגט, אַז גאָט האָט צעריסן ניט איין פּאָר שיך, ביז ער האָט זי צונויפגעפּאָרט. אַז מע פלעגט אין דער מישפּאָכע פרעגן בא דער מומע העניע וועגן דעם פעטער בער, וויאַזוי האַלט זי אויס פון אים, וויאַזוי לעבן זיי, פלעגט זי נאָר א מאַך טאָן מיט דער האַנט. דערווייַל האָט די מומע העניע געלעבט, איז געווען געזונט און שטאַרק, און דער פעטער בער איז, ווייַזט אויס, געווען צופרידן.

— הערסטו, בער, וואָס איך וועל דיר זאָגן? — האָט זיך אָנגערופן אַף דער צווייטער באַנק אווראָם נודניק, אַן עלטערער ייִד מיט א קורץ געשוירן בערדל. — זיי האָבן פאַר אונדז צוגעגרייט ניט נאָר שלעכטע ערטער, זיי וועלן נאָך אַהערצו איינלאַדן דעם פין-אינספּעקטאָר, ער זאָל אונדז לייענען א לעקציע.

אווראָם נודניק האָט זיך אַליין צעלאַכט פון זייַן וויץ, ווייַל מער האָט קיינער אפילע קיין שמייכל ניט געטאָן.

אַלע ייִדן, וואָס זייַנען געזעסן אין לייען-שטיבל, האָבן גוט געוווּסט, אַז אווראָם נודניק האָט ניט קיין פּאַטענט. ער האָט געוווינט בא דער בריק. אין א מאַרק-טאָג פלעגט ער אופשטיין גאַנצפרי, אַרויס אַף דער בריק, איבערנעמען אַפן וועג אַלע פויערטעס, וואָס גייען פון די דערפער אין מאַרק אַרייַן, דינגען זיך אַזוי לאַנג מיט זיי, ביז ער פלעגט אויסדינגען וועלוועלער א שאָק אייער, א הון, א בינטל ציבעלעס. דאָס איז זייַן פּאַטענט, זייַן קראָם, זייַן פּאַרנאָסע.

אין לייען-שטיבל זייַנען זיך דערווייַל צונויפגעקומען נאָך ייִדן, וואָס די שול האָט אַרויסגערופן.

אַלעקסע פּעטראָוויטש איז צוגעגאַנגען צו א שילערן, גענומען פון אירע הענט א רויטן סערוועט, וואָס זי האָט געהאַלטן פאַרוויקלט אין א צייַטונג, פאַרשפּרייט דעם אַלטן, מיט טינט פאַרפלעקטן טיש און געבליבן שטיין לעבן אים. אין לייען-שטיבל איז געוואָרן שטיל.

— כאַווײרים עלטערן! — האָט לאַנגזאַם אָנגעהויבן אַלעקסע פּעטראָוויטש. און פון די ווערטער איז אַלעמען געוואָרן באַקוועמער צו זיצן. פון אַט די פרייַנטלעכע ווערטער האָבן זיי ווי צום ערשטן מאָל זיך דערוווּסט, אַז זיי זייַנען עס די עמעסע טאַטעס פון אַט די שלוימעלעך, אוורעמעלעך, ברייַנציס און ליבעלעך, וואָס זיצן אַף די בענק און האַלטן אין איין ווישן די טרוקענע נעזער. — דער שולקאָם האָט אַרויסגעלאָזט א וואַנט-צייַטונג, אַט הענגט זי פאַר אייַך, און אַלע האָבן זי מיסטאָמע שוין גוט אָנגעקוקט. דאָרט איז פאַראַן א סאַך קאַריקאַטורן אַף אונדזערע שילער, אייַערע קינדער, וואָס האַנדלען אַפן מאַרק, אין די קלייטן, בא די שטעלעכלעך, לעבן די טישלעך, אַף דער בריק. מיר טוען עס ניט צוליב דעם, אַז די טאַטעס זאָלן שלאָגן די שילער אָדער די קינדער זאָלן אַנטלויפן פון די טאַטעס. מיר ווילן נאָר, אַז די טאַטעס זאָלן זיך פאַרטראַכטן: ביז די שילער וועלן אַפן מאַרק האַנדלען, וועלן מיר זיי קיין זאַך ניט קענען אויסלערנען. טראַכט וועגן אייַערע קינדער. געדענקט, זיי וועלן אייַך נאָכדעם ניט מויכל זייַן!

אין לייען-שטיבל איז נאָך קיינמאָל אַזוי שטיל ניט געווען. דאָס ערשטע מאָל האָט מיט זיי גערעדט א לערער, דער נייַער יונגער לערער פון שול. און די ייִנגלעך און מיידלעך קוקן אים אַזוי אין מויל אַרייַן. דעם רעבן אין כיידער האָבן זיי קיינמאָל אַזוי ניט געהערט. עס קאָן דאָך ניט זייַן, אַז אַט דער יונגער לערער, אַט דער רויטאַרמייער, זאָל ניט זייַן קיין גוטער פרייַנט די מענטשן, וואָס זיצן דאָ. און מענאַשע דער גלעזער האָט זיך אופגעהויבן און געבעטן א וואָרט. ער האָט גערעדט אַף ייִדיש, אַלע האָבן אים פאַרשטאַנען, אַלעקסע פּעטראָוויטש איז אַליין געווען פון א פּאָדאָליער שטעטל, געוואַקסן צווישן ייִדן און פרייַ גערעדט ייִדיש.

— מייַן שמוליק האָט מען דאָ אין צייַטונג ניט אָנגעמאָלט, — האָט אָנגעהויבן מענאַשע דער גלעזער, — מייַן שמוליק האַנדלט ניט אַפן מאַרק. טייַערער אַלעקסע פּעטראָוויטש, וואָס זאָלן מיר טאָן? מיר, אַלע טאַטעס פון די שטעטלדיקע קינדער? הונדערטער יאָרן זייַנען קינדער דאָ געוואַקסן, קליינערהייט געגאַנגען צופוס אין די דערפער, דערנאָך כאַסענע געהאַט, זיך געקויפט פערד-און-וועגעלע און געפאָרן אין דאָרף אַרייַן. ניט מיר קענען איבערמאַכן די קינדער, כאָטש קינדער ווילן, אַז מיר זאָלן זיי איבערמאַכן. גיט אונדז אַן אייצע, ס'איז ניט גלאַט אַזוי קראַנק געוואָרן א ייִד און מע האָט אַרויסגערופן יעכיעל דעם רופע מיטן טערמאָמעטער. ס'איז קראַנק א שטאָט, מיט די ווייַבער, מיט די קינדער, אַלע זייַנען קראַנק. אַלעקסע פּעטראָוויטש, איר זייַט נאָך יונג, איר שטעלט זיך ניט פאָר, וויאַזוי ס'איז שווער. מייַן שמוליק וויל זיך לערנען, ער וויל ניט זייַן קיין גלעזער, ער וויל ניט פאָרן אין די דערפער און אַרייַנ-

שטעלן טאַפּליעס. אַז איך פֿאָר איצט אין דאָרף, זיץ בא זיך אין וועגעלע און שריַי אַף א קאָל „אַריַינשטעלן טאַפּליעס!“, שלעפּט מיך שמוליק באַם אַרבל, ער שעמט זיך. ייִדן, אַז ווי צו די טאַטעס, וואָס די קינדער שעמען זיך מיט זיי.

אַז מענאַשע האָט געענדיקט ריידן, איז אין לייען־שטיבל געוואָרן אַ טומל. אַלע האָבן גע־רעדט, אַלע האָבן געמאַכט מיט די הענט, אַלע האָבן געצויגן איינער דעם צווייטן בא די פּאָלעס, אַלע האָבן אויסגעשריִען זייערע טייַנעס. אַלעקסע פּעטראַוויטש האָט אַפּילע ניט געפּרוווט איַינ־שטעלן קיין אָרדענונג. זאָלן זיי שריַיען, זאָלן זיי זיך אויסטייַנען. שפּעטער, באַנאַכט, אין דער פֿינצטער, בא זיך אין בעט, וועלן זיי אָנהייבן האָבן טייַנעס צו זיך אַליין.

ווי שטענדיק זומער, ווערט שפּעט פֿינצטער. די זון איז שוין לאַנג פֿאַרגאַנגען. ס'האָט שוין לאַנג זיך באַוויזן ליכט אין ערשטן פֿענצטער. די מעכוטענעסטעס האָבן שוין לאַנג געזאָגט איינע דער אַנדערער „א גוטע־וואָך“.

אַלעקסע פּעטראַוויטש האָט פֿאַרשלאָסן די טיר פֿון לייען־שטיבל און איז געבליבן שטיין בא דער שוועל. דאָס שטעטל איז פֿאַר אים געלעגן מיט איינצלנע בײַערלעך אין די פֿענצטער. אַפֿן שאָסיי האָבן שפּאַצירט געאַרעמט אַהין און צוריק צווײ מיידלעך־כאַווערטעס.

אַלעקסע פּעטראַוויטש לאָזט זיך גיין צוריק מיטן וועג. קיינער קומט אים ניט אַנטקעגן. פּוסט. אין איינִיקע שטיבלעך זיַינען אָפֿן די טירן, אַף די שוועלן זיצן באַלעבאָסטעס. אין דרויסן שפּילן זיך קינדער. בא איין שטיבל ליגט בא דער טיר אויסגעשפּרייט אַ פּידזשאַק און דער באַלעבאָס ליגט אַף אים. ווי־זט אויס, אַז אין שטוב איז שטאַרק הייס.

אַלעקסע הייבט אָן טראַכטן וועגן שטעטל, וועגן די ייִדן, וועגן זייערע קינדער. זייער שטייגער, זייער לעבן איז אים גוט באַקאַנט און פֿון לאַנג היימיש. אָט די בילדער זומער אַפּדער־נאַכט אין שטעטל האָט ער אין דער קינדהייַט ניט איין מאָל געזען. ער ווייסט, אַז פֿאַרטאָג, נאָך פֿאַרן זון־אויפֿגאַנג, וועט די גאַס אויסזען אַנדערש. אַלע ייִדן וועלן שוין זיַין וואַך. ווער ס'וועט זיצן בא דער נאָדל, ווער ס'וועט זיך קלײַבן אין דאָרף, ווער ס'וועט שוין שניצן די קלעפּקעס. אַלעקסע דערמאָנט זיך מענאַשע דעם גלעזערס ווערטער אין לייען־שטיבל. וואָס זאָלן זיי טאָן, די אַלע טאַטעס פֿון די שטעטלדיקע קינדער? הונדערטער יאָרן וואַקסן אַזוי קינדער... ער, אַלעקסע, דער לערער, דאַרף זיי געבן צו פֿאַרשטיין, אַז עס איז געקומען אַ נײַע צײַט אויך פֿאַרן שטעטל.

ווי לאַנג ער איז אַזוי געגאַנגען, ווייסט ער ניט. פּלוצעם האָט ער באַמערקט, ווי פֿאַר זיַינע אויגן איז אויסגעוואַקסן אַ ייִנגל.

— א גוטן־אָוונט, כאַווער לערער!

און אַלעקסע פּעטראַוויטש האָט דערזען הארט לעבן זיך שמוליקן.

— דו שפּאַצירסט אַזוי שפּעט, שמוליק?

— ניין, כאַווער לערער, כ'בין אַרויס אײַך זוכן, דער טאַטע האָט מיך געשיקט.

— און ווי רעכנסטו, שמוליק, דער טאַטע וועט אַף אונדז ניט שרײַען, אויב מיר וועלן אַ ביסל גיין שפּאַצירן? עס ווילט זיך נאָך ניט גיין אַהיים.

אַ שטיקל צײַט זיַינען ביידע געגאַנגען שווײַגנדיק.

אומגעריכט זײַנען זיי אַנטקעגן אָנגעקומען צוויי עלטערע ייִדן, ווי פֿון אונטער דער ערד אויסגעוואַקסן. זיי זײַנען געגאַנגען גיך, געמאַכט מיט די הענט, ריידנדיק צווישן זיך. דאָס איז געווען דער פֿעטער בער און אווראָם נודניק. זיי האָבן אַפּילע ניט באַמערקט שמוליקן מיטן לערער. פֿאַרקערעוועט אין אַ זײַטיק געסל, האָבן זיי זיך געלאָזן גיין צו מענאַשע דעם גלעזער.

— אַזוי שפּעט גייען זיי צו אײַך. ווי־זט אויס, מיט אַ וויכטיקן איניען.

אַלעקסע פּעטראַוויטש מיט שמוליקן האָבן זיך פֿאַרנומען מיטן שאָסיי אַרויף, צו די ביימער.

זלאַטע, מענאַשע דעם גלעזערס ווײַב, גרייט זיך הײַנט אין וועג. זי קלײַבט זיך פֿאָרן קיין כאַרקאָוו צו גריגאָרי איוואַנאָוויטש פּעטראָווסקין[1]. ניט אַלע טאָג פֿאָרט מען פֿון פֿעלשטין קיין כאַרקאָוו, און נאָך צו פּעטראָווסקין. זי גרייט ניט קיין לעדערנע טשעמאָדאַנעס, זי פּרעסט ניט קיין קליידער. זי פּרעגלט ניט קיין הינער. זי האָט אַרויסגענומען פֿון סאָפּע אַ נײַ זעקל פֿאַר מעלעץ, וואָס ליגט שוין דאָס דריטע יאָר צוגעגרייט פֿון אירטוועגן אַף אַ קליידל, און לייגט אַהין אַרײַן איר ראָזעווען לאַנגן זשאַקעט, דאָס שאַבעסדיקע קליידל און דאָס וואָלענע שאַלכל, מאַלע וואָס אין וועג קאָן זיך טרעפֿן. אַהערצו אין זעקל לייגט זי אַרײַן צוויי לעבעלעך ברויט, אַ ווייצענע בולקע און צען פּלעצלעך מיט מאָן (מיט אַ גלאָז טיי איז אַ פּלעצל אין וועג שטענ־

---

[1] פּאַרזיצער פֿון אַלאוקראַיִנישן צענטראַלן אויספֿיר־קאָמיטעט (פֿון 1919 ביז 1939).

דיק אָן עסן). אין אַ צײַטונג ליגן די ספּראָווקעס, פּאַפּירן פון דאָרפסאָוועט, פון קאָמנעזאַם. באַהאַלטנדיק די פּאַפּירן, טראַכט זלאַטע: ניט יעדער פרוי שיקט מען פון פעלשטין צו פּעטראָווסקין.

נאָך דער פאַרזאַמלונג אין לײַען־שטיבל, וואָס די שול האָט צונויפגערופן, האָבן שפּעט אין אָוונט זיך אַרײַנגעשטעלט אין שטוב אַרײַן צו מענאַשע דעם גלעזער דער פּעטער בער און אווראָם נודניק. זיי האָבן געדאַרפט אַ סאַך ריידן, ביז זיי האָבן דערקלערט, צוליב וואָס זיי זײַנען געקומען, פאַרוואָס דאַפקע צו זלאַטע מענאַשעס. זיי האָבן געמוזט אויסטרינקען צו צוויי גלעזער טיי ווּפּריקוסקו. און געקומען זײַנען זיי אָט פאַרוואָס. אין פעלשטין קען מען זלאַטע מענאַשעס: אַ הויכע, אַ וווקסיקע פרוי, די אַרבל שטענדיק פאַרקאַטשעט, דער קאָפּ פאַרבונדן מיט אַ שניי־ווײַסער קופּקע. דאָס פולבלעכע פּאָנעם איז שיין און ליכטיק. זי רעדט זייער גוט אויף אוקראַיִניש (וואָס איז אַ זעלטנהייט אין פעלשטין). אויסגעוואַקסן איז זי אין אַ דאָרף, איר טאַטע האָט געאַרבעט באַם פּאָרעץ אין מיל. אַז מענאַשע האָט נאָך דער כאַסענע זי אַראָפּגעבראַכט קיין פעלשטין, האָט די אוקראַיִנישע שכיינע זייערע אין שטעטל וואַלענטינאַ כאַרלאַמפּאָוונאַ אויף רוסישן פּייסעך זי באַגריסט, געזאָגט „כריסטאָס וואָסקרעס“ און זיך צעקושט מיט זלאַטען. דאָס גאַנצע שטעטל האָט וועגן דעם געוווסט. אין דער צײַט פון בירגערקריג, אַז ס'זײַנען אין שטעטל אַרײַן די פּעטליוראָווצעס, איז דער מאַן אירער מיט די קינדער געלעגן באַהאַלטן אויפן בוידעם, און זלאַטע איז געשטאַנען אין דרויסן אויף דער שוועל און גערעדט מיט די קאַזאַקן אויף אוקראַיִניש. אַז די פּעטליוראָווצעס האָבן אין פעלשטין גענומען צען ייִדן פאַר אָרוועס־לײַט, האָט מען זי, זלאַטע מענאַשעס, געשיקט צונויפריידן זיך און אויסקויפן די אָרעווניקעס, ווײַל זייער לעבן איז געהאַנגען אויף אַ האָר.

פאַרשטייט זיך, באַגעגענען די באָלשעוויקעס איז געגאַנגען דאָס גאַנצע שטעטל, קליין און גרויס, קינד־און־קייט, און זלאַטע איז אויך געגאַנגען. דאָ האָט מען געקאָנט זיך באַגיין אָן זלאַטעס העלדישקײַט. נאָר איצט, אויף דער פאַרזאַמלונג אין לײַען־שטיבל, ווען ס'איז אַוועק אַ רייד, אַז מע דאַרף ראַטעווען אַ שטעטל, מע דאַרף אופשטעלן די גוראַלניע, אַלע ייִדן זאָלן קאָנען דאָרט אַרבעטן, דאָס הייסט, מע דאַרף זיך דערשלאָגן אַ דערלויבעניש און גרויסע סומעס געלט אויף אופשטעלן די גוראַלניע באַ פּעטראָווסקין אַליין, ווײַל נאָר ער האָט די רעכט אַזוינס צו טאָן, ווען ס'איז אַוועק אַ רייד וועגן דעם, איז מען געפאַלן אויפן געדאַנק: זלאַטע מענאַשעס. און אַלע זײַנען זיך צונויפגעגאַנגען אויף דעם, אַז נאָר זי, זלאַטע מענאַשעס, דאַרף מען שיקן צו פּעטראָווסקין, נאָר זי וועט זיך קאָנען מיט אים אויסטײַנען. דער פּעטער בער און אווראָם נודניק זײַנען געקומען אָנזאָגן דעם באַשלוס פון דער אַסיפע, אָפּגעזעסן אַ האַלבע נאַכט און געפּויעלט. זלאַטע האָט געגעבן איר האַסקאָמע.

הײַנט, זונטיק אינדערפרי, פאָרט זי מיט פּאַוולען אויף דער סטאַנציע, וווהין ער פאָרט אַלע טאָג נאָך דער פּאָטשט. און מאָנטיק וועט זי זײַן אין כאַרקאָוו. אין דרויסן, באַ דער שטוב, איז שוין געשטאַנען מענאַשע דער גלעזער, לעבן אים דאָס פאַרפּאַקעוועטע נײַע מעלעך־זעקל, פון אויבן פאַרבונדן מיט אַ שטריקל. פון שטוב איז אַרויסגעגאַנגען מיט אַ קוישל אין האַנט זלאַטע. אַנטקעגן דער שטוב זײַנען שוין געשטאַנען רעדלעך מיט ייִדן, באַזונדערס אַ סאַך — ווײַבער מיט קאָשעקעס אין די הענט. זיי האָבן געמאַכט דעם אָנשטעל, ווי זיי וואָלטן זיך דאָ צופעליק אָפּגעשטעלט, גייענדיק אויפן מאַרק. פון איין רעדל צום אַנדערן זײַנען אַרומגעלאָפן ייִנגעלעך און מיידעלעך, קלענערע און גרעסערע.

באַלד איז צו מענאַשעס שטיבל צוגעפאָרן פּאַוולאָ מיטן שאַראַבאַן. זלאַטע האָט זיך אויפגעזעצט אויפן בינטל היי, וואָס איז געלעגן אין שאַראַבאַן, פאַרשפּרייט מיט אַ שטיקל רעדנע. און דער פּלאַץ מיט ייִדן, ווײַבער, קינדער האָט זיך אַ וויג געטאָן. עס האָט זיי געקאָסט גענוג מי, אָט די ייִדן, זיי זאָלן זיך אײַנהאַלטן, ניט לאָזן זיך לויפן צום שאַראַבאַן, נאָר גיין פּאַמעלעך, געלאַסן, סטאַטעטשנע, גלײַך ווי זיי האָבן צופעליק דערזען זלאַטען אויף דער פור, גלײַך ווי זיי האָבן זיך ערשט איצט דערוווּסט, אַז זלאַטע פאָרט צו פּעטראָווסקין.

באַלד איז אַרום דער פור, אַרום זלאַטען שוין געשטאַנען האַלב פעלשטין. די צווייטע העלפט איז געשטאַנען פונדערווײַטנס, אויפן שאָסיי, און געוואַרט, ביז זלאַטע וועט פאַרבײַפאָרן. אויסרופן, געזעגענישן האָבן זיך נאָכגעטראָגן פון אַלע זײַטן:

— פאָר געזונט, זלאַטע!

— קום געזונט!

— זײַ מאַצליִעך!

מענאַשע איז נאָכגעגאַנגען נאָכן שאַראַבאַן באַ דער זײַט און שטילערהייט עפּעס געהאַלטן אין איין אָנזאָגן זלאַטען:

— געדענק, פאַרגעס ניט...

— געדענק, זאָלסט אים דערמאָנען...

אז זלאטע האָט זיך קוים מיט צאָרעס, מיט שטופעניש, מיט געשרייען, א פיטש־נאסע אריַינ־געזעצט אין צוג, איז דער וואגאָן שוין געווען פול געפאקט מיט מענטשן, מיט זעק, מיט קלומ־קעס — קיין נאָדל ניט געווען וווהין אריַינצוּוואַרפן. זלאטע האָט זיך קוים דורכגעשלאָגן צום עק וואגאָן, זי האָט זיך אָפּגעשטעלט מיטן זעקל אף די פלייצעס, און די פאסאזשירן האָבן, צוּרוקנ־דיק זיך איינער צום צווייטן, געמאכט אן אָרט פאר איר.

קאיאָר איז דער צוג אָנגעקומען קיין כארקאָוו. מיטן זעקל אף די פלייצעס, מיטן קוישל אין דער האנט איז זלאטע געבליבן שטיין אפן וואָקזאל־פלאץ. זי האָט גענומען פרעגן בא מענטשן, ווי פאָרט מען אין ווּציק[1], צו פעטראָווסקין. נאָר זי האָט גליַיך דערזען, אז וויבאלד זי ווייסט די שטאָט ניט, וועט זי לויט די ענטפערן, וואָס זי הערט פון מענטשן: גיין צוויי קווארטאלן, זיך נעמען אף רעכטס, זיך זעצן אף א טראמוויַי, דערנאָך אריבערגיין דעם וועג, זיך איבערזעצן אף אן אנדער טראמוויַי, דערנאָך פארקערעווען לינקס, — וועט זי אין ווּציק ניט טרעפן און פעט־ראָווסקין ניט זען. זלאטע האָט באשטימט, אז דאָס בעסטע איז פאָשעט גיין צופוס, אלעמאָל זיך אָפּשטעלן און פרעגן דעם וועג. דער איקער ניט שעמען זיך און פרעגן. זלאטע איז אוועק איבער די פארטאָגיקע כארקאָווער גאסן. די דורכגייער האָבן פארוואונדערט געקוקט אף דער ייִדענע מיטן זעקל אף די פלייצעס. זי גייט גליַיך, אף קיין טראמוויַי זעצט זי זיך ניט, צו קיין אווטאָבוס שטעלט זי זיך ניט אין דער ריי, נאָר אז זי באגעגנט א דורכגייער מיט א פאָרטפעל, שטעלט זי אים אָפּ און פרעגט בא אים, ווי גייט מען אין ווּציק צו פעטראָווסקין אף אן אופנאם. אזוי איז זלאטע געגאנגען, ביז א מיליציאָנער האָט איר אָנגעוויזן אף א גרויסער ריי.

— שטעלט זיך אין אָט דער ריי. דאָ פארשריַיבט מען צו פעטראָווסקין אף אן אופנאם, — האָט דער מיליציאָנער העפלעך געזאָגט.

אז מע האָט געעפנט די טיר און אָנגעהויבן איינציקוויַיז אריַינלאָזן די מענטשן, איז אין דער ריי געוואָרן א שטיקל טומל, א מין שושקעריַי, ווי גליַיך עמעצער וואָלט געשלאָפן און מע האָט מוירע אים אופוועקן. זלאטע איז אריַין מיטן זעקל אף די פלייצעס, מוירע האָבנדיק ארויס־לאָזן דאָס קוישל פון די הענט, אין זייער א גרויסן קאבינעט מיט א סאך בענקלעך בא די ווענט. דער קאבינעט איז פול מיט מענטשן, אלע סטארען זיך ריידן שטיל און דערפון איז א גרויסער טומל. בא דער וואנט אנטקעגן שטייען דריַי טישן, בא יעדער טיש זיצט א מענטש, וואָס קוקט דורך די דאָקומענטן און פארשריַיבט אף אן אופנאם צו פעטראָווסקין. זלאטע האָט פאר זיך אָנגע־מערקט, צו א וועלכן טיש זי וועט צוגיין, און האָט דערוויַיל זיך אוועקגעשטעלט באם פענצטער, צעבונדן דאָס זעקל, גענומען צוגרייטן די פאפירן. אז דער מיליציאָנער האָט זי א טאָרע געטאָן מיטן פינגער אין פלייצע, אָנגעוויזן אף א פריַיען טיש, האָט זי נאָך ניט געהאט צוריק פארבונדן דאָס זעקל. זלאטע האָט זיך אזוי פארלוירן, אז זי האָט געלאָזט דאָס זעקל מיטן קוישל און איז אוועק צום טיש.

פאר זלאטען איז געזעסן א שיינער יונגערמאן מיט פענסנע, פונקט אזעלכע, ווי עס טראָגט אין פעלשטין דער דאָקטער. בא אים איז געווען א רייך, אויסגעגאָלט פאָנעם, אויסגעוואשענע, ריינע, דורכזיכטיקע הענט.

— איז פארוואָס ווילט איר, עס זאָל איַיך אופנעמען נאָר גריגאָרי איוואנאָוויטש אליין? — האָט דער יונגערמאן מיט א שמייכל געפרעגט, אראָפּגענומען די פענסנע און זיי גענומען ווישן מיטן שניי־וויַיס טיכעלע.

— ניט איך וויל, א שטאָט מיט ייִדן וויל אזוי, — האָט זלאטע געענטפערט. — פאר וועמען נאָך וועל איך זיך קאָנען אזוי אויסריידן?

דער יונגערמאן האָט פארשריבן זלאטעס פאמיליע, אויסגעשריבן א פראָפּוסק[2], זיך אופגע־הויבן פון בענקל און, דערלאנגענדיק דעם פראָפּוסק זלאטען, געזאָגט:

— קומט מיט מיר, וועל איך איַיך וויַיזן, וווהין מע דארף גיין. נישקאָשע, נישקאָשע, נעמט איַיער זעקל, איַיער קוישל. אלץ. דאָרט וועט איר עס איבערלאָזן בא דער סעקרעטארשע, איידער איר וועט דארפן אריַינגיין צו פעטראָווסקין.

דער יונגערמאן איז אריַין מיט זלאטען אין אן איינשטאָקיקן פליגל אין הויף. אין ערשטן צימער איז געזעסן א סעקרעטארשע, לעבן איר אפן טישל זיַינען געשטאנען צוויי טעלעפאָנען. זלאטע האָט איר דערלאנגט דעם פראָפּוסק, דער יונגערמאן האָט עפעס שטילערהייט געזאָגט דער סעקרעטארשע און מיט דער האנט געוויזן אף זלאטעס קלומקעס.

---

[1] אלאוקראַיִנישער צענטראלער אויספיר־קאָמיטעט.

[2] א דורכלאָז־שיַין.

— אַט דאָ וועט עס שטיין, ביז זי וועט זײַן בא גריגאָרי איוואַנאָוויטשן, — האָט די סעקרע־טאַרשע הויך געזאָגט, און דער יונגערמאַן איז ארויס פון צימער.

באַלד איז פון קאַבינעט ארויס אַן עלטערער פויער אין א ווינטערדיקער קוטשמע, כאָטש אין דרויסן איז געווען אווגוסט כוידעש. עס האָט א קלונג געטאָן דער טעלעפאָן, און די סעקרעטאַרשע האָט זיך אָנגערופן צו זלאַטען:

— ביטע, איר קענט ארײַנגיין, גריגאָרי איוואַנאָוויטש וואַרט אף אײַך.

זלאַטע האָט זיך אַזש פאַרלאָרן, ווען זי האָט דערזען זיצן אין א ווײַכן שטול באַם טיש פעטראָווסקין. זי האָט אים באַלד דערקענט. ער איז געווען פונקט אַזאַ, ווי אַף די פאָרטרעטן, דאָס זעלבע בערדל, די זעלבע ברילן, אַלץ. נאָר אַז זי איז צוגעגאַנגען נעענטער צום טיש און ער האָט איר דערלאַנגט די האַנט און געבעטן זיצן, האָט זי פלוצעם דערזען, אַז דאָס בערדל, די ברילן זײַנען טאַקע פון פאָרטרעט, נאָר דאָס פאָנעם איז א פראָסטס. א געוויינלעך פאָנעם, ווי בא מיכײַלאָ דעם שמיד אין שכיינישן דאָרף.

זלאַטע איז אפילע געווען א ביסל אַנטוישט, וואָס בא פעטראָווסקין איז אַזאַ געוויינלעך פאָנעם. וואָס וועט זי דערציילן אין פעלשטין?

זלאַטע האָט קיין וואָרט ניט געזאָגט, ארויסגענומען אַלע פאַפירן און דערלאַנגט פעטראָווסקין. ער האָט אָנגעהויבן לייענען ניט געײַלט, אופמערקזאַם. זלאַטע האָט נאָר געקוקט, צי לייענט פעט־ראָווסקי די פאַפירלעך לויט דער אָרדענונג, ווי זי האָט אים געגעבן. פלוצעם, ווען פעטראָווסקי האָט איבערגעלייענט עפעס א ספראַווקע, פון דאָרפסאָוועט דוכט זיך, האָט ער אופגעהויבן די אויגן, אופגעהערט לייענען און באַטראַכט זלאַטען פון קאָפ ביז די פיס. זי האָט אַזש אַפן בענקל זיך א רוק געטאָן. דערנאָך האָט ער ווידער גענומען לייענען.

— און איר אַליין מיט וואָס פאַרנעמט זיך? — האָט פעטראָווסקי זיך אויסגעקערעוועט מיטן גאַנצן קערפער צו זלאַטען.

זלאַטע האָט פון אומגעריכטקײַט זיך אופגעהויבן פון בענקל און געבליבן שטיין.

— איך בין א פאַשעטע שטעטלדיקע יידענע, מײַן מאַן איז א גלעזער. נאָר ווער בויט איצט שטיבער? ווער דאַרף האָבן פענצטער? אַז מע זעצט אויס א טאַפליע, פאַרשטעלט מען מיט א קישן, מע פאַרקלאַפט מיט א פאַניער.

— און א שול פאַר די קינדער איז פאַראַן בא אײַך אין שטעטל? א נײַע שול, א סאָוועט־טישע? — האָט פעטראָווסקי געפרעגט.

— פאַראַן א שול. נאָר וואָס קאָן העלפן די שול? אַז דאָרטן לערנט מען זיי איינס, און אַז זיי קומען אהיים, אַפן יאַריד, אַף דער טאַראַהאָוויצע, זעען זיי גאָר עפעס אַנדערש. כאַווער פעטראָווסקי, איר קאָנט זיך אַפילע ניט פאָרשטעלן, וויאַזוי די יידן אין שטעטל לעבן. מײַן מאַן איז א גלעזער. וועסנע, אָסיען און ווינטער זיצט ער, פאַרשטייט זיך, און אַז ער גייט ארײַן צו א שאָכן א שניטקרעמער אַנטלײַען א קערבל, ענטפערט יענער: „מענאַשע, כ'האָב דיר שוין געלײַען און דו האָסט מיר שוין ניט אָפגעגעבן", — און מענאַשע גייט אַוועק מיט גאָרניט. צי דען קאָן מײַן שמוליק וועלן זײַן א גלעזער?

— כאַווערטע קרעל! איך קען דאָס שטעטל און וויים, ווי מע לעבט דאָרט. ווען איר קומט צו מיר מיט א ביטע, איך זאָל אײַער מאַן אײַנאָרדענען אַף אַרבעט, גיב איך איין מאָל א טראַכט, א צווייטן מאָל, און איך וואָלט מיסטאָמע עפעס צוגעטראַכט. אָבער וואָס זאָל איך טאָן מיט א גאַנץ שטעטל? און אַף אוקראַינע איז ניט איין שטעטל, און ניט צען אַפילע. מיט דעם זײַנען פאַרבונדן צענדליקער אַנדערע פראַגעס, וועלכע מע דאַרף לייזן. אַף דעם טראַכט איצטער ניט נאָר איין פעטראָווסקי. — און גריגאָרי איוואַנאָוויטש האָט זיך אָנגעשפאַרט אין ווענטל פון ווייכן שטול, אַפילע אוועקגעלייגט דעם קאָפ אַפן ווענטל און פאַרמאַכט די אויגן. — איר זײַט ניט קיין נאַרישע פרוי, כאַווערטע קרעל, העלפט אונדז אויך א טראַכט טאָן.

זלאַטע האָט זיך שוין געפילט אַזוי, גלײַך זי רעדט מיט א היימישן מענטשן. זי האָט זיך פעסטער אוועקגעזעצט אַפן בענקל.

— דאָס גאַנצע שטעטל האָט פאַר מיר געטראַכט און צוגעטראַכט. ווען מע שטעלט אוף די גוראַלניע לעבן שטעטל, הייבן דאָרט אָן אַרבעטן צוועלפט הונדערט מענטשן, דערנאָך מערער און מערער, מיר וואָלטן געהאַט אַן אָנהייב פון א נײַ שטעטל.

— ריכטיק, אָט אַזוי טוט, מיר וועלן אײַך שטענדיק העלפן, — האָט זיך אָנגערופן ערנסט גריגאָרי איוואַנאָוויטש.

— ווי איר פאַרשטייט, אַזוי וועט זײַן, — האָט מיט א ביסל א געפאַלענער שטים געענט־פערט זלאַטע, — אויב מע וועט דאַרפן א מענטשן פון צענטער, וועט איר צושיקן פון כאַרקאָוו.

— איך מיין, — האָט גריגאָרי איוואַנאָוויטש אוועקגעלייגט ביידע הענט אַפן טיש, — אַז דאָס

דארף זײַן א מענטש פון שטעטל, וואָס קען די מענטשן, וואָס קאָן זיך צונויפריידן מיט זיי, אין יעדן פאַל געפינען דאָס נייטיקע וואָרט.

— ווו זשע נעמט מען אזא מענטשן? — האָט זלאַטע נאַיִוו געפרעגט.

— איך מיין, אז דער מענטש דארפט איר זײַן, כּאַווערטע קרעל! — האָט פּעטראָווסקי אומגעריכט געזאָגט.

פאַקטיש האָט אף דעם זיך געענדיקט דער געשפרעך פון זלאַטע קרעל מיטן כאַווער פּעטראָווסקי. דער געשפרעך, וואָס האָט נאָכדעם געשפּילט אזא גרויסע ראָליע אין לעבן פון פעלשטין.

דערנאָך האָט גריגאָרי איוואַנאָוויטש אָנגעקלונגען אין טעלעפאָן, ארויסגערופן די סעקרעטארשע, איר געזאָגט, וואָס פארא פאפירן זי זאָל אָפּדרוקן פאר זלאַטעס וועגן, זיך אופגעהויבן פון בענקל, געגעבן זלאַטען די האַנט, און זי איז ארויס פון קאַבינעט.

די ערשטע, וואָס האָט דערזען אין פעלשטין פאָרן זלאַטע מענאַשעס פון דער סטאַנציע, איז געווען ראָסיע די נודניטשקע, אווראָם דעם נודניקס ווײַב. אין פעלשטין איז אײַנגעפירט: אויב דעם מאַן רופט מען אווראָם נודניק, רופט מען דאָס ווײַב א גאַנץ לעבן די נודניטשקע. ראָסיע האָט דערזען פאָרן די פאַטשט נאָך לעבן קאָסטיאָל. „ס'איז א גרויסע מיצווע אָנזאָגן א בסורע, אז ס'פאָרט א גאַסט", — האָט ראָסיע א טראַכט געטאָן און זיך געלאָזט לויפן צו מענאַשע דעם גלעזערס שטוב אָנזאָגן אפגיך די בסורע, אז זײַן ווײַב פאָרט.

פארשטייט זיך, אין פעלשטין, אז עס לויפט א פרוי אינמיטן העלן טאָג, שטעלן זי אָפּ אפן וועג א סאַך מענטשן, אויך ראָסיען האָט מען פאַרהאַלטן. דער שוסטער, בא וועמען ס'איז געווען אָפן די טיר, דער שערער, וואָס שטייט שטענדיק אף דער שוועל. און אף וויפל ראָסיע האָט א טעווע, ריידנדיק, זיך אליין פרעגן און אליין ענטפערן: אשטייגער, מע פרעגט זי: פונוואַנען גייט איר? ענטפערט זי: פונוואַנען זאָל איך גיין? פארשטייט זיך, פון מאַרק. דעריבער איז פארשטענדלעך, אז ווען ראָסיע איז ארײַנגעלאָפן צו מענאַשען, איז די פור שוין געשטאַנען אין דרויסן און זלאַטע האָט געטרונקען באַם טיש א גלאָז טיי.

אין א ווײַלע ארום איז די שטוב שוין געווען געפּאַקט מיט מענטשן. אין דרויסן זײַנען געשטאַנען ווײַבער מיט קינדער, וואָס האָבן זיך געשעמט ארײַנצוגיין. מענאַשע האָט זיך א ביסל געפילט פארלוירן דערפון, וואָס זײַן ווײַב איז געוואָרן אזוי באַוווּסט און נייטיק אין שטעטל. ער האָט זיך אלע מאָל ארויסגעכאַפּט פון שטוב אין דרויסן ארויס, א קוק געטאָן אף די מענטשן, אוועקגעטריבן די קינדער. באַם טיש איז שוין געזעסן דער פעטער בער און אווראָם נודניק (ראָסיע איז געשטאַנען אין דרויסן מיט די ווײַבער). זלאַטע האָט דערציילט, וויאַזוי פּעטראָווסקי האָט זי אויסגעפרעגט, ווו זי האָט זיך אָפּגעשטעלט אף קוואַרטיר, צי האָט זי, זלאַטע, געטרונקען טיי. דער פעטער בער האָט געהאַלטן אין איין קנאַקן מיט דער צונג, און אווראָם נודניק האָט נאָר אלעמאָל איבערגעכאַזערט:

— זלאַטע, איך בעט דיך, כאַפּ ניט, כ'וועל ניט פארגעדענקען!

מענאַשע האָט זיך געסטאַרעט ניט זעצן זיך לעבן זלאַטען, אים האָט זיך געדוכט, אז מע גיט איר אָפּ צופיל קאָוועד, כאָטש ס'האָט אים אויך אינטערעסירט יעדעס וואָרט פון דעם, וואָס זלאַטע דערציילט.

אין צען מינוט ארום האָט דאָס גאַנצע שטעטל געוווּסט, אז יידן וועלן אָנהייבן ארבעטן אין גוראַלניע און זלאַטע איז באַשטימט פאר דירעקטאָר. דאָס שטעטל האָט געקאָכט. קיין איין מענטש איז ניט געבליבן רויִק. קיינער האָט זיך ניט געקאָנט נעמען צו זײַן ארבעט: דער שנײַדער — שטעפּן, דער שוסטער — קלאַפּן, דער באָנדער — טעסען, דער קלייטניק — זיצן אין קלייט, דער מאַרק־ייִד — לויפן. אלע האָבן גערעדט: פּעטראָווסקי און גוראַלניע, ווידעראַמאָל פּעטראָווסקי און נאָכאַמאָל גוראַלניע. שמול דער רויטער האָט געשריגן אינמיטן מאַרק צווישן א רעדל, ווײַזנדיק מיטן פינגער אף דער דלאַניע:

— אָט וועט דאָ וועלן וואַקסן האָר, וועלן יידן ווערן ארבעטער.

און אווראָם נודניק, שטייענדיק עטוואָס פונדערווײַטן, האָט שטיל געפרעגט:

— און מע וועט טאַקע צאָלן געלט אלע כוידעש?

זלאַטע איז איצט געזעסן אין שטוב און געטראַכט. זי האָט ניט געוווּסט וואָס צו טאָן: אויסטאָן דאָס שאַבעסדיקע קלייד, אראָפּנעמען דעם זשאַקעט, צי אזוי בלײַבן? זי דארף גיין אין ראַיויספירקאָם, לויפן אין דארפסאָוועט און עפשער זיך צוכאַפּן צו דער גוראַלניע? אָדער גאָר בלײַבן אין דער היים? מענאַשע האָט שוין אזויפיל טעג ניט געגעסן קיין געקעכטס, עפשער צעלייגן פײַער אפן פּריפּעטשיק. אלץ איז אזוי אומגעריכט, אלץ איז אזוי ניט געוויינלעך. זי האָט אפילע פארגעסן, אז שמוליק דארף באַלד קומען פון שול און מע דארף צוגרייטן עסן.

מענאשע איז ארויס באגלייטן דעם פעטער בער און אווראַם נודניק. אז ער האָט זיך אומגעקערט, האָט ער געטראָפן זלאטען זיצן פארטראכט אפן פריִערדיקן אָרט.

— נו, זלאטע, אויס קאלע, ווידער מויד, — האָט זיך מענאשע אָנגערופן, ווי נאָר ער האָט דערזען, אז קיין געסט זײַנען אין שטוב ניטאָ, — נעם אראָפּ דעם זשאקעט, הענג אַרײַן אין שאפע און קום א ביסל צו־זיך נאָכן וועג.

— ווייסטו וואָס, מענאשע, איך וועל דיר זאָגן? עפשער וואָלט איך צוגעגאנגען אין שול און דערציילט אַלעקסע פעטראָוויטשן, מיט וואָס איך האָב זיך אומגעקערט פון כאַרקאָוו?

מענאשע האָט ניט באוויזן ענטפערן און זלאטע האָט ניט באוויזן אָפּמערקן פאר זיך די מינע, וואָס מענאשע האָט געמאכט, ווען ער האָט דערהערט אירע ווערטער, ווי ס׳האָט זיך געעפנט די טיר און די שוועל האָט אריבערגעשפאנט מוישע בראַוער, אָן עלטערער ייִד, מיט א צעקעמטער באָרד, מיט א יארמעלקע אונטערן זײַדענעם קאַשקעט.

ווי קומט עס, אז אָט דער גוויר, דער באַלעבאָס פונעם איינציקן רויטן צוויישטאָקיקן מויערל אין שטעטל, וווּ אף דער וואנט פון צווייטן שטאָק איז מיט ציגל אויסגעלייגט די ציפער 1915, זאָל אַרײַנקומען אהערצו, אין דעם אַרײַנגעוואַקסענעם אין דער ערד, אײַנגעהויקערטן שטיבל פון מענאשע דעם גלעזער? זײַן קומען אהער האָט פארוואונדערט ניט נאָר מענאשען מיט זלאטען. ייִדן פון דער גאנצער גאס זײַנען געשטאנען בא די אָפענע פענצטער, אף די שוועלן פון די צעעפנטע טירן, די קעפּ אויסגעקערעוועט צו מענאשע דעם גלעזערס שטיבל.

מוישע בראַוער איז געווען דער רײַכסטער ייִד אין שטעטל. ביז דער רעוואָלוציע איז ער געווען באַלעבאָס פון דער גוראַלניע. קיין ייִדן האָט ער אף אַרבעט ניט גענומען. אין דער צײַט פון בירגערקריג איז די גוראַלניע רויִנירט געוואָרן. שוין עטלעכע יאָר, ווי זי אַרבעט ניט. וואָס טוט איצט מוישע בראַוער, ווייסט קיינער ניט, און ער קומט קיינעם ניט דערציילן. נאָר אַלע האַלטן אים, ווי אַמאָל, פאר א גרויסן גוויר. זײַן שטוב איז די שענסטע, פירט זיך ווי אַמאָל, זײַנע קינדער — די פײַנסטע, אַלע געלערנטע, נאָר דאָס ייִנגסטע מיידל, די מיזינקע זײַנע דווירקע, גייט אַלע טאָג פון אינדערפרי ביז אף דער נאַכט נייען צו כיניע דער שנײַדערקע. שוין דאָס צווייטע יאָר לערנט זי זיך דאָרט שנײַדערײַ. אין שטעטל זאָגט מען, אז דאָס וויל זי פאָרן זיך לערנען און זי אַרבעט דערפאר בא דער מאָדיסטקע, זי זאָל קאָנען נעמען דערנאָך אין דאָרפסאָוועט א ספּראַווקע.

— אָט דאָס זײַט איר מענאשע דעם גלעזערס ווײַב? — האָט מוישע בראַוער זיך געווענדט צו זלאטען. — איך האָב גאָרניט געוווסט. גוטמאָרגן! איר האַלט, אז איך בין שוין געשטאָרבן?

— זיצט, רעב מוישע, זײַט א גאַסט! — און זלאטע האָט ארויסגערוקט א בענקל אינמיטן שטוב. — פאַרוואָס האַלט איר, אז איך פיר א כעזשבן פון די מייסים אין שטאָט?

מענאשע איז געשטאנען צעטומלט, גלײַך ער האָט פארלוירן דאָס לאָשן, ניט געקאָנט עפענען דאָס מויל, עפּעס פרעגן, עפּעס זאָגן, אפילע ניט געקאָנט ענטפערן „גוט־יאָר“.

— זלאטע רופט מען אײַך, אויב איך האָב קיין טאָעס ניט! פאַרוואָס יאַרשנט איר מיך, זלאטע, כאָטש איר ווייסט, אז איך האָב פײַנט קרויווים, ביפראט נאָך ייִדישע! — האָט טרוקן פאַרגעזעצט מוישע בראַווער און אפן בענקל זיך ניט צוגעזעצט.

— איר האָט גאָרניט, רעב מוישע, און איך האָב ניט בא אײַך וואָס צו יאַרשענען, — האָט זלאטע געענטפערט, אָט אזוי שטייענדיק פאר אים אינמיטן שטוב.

— און די גוראַלניע?

— צי דען האָט פאר די יאָרן נאָך דער רעוואָליוציע אײַך נאָך קיינער ניט געזאָגט, אז די גוראַלניע איז ניט אײַערע?

— פון די שטעטלדיקע ייִדן — קיינער ניט. דערפאר האָב איך נאָך אַמאָל געוווסט, אז מע טאָר קיינעם פון זיי אף דער אַרבעט ניט נעמען. אָבער ווי קומט עס, אז אזא קלוגע פרוי, ווי איר, זלאטע, זאָלט מיר אָנזאָגן אזא בסורע?

— די בסורע האָט אײַך שוין לאַנג אָנגעזאָגט די סאָוועטסקע וולאַסט.

— איך האָב אײַך פארגעדענקט, זלאטע, ווי א פרוי, וואָס טוט נאָר גוטס ייִדן. ווען איך בין, ניט הײַנט געדאכט, געזעסן בא די פעטליוראָווצעס, זײַט איר געקומען ווי א מיילעך־יושער מיך אויסקויפן פון פעטליורישע הענט. איצט איז אוועק א קלאַנג אין שטעטל...

— אויב איך טו אַמאָל עפּעס, טו איך שטענדיק דאָס, וואָס ס׳בעט מיך א שטאָט מיט ייִדן. איצט האָט מיך אויך געבעטן א שטאָט. זיי קאָנען ניט צוזען, ווי די ווײַבער גייען ארום מיט לײדיקע קאַשעקעס און ליידיקע בײַטעלעך. איך וויל שוין דערלעבן דעם טאָג, ווען איך וועל דערזען קאַיאָר, ווי עס גייען ארויס ייִדן אף אַרבעט אין דער גוראַלניע.

— און איך מיין, אז דאָס הארץ בא יעדן פון אונדז קאָן זיך אָנהייבן פרייען און דאָס שטעטל

קאָן ווידער אָנהייבן לעבן, ווען דער מיסכּער וואָלט געווען גרעסער, די קראָמען ברייטער, די יארידן שענער, די מארק־טעג ראשיקער. נאָר אז יידן וועלן אָנהייבן ארבעטן אף דער גוראלניע...

מענאשע האָט זיך אופגעכאפּט, גלײַך נאָך כאלאָשעס וואָלט עמעצער א שפּריץ געטאָן אף אים מיט קאלטן וואסער.

— הערט איר, רעב מוישע, זײַט מיר מויכל, איך דארף זיך ניט מישן, אז איר רעדט וועגן אן איניען מיט מײַן פּרוי, נאָר איך קאָן רויק ניט הערן, ווי מע לויבט א מארק־טאָג.

— א גוטער מארק־טאָג איז בעסער פון א שלעכט יאָר, — האָט א זאָג געטאָן מוישע בראווער און האָט א מאך געטאָן מיט דער האנט אף מענאשען, ווי אף א פארפאלענעם מענטשן. פון קאָרידאָר האָט זיך דערהערט שמוליקס קאָל, א יונגס, א קליינגענדיקס:

— מאמע, איך וויל עסן, איך ווייס, אז דו ביסט שוין געקומען, — און שמוליק האָט געעפנט מיט א ראש די טיר, א וואָרף געטאָן די ביכער אף דער סאָפע, אפילע ניט באמערקט, אז מוישע בראווער שטייט אינמיטן שטוב.

— נו, וואָס האָט דיר געזאָגט פעטראָווסקי, מאמע, די גוראלניע וועט ארבעטן?

זלאטע האָט אים געענטפערט רויק, גלײַך ווי זי וואָלט ניט געהאט קיין געשפּרעך מיט מוישע בראווערן:

— די גוראלניע הייבט אָן ארבעטן, און איך בין באשטימט אלס דירעקטאָר.

— דו? — האָט שמוליק זיך פארכידעשט. — און עסן וועסטו מיר געבן, מאמע?

זלאטע האָט גענומען גרייטן צום טיש. מוישע בראווער איז שטיל ארויסגעגאנגען פון שטוב, אפילע פארגעסן זאָגן „א גוטן טאָג“.

# א כאסענע אין שטעטל

ס'איז סאָף ארבעטס־טאָג. זלאטע האָט זיך אומגעקערט פון ארומלויפן איבער די צעכן און איז געזעסן בא זיך אין צימערל אין דער גוראלניע. ס'האָט זיך שטיל געעפנט די טיר, און ס'איז ארײַנגעקומען דער פעטער בער. ער איז פון די ערשטע אין שטעטל, וואָס האָט פארקויפט זײַן פערד־און־וועגעלע און איז מיטן יינגערן יינגל זײַנעם פערעצן אוועק ארבעטן אף דער גוראלניע.

פערעץ האָט מיט קיין מיידלעך ניט שפּאצירט, קיין ליבעס ניט געשפּילט, ער פלעגט נאָר ווּסן, אז שאבעס טוט ער אָן דעם נײַעם קאָרטענעם אָנצוג און זעצט זיך אוועק אף דער הילצער־נער באנק לעבן די בודקעס.

אז עס איז געקומען די צײַט, האָט מען אים גערעדט א קאלע פון שאריווקע, דעם קלענסטן שטעטל אין פּאָדאָליע. מע איז זיך צונויפגעפאָרן אין דאָרף זיך אָנקוקן, געמאכט א וואָרט און אָפּגערעדט שפּילן א כאסענע.

דער פעטער בער איז איצט געקומען פארבעטן זלאטען, זי זאָל פאָרן קיין שאריווקע צו פערעצן אף דער כאסענע.

דער קלאנג, אז זלאטע מענאשעס איז געוואָרן דער נײַער דירעקטאָר פון פעלשטינער גוראלניע, איז שוין דערגאנגען אפילע צו שאריווקע. פארשטייט זיך, די גרויסע באלעבאטים פון די שיינע שניטקראָמען, די קלייטניקעס, וואָס שטייען מיט בודקעס אפן מארק, האָבן זיך מיט דער נײַס ניט אינטערעסירט. אָבער די שטעטלדיקע אָרעמע יידן, וואָס גייען אלע טאָג ארויס צו דער בריק קויפן וועלוועלער א הון, א שאָק אייער, א בינטל פלאקס, די באלמעלאָכעס, די שנײַדערס, די באָנדערס, די גלעזערס, וואָס גייען ארום צופוס איבער די דערפער זוכן א שטיקל ארבעט, ווען זיי האָבן זיך דערוווּסט אָט די נײַס אין שנײַדערשן שולכל שאבעס אינדערפרי, האָבן זיי שוין קיין רו ניט געהאט. אזא זאך! ניט ווײַט פון פעלשטין שטייט א גוראלניע און ארבעט. אין פעלשטין זײַנען שוין פאראן עטלעכע יידן, וואָס ארבעטן דאָרט, פאראן א פּאָר יינגלעך, און מע זאָגט אפילע — איין מיידל אויך.

זלאטע האָט באלד פארשטאנען, אז דאָס, וואָס שאריווקער יידן וועלן זיך באגעגענען אף דער כאסענע מיט די פעלשטינער מעכוטאָנים, וואָס ארבעטן אליין אף דער גוראלניע, איז א גרויסע מײַלע. ביפּראט נאָך, אז זיי וועלן האָבן א לעבעדיקן גרוס פונעם כאָסן אליין, פון פערעצן, וועל־כער קלײַבט זיך בויען א נײַ לעבן. זלאטע האָט באדאנקט דעם פעטער בער און צוגעזאָגט, אז זי מיט מענאשען וועלן זײַן גרייט מיטוואָך אינדערפרי זיך זעצן אף דער פור צוזאמען מיט די

מעכוטאָנים און פאָרן קיין שאַריוועקע. אין מויעד בא איר האָט זיך שוין אפילע אויסגעפיקט א פּלאַן, ווי זי וועט טרינקען לעכאָים מיט שאַריוועקער יידן פאר א נייַ לעבן, פאר א געזונטער פּאַרנאָסע.

די גרעסטע דייַגע, וואָס דער פעטער בער האָט איצט געהאַט, איז געווען, וועלכן באַלעגאָלע דינגען אָף דער כאַסענע. אין פעלשטין זייַנען געווען צווייַ באַלעגאָלעס, בא ביידע זייַנען געווען עמעסע שאַראַבאַנעס, די פערד מיט גלעקער. איינער (שיִע האָט מען אים גערופן) איז געווען אַן עלטערער ייִד, האָט געהאַט גוטע זאַטע פערד, נאָר אַליין פלעגט ער דרעמלען א גאַנצן וועג, זיך פוילן אופהייבן די בייַטש און א פאַכע טאָן מיט איר. פאָרן מיט אים איז געווען אַן אָפּקומעניש. דער צווייטער, געדאַליע, איז געווען א יונג א כוואַט, די פערד בא אים זייַנען געווען דייַקע מאַגערע, אפילע מיִעסע, אָבער פאָרן פלעגט ער מיט א געשריי, מיט א הוקערייַ. א גאַנצן וועג האָט ער געשאָטן מיט כאָכמעס אי פאר די פערד, אי פאר די פאַרשוינען. דער איקער, ער האָט געוווסט אַלע שטיק, אַלע מינהאָגים באַם פירן א כאָסן. דער פעטער בער האָט באַשטימט דינגען געדאַליען.

מיטוואָך אינדערפרי, אַז געדאַליע דער באַלעגאָלע האָט צוגעשמיסן מיט זייַן שאַראַבאַן צו מענאַשע דעם גלעזערס שטוב, האָט זיך געקאָנט דוכטן, אַז ווען געדאַליע שטעלט אזוי ראַפּטום ניט אָפּ די פערד, וואָלטן זיי אָפּן שאָסיי צעטראַסקעט די רעדער, דער איקער, די גלעקער וואָלטן געפּלאַצט. אויבנאָן איז געזעסן דער פעטער בער, די מומע העניע, צווישן זיי — א פאַרשעמטער פּערעץ. דער פעטער בער האָט געטראָגן דאָס שאַבעסדיקע פּידזשאַקל, די מומע העניע איז געזעסן מיט דער שוואַרצער שאַל אָפּן קאָפּ. פּערעץ האָט דעם כאַסענע־קאָסטיום ניט אָנגעטאָן: אָן אווייִרע, ס׳אַזא שטויב אָפּן וועג. דער קאָסטיום ליגט אין טשעמאָדאַן צונויפגעלייגט. איצט האָט ער אָנגע־טאָן דעם קאָרטענעם.

זלאַטע מיט מענאַשען זייַנען ארויס פון שטוב. מאָדנע איז געווען זען זיי אינדערוואָכן אין שאַבעסדיקע מאַלבושים. פון שאַראַבאַן האָט אָף זיי א ווייע געטאָן מיט יאָמטעוודיקייַט. געדאַליע מיט זייַן געשריי האָט באַלד דערמאָנט, אַז ס׳איז א כאַסענע.

ווי נאָר מע איז ארויסגעפאָרן פון יענער זייַט קאָסטיאַל, האָט דעם שאַראַבאַן אופגעהערט טרייסלען און ס׳איז אפילע געוואָרן אָנגענעם צו זיצן. די זון האָט זיך שוין אופגעהויבן העכער און וואַרעמט. פון ביידע זייַטן וועג רייַפט דער קאָרן, דער ווייץ הייבט אָן צו בליִען. שטאַרק טייַלן זיך אויס אין די טוווּעס די העל־בלויע קאָרן־בלימעלעך. זלאַטע פאַרטראַכט זיך. די קאָרן־בלימעלעך דערמאָנען איר, ווי זי איז דאָס ערשטע מאָל געפאָרן קיין פעלשטין. איר כאַסענע איז, ווייַזט אויס, אויך געווען אין דער זעלבער צייַט — זומער־לעב. זלאַטע כאַפּט א קוק אָפּן כאָסן. זי מיט מענאַשען זייַנען געזעסן אָפּן שמאָלן בענקעלע אנטקעגן די מעכוטאָנים. פּערעצעס בליק איז א ביסל א צעשטרייטער, עפּעס אַן אומרויִקער. זלאַטע האָט זיך אָנגעבויגן צו פּערעצן און גוטמוטיק געפרעגט:

— וואָס טראַכט א כאָסן, אַז ער פאָרט אָף זייַן כאַסענע, פּערעץ? די קאַלע איז צופרידן, וואָס דו אַרבעטסט אין דער גוראַלניע?

געענטפערט האָט דער פעטער בער, ניט פּערעץ, גלייַך ווי ער וואָלט מוירע געהאַט, אַז פּערעץ וועט ניט ענטפערן דאָס, וואָס מע דאַרף:

— די ערשטע צייַט איז א קאַלע מיט אַלץ צופרידן, הריזען וועט זי דערנאָך א גאַנץ לעבן, — און דער פעטער בער האָט זיך צעלאַכט.

— די קאַלע איז צופרידן, נאָר די שוויגער בלאָזט זיך א ביסל. דער ייִכעס שטייט איר ניט אָן, — האָט שוין פּערעץ אונטערגעכאַפּט, עטוואָס אופגערעגט.

— וואָס זשע שטייט איר ניט אָן, וואָס איר מאַן טראָגט ניט פאַרקויפן קיין פּאַטשיילעס אין דאָרף? — האָט זלאַטע געפרעגט.

— מיט פּאַטשיילעס, זאָגט די שוויגער, קאָן ער הייַנט פאַרדינען א גראָשן און מאָרגן פאַר־דינט ער א קערבל, אָבער ארבעטן הייסט שוין זייַן פאַרקויפט, — האָט פּערעץ געענטפערט פאַרזאָרגט.

— וויפל יאָרן וועלן מיר נאָך דאַרפן לעבן בא דער סאָוועטנמאַכט, מיר זאָלן פאַרשטיין, אַז ארבעטן איז אזוי נאַטירלעך פאַרן מענטשן, ווי עטעמען מיט לופט, טרינקען וואַסער. אפילע אין די הייליקע ספאָרים בא אונדז שטייט דאָך אויך געשריבן, אַז אונדזערע אָוועס האָבן באַארבעט ערד אָדער געפּאַשעט שאָף. און איצט איז דער גרעסטער ייִכעס א שניטקרעמער, א צעלניקער איז שוין צווייטער סאָרט. וואָס קאָן נאָך זייַן א גרעסערע בושע, ווי א מענטש, וואָס גייט ארום אָפּן יאַריד און האַנדלט. טפו, גאָט מייַנער! — און זלאַטע האָט אויסגעשפּיגן פון שאַראַבאַן גלייַך אָפּן שליאַך, וואָס איז געלאָפן אנטקעגן.

— זלאַטע, זײַט מיר מוחל פאַרן פּאַשעטן וואָרט, — האָט זיך שטיל אָנגערופן די מומע העניע, — נאָר אַן אײדעלער יונגערמאַן דאַרף טאַקע זיצן שאַבעס באַטאָג אין קלויז בא אַ בלאַט געמאָרע.

— ווער זשע זיצט בא אײַך שאַבעס אין קלויז? דער פעטער בער, אײַער פּערעץ, אײַער הירש? — האָט שוין זלאַטע געפרעגט מיט אַ פאַרפלאָמט פּאָנעם.

— איך זאָל ניט זײַן געשטראָפט פאַר די רייד, מײַן בער איז טאַקע אַ פאַרגרעבטער מענטש, נעבעך יעדן טאָג פאַרקויפט אין דאָרף, צווישן פּויערים, די קינדער אין כאַדאָרים ניט געשיקט, — און די מומע העניע האָט אַ קוק געטאָן זלאַטען גלײַך אין די אויגן.

— אַ גאַנצע אישע צנוע, — האָט דער פעטער בער אַ ווײַז געטאָן פּערעצן מיט די אויגן אויף דער מומע העניע, — און אַז סע קומט יאָמקיפּער, נעמט זי אַרויס פון שאַפע דעם מאַכזור און בעט מיך, איך זאָל איר ווײַזן דאָס אָרט, ווו מע דאַרף וויינען. וואָס דאַרף מען דאָ וויסן? ווען אַלע ווײַבער וויינען, וויין אויך.

די מומע העניע איז אַנשוויגן געוואָרן. ניט דאָס ערשטע מאָל שווײַגט זי אים אָפּ. צו וואָס זיך קריגן, זיי פירן הײַנט דעם מיזיניק צו דער כופּע.

דער וועג האָט זיך געשלענגלט און איז געלאָפן באַרג־אַראָפּ, די פערד זײַנען געלאָפן און אופגעהויבן אַ שטויב. מיטאַמאָל האָט די מומע העניע דערזען, אַז אַנטקעגן האָט זיך באַוויזן אַ פור. דער פורמאַן האָט געשמיסן מיט דער בײַטש די פערד, זיי זאָלן זיך לאָזן אין גאַלאָפּ. אַזוי האָט ער צוגעטראַסקעט ביז זייער שאַראַבאַן און זיך אָפּגעשטעלט. דאָ האָבן זיי באַמערקט, אַז די פור איז אויסגעבעט מיט היי און פאַרשפּרייט מיט אַ רעדנע אין פאַרשיידנפאַרביקע פּאַסן. עס זיצן צוויי יִנגלעך, צווישן זיי אין דער מיט אַ מיידל. אַלע האָבן זיך אָנגעשטויסן, אַז דאָס פּאָרט מען באַגעגענען דעם כאָסן. איין יִנגל, דער, וואָס האָט געטראָגן אַ שניי־ווײַס העמדל מיט אַ שטייענדיקן קאָלנער, מיט אַ סאַך, אַ סאַך קליינע קנעפּעלעך, אונטערגעגאַרטלט מיט אַ שמאָלן גרוזינישן גאַרטעלע, איז באַלד אַראָפּגעשפּרונגען פון דער פור און אָפּגעשטעלט דעם שאַראַבאַן. דאָ האָט געדאַליע פאַרשטאַנען, אַז ס'איז געקומען די צײַט, ווען ער דאַרף שפּילן די הויפּט־ראָל. און ער האָט אָוועקגעשטעלט די בײַטש בא דער כאַליעווע. דאָס יִנגל האָט זיך אַרופגעכאַפּט אַפן שאַראַבאַן און זיך געווענדט צו געדאַליען:

— צי פּאָרט איר נאָענט, צי ווײַט? איר פּאָרט מיטן שליאַך, צי איר פאַרקערעוועט אין אַ זײַט?

— מיר פּאָרן ניט נאָענט, ניט ווײַט. מיר פירן דעם כאָסן צו זײַן קאַלע קיין שאַריווקע... — האָט געזאָגט געדאַליע מיט גאַדלעס.

— דאָס פירט איר דעם כאָסן אַף אַזעלכע קליאַטשעס? — האָט דאָס יִנגל פאַרכידעשט אַ טשמאָקע געטאָן מיט די ליפּן. — איר וועט פאַרשפּעטיקן אַף דער כאַסענע.

— די פערד קאָנען פליִען פײַל־אויסן־בויגן, מיר דאַרפן די קאַלע נאָר זען פאַר די אויגן, — האָט געדאַליע געענטפערט מיט אַ כיטרע שמייכעלע.

דאָ האָט דאָס יִנגל דערזען, אַז ער האָט צו טאָן מיט אַ געניטן באַלעגאָלע, און האָט גענו־מען אײַנרעדן געדאַליען מיט גוטן:

— עפּשער וואָלט איר אונדז אין גלײַכן געלט אָפּגעטראָטן דעם כאָסן, און מיר וואָלטן אים איבערגעזעצט אַף אונדזערע אָדלערס און אוועקגעשמיסן?

— ווו האָט איר אַזויפיל געלט? ס'איז שטאַרק אַ טײַער שטיקל סכוירע. אַ טשליען סאָיוזאַ[1]. ער אַרבעט אַף דער גוראַלניע, — האָט געדאַליע גענומען אין די הענט די ווישקעס, ווי ער וואָלט זיך געקליבן פּאָרן.

— וויפל זשע, אַשטייגער, ווילט איר, איך זאָל פאַר אים אַרויסנעמען און באַצאָלן? — האָט דאָס יִנגל שוין גערעדט קימאַט ווי אַ גרויסער.

— ניט קיין סאַך און ניט קיין ביסל, נאָר אַ פולע שיסל. אַ מייע, אַ קײַלעכדיקן הונדער־טער, — האָט געדאַליע אַזוי אָנגערופן די סומע, גלײַך אַ גאַנץ לעבן האָט ער צו טאָן נאָר מיט הונדערטערס.

— איר זײַט באַם זינען? מע קאָן מיינען, אַז ער איז דעם ראָווס אַן אייניקל, — האָט דאָס יִנגל ערנסט געענטפערט און גענומען אַראָפּקריכן פון שאַראַבאַן.

— מע זעט, אַז איר ווייסט ניט, ווי ס'האַלט די פּרײַז. אַ ראָווס אַן אייניקל איז איצט אַ געפּאָלענער זעקסער, און אַזאַ כאָסן איז איצט טײַערער פון גאָלד. פאַר אַ הונדערטער האַנדלט איר אַ מעציִע, — און געדאַליע האָט גענומען די בײַטש, אַפילע אַ פּאַכע געטאָן מיט איר.

— מיר זײַנען יונגע כעווערע און מיר ווילן זיך ניט דינגען. נאַט אײַך אַ פינפערל, און

[1] אַ מיטגליד פון פאַריין.

זאָל ער זיך איבערזעצן אַף אונדזער פור. — דער יאַט נעמט אַרויס פון קעשענע אַ לעדערן ביַיטעלע און שלעפּט פון דאָרט אַרויס אַ פינפערל.

נאָר גדאַליע שטופּט אָפּ מיט דער האַנט דאָס געלט.

— אויסער שאַריווקע זיַינען פאַראַן נאָך אַנדערע שטעטלעך. אַ פּופּציקער, וויִניקער וועל איך ניט נעמען. איך קאָן אים אָפּפירן קיין יאַרמאָלינעץ, מע וועט אים באַ מיר אויסכאַפּן, — האָט גדאַליע שוין געדראָעט.

— אין יאַרמאָלינעץ דאַרף מען ניט קיין אַרבעטער פון דער גוראַלניע. נאָט איַיך נאָך אַ דריַיערל, און לאָמיר פאָרן. — און דאָס יינגל איז ווידער אַריַינגעקראָכן אין שאַראַבאַן.

— אַ מעשוגענעם אויסשריַיבן און מיך אַריַינשריַיבן. וואָס מיינט איר, איך בין דעם ערשטן טאָג באַלעגאָלע. אַ פינף־און־צוואַנציקער, האַלב אומזיסט, — האָט גדאַליע שוין ווייכער געזאָגט.

— אַ כאָסן איז ער נאָר היַינט אַפן שאַראַבאַן, און מאָרגן איז ער אַ צוגעלעגערטער אַפן מיסט.

גדאַליע האָט אַריַינגעלייגט דאָס געלט אין קעשענע. דער כאָסן איז אַריבערגעגאַנגען אַף דער צווייטער פור. דאָס יינגל מיטן מיידל האָבן זיך צעקושט מיט אים, אַריַינגעזעצט דעם כאָסן אינמיטן. די פערד האָבן נאָר געוואָלט זיך רירן פון אָרט, ווי ס'איז אַרויסגעפאָרן אַפן וועג כאַיִם דער וואַסערפירער. ער איז געזעסן פון פאָרנט אַפן פולן פעסל וואַסער, אונטערגעלייגט אונטער זיך דאָס פידזשאַקל. פונעם פעסל האָט געקאַפּעט די וואַסער פון אַלע זיַיטן. דער וואַ־סערפירער איז אַראָפּגעקראָכן, צוגעגאַנגען צום כאָסן, דערלאַנגט אים די האַנט:

— מאַזלטאָוו דיר, כאָסן, זאָל דיר פון אַלע זיַיטן גיין דאָס מאַזל, ווי פון דעם פעסל גייט די וואַסער, — און כאַיִם האָט אַרויסגעשלעפּט דעם צאַפּן פון פעסל.

דער וואַסערפירער איז אַוועקגעפאָרן דער ערשטער מיטן וועג קיין שאַריווקע. אַף דער צווייטער פור איז געפאָרן דער כאָסן מיט די, וואָס זיַינען געקומען אים באַגעגענען, אַף דער דריטער פור — די מעכוטאָנים.

— ווי וועלן אַזויפיל פורלעך זיך דאָרט אויסקערעווען, אין שאַריווקע? — האָט זיך אָנגע־רופן מיט אַ שמייכל דער פעטער בער.

דאָס האָט ער געזאָגט אַנטקעגן דעם, וואָס אין פעלשטין האָט מען געהאַלטן שאַריווקע פאַר אַזאַ פיצל שטעטל, אַז אַ פור קאָן זיך ניט אויסקערעווען, זי וועט פאַרטשעפּען מיטן דישל דעם הימל.

טאַקע באַלד איז מען אַריַינגעפאָרן אין שטעטל. מע האָט ניט באַוויזן דורכפאָרן פאַרביַי דריַי־פיר שטיבער, האָט מען שוין דערהערט שפּילן קלעזמער און מע האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָ איז די כאַסענע.

שאַריווקע איז געשטאַנען אַף אַ באַרג. דאָ איז געווען דער מאַרק, דאָ איז געווען די הויפּט־גאַס, דאָ זיַינען געווען די קלייטן. די גאַנצע גאַס איז באַשטאַנען פון צען אָדער צוועלף שטיבער. אין עק איז געשטאַנען אַן איַינפאַר־הויז. אָט אין דעם איַינפאַר־הויז האָט מען אַריַינגעפירט כאָסנס צאַד.

דאָס ערשטע האָבן אַלע געוואַשן זיך וואַשן. פערעץ האָט אָנגעטאָן דעם ניַיעם קאָסטיום, דעם פעטער בער האָט מען אויסגעפּרעסט דעם אַלטן אויסגעוואַשענעם האַלדזטוך, די מומע העניע האָט זיך פאַרפּוצט אין אַ ניַיער זיַידענער פאַטשיילע. דאָס אַלץ האָבן זיי געטאָן שוויַיגנדיק, וויַיל די גאַנצע ציַיט האָבן אין דרויסן ניט וויַיט געשפּילט קלעזמער. פון די קלעזמער אַליין ווערט אַפן האַרצן גרויסאַרטיק־אומעטיק. פון דער מינוט ווערט פערעץ אַ כאָסן, אַף וועלכן מע דאַרף לויפן קוקן, ווען ער גייט צו דער קאַלע. דער פעטער בער און די מומע העניע ווערן מעכוטאָנים, וועלכע אינטערעסירן אין שאַריווקע אַלעמען, פון קליין ביז גרויס.

ווי נאָר די מעכוטאָנים האָבן זיך באַוויזן אַף דער כאַסענע, האָט אַף אַלעמען געמאַכט אַ גרויסן איַינדרוק דאָס, וואָס זלאַטע האָט זיך אופגעהויבן באַגליַיך מיט אַלע מאַנצבלען, גענומען אַ קעלישעק בראָנפן אין דער האַנט און געזאָגט:

— מאַזלטאָוו, לעכאַיִם, יידן, לאָמיר דערלעבן שענערע פּאַרנאָסעס. זאָל דאָס פאַרפאַלק אַרבעטן און זיַין גליקלעך!

— ווער איז די יידענע?

— דער דירעקטאָר פון דער גוראַלניע...

— דאָרט, ווו דער כאָסן אַרבעט?..

און די גאַנצע כאַסענע, אַלע מעכוטאָנים, אַלע קרויווים, אַלע יינגלעך, אַלע מיידלעך האָבן איצט גערעדט, געטיַינעט, געשושקעט זיך נאָר וועגן איינס:

— מע שאַפט אָפּ די קלייטן אין פעלשטין?

— הייסט עס, יידן פאַרקויפן די פערד־און־וועגעלעך?

— ס׳לוינט דאָך גאָר איבערפאָרן קיין פעלשטין און עפענען אַ קלייט.
— נאָר אַ מעשוגענע קאָן איצטער כאַסענע האָבן פאַר אַ פעלשטינער.

קיינער האָט שוין קיינעם ניט געהערט. די קלעזמער האָבן געשפּילט, און קיינער איז ניט געגאַנגען טאַנצן. אַפילע ווען עס האָט אָנגעהויבן שפּילן סוליע דער פידלער, וואָס דער מעכוטן האָט אַראָפּגעבראַכט פון פּראָסקוראָוו מיט דער קאַפּעלע. דאָס האָט אָפּגעקאָסט אַ מאַיאָנטעק מיט געלט, און אַלע האָבן וועגן דעם געוווּסט. היינט איז אָבער גאַנץ שאַריווקע פאַרנומען מיט עפּעס אַנדערש.

קאַלעס צאַד שושקעט זיך: דער קאַלעס מאַמע איז ניט געווען באַם באַדעקנס. וואָס איז געשען?

דער קאַלעס מאַמע, דווירע איציקס, ווי מע האָט זי גערופן אין שאַריווקע, איז געווען אַ יידענע אַ קאָזאַק. זי איז געווען דער באַלפּאַרנאָסע — זי האָט פאַרקויפט מעל. פון אינדערפרי ביז פאַרנאַכט געשטאַנען אין קלייט, שטענדיק דאָס קלייד אין מעל, די שייך אין מעל. גאַנץ שאַריווקע האָט געוווּסט, אַז איר מאַן איציק דער פּאַפּיראָסניק טוט ניט קיין האַנט אין קאַלטן וואַסער, נאָר גלאַט אַזוי, מענטשן זאָלן ניט ריידן, מאַכט ער צום פאַרקויפן ביכעלעך פּאַפּיראָס־פּאַפּיר. אין שאַריווקע איז עס געגוג, מע זאָל אים רופן דער פּאַפּיראָסניק און דאָס ווייב זאָל מען רופן דווירע איציקס. מעגלעך, אַז אין דעם איז געלעגן באַהאַלטן אַן איראָניע, ווייל איציקן האַלטן פאַרן באַלעבאָס און זיין ווייב פאַר אַ צוגאָב איז פּאַשעט אַ געלעכטער.

איצט ווייסט מען, אַז דווירע איז עפּעס ניט צופרידן, און דאָס איז שוין גאָר קיין געלעכטער ניט. מע האָט אַפילע בעסאָד געשושקעט זיך פאַרוואָס. די מומע העניע איז באַם פּעטער בער דאָס פערטע ווייב. פערעץ, דער כאָסן, איז פון דער ערשטער. כאָטש די מומע העניע האָט געטראָפן פערעצן אַ יינגעלע פון פיר יאָר, האָט פערעץ שוין לאַנג עס פאַרגעסן. איצט רופט ער זי מאַמע. און זי איז געקומען צו אים אָף דער כאַסענע. נאָר באַ יידן זיינען אומבעראַכמאָנעס־דיקע געזעצן. אַלע ווייסן, אַז נאָר אייגענע טאַטע־מאַמע קענען פירן זייערע קינדער צו דער כופּע. טאָקע דערפאַר האָט דער פּעטער בער איינגעלאַדן אָף דער כאַסענע מענאַשען מיט זלאַטען, אַז זיי זאָלן נעמען באַ פערעצן אונטערפירנס. אַז דווירע האָט זיך איצט דערוווּסט דערפון, האָט זי זיך אָנגעצונדן ווי אַ שוועבעלע.

— ניין, אָט די דירעקטאָרשע וועט באַ מיין טאָכטער קיין אונטערפירערן ניט זיין, זאָל זי אין פעלשטין באַלעבאַטעווען!

פאַר לייטן איז די כאַסענע זיך געגאַנגען מיט איר וועג, די קלעזמער האָבן געשפּילט, מע האָט געטראָגן אָף די פּרוכטאָוואָניצעס גרויסע שטיקער פאַרפל־פלאָדן, מע האָט געטרונקען לעכאַים, מע האָט אויסגערופן דראָשע־געשאַנק, אָבער איינצייטיק האָט מען זיך געשושקעט, איבערגעגעבן שטילערהייט איינער דעם אַנדערן:

— דווירע האָט זיך אָפּגעזאָגט טרינקען טיי.
— דער פּעטער בער וויל אַפילע ניט הערן וועגן אַנדערע אונטערפירער.
— די מומע העניע מישט זיך ניט, נאָר שטילערהייט איז זי פאַר זלאַטען.
אַלע מעכוטאָנים, איבערהויפּט דער קאַלעס קרויווים, האָבן זיך געקאָכט.

עס זיינען געלאָפן דעלעגאַציעס פון דווירע איציקס צום פּעטער בער און צוריק. יעדערער האָט געוואָלט געבן אַן אייצע, זאָגן אַ גלייכן געדאַנק, פאַלן אָפן סייכל. צוזאַמען מיט די דעלע־גאַציעס איז אַלעמאָל אין גאַס נאָכגעלאָפן אַ בינטל יידן, וואָס האָבן זיך אינטערעסירט, ווי גייען די אונטערהאַנדלונגען, ווייל זיי האָבן געדאַרפט שפּייזן מיט אינפאָרמאַציע דאָס גאַנצע שטעטל. אין אָט דער קריגערייַ איז אופגעשווומען און האָט זיך אויסגעטיילט פון אַלעמען אַ נייע פיגור, דער קאַלעס אַ פּעטער, דווירעס עלטערער ברודער, כאַיִם פלאַץ, ווי מ׳האָט אים אין שאַריווקע גערופן. כאַיִם פלאַץ איז געווען באַוווּסט אין שאַריווקע ווי אַ גרויסער צולאָכעסניק, וואָס האָט שטאַרק ליב מיט אַלעמען זיך קריגן. אַז ער פלעגט אין דער היים צעקריגן זיך מיטן ווייב, פלעגט ער אַוועק צום שאָכן, וואָס האָט געוווינט אין דער צווייטער שטוב, און אויסזעצן באַ יענעם אַלע שויבן אין די פענצטער. דעריבער האָט זיך קיינער ניט געכידעשט, וואָס כאַיִם פלאַץ איז געוואָרן די הויפּט־פיגור אין דער קריגערייַ אָף דער כאַסענע. ער האָט זיך געטראָגן איבערן שטעטל מיטן הינקעדיקן פוס פון דווירע איציקס צום פּעטער בער און צוריק. שטענדיק פאַר־האַוועט, דעם קאַשקעט אין אַ זייַט, אַזוי צעראַשט, ווי ער וואָלט דערפון געהאַט דעם גרעסטן פאַרגעניגן. ער האָט אַפילע זיך ניט באַנוגנט מיט דער קריגערייַ מיטן פּעטער בער. ער איז אַרייַן צו זלאַטען, מיט איר אַליין פירן אונטערהאַנדלונגען. מע האָט אַפילע דערציילט אין שטעטל, וואָס זי האָט אים געענטפערט:

— רעב כאַיִם, וואָס זייַט איר געקומען מיט מיר זיך דינגען? איר ווייסט דאָך, אַז איך וויל, יידן זאָלן נאָר אַרבעטן און אופהערן האַנדלען.

ווײַט ניט אַלע אין שאַריוווקע זײַנען געווען קעגן, אַז דער נײַער דירעקטאָר פון פעלשטינער גוראַלניע זאָל נעמען אונטערפירנס באַם פאַפּיראָסניקס טאָכטער. זלאַטע מענאַשעס האָט אויך דאָ געהאַט אירע אָנהענגער. אויך דאָ אין שאַריוווקע זײַנען געווען אַזעלכע ייִדן, וואָס דער בײַשפּיל פון פעלשטין האָט זיי געצויגן אַף אַ נײַעם וועג.

יעדעס שטעטל האָט זײַן געשיכטע, זײַנע טראַדיציעס, זײַן ערשטן קאָמוניסט, זײַן אַלטן רעוואָלוציאָנער, זײַן רויטן פּאַרטיזאַן. אין שאַריוווקע איז געווען איינס אַ ייִנגל און גערופן האָט מען אים קאָקולאָזי. ער איז געווען אַ שמײַסער בײַ אַ באַלעגאָלע. איינמאָל, ווען אַף די פּעטליוראָווצעס, וואָס זײַנען געשטאַנען אין שאַריוווקע, איז אָנגעפלויגן אַן אָטריאַד באָלשעוויקעס, איז צווישן די באָלשעוויקעס געווען קאָקולאָזי. דאָס צווייטע מאָל, אַז די באָלשעוויקעס זײַנען אַרײַן אין שאַריוווקע און אַרויסגעטריבן די דעניקינצעס, איז דער ערשטער אַרײַן קאָקולאָזי. גאַנץ שאַריוווקע געדענקט, ווי קאָקולאָזי איז אַרײַנגעפלויגן רײַטנדיק אַף אַ פערד, אַראָפּגעריסן די דעניקינישע פאָן, אָפּגעווישט מיט איר דאָס פאַרשוויצטע פּנים און צום ערשטן מאָל אויפגעהאַנגען די רויטע פאָן. קיינער וועט אַזוינס ניט פאַרגעסן, איבערהויפּט קינדער. און קינדער ווערן גרויסע.

קאָקולאָזי איז אַוועק מיט דער רויטער אַרמיי. פון דאָרט האָט מען אים געשיקט קיין מאָסקווע אין שול פון ווציקי[1] זיך לערנען אַף אַ קאָמאַנדיר. אין צוויי יאָר אַרום האָט ער זיך באַוויזן אין שאַריוווקע אין אַזאַ נײַער מיליטערישער אוניפאָרם, מיט אַזאַ געלן רימען, מיט אַזאַ סקריפּענדיקער פּאָרטופּייע, אַז אַלע קינדער פון שטעטל זײַנען געלאָפן אַף אים קוקן. איצט איז ער קאָמאַנדיר אין אַן אַרמייִשן טייל דאָ ניט ווײַט אין מעדזשיבאָזש, קומט אָפט צו פאָרן אין זײַן היים־שטעטל שאַריוווקע.

הײַנט איז פּונקט קאָקולאָזי געקומען רײַטנדיק אַפן פערד. שאַריוווקער ייִדן האָבן אים שוין געזען און איבערגעגעבן וועגן אַלע געשעענישן, וואָס זײַנען פאָרגעקומען אַף דער כאַסענע. מע האָט אים אַפילע דערציילט, אַז כאַיִם פלאַץ האָט זיך דערשלאָגן, מע זאָל קומען צו אַ פּשאָרע. אונטערפירנס נעמט דער ראָוו מיט דער רעבעצן און זלאַטע מיט מענאַשען בלײַבן מיטן בײַטשל. קאָקולאָזי האָט נאָר אָפּגעווישט דעם שטויב פון די אָפּגעפּוצטע שטיוול און איז אַוועק אַף דער כאַסענע. די קלעזמער האָבן שוין געשפּילט באַם בעסמעדרעש, ווו מע האָט זיך געגרייט שטעלן די כופּע. אין דער היים בײַ דער קאַלע איז געווען שטיל. די מעכוטאָנים זײַנען שוין אַוועק צו דער שול. דאָ איז קיינער ניט געווען אויסער די סאַרווערנס און די ייִדענעס, וואָס דערלאַנגען צו די טישן. קאָקולאָזי איז ניט געגאַנגען, נאָר געלאָפן צום בעסמעדרעש. קיינער האָט אים ניט באַמערקט, ווײַל קיינער האָט אַף אים ניט געקוקט. ער האָט דעריאָגט דעם פעטער בער מיט דער מומע העניען, וואָס זײַנען געגאַנגען פון הינטן מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, דעריאָגט דעם פאַפּיראָסניק מיט דווירען, דעם ראָוו מיט דער רעבעצן און איז צוגעלאָפן צו דעם כאָסן מיט דער קאַלע, מיט דער האַנט זיי אָפּגעשטעלט און מיט אַ קאָמאַנדירסקער שטים באַפוילן:

— שיקט אָפּ דעם ראָוו מיט דער רעבעצן אַהיים, אונטערפירנס נעמט דער נײַער דירעקטאָר! בײַ אונדז איז איצט סאָוועטסקע וולאַסט! — זיך אומקערנדיק מיטן פּנים צו דווירע איציקס, האָט ער צוגעגעבן: — שיקט באַלד נאָכן נײַעם דירעקטאָר.

מע זאָגט, אַז קאָקולאָזי האָט דערנאָך געכאַפּט אַ גאָב פאַר זײַן קאָמאַנדעווען. אָבער דערווײַל האָט דער ראָוו געכאַפּט די רעבעצן בײַ דער האַנט און גלײַך זיך געלאָזט לויפן אַהיים. דער פעטער בער איז אַליין אַוועק רופן זלאַטען מיט מענאַשען. קאָקולאָזי האָט באַפוילן די קלעזמער שפּילן. סוליע דער פידלער האָט געפינטלט מיט די אויגן און דער ערשטער אָנגעהויבן שפּילן אַפן פידל. די קאַפּעלע האָט באַלד אונטערגעכאַפּט, און די כאַסענע האָט ווידער אויפגעלעבט. דער פעטער בער האָט געבראַכט צו פירן צו דער שול אויסגעפּוצטע, אָבער שטאַרק צעטראָגענע זלאַטען מיט מענאַשען, עס האָט זיך אָנגעהויבן אַזאַ שטופּעניש, אַז נאָכדעם האָט שוין קיינער גאָרנישט ניט געזען. נאָך דער כופּע האָבן אַלע מעכוטאָנים און די געסט זיך אומגעקערט אַף דער כאַסענע שווײַגנדיקע, באַרויגעזע. מע האָט אָפּגעגעבן מאַזלטאָוו די מעכוטאָנים, געקושט זיך מיט כאָסן־קאַלע, נאָר ניט אויפגעהויבן די אויגן. ס'איז געוואָרן אויסערגעוויינלעך שטיל, ניט מע ראַשט, ניט מע לאַכט, ניט מע זינגט, ניט מע שרײַט. מע זיצט און מע שווײַגט.

אָט ווען סוליע דער פידלער, דער באַרימטער קלעזמער, וואָס דער מעכוטן האָט געבראַכט פון פּראָסקוראָוו, האָט באַוויזן, וואָס ער קען. שטיל איז געווען אַף דער כאַסענע, און מע האָט געהערט, ווי אַ פליג פליט דורך, און סוליע האָט געשפּילט אַפן פידל אַ פריילעכס איינער אַליין, קיינער פון דער קאַפּעלע האָט אים ניט אונטערגעהאַלטן. נאָר ס'איז געווען אַ פריילעכס, וואָס

[1] אַלפאַרבאַנדישער צענטראַלער אויספיר־קאָמיטעט.

שאַריוּקע האָט פאַרגעדענקט אַף יאָרן. אין דעם פרייל́עכס איז געווען אַזויפיל אומעט, אין דעם פרייל́עכס איז געווען אַזויפיל טרויער, אַז די מעכוטענעסטעס האָבן שטיל אַרויסגעשלעפּט די טיכעל́עך. די גאַנצע כאַסענע איז געזעסן און האָט געוויינט. געזעסן אַראָפּגעלאָזט די אויגן, געקוקט אַפן דיל און געוויינט.

צי דען האָבן די טאַטעס באַוויינט די קליינע, די שטעל́עכל́עך? די פערד־און־וועגעל́עך? די מאַרק־טעג? ס'איז דאָך אָבער פאָרט געווען אַ פרייל́עכס, און געשפּילט האָט דער באַקאַנטער סולי́ע. דער זעל́בער ריטם, דער זעל́בער טעמפּ. פון סאַמע מיט טיש האָט זיך אויפגעהויבן דער פעטער בער, צוגעגאַנגען צו זלאַטע מענאַשעס, איר דערלאַנגט די האַנט און פײַערל́עך געזאָגט:

— מעכוטענעסטע ל́יבע, לאָמיר טאַנצן, אונדזערע קינדער זאָל́ן ל́עבן בעסער פון אונדז און שענער פון אונדז.

זלאַטע האָט אים אַל́טמאָדיש אַרופגעל́ייגט דאָס טיכעל́ע אַפן אַקסל́, און זיי זײַנען ביידע אַוועקגעגאַנגען טאַנצן, רויִק, מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן, שטיל און פאַרטראַכט, נאָר מיט אַזאַ אינערל́עכער וואַרעמקײַט און שיינקײַט, אַז אַל́ע מעכוטאָנים האָבן אָנגעהויבן אונטערפּל́יעסקען און דער טאַנץ איז געוואָרן אַל́ץ פרייל́עכער און פרייל́עכער.

# יוינע דער קינסטלער

1

דאָס איז געווען אין אָדעס, אין די ביטערע הונגער־יאָרן, גלײַך נאָכן בירגערקריג.

— צוק, מיר וואָל́טן געדאַרפט ערגעץ אַוועקפאָרן, ביז ס'וועט איבערגיין דאָס שווערע שטיקל́ צײַט, כאָטש אַהין, ווו מע קאָן קריגן קאַרטאָפּל́יעס אַפן מאַרק, — האָט איינמאָל́ אינ־דערפרי געזאָגט צו יוינען זײַן טאַטע. פון געוווינהײַט רופט ער אים „צוק“ אויך איצט. ווען יוינע איז נאָך געווען אַ קליין יִנגעל́ע, האָט אים דער טאַטע גערופן „צוצעל́ע“. אַגעוו, אַז יוינע איז אין אַ גוטער שטימונג און וויל́ צוליב טאָן דעם טאַטן, רופט ער אים אויך צוק.

— איז וווהין קאָנען מיר פאָרן, צוק? — האָט יוינע ווי גלײַכגילטיק זיך אָנגערופן.

— אין אַ שטעטל́ אַף פּאָדאָל́יע, דאָרטן, ווו איך בין געבוירן געוואָרן, — האָט דער טאַטע פאַרגעל́ייגט.

יוינע האָט גענומען אַ ריפּטל́ ברויט, וואָס איז געבליבן פון נעכטן אָפּדערנאַכט, אַקוראַט פאַרוויקל́ט עס אין אַ צײַטונג און אַוועק אַף פּושקינסקע אין קלוב פון די קינסטל́ער, דאָרטן אין בופעט וועט ער נעמען אַ גלאָז הייסע טיי און אָפּעסן פרישטיק.

— גיי, גיי, צוק! איך וועל́ טייקעף זיך צוכאַפּן אין אָטשערעד[1] און נעמען ברויט! — האָט דער טאַטע אים באַרויִקט, אַז ער וועט ניט בל́ײַבן אָן פרישטיק.

אין צוויי טעג אַרום זײַנען זיי שוין געווען מיטן טאַטן אַפן וואָקזאַל́. קיין סאַך פּעק האָבן זיי ניט געהאַט מיט זיך. וואָס מע האָט נאָר געקאָנט פאַרקויפן, האָבן זיי אָפּגעפירט אַפן טאָל́טשאָק.

דער וואַגאָן איז געווען אַזוי פול́, אַז ס'איז ניט געווען ווו אַ פוס אַוועקצושטעל́ן. אַפן וועג איז דעם טאַטן געוואָרן ניט גוט, און יוינע האָט זיך אַוועקגעזעצט אַפן דיל́, דעם טאַטן האָט ער גענומען צו זיך אַף די קני, דעם קאָפּ האָט דער טאַטע אַוועקגעל́ייגט צו יוינען אַף דער ברוסט. אַזוי זײַנען זיי געפאָרן. אינדערפרי איז מען אָנגעקומען אין שטעטל́ זינקאָוו. מע האָט געמוזט נעמען אַ באַל́עגאָל́ע. דער טאַטע איז שוין געווען קראַנק און האָט גאָרנישט ניט געקאָנט טראָגן. ווײַזט אויס, דער וועג איז געווען דער ל́עצטער בראָך אין דעם טאַטנס געזונט. אין דער היים איז דער טאַטע אויך געווען קראַנק, גענומען פּראָשקעס, געזעסן באַם יאַם, געאָטעמט מיט פריי־שער ל́ופט, נאָר איצט דרייט זיך אים אַזוי דער קאָפּ, אַז ער קאָן ניט אַראָפּ פון בעט, אויב ער האַל́ט זיך ניט אָן אין יוינען. ער גייט אַרויס אין דרויסן, נאָר ווען ער האַלט דעם זון אונטערן אָרעם, אי דאָס פילט יוינע, ווי ער גייט און פאַלט אַל́ע מאָל́ אַף אים מיט אַ זײַט. קיינער אין גאַס דערקענט אים שוין ניט... ווער וואָלט דען געקאָנט דערקענען דעם יונגן שוואַרצן באָכער מיט די ברענענדיקע אויגן פון אַמאָל́ אין דעם קראַנקן גרויען מענטשן, וואָס שפּאַרט זיך אָן אַפן זונס האַנט.

---

[1] ריי.

— דו זעסט, צוץ, אַט דעם אַלטיטשקן ייִדן מיט דער ווײַסער באָרד? דאָס איז מײַן דאָר־דעקע־מעלאַמעד, אווראָם־בער לייבס. ער דערקענט מיך ניט, און איך שעם זיך צוגיין צו אים... — האָט צו יוינען איינמאָל אין גאַס געזאָגט דער טאַטע.

יוינע האָט צום ערשטן מאָל געזען אַ שטעטל. ער האָט געקוקט אַף אַלץ מיט פרעמדע אויגן. אים זײַנען געווען פרעמד די גאַסן, די שטיבלעך, די מענטשן, זייערע בערד.

איינמאָל אַפּדערנאַכט אין אַ געשפּרעך מיט דער באַלעבאָסטע האָט דער טאַטע זיך שטאַרק גענומען נאָכפרעגן וועגן איינעם אַ מיידל, ווו איז זי, מיט וועמען האָט זי כאַסענע געהאַט, צי האָט זי קינדער. ער האָט געבעטן די באַלעבאָסטע אַרײַנגיין איר זאָגן, אַז ער איז געקומען פון אַדעס, ער וואָלט אַליין אַרײַן צו איר, נאָר ער איז קראַנק.

— זאָגט פעסיען, אַז איך וויל זי שטאַרק זען, זייער שטאַרק... — האָט דער טאַטע געזאָגט.

אַף מאָרגן באַטאָג האָט עמעצער אַנגעקלאַפּט אין טיר. דער טאַטע האָט פּונקט געגעסן קאַלטע קאַרטאָפליעס אין מונדירן, וואָס זײַנען געבליבן פון אינדערפרי. אַף דער צעראַטע זײַנען געלעגן צעוואָרפן עטלעכע קאַרטאָפליעס, אינמיטן טיש איז געווען אַנגעשאָטן אַ קופּקעלע זאַלץ. יוינע איז אוועקגעלאָפן עפענען די טיר. זיי זײַנען שוין דאָ אָפּגעוווינט געוואָרן, עמעצער זאָל קלאַפּן אין טיר, ווען מע קומט אַרײַן. די טיר האָט זיך געעפנט, און ס'איז אַרײַנגעגאַנגען אַ מיידל פון אַ יאָר צוואַנציק. זי איז געווען קורץ געשוירן, ווי אַלע מיידלעך דעמאָלט, אין די צוואַנציקער יאָרן. זי האָט אַלעמאָל אַ טרייסל געטאָן מיטן קאָפּ און אונטערגעוואָרפן די טשופּרינקע, וואָס איז איר געקראָכן אין די אויגן אַרײַן. דאָס האָט איר זייער געפּאַסט. אַ טונקל מאַטעווע פּאָנעם מיט צוויי גרויסע גרינע אויגן. דערזען זי, איז דער טאַטע מיטאַמאָל געוואָרן טויט־בלאַס, און די ליפּן האָבן אַנגעהויבן באַ אים בלוי ווערן און אונטערציטערן, ווי שטענדיק, איידער ס'ווערט אים ניט גוט.

— זדראַסטיע! — האָט זי געזאָגט אַף אַ גרויסשטאָטישן אויפן.

דער טאַטע איז אופגעשטאַנען, זיך אַנגעשפּאַרט אין טיש און פאַרלוירן געקוקט איר גלײַך אין פּאָנעם אַרײַן, ווי ער וואָלט ניט געגלייבט זײַנע אייגענע אויגן.

— די מאַמע האָט מיך געשיקט געווירע ווערן, וואָס מאַכט איר אין געזונט, — האָט דאָס מיידל זיך אַנגערופן פאַרשעמט, באַמערקנדיק דעם אַלטנס פאַרלוירנקײַט.

דער טאַטע האָט געשוויגן, ווי עס וואָלט באַ אים אָפּגענומען דאָס לאָשן. יוינע האָט זיך שטאַרק דערשראָקן. ער האָט אַנגעשטרענגט געקוקט אַפן טאַטן, נאָר יענעמס אויגן האָבן געלעבט, אַקטיוו געלעבט. ער האָט, ווײַזט אויס, זיך עפּעס דערמאָנט, פאַרגלײַכט, ניט געקאָנט זיך גלייבן.

— האָט דײַן מאַמע שוין אַזאַ גרויסע טאָכטער? — האָט דער טאַטע ענדלעך געפרעגט. באַ אים האָט געציטערט די שטים. עס האָבן געציטערט די ליפּן, די הענט, די פינגער, מיט וועלכע ער האָט געפּרוּווט פאַרדרייען אַ פּאַפּיראָס.

— דיר האָט עמעצער געזאָגט, אַז דו ביסט שטאַרק ענלעך אַף דער מאַמען? — האָט דער טאַטע, אַזוי שטייענדיק אַנטקעגן איר, געפרעגט.

— ווער האָט מיר געהאַט צו זאָגן? דער טאַטע איז אומגעקומען נאָך אין פּאָגראָם, — האָט דאָס מיידל ווי זיך פאַרענטפערט. — איך בין נאָך געווען אַ קליינינקע.

— איך האָב זיך דערשראָקן, ווען דו ביסט אַרײַנגעגאַנגען. דו ביסט פּונקט די מאַמע, ווען איר איז געווען צוואַנציק יאָר. מיר האָט זיך געדוכט, אַט איז אַרײַן פעסיע, און מיר האָט זיך אַזש דער קאָפּ פאַרדרייט, — האָט דער טאַטע געזאָגט, ניט אָפּרײַסנדיק די אויגן פונעם מיידל.

— מײַן מאַמע איז שוין לאַנג קראַנק, און מיר איז אַפילע שווער זיך פאָרשטעלן, אַז זי איז געווען אַמאָל אַזוי יונג, ווי איך, — האָט דאָס מיידל געענטפערט און אַראָפּגעלאָזט די אויגן.

— ווי רופט מען דיך, טײַערינקע?

— שיינדל.

— אַט פּונקט אַזוי, שיינדל, פלעגט אַראָפּלאָזן די אויגן דײַן מאַמע.

— מיר איז אַפילע ניט אַנגענעם איצטער הערן אַזעלכע ווערטער וועגן מײַן מאַמען.

— און מײַן זון איז ניט אַנגענעם צו הערן אַזעלכע ווערטער פון מיר.

— איז מיט אַלעמען מוז אַזוינס טרעפן? ניין, איך וועל קיינמאָל ניט ווערן קיין אַלטע.

— ס'וועט דיר גאָרנישט ניט העלפן. פאַראַן נאָר איין מיטל דאָס אויסמײַדן. שטאַרבן יונגערהייט. נאָר קיין דאַבראַוואָלצעס[1] נעמט מען אַהין ניט... און שטאַרבן וויל קיינמאָל קיינער ניט.

— די מאַמע האָט געבעטן, איר זאָלט אַרײַנגיין צו אונדז, ווען אײַך וועט ווערן בעסער...

— זאָל זי מיך בעסער איצט ניט זען, זאָל זי מיך פאַרגעדענקען אַזאַ, ווי איך בין געווען.

[1] פרײַוויליקע.

דאָס מיידל איז אַרויס פון שטוב. אין דער לופט איז געבליבן הענגען ניט דער שאַרפער רייעך פון פאַרפומירטע מיידלשע קליידער, עס האָט געשמעקט מיט אויסגעוואַשענע מיידלשע האָר, מיט זויבערקייט.

דער טאַטע מיטן זון זײַנען געבליבן שטיין שווײַגנדיק. דער טאַטע, ווײַל ער האָט שוין אַלץ איין מאָל געזען, דער זון, ווײַל ס'האָט דאָס ערשטע מאָל בא אים אָנגעהויבן אַזוי שטאַרק קלאַפּן דאָס האַרץ.

ווען יוינע האָט אופגעהויבן די אויגן אַפן טאַטן, האָט ער זיך אַזש דערשראָקן. דער טאַטע איז געזעסן באַם טיש, און טרערן זײַנען געראָנען פון זײַנע אויגן. ער האָט ניט געהאַלטן קיין טיכעלע אין האַנט, די טרערן ניט אויסגעווישט, ער האָט גלײַכגילטיק געוויינט, און די טרערן זײַנען גלײַכגילטיק געראָנען. יוינע האָט דאָס ערשטע מאָל געזען אַן אַלטן ייִדן וויינען מיט טרערן, ביפּראַט נאָך דעם אייגענעם טאַטן.

— פאַרשטייסט, צוק, דאָס איז געווען מײַן ערשטע ליבע. און שיינדל איז אַזוי ענלעך אַף איר מאַמען! ווי בין איך ניט געפאַלן כאַלאַשעס? ניין, דו פאַרשטייסט ניט, צוק, ווי זי איז ענלעך אַף דער מאַמען! אומגעריכט, ווי א שטיין אַפן קאָפּ, איז אַף מיר אַראָפּגעפאַלן די דערמאָנונג וועגן מײַן פריִער יוגנט.

— און די פריִע יוגנט פאַרגעדענקט זיך אַזוי? — האָט יוינע געפרעגט.

— אָט וועסטו זען, ווי דו וועסט פאַרגעדענקען די ערשטע ליבע. אַלץ וועט זיך דיר דער־נאָך אויסווײַזן וויכטיקער און שטאַרקער, נאָר פאַרגעדענקען אַפן גאַנצן לעבן וועסטו נאָר די ערשטע... — האָט דער טאַטע שוין גערעדט מיט אים ווי מיט א גלײַכן.

און יוינען האָט זיך געדוכט, אַז דער טאַטע איז פון דער דערמאָנונג געוואָרן ניט ייִנגער, נאָר עלטער. ער האָט, זיצנדיק אַפן בענקל, אַרײַנגעצויגן דעם קאָפּ, אַראָפּגעלאָזט די אַקסל, אינגאַנצן ווי קלענער געוואָרן, די אויגן אויסגעלאָשן, אַפילע, דוכט זיך, אָנגעהויבן דרעמלען. אינגאַנצן אומגעריכט פאַר יוינען האָבן אָפּגעקלונגען דעם טאַטנס ווערטער:

— לענגער פון אַלץ לעבט דער זיקאָרן. ער האָט אַן ראַכמאָנעס פאַרהיט די דערמאָנונג וועגן דעם, ווי איך פלעג יונגערהייט זי שלאָגן, פעסיען, פאַרשטייסט? פּאַשעט שלאָגן, פון ליבע שלאָגן. געווען געגנוג, איך זאָל אַמאָל זי דערזען שטיין מיט אַן אַנדער ייִנגל, א שפּאַס טאָן מיט עמעצן, און בא מיר האָט זיך באַלד אָנגעצונדן דאָס האַרץ, און ווען מיר פלעגן בלײַבן אין אָוונט אינצווייען אַף דער באַנק לעבן דער שטוב, באַם פּאַליסאַדניק, פלעג איך באַלד זיך וואַרפן אַף איר מיט די קולעקעס. ווי נאָר דאָס האַרץ איז געוואָרן אָפּגעלאָשן, פלעג איך אָנהייבן זי אַרומ־נעמען, בעטן אַנטשולדיקונג, און פעסיע פלעגט זיצן, מיך קושן און גלעטן די האָר.

דער טאַטע האָט געענדיקט ריידן, נאָר די טרערן זײַנען אַלץ געראָנען, אַזוי, אָן לײַדנשאַפט, אָן וויטעק, אָן צאָרן. אַזוי וויינען נאָר קינדער, ווען זיי פאַרגעסן, מיט וואָס מע האָט זיי געקריוו־דעט, און הייבן שוין אָן אַנשלאָפן ווערן.

— איך מיין, טאַטע, אַז שיינדל, די טאָכטער אירע, וועט שוין ניט קענען אַזוי שטאַרק ליב האָבן, עמעצער זאָל זי שלאָגן, אַפילע פאַר ליבשאַפט, און זי זאָל שווײַגנדיק אים אַרומנעמען און קושן.

— אָבער זי האָט דאָך געוווּסט, אַז איך האָב זי ליב, ווי קיינער אין דער וועלט, — האָט דער טאַטע געענטפערט.

יוינען איז געוואָרן שווער צו קוקן אַפן טאַטנס טרערן, עפּשער דערפאַר, ווײַל אים איז אומעגלעך געווען זיך פאָרשטעלן דעם טאַטן ווי א פאַרליבט ייִנגל, פול מיט לײַדנשאַפט, מיט פאַנטאַזיע, וואָס האָט געקאָנט שלאָגן דאָס מיידל, וואָס ער האָט ליב געהאַט. יוינע איז אַרויס פון שטוב, אַוועק אַפן שאָסיי, וווּ ס'האָבן שוין שפּאַצירט א פּאָר באַקאַנטע ייִנגלעך.

שפּעט אין אָוונט, ווען יוינע האָט זיך אומגעקערט אַהיים, אָנגעצונדן דאָס אַכטער לעמפּל, האָט ער דערזען, אַז דער טאַטע ליגט א טויטער אַף זײַן אײַזערנעם בעטל. פאַרן שטאַרבן האָט אים, ווײַזט אויס, דער טויט נאָך אַקוראַט אויסגעווישט די טרערן. זײַן פּאָנעם איז געווען בלאַס, נאָר רויִק, אָן פאַרדראָס, אָן באַליידיקונג. יוינע האָט אין זײַן לעבן נאָך ניט געזען קיין טויטע, אַף קיין לעווײַעס ניט געווען. זײַן מאַמע איז אומגעקומען נאָך אין בירגערקריג. נאָר ער איז געווען זיכער, יוינע, אַז ער האָט מוירע פאַר א מעס און וואָלט קיינמאָל ניט געבליבן מיט א מעס אַליין אין שטוב, ביפּראַט נאָך פאַרנאַכט. איצט איז אים אינגאַנצן ניט געווען שרעקלעך. פאַר־קערט, ער האָט גענומען א בענקל און זיך אוועקגעזעצט ניט ווײַט פונעם בעטל, גלײַך ווי דער טאַטע וואָלט געבעטן, ער זאָל זיצן מיט אים א ביסל, ס'זאָל אים זײַן היימלעכער. ער איז געזעסן און האָט געקוקט אַפן טאַטן, אַף זײַן בלייך פּאָנעם, וואָס איז בא אים פאַר די אויגן וואָס א רעגע געוואָרן אַלץ פינצטערער און פינצטערער.

פונדעסטוועגן איז אים מיטאמאָל געוואָרן שרעקלעך, און ער האָט גענומען שפּאַנען איבערן צימער הין און צוריק. פאַרבײַגייענדיק דאָס בעטל, האָט ער אַלע מאָל געוואָרפן א בליק אַפן טאַטנס פּאָנעם און דערפילט, אַז עס ווערט אים קאַלט. עס האָט אים פּאַשעט געטרייסלט. ער האָט אָנגעקלאַפּט דער באַלעבאָסטע אין טיר און זי אופגעוועקט. זי האָט ארופגעוואָרפן אַף זיך דעם מאַנטל און ארײַן צו אים אין צימער. די באַלעבאָסטע האָט שטיל געוויינט. יוינע איז ארויס אין דרויסן און איז געבליבן שטיין אונטער די שטערן. ווען ער איז ארײַן צוריק אין שטוב, האָט ער געבעטן די באַלעבאָסטע, זי זאָל מיט אים זיצן ביז אינדערפרי.

אַז ס׳האָט זיך באַוויזן די זון אין פענצטער, האָט יוינע באַמערקט, ווי אַפן טאַטנס פּאָנעם זעצן זיך פליגן, און אים האָט זיך געוואָלט די גאַנצע צײַט זיי אראָפּטרײַבן. אין שטוב האָבן זיך אָנגעהויבן באַווײַזן שכיינים, און יוינע האָט באַשטימט צוגיין צו פּעסיען, איר אָנזאָגן וועגן זײַן אומגליק.

אין דרויסן, לעבן פּעסיעס שטוב, האָט ער געטראָפן שיינדלען. זי איז איצט געשטאַנען אין א ציצן קליידל, אין א ווײַס בלוזקעלע, וואָס האָט אויך געפינקלט פון ווײַסקייט, און האָט פאַר־קערט איר כיילעק גאָס ארום דער שטוב.

יוינע האָט זייער אײַנגעהאַלטן דערציילט שיינדלען וועגן זײַן אומגליק. ער האָט דער איקער מוירע געהאַט, זי זאָל ניט אָנהייבן שטאַרק וויינען און כאָלילע ניט ארויסווײַזן קיין צופיל ראַכ־מאָנעס צו אים. טאַקע דערפאַר, ווײַל ער האָט איצט ניט געהאַט ניט קיין היים, ניט קיין געלט, ניט קיין ברויט, האָט ער דעריקער מוירע געהאַט פאַר ראַכמאָנעס. אַף דער עלטער זוכט מען הילף, אין דער יוגנט זוכט מען זעלבשטענדיקײַט. נאָר שיינדל האָט אים בלויז אויסגעהערט און א דערשיטערטע אים ארופגעלייגט די הענט אַפן אַקסל.

— יוינע, דעם גרעסטן כיילעק אומגליק האָט איר ארופגעלייגט אַף מיר, איך דאַרף ארײַן אין שטוב דערציילן וועגן דעם דער מאַמען.

יוינע איז אַוועק און זיך ניט אומגעקוקט. ער איז געגאַנגען גיך, אראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. די וועלט האָט אין זײַנע אויגן אויסגעזען טונקל. ער האָט אפילע ניט געזען, אַז די זון שפּילט אַף די דעכער, ניט געהערט, אַז די טויבן וואָרקען אַף די טעלעגראַף־דראָטן.

שיינדל איז א ווײַלע געשטאַנען מיטן בעזעם אין האַנט פאַרטראַכטערהייט. זי האָט נאָך קיינמאָל ניט געפילט דעם טויט אַזוי נאָענט לעבן זיך. ערשט נעכטן האָט זי דאָך גערעדט מיט דעם מענטשן. נאָר דער טויט איז ניט אַזוי שרעקלעך, ווען ער איז אַף דער צווייטער גאָס. דער־ווײַל איז אָנגעקומען א מיליציאָנער, א יונגער באָכער, געמאַכט שיינדלען א פּאָר פריילעכע קאָמפּלימענטן, געבליבן שטיין און פאַרליבט געקוקט אַף איר.

— שיינדל, פאַרוואָס דאַרף איך דורכגיין די גאַנצע גאָס, אַז איך זאָל דיך איינע טרעפן מיטן בעזעם אין אַזא ווײַס אויסגעפּרעסט בלוזקעלע? — האָט דער מיליציאָנער ערנסט געפרעגט.

געענטפערט האָט שיינדל שוין גאַנץ פריילעך. דערצו האָבן איבערן שטעטל אַזוי האָפערדיק געקרייעט די הענער, אַזוי פריילעך געמעקעט די ציגן, וואָס מע האָט געטריבן אין דער טשערעדע, אַפן שאָסיי האָט אַזוי מונטער געטראַסקעט מיט די רעדער די ערשטע פור, וואָס איז געפאָרן פון דאָרף אין מאַרק ארײַן, אַז באַ שיינדלען האָט זיך געענדערט די שטימונג און זי האָט זיך געלאָזט אין שטוב ארײַן ניט מיט אַזאַ פינצטערער מינע אַפן פּאָנעם. שוין פינף כאָדאָשים, אַז איר מאַמע ליגט צו בעט. שיינדל גיט איר אַקוראַט דרײַ מאָל אין טאָג צו פופצן טראָפּנס אַף א לעפל וואַסער און קויפט איר פון צײַט צו צײַט א לימענע צו דער טיי. דאָס שטיקל לימענע פון דער טיי צווינגט זי אומבאַדינגט אופעסן.

— מיט דער שאָלעכץ עס. ס׳איז געזונט, — פלעגט זיך בעטן שיינדל.

איצט, ווען שיינדל איז ארײַן אין שטוב אַזוי פרי, איז פּעסיע נאָך געשלאָפן. שיינדל האָט אויסגעטאָן די טופליעס, שטיל אָנגעצונדן אין קיך דעם פּרימוס, זיך געסטאַרעט ניט הויך פּאָמ־פּען, און אַוועקגעשטעלט טיי.

דערנאָך האָט זי זיך צוגעזעצט אין קיך באַטראַכטן, ווי ווייכער אונטערטראָגן דער מאַמען די טרויעריקע ידיִע. אינגיכן האָט זיך דערהערט דורך דער טיר דער מאַמעס קאָל. זי האָט זיך שוין אופגעכאַפּט און גערופן די טאָכטער. שיינדל האָט א ווײַלע זיך פאַרהאַלטן אין קיך, אָנגעקאַטשעט דעם פּרימוס, אָנגעטאָן די טופליעס, צוגעקעמט די האָר, די מאַמע זאָל באַ איר אַפן פּאָנעם גאָרנישט ניט דערקענען, און איז ארײַן אין צימער מיט איין געדאַנק — דערווײַל פאַריידן די מאַמען, אָפּוועגדן איר אופמערקזאַמקײַט און דערנאָך ווי־ניט־איז צווישן די רייד איר אונטערטראָגן די שלעכטע בסורע. נאָר די מאַמע האָט זי באַגעגנט אומגעריכט אַזאַ אופגע־לעבטע, אַזאַ יונג אופגערעגטע.

— אַף דער עלטער, טאָכטער, איז א גוטער כאָלעם בעסער פון א זאַטן מיטיק. פאַרטאָג, ווען דו ביסט אופגעשטאַנען, בין איך געשמאַק אַנשלאָפן געוואָרן. כאָלעמט זיך מיר, אַז סע

לויפט אריַין צו אונדז באַריס, נאָך גאַר א יִינגל, איך שטיי און וואַש דעם דיל. איך דריי פּונקט אויס די שמאַטע. קיינער איז אין שטוב ניטאָ. ער כאַפּט מיך אַרום און הייבט מיך אָן קושן הינ־טערן אויער, ווי ער האָט שטענדיק ליב געהאַט צו טאָן, מיך קיצלט, נאָר איך קאָן גאָרנישט ניט טאָן, און אַזוי האָב איך זיך אופגעכאַפּט.

— איך בין זייער צופרידן, וואָס מײַן מאַמען כאַלעמען זיך אַזעלכע יונגע כאַלוימעס, — האָט שיינדל מיט א געמאַכטן שמייכל געזאָגט.

— דו האָסט נעכטן מיר דערציילט וועגן אים, און איך האָב זיך דערמאָנט אין מײַנע יונגע יאָרן. צי מע דאַרף לעבן, ביז מע ווערט אַלט, קראַנק, אויס מענטש, דאָס איז נאָך א פּראַגע. נאָר אין דער יוגנט דאַרף מען ליב האָבן, און וואָס שטאַרקער מע האָט ליב, אַלץ לענגער לעבט מען. באַריסן האָט מען געדאַרפט ליב האָבן, געווען פאַר וואָס ליב צו האָבן, באַריסן האָט מען געקענט ליב האָבן.

ווי מיט א מעסער איבערן האַרצן, האָבן געשניטן שיינדלען אָט די ווערטער דער מאַמעס. זי האָט דערזען פאַר זיך באַריס מיכײַלאָוויטשן, יוינעס טאַטע, א קראַנקן, א גרויען, א הילפלאָזן.

— דו מיינסט, אַז אַזאַ, ווי דײַן באַריס, איז אַף דער וועלט ניט געווען און איז ניטאָ. גיי גיב אַף אים איצטער א קוק, ער קאָן ניט מאַכן קיין שפּאַן, אויב ער האַלט זיך ניט אָן פאַרן זון. מעגלעך, אַז ער וואָלט וועלן בעסער שטאַרבן, איידער זיך אַזוי מוטשען.

— רייד ניט אַזוי, שיינדעלע, — האָט די מאַמע א מאַך געטאָן מיט דער האַנט, ווי זי וואָלט אָוועקטרײַבן אַזאַ געדאַנק.

שיינדלען איז געווען שווער איצט פירן דעם געשפּרעך מיט דער מאַמען. עס וואָלט איר געווען גרינגער, ווען זי קאָן זיך איצט אָוועקזעצן בײַ דער מאַמען אַפן בעט און איר זאָגן: „ווייסט, מאַמע, באַריס מיכײַלאָוויטש איז נעכטן אַפּדערנאַכט אומגעריכט געשטאָרבן. יוינע איז געקו־מען אַהיים און אים געטראָפן א טויטן אין בעט". דאָס אַלץ זאָגט זי אָבער נאָר אין געדאַנק, אַי דאָס שטעלט זי זיך גלײַך פאַר, ווי די מאַמע הייבט אָן כאַלעשן, ווי זי דאַרף אַף איר שפּריצן וואַסער, און ס'ווערט איר שרעקלעך. דאָ דערהערט זי דער מאַמעס דערשראָקן קאָל.

— וואָס האָסטו זיך אַזוי פאַרטראַכט, טאָכטער? — זאָגט די מאַמע צו שיינדלען.

— ניין, גאָרניט, — ענטפערט שיינדל און גיט א טרייסל מיטן קאָפּ, וואַרפט אָפּ די האָר, וואָס קריכן איר אין די אויגן.

בײַ דער מאַמען איז דורכגעלאָפן א שאָטן איבערן פּאָנעם. די אויגן זײַנען געוואָרן בײַ איר אומרויִק. די גאַנצע צײַט האָט זי אָנגעשטרענגט געקוקט אַף שיינדלען. אַזאַ שטומע אומרויִקײַט איז מעגלעך נאָר בײַ א מאַמען. זי האָט אופגעהערט ריידן, געלעגן און געשוויגן, אַלעמאָל גע־כאַפּט א קוק אַף דער טאָכטער.

— וואָס האָט בײַ דיר געטראָפן, שיינדעלע? עפּעס באַהאַלטסטו אויס פון מיר. דו ווייסט דאָך, אַז איך האָב קיינעם ניט אויסער דיך, — האָט די מאַמע זיך אָנגערופן.

שיינדל האָט זיך אָוועקגעזעצט לעבן דער מאַמען אַפן בעט, זי אַרומגענומען און איר דער־ציילט. די מאַמע איז ניט געפאַלן כאַלאַשעס. ניט געוויינט, ניט געבעטן קיין טראָפּנס. זי איז געלעגן מיט טרוקענע אויגן.

— ווי אַן אַדלער געקומען שטאַרבן צו זײַן געליבטער, — האָט זי אויסגעשעפּטשעט.

— דער זון איז פּונקט, ווי ער. ער איז פון מיר אַנטלאָפן, ער האָט מוירע געהאַט, טאָמער וועל איך אים אָנהייבן טרייסטן, — האָט שיינדל געזאָגט פאַרטראַכט.

— אַנדערעמעסן וואָלט מען אים געדאַרפט ניט טרייסטן, נאָר מיט וואָס מע קאָן העלפן. א יִינגל איז געבליבן אין דער פרעמד אָן א היים, אָן א געלעגער, אָן געלט. איך ווייס ניט, צי ער האָט א קערבל, צי ניין. באַריס מיכײַלאָוויטש איז געווען א לערער א גאַנץ לעבן. קיין קאַפּיטאַלן האָט ער מיסטאַמע ניט געלאָזט, — האָט די מאַמע שוין גערעדט ווי אַן אַלטע יִידענע.

— ווער ווייסט, צי ער וועט נאָך אַרײַנקומען אַמאָל. ער וועט מיסטאַמע מוירע האָבן, טאָ־מער וועט מען אים געבן א גלאָז טיי. אַנדערפּרי איז ער געקומען דערציילן וועגן זײַן אומגליק, ווײַל ער האָט דאָ קיינעם ניט, — האָט שיינדל געזאָגט, ווי זי וואָלט זײַן באַרויִגעז אַף אים.

— זײַ ניט אין כּאַס, טאָכטער, ער איז עלנט, ווי א שטיין. ער איז נאָך יונג, און אים איז שווער אָנבייגן דעם קאָפּ, — האָט די מאַמע באַדויערט.

שיינדלען האָט זיך איצט ניט געוואָלט די מאַמען איבערלאָזן אַליין, און אין שטוב האָט זי ניט געקאָנט זיצן. זי איז צוגעגאַנגען צום פענצטער, זיך אָנגעשפּאַרט, צוגעקוועטשט דאָס פּאָנעם צו דער טאַפליע און געקוקט אין דרויסן. מיטאַמאָל איז זי אָפּגעשפּרונגען פון פענצטער.

— אָט טראָגט מען אים שוין. בײַ יִידן מאַכט מען עס איינס און צוויי. נאָך דער מיטע גייט אין יוינע און סראָעל דער שאַמעס, — האָט שיינדל געזאָגט דערשיטערט.

— הייב מיך אוף, טאָכטער, לאָמיך כאָטש מיט די אויגן נאָכגיין נאָך דער לעווייַע, — האָט די מאַמע געזאָגט, און ס'האָבן בא איר אָנגעהויבן ציטערן די הענט.

שיינדל האָט אַפגיך צוגערוקט דאָס בעט צום פענצטער, און זיי האָבן ביידע געגומען קוקן אין גאַס אַריין. פיר יידן זייַנען גיך געלאָפן און געטראָגן די מיטע. פון הינטן איז נאָכגעגאַנגען יִסראָעל דער שאַמעס און געפּירט אונטערן אָרעם יוינען. ער איז געגאַנגען מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן, גלייַך ווי ער וואָלט מוירע געהאַט דערזען דעם מאַלעך־האַמאָוועס, וועלכער שווענקט איצט אָפּ זייַן כאַלעף אין די פעסלעך וואַסער בא די שכייניש שטיבער.

— ווי נעמט מען אַזאַ יונגן און שיינעם באַריסן און מע לייגט אַריין אין דער ערד אַריין? — האָט די מאַמע געפרעגט בא שיינדלען.

— דאָס לעבן וואַרט, ביז מע ווערט ניט אַזוי יונג און ניט אַזוי שיין, — האָט שיינדל פּאַשעט געענטפערט.

ווען יוינע האָט זיך אומגעקערט פון בעסאַלמען, איז אַריין אין שטוב, זיך אוועקגעזעצט אַפן בענקל, האָט ער דערזען דאָס אײַזערנע בעטל, פאַרשפּרייט מיטן טאַטנס קאָלדרע. אַף אָט דעם בעטל איז דער טאַטע געזעסן אַן אַלטער, א קראַנקער און האָט געקרעכצט. ער האָט מיטן זון ניט גערעדט, ניט דערציילט קיין מייַסעס, אים ניט פריילעך געמאַכט. נאָר ווי גוט ס'איז יוינען געווען. איצט האָט יוינע דערפילט: מיטן טויטן טאַטן איז ער אַפגעווען א נאַכט. אים איז אפילע ניט געווען שרעקלעך, אָבער איצט מיטן פּוסטן בעטל אין צימער קאָן ער ניט זייַן קיין איין מינוט. וואָס האָט ער דאָ? די עטלעכע שמאַטעס, וואָס זייַנען געווען בא זיי, האָט דער טאַטע שוין פאַר דער צייַט אויסגעביטן אַף קאַרטאָפליעס. יוינע האָט אויסגעשאָטן פון זעקל די קאַר־טאָפליעס, צונויפגעלייגט זייַן ביסל זאַכן, גענומען דאָס זעקעלע אַף די פּלייצעס און אַרויס פון שטוב. צוגעגאַנגען ביז דער בריק און אַוועק מיטן שליאַך וווהין די אויגן טראָגן. יוינע איז גע־גאַנגען א גאַנצע נאַכט. אינדערפרי איז ער אָנגעקומען קיין פעלשטין. אין עק שטעטל, באַם טייַך האָט יוינע אָנגעקלאַפּט אין א טיר פון א ליימענעם שטיבל, ווו ס'האָט געוווינט כאַיִם דער וואַסערפירער. כאַיִמס ווייַב האָט אים אַרייַנגעלאָזט אין קיכל.

אָט אַזוי איז געקומען צו אונדז אין פעלשטין יוינע, וועלכער האָט געטרוימט צו ווערן א קינסטלער.

2

פערעץ מיט זייַן יונג ווייַבל בראַנציען האָבן זיך אומגעקערט נאָך דער כאַסענע קיין פעל־שטין און געוווינט באַם פעטער בער אין אַלקער. די ערשטע טעג פלעגן נאָך עלטערע ייִדענעס און יונגע ווייַבלעך שטיין אַף די שוועלן, פאַרהייבן די פאַרהענגלעך אַף די פענצטער און נאָכ־קוקן אַלע גאַנצפרי, ווי בראַנציע גייט אַפן מאַרק אָדער צום קאַצעוו נאָך פלייש. דערנאָך איז מען צוגעוווינט געוואָרן צו איר קווייטלדיק קלייד מיט די גרויסע קעשענעס פון פאָרנט, צו אירע שטאַרק בלויע אויגן און מע האָט אופגעהערט קוקן.

אין פעלשטין האָט מען שוין דערווייַל אָנגעהויבן ריידן, אַז דאָס יונגע ווייַבל גייט זעלטן נאָך פלייש. ווייַזט אויס, אַז פערעץ ברענגט פון גוראַלניע ניט קיין גרויסן בייַטל מיט געלט. צו וואָס האָט דער פעטער בער געדאַרפט פאַרקויפן דאָס פערד־און־וועגעלע און אופהערן מיט פערעצן פאָרן אין דאָרף אַריין? וואָס האָט ער געדאַרפט טאָן אַלעמען אַפצולאָכעס, גיין אַף דער גוראַלניע אַרבעטן און שלעפן נאָך זיך יונגע קינדער, וואָס הייבן ערשט אָן לעבן?

בראַנציע איז געווען א שווייַגערן, ניט ליב געהאַט ריידן. פערעץ האָט ניט געוווּסט, וואָס מע רעדט וועגן אים אין שטעטל, געווען נאָך זייער יונג און גליקלעך מיט דער יונגער פרוי זייַנער. ער האָט אפילע ניט פאַרשטאַנען, אַז די גרעסטע מייַלע פון זייַן ווייַב איז איר שווייַ־געוודיקייַט. ער איז אַליין אויך געווען ניט פון די באַריידעוודיקע. ער פלעגט שווייַגנדיקערהייט אָפּאַרבעטן א טאָג אַף דער גוראַלניע, אָפּעסן שווייַגנדיקערהייט מיטיק און דערנאָך אַרויסגיין אין דרויסן, זיך אוועקזעצן אַף דער פּריזבע און א ביסל שווייַגן. מיט דער שוויגער האָט בראַנציע געלעבט גוט. די מומע העניע פלעגט זיך איבערנעמען, וואָס בא איר איז אַזאַ שיינע שנור. דער פעטער בער האָט אויך צו איר קיין טייַנעס ניט געהאַט. ער פלעגט קומען א שווייַגנדיקער צוזאַ־מען מיט פערעצן פון דער אַרבעט, נאָכן עסן בלייַבן זיצן באַם פענצטער און קוקן אַפן שאָסיי, ווער ס'פאָרט דאָרט דורך, און, ניט אָנצינדנדיק קיין פייַער, זיך לייגן שלאָפן. דעריקער האָט מען געדאַרפט געפעלן ווערן דער באָבע כייַע־סאָרע, דעם פעטער בערס מאַמע. אהינצו פלעגט זיך שאַבעס צונויפקומען די גאַנצע מישפּאָכע. בא דער באָבע כייַע־סאָרע זייַנען פאַראַן נאָך צוויי זין, עלטערע פונעם פעטער בער, און זעקס טעכטער. דריי אויסגעגעבענע שוין און דריי מיידלעך. די ייִנגסטע פון די מיידלעך איז געווען אין בראַנציעס עלטער. אָט די מיידלעך זייַנען געווען די

גרויסע פאַרגעסענהייט. ער האָט אָבער די ווערטער ניט אַרויסגעזאָגט, נאָר

געזעגעבערנס פון מאַראַל און היינטצייטיקע מאַנירן, איבערהויפּט, אַז עס פּלעגט אַריינפאַלן א יונגע שנור אין דער מישפּאָכע.

בראַנציע האָט ניט ליב געהאַט גיין צו דער באָבע כייע־סאָרע. דאָס איז געווען גענוג, אַז זי זאָל דאַרט ניט נויסע־כיין זיין און מע זאָל הינטער די אויגן שיטן אַף איר פּעך און שוועבל. די מומע העניע האָט איר שוין עטלעכע מאָל געזאָגט, אַז מע דאַרף אַריין צו דער באָבע כייע־סאָרע. שאַבעס באַטאָג האָט בראַנציע זיך אָנגעטאָן אין דעם שוואַרצן קרעפּדעשינענעם קלייד און צוזאַמען מיט דער מומע העניען אַוועק צו דער באָבע כייע־סאָרע.

די באָבע כייע־סאָרע איז געווען א הויכע דאַרע ייִדענע, וועלכע איז שוין מערסטנטייל געזעסן אַפן בעט. אַרומגיין איבער דער שטוב פּלעגט זי נאָר מיטן שטעקן. אַז בראַנציע האָט געעפנט די טיר, איז די גאַנצע מישפּאָכע געזעסן אין זאַל בא די פּלעצלעך מיט מאַן, וואָס די באָבע כייע־סאָרע פּלעגט באַקן אַלע פרייטיק. שוין לאַנגע יאָרן, ווי די באָבע כייע־סאָרע באַקט פרייטיק די פּלעצלעך, און פונדעסטוועגן ווערט ניט נימעס אַלע זין, אַלע טעכטער, אַלע איידעמס, אַלע שניר, אַלע אייניקלעך יעדן שאַבעס איבערכאַזערן, אַז דער טאַם פון דעם שאַבעס־דיקן פּלעצל מיט מאַן ליגט זיי אין מויל א גאַנצע וואָך, וואָס זיי זאָלן ניט עסן. די באָבע כייע־סאָרע איז געווען אין א געהויבענער שטימונג. די גאַנצע מישפּאָכע זיצט אויסגעזעצט אַף די בענקלעך, אַף די קאַנאַפּעס, אַף די טאַבורעטקעס אַרום דעם קיילעכדיקן טיש, קיינער טראַכט ניט עסן, נאָר אַלע זיצן אויסגעזעצט אין זאַל. דער שאַבעסדיקער סערוועט מיט די פרענדז איז פאַרשפּרייט, אַלע זיינען שאַבעסדיק אָנגעטאָן. אויבנאָן זיצט דער ייִנגסטער זון מוישעלע, אַן עלטערער ייִד אָן א באָרד, נאָר מיט לאַנגע גרויע הענגענדיקע וואָנצעס. א גאַנצע וואָך איז ער אין דאַרף, אהיים קומט ער נאָר אַף שאַבעס. לעבן אים זיצט זיין פרוי כאַנע מוישעלעס, א געזונטע, שיינע פרוי, וואָס א גאַנצע וואָך האַלט זי זיך אין איין היילן, דער דאָקטער קריכט ניט אַרויס פון איר שטוב. אין דער מישפּאָכע זאָגט מען, אַז דאָס איז פון ווילטיק. איצט איז זי פאַרנומען מיט איין זאַך: אַכטונג געבן, דער מאַן אירער, מוישע דער לאַנגער, זאָל ניט פאַרסמאַרקען די וואָנצעס. זי טראָגט אין קעשענע פון קליידל א קלאַר־וויים טיכעלע, און אַלע מאָל, אַז מוישע טוט א ניס, נעמט זי אַרויס דאָס טיכעלע און ווישט אים אויס מיט איר האַנט די וואָנצעס.

לעבן איר זיצט זיין ברודער אַרן־שמול, א ייִד מיט א לאַנגער באָרד, גלייך ווי ער וואָלט פאַרלאָזט די באָרד פונזיינעטוועגן און פון מוישעס־וועגן און דערפאַר טראָגט ער צוויי פּאָרציעס באָרד. ער האָט שוין דערוואַקסענע קינדער, נאָר דאָס ווייב איז בא אים פּלוצעם געשטאָרבן, און דערפאַר זיצט לעבן אים, ווי א צוגעשטוקעוועטע צום שפּיץ בענקל, א ווייב, א סאַך ייִנגער פון אים, מיט גלאַט צוגעקעמטע שוואַרצע האָר.

און אָט איז די עלטערע טאָכטער, די מומע וויטיע, זייער א גאָטספאַרכטיקע ייִדענע. זי האַלט, אַז איר מאַן, אַן איידעלער ייִד, וואָס קען געמאָרע, איז אַריינגעפאַלן אין א פאַרגרעבטער מישפּאָכע און דאָ גיט מען אים אָפּ ווייניק קאָוועד. ער זיצט ערגעץ אַף א טאַבורעטקע, און זי סטאַרעט זיך אַלע מאָל אים אָפּטרעטן דאָס אָרט, ער זאָל אויך זיצן אויבנאָן.

און אָט איז מאַליע. זי טיילט זיך אויס מיט איר אַקוראַט צוגעקעמטן קאָפּ האָר, מיטן הויכן קובלעק און מיט די אויסגעלייגטע לאָקן אַפן שטערן. זי איז א שיינע, נאָר שטאַרק א נאַרישע. אין דער מישפּאָכע רופט מען זי מאַליע באָק.

די מומע העניע מיט בראַנציען טיילן זיך דאָ אויס, ווייל זי זיינען אָן די מענער. דער פעטער בער און פערעץ אַרבעטן היינט אַף דער גוראַלניע. די באָבע כייע־סאָרע דערמאָנט אַפילע ניט זייער נאָמען. נאָר אַז די מומע העניע האָט געגומען א פּלעצל און בראַנציע האָט זיך אָפּגעזאָגט: „א דאַנק, ס'ווילט זיך מיר ניט", אָט דאָס האָט די באָבע כייע־סאָרע שוין ניט געקענט אויסהאַלטן:

— בראַנציע־לעבן, ווייזט אויס, פערעץ טראָגט דיר פון דער גוראַלניע פּיראָזשנעס...

— דאַנקען גאָט, וואָס די באָבע כייע־סאָרע ווייסט ניט, וואָס פערעץ טראָגט פון דער גוראַלניע, — האָט בראַנציע געענטפערט, און אַלע האָבן דערפילט, אַז זי איז אויך א שוועבעלע. דאָס פייער האָט זיך צעפלאַקערט.

— פאַרוואָס טאַקע זאָל ער האַלטן א יונג ווייבל אַף פּלעצלעך מיט מאַן, פאַרוואָס איר ניט טראָגן קיין פּיראָזשנעס? — האָט זיך אָנגערופן כאַנע מוישעלעס.

— צוליב אַזא יונג ווייבל מעג מען אַרבעטן אַפילע אום שאַבעס אויך, — האָט געזאָגט מאַליע באָק.

איצט האָט דאָס פייער שוין געברענט. מע האָט נאָר געדאַרפט אונטערלייגן א שטיקל ברעזענע האָלץ, ס'זאָל אָנהייבן טראַסקען.

— מעשוגענע געגנדז, מעשוגענע גריוון. אַז דער פעטער בער האָט געמעגט צוריק מיט פינף יאָר פאַרגעסן אין בעסמעדרעש דעם טאַלעס, מעג פערעץ היינט אום שאַבעס אַרבעטן, — האָט

די מומע וויטיע געזאָגט, ווי פון כומעש. ס׳הייסט, אייגנטלעך, האָט די ווערטער געדאַרפט זאָגן איר איידעלער מאַן, נאָר אַף וויפל ער איז ניט געזעסן אויבנאָן, נאָר ערגעץ אַף א טאַבורעטקע, האָט זי אים געמוזט פאַרבײַטן.

וויבאַלד יעדעס שטיקל האָלץ מוז ניט אומבאַדינגט ברענען, עס מעג נאָר טראַסקען גלאַט אַזוי, אַבי נאָר אונטערהאַלטן דעם ראַש, האָט דער אַלטער ארן-שמואל א גלעט געטאָן די באָרד.

— קיינער קוקט דיר ניט אין סידער, ווילסטו איבערהיפּערן, היפּער איבער, וויפל דו ווילסט. נאָר שאַבעס בלײַבט שאַבעס, איז גיי אין בעסמעדרעש און טראָג דעם טאַלעס אונטער דער פּאַכווע.

די באָבע כײַע-סאָרע איז פון בעט ניט אַראָפּגעגאַנגען, נאָר זיצנדיק אַפן בעט, האָט זי אָנגעהויבן קלאַפּן מיטן שטעקן אין דיל.

— שולדיק איז א ווײַב, נאָר א ווײַב. א ווײַב שטעלט אַף די פיס, א ווײַב וואַרפט פון די פיס. העניע איז א שטילע יידענע. וויפל מע האָט געקאַנט, האָט זי געהאַלטן בערן אין די האַלאַבליעס. אַבער וואָס האָט אָנגעאַרבעט בראַנציע פון שאַריוקע? מ׳קאָן מיינען, אַז זי איז געקומען פון מאָסקווע און געמאַכט אַזאַ איבערקערעניש אין פעלשטין...

— די איבערקערעניש האָט אָנגעמאַכט ניט פערעץ און ניט אַפילע בראַנציע פון שאַריוקע, נאָר דער פעטער בער אַליין, וואָס זײַן מאַמע וווינט אין פעלשטין, ביז הונדערט מיט צוואַנציק יאָר, און קאָן אים נאָך גוט אָנרײַסן פאַר די אויערן, — האָט שוין בראַנציע געענטפערט און אינגאַנצן געפלאַמט, ווי צוויי שוועבעלעך, אַז מע לייגט זיי צונויף צוזאַמען.

די מומע העניע איז געזעסן, און עס האָט בא איר געציטערט די אייבערשטע ליפ, זי האָט אַזש פון אופרעגונג גענומען א צווייט פלעצל און אָנגעהויבן קײַען. די מומע העניע האָט געוווּסט, פאַרוואָס זי ציטערט אַזוי, זי האָט געוווּסט, וואָס הייסט, אַז די מישפּאָכע הייבט אָן ברענען. אַלע שניר, וואָס זײַנען דאָ געזעסן, האָבן גוט פאַרשטאַנען, וואָס דאָ קומט פאָר. אַלע זײַנען שוין בײַ־געווען ניט אַף איין סרייפע אין דער מישפּאָכע. איין מאַליע באָק, וואָס איז אין ערגעץ לאַנג ניט געווען קיין שנור, ווײַל אַלעמאָל וואַרפט זי אַוועק אַן אַנדער מאַן, האָט פאַר נאַרישקײַט זיך געקאָנט אַרויסכאַפּן מיט אַזאַ וואָרט:

— אַז מ׳האָט כאַסענע, דאַרף מען פריִער פאַר אַלץ זיך אינטערעסירן מיטן מאַנס מישפּאָכע. עפּשער ווייסט ניט בראַנציע, וווהין זי איז אַרײַנגעפאַלן?

און דאָ האָט זיך געעפנט די טיר און ס׳איז אַרײַן צו שיפרען איר יינגל. שיפרע איז געווען די יינגסטע בא כײַע-סאָרען און האָט זיך געהאַלטן פאַר אַן אינטעליגענטקע. זי איז געווען דער ליבלינג בא דער מישפּאָכע און זיך געפירט זייער פרײַ. די שוועסטער אירע האָט זי געהאַלטן פאַר פאַרזעסענע מוידן, כאָטש זיי זײַנען געווען נאָך יונגע מיידלעך. אַליין איז זי מיטאַמאָל אונטערגעוואַקסן, אָנגעהויבן פרי בליִען. זי פלעגט זיך שטאַרק איבערנעמען, אַז ס׳פלעגט צו איר אַרײַנקומען א יינגל.

איצט איז אַרײַנגעגאַנגען א פרעמד יינגל, מיט קיינעם פון דער מישפּאָכע ניט באַקאַנט. קיינער האָט מיט קיין וואָרט זיך ניט אָפּגערופן. בא זיך האָבן אַבער אַלע געוווּסט, אַז דאָס איז יווינע דער ליטוואַק, וואָס האָט זיך ערשט ניט לאַנג באַוויזן אין פעלשטין. אין א שיינעם זומערטאָג האָט מען פלוצעם דערזען אַף דער באַנק לעבן יאַנקעוו-הערש דעם פאַבריקמאַכער זיצן א יינגל אין א לאַנגן ווינטערדיקן מאַנטל. ער איז געווען ניט געשוירן, ניט געגאָלט, ניט געוואַשן, געזעסן און זיך געוואָרעמט אַנטקעגן דער זון. ווײַזט אויס, אַז טאָן האָט ער ניט געהאַט וואָס און וווהין צו גיין האָט ער אויך ניט געהאַט. אָפט פלעגט מען דערנאָך אים זען זיצן אין בופעט צוזאַמען מיט די ליידיקגייער, אין פאַבריקמאַכערסקע, אָדער גלאַט דרעמלען אונטער א בודקע. שאַבעס באַטאָג איז מען שוין צוגעוווינט געוואָרן זען אים שפּאַצירן אַפן שאָסיי מיט דער גאַנצער קאָמפּאַניע מיידלעך און יינגלעך, וואָס מע האָט אין פעלשטין גערופן „די אינטעליגענציע". א ביסל שפּעטער האָט מען זיך דערוווּסט, אַז ער איז א קינסטלער, ער מאָלט בילדער, נאָר געפינען אַרבעט לויטן פאַך קאָן ער ניט.

זײַן אַרײַנקומען צו שיפרען איז פאַר אַלעמען געווען אומגעריכט. איז מען א ביסל אַפילע ווי פאַרשעמט אַנשוויגן געוואָרן. בלויז שיפרע האָט אים אַנטקעגנגעטראָגן אַן אופריכטיק שמייכל און אַן „אינטעליגענטנעם" „זדראַסטיע".

יווינע איז געבליבן פאַרלאָרן שטיין בא דער טיר. ער האָט זיך ניט געריכט טרעפן אינמיטן טאָג אַזויפיל געסט. וווער האָט געוווּסט, אַז יעדן שאַבעס באַטאָג נעמט זיך צונויף בא דער באָבע כײַע-סאָרע די גאַנצע מישפּאָכע? יווינען איז פּאָשעט נימעס געוואָרן צו זיצן לעבן דער פאַבריקמאַכערסקע אַף דער באַנק איינער אַליין. האָט ער זיך דערמאָנט אין דעם לעבנסלוסטיקן מיידל שיפרע מיט דער עטוואָס לענגלעכער נאָז, וואָס האָט נעכטן גערעדט וועגן דעם, אַז הײַנט וועלן זיי גיין זיך באָדן אַלע איניינעם צו דער מיל. יווינע האָט אַפילע צוגעזאָגט הײַנט אַרײַנגיין נאָך

איר. שיפרע האָט מיט די אויגן געזוכט א בענקל פארן גאַסט. נאָר אַלע בענקלעך האָט פאַרנומען די מישפּאָכע. אײן בראַנציע האָט זיך געהאַט אופגעהויבן פון איר אָרט, ווען זי האָט זיך צעהיצט באַם ענטפערן דער באָבע כײַע־סאָרע.

— זיצט, — האָט שיפרע געזאָגט, פאַרלייגנדיק יוינען בראַנציעס בענקל.

— א דאַנק, איך וויל ניט זיצן, — האָט יוינע שטיל געענטפערט, ניט וויסנדיק וווהין זיך אהינטאָן, און האָט אופגעהויבן די אויגן אף בראַנציען.

אינמיטן שטוב, לעבן שיפרען מיטן בענקל אין דער האַנט, איז געשטאַנען א יונג מיידל אין א שוואַרץ קלייד, וואָס האָט זי געמאַכט נאָך גראַציעזער און יינגער, מיט א פּאָר גרויסע בלויע אויגן, וואָס האָבן פאַרנומען א האַלבן פּאָנעם. די באַקן זײַנען געווען פאַרפלאַמט, די אויגן האָבן געברענט. „זי ווייסט אפילע ניט, — האָט א טראַכט געטאָן יוינע, — אז בא איר זײַנען אזוינע בלויע אויגן“. יוינע האָט זיך געווענדט צו בראַנציען און ניט צו שיפרען:

— איך וויל ניט זיצן. ביטע, זיצט איר, וועט אף אײַך פאַלן בעסער די שײַן! — האָט יוינע געזאָגט און זיך דערשראָקן, זעענדיק, ווי אַלעמען האָבן פאַרוווּנדערט זײַנע ווערטער.

אז בראַנציע האָט זיך אוועקגעזעצט אפן בענקל, האָט ער צוגעגעבן, זיך ווענדנדיק נאָר צו איר:

— אָט איצט וואָלט יעדער קינסטלער זײַן גליקלעך, ווען ער זעצט זיך מאָלן אײַער פּאָרטרעט!

אַלע האָבן פאַרלוירן געשוויגן, נאָר בראַנציע האָט צעעפנט ברייט די גרויסע, בלויע אויגן און געפרעגט:

— מײַן פּאָרטרעט? וואָס פלוצעם?

אײן שיפרע האָט זיך צעשמייכלט, און, קעדיי אריבערפירן דעם שמועס אף עפּעס אַנדערש, האָט זי מיט געלעכטער געזאָגט:

— יוינע איז בא אונדז א טשודאַק. ער האָט ליב קוקן אין די פענצטער! — און זי האָט אפגיך א כאַפּ געטאָן פון שאַפע דעם שירעם און זיך געווענדט צו יוינען: — מיר גייען, יוינע? אַלע קלײַבן זיך שוין מיסטאָמע.

שיפרע מיט יוינען זײַנען ארויס פון שטוב, גלײַך ווי זיי וואָלטן זיך קוים געראַטעוועט. אין זומערדיקן לויטערן דרויסן האָט שיפרע באַמערקט, ווי ברייט און ניט צו דער מאָס עס איז אף יוינען זײַן צעריסענער מאַנטל, ווי דער קאַשקעט קריכט אראָפּ אריבער די אויערן, ווי אויסגעקרימט עס זײַנען זײַנע רויטגעוואָרענע אָפּגעבליאַקעוועטע שיך. ס'איז איר פלוצעם געקומען אפן זינען, וואָס קאָנען טראַכטן וועגן זיי מענטשן, ווען מע זעט זיי ביידע צוזאַמען אין גאַס. מע ווייסט דאָך ניט, אז ער איז א קינסטלער, אז ער איז אַן אינטערעסאַנטער מענטש. נאָך איז איר געקומען אפן געדאַנק: וואָס טראַכט איצטער בראַנציע וועגן יוינען? און טאַקע וועגן איר, וועגן שיפרען, וואָס טראַכט איצטער און וואָס רעדט די מישפּאָכע? כאָטש די מישפּאָכע אינטערעסירט זי ווייניקער, אָבער וואָס טראַכט איצט בראַנציע? זי לאַכט מיסטאָמע אין הארצן פון איר, פון שיפרען. נאָר אירע געדאַנקען האָט יוינע איבערגעשלאָגן מיט אַן אומגעריכטער פראַגע:

— ווער איז דאָס מיידל, וואָס איז געשטאַנען בא אײַך אינמיטן זאָל אזא פאַרפלאַמטע?

— איר זײַט שוין מיסטאָמע פאַרליבט אין איר? — האָט זי זיך הילכיק צעלאַכט. אזוי הויך לאַכן אפן שאָסיי איז אין פעלשטין אפילע ניט אָנגענומען. — דאָס איז מײַן ברודערס שנור. ערשט אראָפּגעקומען פון שאַריוווקע.

— ערשט כאַסענע געהאַט — און שוין אזא קאָנפליקט? — האָט יוינע צו פאַרינטערעסירט געפרעגט.

— מײַן מאַמע לערנט, ווי צו לעבן אף דער וועלט, ניט נאָר די אייגענע טעכטער, זי האָט אויך ליב לערנען די שניר, — האָט שיפרע געזאָגט, ווי זי וואָלט זיך געגרויסט מיט איר מאַמען.

— און ווו איז איר מאַן? אַן אינטערעסאַנטער באָכער? — האָט יוינע, זיך אָפּשטעלנדיק אפן שאָסיי, געפרעגט, ווי ער וואָלט וועלן זיך אומקערן א קוק טאָן אף אים.

— ער איז געראָטן אין איר. א פּאַשעטער באָכער. און איר, אז איר דערזעט א שיין פּענעמל, זײַט איר שוין פאַרכאַפּט, — האָט שיפרע שמייכלענדיק געענטפערט, ווי זי וואָלט אָפּגעשפּעט פון יוינען.

— איבער וואָס זשע אזא קאָנפליקט, אז אײַער מאַמע זאָל קלאַפּן מיטן שטעקן אין דיל? — האָט יוינע אײַנגעשפּאַרט זיך נאָכגעפרעגט.

— דער קאָנפליקט איז דערפאַר, וואָס פּערעץ, דער מאַן אירער, איז שאַבעס באַטאָג ניט געקומען צו דער באָבע צוגאַסט. ער און דער טאַטע זײַנער האָבן אָנגעהויבן ארבעטן אין דער גוראַלניע און היינט ארבעטן זיי, — האָט שיפרע דערקלערט יוינען.

— אינטערעסאַנט, זייער אינטערעסאַנט. הייסט עס, די גאַנצע מישפּאָכע איז אָנגעפאַלן אַף איר, — האָט שוין יוינע גערעדט ווי צו זיך אַליין.

— די מישפּאָכע איז אָנגעפאַלן אַף איר, ווײַל זי ווייסט ניט, וויאַזוי מע דאַרף זיך פירן צווישן מענטשן, די שאַריוועקער קיניגן, — האָט שיפרע שוין געמוזט איבערכאַפּן דעם אָטעם פון קאַס, — ווײַזט אויס, אַז איר שטעלט זיך ניט פאָר, ווי איר זעט אויס אין אײַער מאַנטל, אין די אויסגעדרייטע שיך, אין דעם אָפגעבליאַקעוועטן קאַשקעט, אַנדערש וואָלט איר זיך ניט פאַרליבן אַף יעדן שריט און טריט...

— אויב איך פאַרגעס אַלע ווײַלע קוקן אַף זיך אין שפיגל, איז ניט אַזוי שרעקלעך. אָבער אויב איך פאַרגעס אַף איין מינוט, אַז איך בין אַ קינסטלער, און איך הער אוף קוקן אַף דער וועלט מיט מײַנע אייגענע אויגן, דאַן בין איך אַ פאַרפאַלענער.

— מע קאָן זײַן אַ קינסטלער און ניט פאַרגעסן קויפן אַ נײַעם קאַשקעט, — האָט שיפרע געענטפערט, ווי זי וואָלט וועלן אים באַליידיקן.

— צוליב דעם דאַרף מען אַמווייניקסטן האָבן געלט, — האָט יוינע אַ קוק געטאָן פון דער זײַט אַף שיפרען. — זײַענדיק אין אָדעס, האָט איר מיסטאָמע באַגעגנט אַזעלכע סטודענטן ווי איך ניט וויניק. און איצט טראַכט איר: אַן אומגליק האָט געטראָפן מיט אַ מענטשן, פאַרלוירן די היים, אַרײַנגעפאַלן קיין פעלשטין, אָפגעלאָזט זיך, פאַרגעסן אַ קוק טאָן אין שפיגל... און אַז איך האָב געטראָפן קיין פעלשטין, האָב איך דערזען אַן אַנדער לעבן, אַן אַנדער שטייגער, אַנדערע מענטשן, אַנדערע טראַדיציעס. אַלץ איז פאַר מיר אומגעריכט, אַלץ איז פאַר מיר נײַ, וועגן אַלץ דאַרף מען דערציילן, מע דאַרף מאָלן, מאָלן, מאָלן. הײַנט באַטאָג בין איך אַרײַן צו אײַך, געטראָפן אַ פולע שטוב מיט געסט, די גאַנצע מישפּאָכע זיצט אויסגעזעצט אין זאַל, און אינמיטן שטוב שטייט אַ יונג, שיין מיידל, אַ פאַרפלאַמטס, מיט גרויסע בלויע אויגן... איצט זאָגט איר, אַז ס'איז דעם ברודערס אַ שנור. פאַנטאַזיר איך שוין: די מישפּאָכע האָט זי באַליידיקט. דאָס ערשטע מאָל באַליידיקט. מאָלן דאַרף מען עס, ס'איז דאָך אַ גרויס בילד. „באַליידיקט", אָט אַזוי דאַרף מען אָנרופן דאָס בילד, מער גאָרניט, און איר האָט אַ שטיק לעבן.

— אָבער ווער פאַרשטייט אײַך דאָ? איר האָט הײַנט בײַ מיר אין שטוב געזאָגט בראָנציען, זי זאָל זיך זעצן אָפן בענקל, וועט אַף איר פאַלן בעסער די שײַן. האָבן אַלע געקוקט אַף אײַך ווי אַף אַ מעשוגענעם. נאָך גוט, וואָס בראָנציע אַליין האָט זיך ניט צעלאַכט. — שיפרעס שטים איז געווען פול מיט מיטגעפיל.

— זי וועט ניט לאַכן, דאָס בין איך זיכער, — יוינע האָט שוין גערעדט וועגן בראָנציען ווי וועגן אַ באַקאַנטער, וועלכע ער קען שוין זייער לאַנג.

— דאָס זאָגט איר אַזוי, ווײַל איר זײַט פאַרליבט אין די בלויע אויגן, — איז שוין שיפרע געוואָרן אַ ביסל אייפערזיכטיק.

— די בלויע אויגן געפעלן מיר נאָר צוליב דעם, איך זאָל זיי אויסטיילן אָפן בילד צווישן די שוואַרצע קליידער פון דער מישפּאָכע, — האָט יוינע שוין שמייכלענדיק געענטפערט.

— מײַן מישפּאָכע אין די שוואַרצע קליידער און בראָנציע מיט זיי צוזאַמען פאַרדינען עפשער, מע זאָל פון זיי מאָלן אַ בילד, נאָר ריידן איז מיט זיי ניטאָ וועגן וואָס, גלייבט מיר. טאָמער וועט איר זיך איין מאָל באַגעגענען מיט בראָנציען, וועט אײַך דאָס צווייטע מאָל שוין זײַן אומעטיק מיט איר, — האָט שיפרע שוין ווידער גערעדט רויק.

— מיך וווּנדערט, שיפרע, וואָס איר רעדט מיט מיר אַזוי. פון איין זײַט, לערנט איר מיך ווי אַ יינגל, פון דער אַנדערער זײַט, רעדט איר, גלײַך בײַ מיר אין קעשענע ליגט שוין אַ דיפלאָם פון אַ קינסטלער, מאָרגן עפנט זיך מײַן אויסשטעלונג און איר אייצעט מיר, וואָס פאַר אַ הוט איך זאָל אָנטאָן. שיפרע, טײַערע! איך וויל ערשט ווערן אַ קינסטלער, איך וויל זייער שטאַרק! און האָבן האָב איך דערווײַל נאָר די אויסגעקרימטע שיך און דעם אָפגעבליאַקעוועטן קאַשקעט... אין אָדעס בין איך געווען אין אַ קרײַז פון יונגע קינסטלער. מיר פלעגן זיך באַגעגענען אַלע אָפ־דערנאַכט און אַ סאַך דיסקוטירן. עפשער איז בעסער פאַר מיר, וואָס איך בין אַרײַנגעפאַלן קיין פעלשטין, איך זאָל וויניקער ריידן וועגן קונסט, נאָר דערפאַר עמעצן מאָלן, עפעס מאָלן...

— יוינע, איך מיין, אַז אַ יונגער קינסטלער איז גרייט יעדן מיידל, וואָס ער באַגעגנט, זיך הענגען אָפן האַלדז, פונקט ווי אַ יונגער אינזשעניער אָדער אַ יונגער דאָקטער, — האָט שיפרע געענטפערט עטוואָס קאָקעטיש, און יוינע האָט באַלד דערפילט די דאָזיקע נאָטקע, וואָס האָט געקלונגען אין דער פראַזע.

זיי האָבן פאַרקערעוועט מיטן שאָסיי אַראָפ צום טײַך. יוינע האָט זיך אָפגעשטעלט. עס זײַנען דורכגעלאָפן צוויי קליינע מיידעלעך, ווײַזט אויס, זיך באָדן. איינע פון זיי אַ שטאַרק דיקע, אין אַ קורץ קליידעלע, מיט רויטע באַקן, ווי צוויי פאַמפעשקעס. יוינע האָט עפעס געזאָגט שיפרען, נאָר זי האָט געזען, אַז מיט די געדאַנקען איז ער ערגעץ אַנדערש.

— זיך באָדן וועל איך שוין היינט ניט גיין. איך וועל בעסער גיין אהיים, צו זיך, — האָט יוינע געזאָגט, ווי אַף אָפּקומען.

— עמעס, עפּשער וועט איר באַגעגענען בראַנציען, נאָר איר זאָלט וויסן, אַז אַליין גייט זי ניט, זי גייט שטענדיק צוזאַמען מיט דער מומע העניע, — האָט זיך אָנגערופן שיפרע מיט פאַר־דראָס, ווי יעדעס מיידל אַף דער גאַנצער וועלט אין אַזאַ פאַל.

— איך האָב זי גוט פאַרגעדענקט. אַזוי אַז דעם ערשטן עסקיז קאָן איך מאַכן הינטער די אויגן, — יוינע האָט האַסטיק פאַרקערעוועט אהיים.

שיפרע האָט אופגעהויבן דעם שירעם איבערן קאָפּ און אוועקגעשפּאַנט איבערן שאָסיי.

און יוינען האָט שוין פאַרפאַלגט דער פאַרלאַנג זיך נעמען צו דער אַרבעט. פאַר די אויגן איז די גאַנצע צייט געשטאַנען בראַנציע, אַ צאַרנדיקע, אַ פאַרפאַליעטע, נאָר זייער אַ שטאָלצע און אַ געדעכטע אין איר צאָרן. אַנטקעגן איז אויסגעוואַקסן די באָבע כייַע־סאָרע, ווי זי קלאַפּט מיטן שטעקן אין דיל, און דאָס האָט זיך אים געזען אין צענטער פון דעם בילד, ווי צוויי הויפּט־קרעפטן, וואָס שטייען איינע קעגן דער אַנדערער.

איינגאַנצן אומגעריכט פאַר אים איז אויסגעוואַקסן די שטוב, וווּ ער וווינט.

יוינע איז אַריין אין שטוב און איז געווען צופרידן, וואָס קיינער איז ניטאָ. קיינער וועט אים ניט שטערן.

באַלד האָט ער זיך אוועקגעזעצט אַף דער טאַבורעטקע באַם טיש און אויסגעשפּרייט פאַר זיך אַ ווייַסן בויגן פּאַפּיר. גייענדיק נאָך דער טאַבורעטקע, איז אים אָבער שוין געקומען אַפן געדאַנק, אַז ווייַזן נאָר די באָבע כייַע־סאָרע און בראַנציען אַליין וועט זיין זייער סכעמאַטיש. די באָבע כייַע־סאָרע איז נאָך ניט די מישפּאָכע. דער קאָנפליקט דאַרף זיין ברייטער, און טאָקע קעדיי צו באַווייַזן דעם קאָנפליקט ניט נאָר ווי אַ פּערזענלעכן, נאָר אויך, און דעריקער, ווי אַ געזעלשאַפטלעכן, דאַרף מען באַווייַזן טיפן פון דער מישפּאָכע. דאַן האָט ער דערזען פאַר זיך דעם ייִדן, וואָס דאָס ווייַב זיצט ספּעציעל לעבן אים מיט אַ ווייַס טיכעלע, ער זאָל בעשאַסן ניסן ניט פאַרסמאַרקען די וואָנצעס. ער האָט דערזען די שיינע שוועסטער מיט די אויסגעלייגטע לאָקן אַפן שטערן. ער האָט דערזען ווי אַ לעבעדיקן דעם פרומען איידעם לעבן דעם טעלער מיט די פּלעצעלעך.

ווען ער האָט גענומען אָנוואַרפן מיטן בלייַער בראַנציעס סילועט, האָט ער געפילט, אַז ער איז איינגאַנצן אַף איר זייַט. ער האָט שוין געפילט אַ סינע צו דער באָבע כייַע־סאָרע, וואָס קלאַפּט אַזוי בייז מיטן שטעקן. און ווי ער האָט נאָר געקענט, האָט ער עס אויסגעדריקט אין בראַנציעס שטעל, אין איר קוק. ער האָט אין איר געמאָלט אַלץ, וואָס ער האָט דעמאָלט געפילט, די גאַנצע סינע צו דער סאָכריש־פרומאַקישער מישפּאָכע, אַפילע זיין באַציִונג צו שיפרעס זאָט־קייַט, צו איר שירעם איבערן קאָפּ.

אין שטוב איז געוואָרן טונקל. צו די שויבן האָט אָנגעהויבן צופאַלן די אָוונטיקע בלויקייַט. יוינע האָט זיך אופגעהויבן און איז אַרויס אין דרויסן. אַראָפּ־באַרג פון דער גוראַלניע, באַגלייט פון דער שקיִע, זייַנען געגאַנגען פּערעץ מיט בראַנציען. זי איז, ווייַזט אויס, אַרויס אים באַגע־גענען. פּערעץ איז געווען אין פאַרלאַטעטע קאָרטענע הויזן און אין אַ ברעזענטענעם פּידזשאַקל; בראַנציע איז געגאַנגען אָנגעטאָן אין דעם זעלבן שוואַרצן קרעפּדעשינענעם קלייד, וואָס האָט נאָך מער אונטערגעשטראָכן איר גראַציִעזקייַט און שיינקייַט. פּערעץ האָט געהאַלטן בראַנציען באַ דער האַנט.

איצט האָט שוין יוינע געוווּסט קלאָר, וואָס ער וויל זאָגן דער וועלט מיט זיין בילד, אויב עס וועט זיך אים אייַנגעבן. ס'איז ניט קיין קאָנפליקט צווישן דער באָבע כייַע־סאָרע, אירע זין מיט די לאַנגע קאַפּאָטעס און בערד, די פאַרפּוצטע שניר און די זייַדענע יונגעמאַנטשיקעס, די איידעמס, פון איין זייַט, און בראַנציען מיט איר מאַן, דעם אַרבעטער פון דער גוראַלניע, פון דער צווייטער. ס'איז אַ קאָנפליקט פון דעם נייַעם, וואָס קומט איצט אויף, און דעם אַלטן, וואָס וויל ניט אוועק, אָבער זיגן וועט דאָס נייַע, דאָס יונגע.



## הירש אָשעראָוויטש

# דער טורעם פון באָבל

(פונעם ציקל פּאָעמעס „אזוי איז געגאַנגען דער מענטש")

— שלאַנג, וואָס האָסט פאַרפירט די מוטער כאַווע,
ארום בוים געוויקלטע כאַכאָמע,
זאָג אונדז: איז עס עמעס, אַז די טרוימען
זייַנען דאָס, וואָס מאַכט דעם מענטשן גרויס?

איז עס עמעס, — זייַנען מיר צופרידן,
איז עס ליגן, — וועט עס אונדז ניט בייַטן,
ס'יוירט און ברויזט אין אונדז אזא־אָ אומרו,
אַז מיר קאָנען שוין ניט אַנדערש זייַן.

וואָס זשע האָסטו מיטן עק געטאָן א פּאַכע,
ביטלדיק א מאָך געטאָן אַף אונדזער פראַגע?
וואָס זשע העלפט עס, וואָס דו ביסט א קלוגע,
אויב דו בא דייַן קריכן בלייַבסט?

1

— ציגל, שטיין,
זאַמד און ליים...
מי און מידקייַט
אונדז ניט ברעכן,

צו דעם הימל שטייַגן מיר,
אונדזער גרויסקייַט זוכן מיר!

וויפל האָבן מיר געפינצטערט
אַף אָט דער באַזונטער ערד!
שוין גענוג, עס זאָל גענוג זייַן
נאָר אָט דאָס, וואָס איז באַשערט!

מיר באַדאַרפן איצטער נעמען,
וואָס עס מאָנט אונדזער פאַרלאַנג.
פאַר מאַלאָכים זיך צו שעמען
אונדז דערווידער איז שוין לאַנג.

וואָס איז מאַלעך? — מענטש מיט פליגל;
מענטש, וואָס קאָן אין הימל זייַן.
וועלן מיר אַף שטיין און ציגל
ווי אַף פליגל דאָרט אַרייַן...

און נאָך מער, נאָך מער מיר ווילן,
אונדזער האַרץ מער זיך דערוועגט —
מיר מיט גאָט ווילן זיך שפּילן!
אונדז די שטראָף ניט שטענדיק שרעקט...

צו דעם הימל שטייַגן מיר,
אונדזער גרויסקייַט זוכן מיר!

נאָך א שטיין אַרופגעוואַליעט.
ניט א שטיין — א הליבע פעלדז.
ווידער איז די וואַנט געוואָרן
העכער אַף א גאַנצן מענטש.

מיר אַרייַן זייַנען אין וואָלקן —
הימל־שאָלעכץ, פּייַכטע רו.
ווייַס... ווי עמעץ אויסגעמאָלקן
וואָלט א ווונדערלעכע קו...

הייבן מיר די אָרעמס שנעלער
און מיר טראַכטן זיך דערבייַ:
ביזן וואָלקן איז אַלץ קעלער,
איבער אים ערשט — דאָס געבייַ...

צו דעם הימל שטייַגן מיר,
אונדזער גרויסקייַט זוכן מיר!

— אין די בלויע הויכע פרעמדן
ווערן שיטערער פאַרדראָסן.
דאָרט, ווו ס'זעצט זיך ניט קיין שטויב אָפּ,
ווי געשייַערט, בלאַנקט די פרייד.

שטייַגן מיר אַלץ העכער, העכער,
ווערן אונטן היימען קלענער:
קושן מיר זיך מיט די ווינטן
און פאַרגעסן ווייַב און קינד...

מיר אַליין שוין ניט פאַרשטייען,
ווי געקאָנט האָבן מיר לעבן
צווישן אייזלען און שאַקאַלן,
ליגן צווישן פליי אין זאַמד,

ווען ס'איז דאָ אזא־אָ הימל —
אזא ליבלעכע לעוואָנע,
אזוי פיל פאַרשייַטע שטערן,
אזא ברייטהאַרציקע זון?!

— זעט, א גרויער שטיינבערג־אָדלער
דורכגעשניטן האָט דעם וואָלקן.

שוין זשע וועלן מיר דערלאָזן,
אַז עס זאָל דעם פויגלס פליגל
אָניאָגן דעם מענטשנס האַנט?
אונדז דעריאָגן טאָר ניט קיינער,
ס'איז די צײַט, ווען מיר דעריאָגן,
ווען מיר רײַסן זיך צום הימל
אַפן אויסטערלישסטן לייטער,
טרעטנדיק אַף זײַנע שטאַפלען:
שלאַנג, לייב, אָדלער, מאַלעך, גאָט!

— אָ, דו גרויסע פרייד פון שטײַגן,
שיקערסט אײַן!
נאָך דעם הימל ניט געפונען
און די הימען שוין פאַרלאָרן,
אָבער ס'לוינט!
אונדזער האַנט, פאַרגרעבט פון בויען,
איז נאָך פייִק ליכט צו גלעטן,
אונדזער האַרץ, פאַרקוואַרט פון בענקשאַפט,
קאָן נאָך זײַן א נעסט פאַר גליק.
אין דער ערד אַזוי פאַרליבטע,
זײַנען מיר פון איר אַנטלאָפן:
עמעס, זי איז אונדזער מאַמע,
ס'קאָן אָבער אונדז ניט גענוג זײַן
לעבן נאָר אין מאַמעס שויס...

— ניט אומזיסט איז דאָך די קעלניע
אַזוי ענלעך אַף א פליגל.
איר אַדאַנק מיר וועלן קומען
דאָרט, ווו אונדז צו זײַן ניט קומט.
ווײַסער מאַלעך — גאָטס באַדינער,
קוק זיך צו צו אונדזער פליגל:
ער איז אומרײַנער פון דײַנעם,
ער איז אָבער אונדזער ווערק.
טאָג און נאַכט מיט אים מיר פאַכען,
ניט אין לופט, אין ליים מיר פאַטשן,
און פונדעסטוועגן מיר שטײַגן
אין די הייכן, פונקט ווי דו.

שטיל האָסטו פאַרבײַגעפלאַטערט —
זיך געהיט, עס זאָל דײַן פליגל
אונדזער קעלניע ניט פאַרטשעפען;
זייער קלוג האָסטו געטאָן.
ווען זיי שטויסן זיך צוזאַמען,
וואָלט דײַן פליגל זיך צעבראָכן,
און מיר ווילן עס ניט, מאַלעך.
אונדזער קעלניע שעצט דײַן פליגל,
אונדזער אײַזן שוינט דײַן פעדער.
מי וועט סײַווי איבעריאָגן
זאָרגלאָז פלאַטערדיקן שוועב...

טײַכן פראָס, כידעקעל, קוואָר,
אכפערט אונדזער שטאָלצן דאָר!
מיר זײַנען די ערשטע,
דערפאַר אויך די גרעסטע,
מיר האָבן דערטראַכט זיך
און האָבן געוואָגט.
שטײַגן מיר אַלץ העכער, העכער,
דעקן אָפ, אַנטבלויזן סוידעס:
אַלצדינג קענען, אַלצדינג וויסן,
אַלץ אַנטפלעקן און באַהערשן —
אונדזער מענטשן־טײַווע איז!

— ס'פאַלן הײַנט אַזויפיל שטערן...
קוקן מיר זיך צו צעקלעמטע
און מיר פילן: ס'איז א שאָד!
אַף דער ערד געפינט מען זיי ניט,
און פון הימל זיי פאַרשווינדן:
וועלן זיי געוויס אונדז פעלן,
ווען מירן אין הימל זײַן.
מיר אַהין נאָך ניט געקומען,
ווײַט פון שפיץ נאָך איז דער טורעם,
אָבער שוין די הימל־דײַגעס
פרעסן אונדזער ערדיש האַרץ...

— שווער אַזוי איז הײַנט דאָס בויען.
ס'איז דער מילדער ווינט פון נעכטן —
הײַנט א שטורעם אופגעשטאַנען.
קיינמאָל האָט נאָך ניט געטראָפן,
אין דער הייך זאָל אַזוי ווירבלען.
עפשער דאַרף עס גאָר באַטײַטן,
אַז אַזאַ, וואָס ניט געזען בלײַבט,
אונדז בעקיוון בויען שטערט?
זאָלן, זאָלן זיי אונדז שטערן,
די פאַרריסענע מאַלאָכים!
קיינער וועט דעם מענטש ניט צוימען,
ווען אין אים זײַן שטרעבונג ברויזט.
מיר געשמיסן האָבן לייבן,
סטאַדעס העלפאַנדן געבונדן,
אָנגעכאַפט די ווילדסטע אָדלערס
פאַר די האָקן פון די שנאָבלען,
וועלן מיר אויך די מאַלאָכים
אויסלערנען צו האַלטן שטאַט!

זאָגט ניט, ס'איז די הייך סאַקאָנע.
שיקערע פאַרגעסן מוירע,
ס'טרעטן די לעוואָנע־גייער
שרעקלאָז אַפן שפיץ פון דאַך.
ווי עס זאָל ניט זײַן געפערלעך,
פרייט אונדז, וואָס דער קאָפ אונדז שווינדלט.
די פאַרשיקערטע פון זוכן
ווילן גאָר ניט ווערן ניכטער,
קאָלזמאַן ס'פעלט זיי דאָס געפינס.
גוט איז אונדז דאָ אַפן טורעם:
ווײַל איז קעגן זון זיך זשמורען,
זיס אַזוי איז מיד צו ווערן
פון אומזיסטן ציילן שטערן.
און מיר פיבערן אין כאָלעם,
ווען מיר שלאָפנדיק דערפילן:
אונדז לעוואָנע־מילך פאַרגיסט...

2

— אף די בערוועגעס א שלאַנג ליגט?
ווי איז זי אהער געקומען?
ווי קאָן אזוי הויך פאַרקריכן
די, וואָס פויזעט אפן בויך?
דאָ, ווו ס׳גרייכט שוין ניט קיין שפּאַרבער,
ווו קיין פאַלק קען ניט דערפליִען,
זי — די מאַלקע פון די ווערעם —
שלומערט פונקט ווי אף דער ערד.
ליגט זי קעגן דער לעוואַנע,
אויסגעשטערנט איז איר רוקן,
ווי א שמאָלער פאַסיק הימל
ליגן וואָלט אפן געהילץ...
אָ, מע דארף זיך גוט באַדאַכטן:
אויב עס קאָן די שלאַנג דערפּויזען
ביז צום סאַמע שוועל פון הימל,
טויג דען אזא הימל אונדז?
איז דען נייטיק אונדז א טורעם,
שראַצים זאָלן קאָנען קומען
לייגן אייער אף דער זון?

— אָלץ מיר ריידן וועגן הימל!
און ווו איז ער דען, דער הימל?
ווי דער טורעם זאָל ניט הויך זײַן,
סײַווי זײַנען מיר אף דר׳ערד.
ווען א הון אמאָל א פלי טוט,
רײַסט זי אויך זיך פון דער ערד אָפּ.
מיר דאָך — העכער פון די וואָלקנס —
בלײַבן צו דער ערד באַהעפט...
אונדזער לעבן איז א פּלאָנטער
פון פאַרלוירנקײַט און אומרו,
אָפט אזוי עס פײַניקט צווייפל,
בענקשאַפט גריזשעט אונדזער האַרץ.
לאַנג געוועזן מיר זײַנען נישטיק,
נאָכגיביק, אזוי ווי רינדער,
האָט זיך אונדז פאַרגלוסט זײַן געטער,
האָבן מיר פאַרשפּילט דעם מענטש...

— הארגעט אים, ער איז א נאָווי,
און א נאָווי איז אָן אכזער
און אַן אויסראָטער פון גליק!
יעדערער, וואָס זאָגט דעם עמעס,
צי ער וויל עס, צי ער וויל ניט,
אונדז דעם פאַרגעניגן רויבט!

— אויב אײַך גלוסט זיך פאַרגעניגן,
אויב אײַך קימערט ניט דער עמעס,
וואָס זשע קריכט איר צו דער זון?

— ווײַ! ער איז א פאַלשער נאָווי!
יעדער נאָווי איז א פאַלשער,
דאָך דער פאַלשער צוויי מאָל פאַלש איז,
איז ער צוויי מאָל ווערט דעם טויט.
ווארפט אראָפּ אים און פאַרשטיינט אים!
ווען עס לעבט דערבײַ א נאָווי,
זעט מען, אז מיר זײַנען בלינד...

— טאַדלט! זידלט! שפּײַט אין פּנים!
איך פון לאַנג צו דעם געוווינט בין.
יעדן וואָרזאָגער מע האַסט!

— ניט נאָר וואָרזאָגער מיר האַסן.
מיר די וואָרהײַט גופא האַסן,
אויב זי פּענטעט אונדזער טרוים...
מיר געזוכט האָבן דעם עמעס,
און אים, ווי צו אונדז, געפונען,
אז ער ליגט ארומגענומען
מיטן שעקער אפן מארק...

— פּוילן מעג ער, אײַער עמעס!
ס׳איז דעם מענטשן קלאָרקײַט נייטיק;
און דער עמעס טאָמיד שארף איז,
דאָך ניט שטענדיק איז ער קלאָר.

— אויב ניט קלאָר, איז דאָך נאָך בעסער!
בלאַנקע לויטערקײַט אָן נעפּל
איז די אומווירדיקסטע פעלשונג.
זאָל שוין בעסער זײַן א וואָלקן!
זאָל אפילע זײַן א כמארע!
גליק האָט פײַנט, ס׳זאָל אלצדינג קלאָר זײַן.
סארא לעבן איז, ווען אלץ איז קלאָר?

— ברידער־בויער, שטאָלץ פון באַוול,
וואָס איז דאָ מיט אונדז געוואָרן?
שוין דרײַ טעג מע בויט פון ווערטער
און די ציגל־קופּע ליגט...
גליק איז דאָך די פרייד פון שטײַגן.
לאָמיר אונדזער גליק ניט שטערן.
לאָמיר קלעטערן, ווי פריִער,
זיך ארײַנרײַסן אין הימל,
יאָגן זיך נאָך די מאַלאָכים,
אָניאָגן א שרעק אף גאָט...

— וואגט ניט, פרעכע הימל־שענדער! —
קנעכט פון נידעריקסטער קינע!
אײַך גאָר ארן ניט די הייכן,
איר געוועזן זײַט און פאַרבליבן
לעסטערער און ניט־פאַרגינער!

— שפּרינג אין פּראָס, פאַרצאָגטער נאָווי!
ס׳קאָכט די גאַל אונדז פון דײַן פּרעפּלען.
שיינע ווערטער נאָר באַטויבן.
סטאַם נעוויִים זײַנען שווינדלער,
ס׳איז א נאָווי דער, וואָס בויט!
דארפן מיר ניט, ס׳זאָל א היצקאָפּ
אויסטראַכטן פאַר אונדז א מאָרגן.
אויב מיר רײַסן זיך צום הימל,
הייסט עס: אלצדינג איז אונדז קלאָר...

— קלאָר זײַן קאָן דאָך אויך א טאָעס!
גרײַז קאָן גרויס זײַן ביז צום הימל...
אָ, ווער ווייסט, צי ס׳איז דער טורעם
דאָס געבײַ, וואָס נייטיק איז?
צופיל האָבן מיר דערוועגט זיך!
צו הויך זײַנען מיר געשטיגן!
„הויך" הייסט: איבער אונדזער רו...

א פארשפילטס איז אונדזער לעבן,
א פארפירטס פון אונדזער שטרעבן.
אָ, מיר בענקען נאָך די פייגל,
וואָס שוין אונטער אונדז זיי פליִען!
אויב ס'איז נייטיק אונדז דער הימל,
ליגט ער דאָך אויך אין טײַך פראָס...

— וואָס הייסט „נייטיק אונדז דער הימל"?
וואָס קאָן אונדז דער הימל געבן?
אויך אין אים מע וועט אונדז נארן.
ס'וועט זיך אײַנגעפינען איינער,
וואָס דעם מילכוועג וועט פארצוימען,
אונדז ט'ער צוווארפן איין שטערן,
און אזא נאָך, וואָס מוז פאלן...
און אז ער די זון וועט רויבן,
וועט ער אונדז שוין גאָרנישט געבן.
אויך א האָרן פון לעוואָנע
וועט אים זײַן פאר אונדז א שאָד...
קיינמאָל ניט אראָפּגעפאלן,
זײַנען מיר אזוי געפאלן!
קוועלנדיק פון אונדזער גרויסקײַט,
האָבן מיר דערפילט, מיר זײַנען קליין...
אונדזער לעבן איז א כאָלעם,
אונדזער כאָלעם איז א ליגן,
אונדזער עמעס אויך אָפּט לײַגט...

— ווידער עמעס... וואָסער עמעס?
שוין זשע גלייבט איר אײנעם עמעס?
מיטן עמעס קומט דער ליגן,
ווי מיט שײַן דער שאָטן קומט...
פרייד איז נייטיק, ניט דער עמעס!
גליק מיר דארפן, ניט דעם עמעס!

— אלע ווילן מיר דאָס זעלבע,
און דאָס לאָשן איז פארשיידן.

ווען איעדנס שפּראַך איז אנדערש,
פליִען שטיינער אָנשטאָט ווערטער.
אז מע קאָן זיך ניט צוזאמענריידן,
קאָן מען דאָך ניט ווערן גרויס!..

— אזוי הויך ארופגעקלעטערט,
זאָל מען איצט — באַם סאמע הימל —
לאָזן אײַנפאלן דעם טורעם?
קריגערײַ צעטרייסלט אים!..

— אויב די שלאנג קאָן מיטן קריכן
העכער פונעם אָדלער גרייכן,
איז דער הימל בלויער ליגן!
איז דער טורעם בלויז א שפּילכל!
איז דער עמעס נאָר די ערד!..

— ווידער עמעס...
וואָס איז עמעס?
ווער איז עמעס?
וואָר איז עמעס?
וואָרט איז עמעס?

— ניין!
דער עמעס איז א שטיין!
פלי זשע, הארטער, הארטער עמעס,
שפּאלט דעם כאוועס הארטן קאָפּ!..
. . . . . . . . . . . . .
אָנגעהויבן ווארפן שטיינער,
איז ניטאָ שוין מער קיין אָפּהאלט — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — —
ווי, אלץ וואקלט זיך!
גווא־א־א־א־לד,
ס'פאלט!..

יויסעף ראבין

# סאָסנעס און יאָדלעס



## 1

אין הארבסטיקן וואלד פאלן די טראָפּנס איינציקווייַז, קאלטע, לאנגזאמע. זיי פאלן פון צווייַג אף צווייַג, פון בלאט אף בלאט, רינען אראָפּ פון איין גרינער נאָדל אף דער צווייטער.

וולאדימיר דאָראָנין וווּנדערט זיך: וויפל ער גייט ניט פאָרויס, קומט אלץ אויס, אז ער דרייט זיך אף איין אָרט. אין וואלד איז איצט איין בוים ענלעך אפן צווייטן און אלע שטעגלעך האָבן איין אויסזען. עס שיט א דראָבנע רעגנדל, ניט געייַלט, אָן שום ווילן צו ווערן קלענער אָדער גרעסער. ווען ער זאָל האָבן א פּאפּיראָס אָדער א באנקרוטקע מאכאָרקע, דוכט זיך וולאדימירן, וואָלט ער געפונען דעם וועג.

— פּעטערל! — פאלט עמעצער פלוצלינג צו אים צו. — ביסט א רויטער? ראטעווע מיך! — א ייִנגעלע, א קינד פון א יאָר צען־עלף, האָט אים אָנגעכאפּט בא דער נאסער פּאָלע פון שינעל.

פון אומדערוואַרטקייַט פארשטייט ניט וולאדימיר, וואָס דאָס קינד וויל פון אים.

— ביסט א רויטער? — פרעגט דאָס ייִנגל מיט געבעט.

— א רויטער.

— גאָט צו דאנקען! — רייַסט זיך באם ייִנגל ארויס א געשריי. — ראטעווע מיך.

— ווער ביסטו? פונוואַנען?

פונעם ייִנגל רינט וואסער, ווי ער וואָלט אליין געווען א רעגן־וואָלקן. דאָס פּאָנעם איז נאס. פון די אויערן און פון דער נאָז רינען טראָפּנס. דאָס ייִנגל ציטערט פון קעלט.

— ווער ביסטו? — פרעגט וולאדימיר. — ווי רופט מען דיך?

— איזי.

— וואָס טוסטו, איזי, אין וואלד? איינער אליין?

וואָס טוט ער אין וואלד? ער איז געלאָפן זיך ראטעווען. אלעמען — דעם טאטן, די מאמע, די שוועסטער, די שכיינים — האָט דער דייַטש אומגעבראכט. איזי איז אנטלאָפן פון באָריסאָוו. עטלעכע טעג האָט ער זיך אויסבאהאלטן אין א נאָענט דאָרף. זייַנען אהין אויך אָנגעקומען דייַטשן. פון פארטאָג אָן איז ער אין וואלד.

„יאָ, — טראכט וולאדימיר, — מיטן ייִנגל וועט זייַן א סאך שווערער גיין אף מיזרעך". רייכערן ווילט זיך נאָך מער. וואָס זאָל ער פאָרט טאָן מיטן ייִנגל?

— קום, איזי, וועלן מיר צוזאמען גיין.

וולאדימיר נעמט דאָס ייִנגל פאר דער האנט.

נאָך האלבן טאָג דערהערן זיי טריט הינטער זיך. נאָך איידער דאָראָנין באנעמט, צי די טריט פרייען אים אָדער באומרויִקן, דרייט ער אויס דעם קאָפּ אף הינטן. ער דערזעט א מענטשן, אָנגעטאָן אין א שינעל. אפילע אונטערן רעגן לאָזט זיך דערקענען, אז דער שינעל איז היפּש אָפּגעטראָגן. דער מענטש רייכערט. ער, זייַן שינעל, דאָס פּייַערל פונעם

ציגאַרל איז אַרומגענומען מיטן רעגן, ווי מיט אַ נעץ. וואָלאָדימיר גייט זיך זײַן וועג. באַלד וועט אים יענער אָניאָגן. וואָלאָדימיר איז זיכער, אַז יענער רייכערט היימישן סאַמאָסאַד. „פּערציק" וועט ער כאָטש געבן? נאָר ווי פּאַמעלעך וואָלאָדימיר גייט ניט, יאָגט אים דער מענטש אַלץ ניט אָן. וואָלאָדימיר גייט נאָך לאַנגזאַמער. יענער דערנעענטערט זיך, נאָר גלײַכט זיך מיט אים ניט אויס. דער רויך פון מאַכאָרקע דערגייט שאַרפער, און דער פאַרלאַנג צו רייכערן ווערט שטאַרקער.

„פאַרוואָס האַלט ער זיך פון הינטן? צי איז עס ניט אומיסטן?" — טראַכט וואָלאָדימיר. נאָך איין רעגע, וועט ער באַ דעם מענטשן, וואָס גייט פון הינטן, אַרויסרײַסן דאָס ציגאַרל. וואָלאָדימיר האָט זיך אָפּגעשטעלט. דער טראָט איז אויסגעגאַנגען, ווי ניט קיין אָנגעצויגענער זייגער. יענער האָט זיך אויסגעגלײַכט און געזאָגט:

— נו, אַ רעגן... בעסער אַ מאַבל, אײדער אַזאַ רעגן. וויפל, מיינט איר, קאָן עס ציִען?

ער האָט ניט געוואַרט אויף קיין ענטפער. ער איז זיך אַוועק ווײַטער. דערנאָך האָט ער זיך אויסגעקערט און געזאָגט:

— איר גייט אין דאָרף? מיט אַ קינד אין אַזאַ וועטער...

— און איר וווּהין גייט? — פרעגט וואָלאָדימיר.

יענער ענטפערט ניט דערויף. ער פרעגט:

— רייכערן ווילט איר?

וואָלאָדימירן ווילט זיך אויסשרײַען: „כאָטש איין צי"... ער זאָגט אָבער:

— ניין, אַ דאַנק.

דער וואַלד זעט אויס, ווי אַן אומענדלעכע כאָרעווע געבײַדע, וווּהין עס ריגנט אַרײַן פון אַלע זײַטן. פאָרויס גייט דער מענטש אינעם אַלטן שינעל, נאָך אים וואָלאָדימיר מיטן יִינגל. יענער פרעגט ווידער:

— און איר האָט קיין מוירע ניט אַרײַנגיין אין דאָרף?

— פאַר וועמען מוירע האָבן?

— כ'ווייס... פאַראַן אַזוינע, וואָס האָבן מוירע פאַר דײַטשן.

דאַראַנין דערפילט, ווי איזיס הענטל נעמט שטאַרק ציטערן.

— רייכערן ווילט איר? — שטייט אַלץ יענער צו.

אין וואַלד ווערט אַלץ טינקעלער. מע זעט שוין באַלד ניט, וווּהין אַ טראָט שטעלן. אַלע ווײַלע פאַרטשעפּעט מען אַ צווײַג, וואָס באַגיסט מיט רעגן, אָדער מע גליטשט זיך אויס אויף אַ פּײַכטן וואָרצל, וואָס שפּרייט זיך איבער דער ערד. דאָס קינד גייט קוים. מע מוז אויסזוכן אַ פּאַסיק אָרט אויף איבערזיצן, ביז דער רעגן וועט אויפהערן.

זיי האָבן געפונען אַ צעוואַקסענעם דעמב. אינגיכן איז געוואָרן אינגאַנצן פינצטער. זיי זײַנען געזעסן שטיל, אָן רייד, און יעדערער האָט פאַר זיך געטראַכט זײַנס. דער ווינט האָט געטרייסלט די סאָסנעס. דאַראַנין האָט גענומען איזין צו זיך אונטערן שינעל. דאָס יִינגל האָט געדרעמלט.

דער מענטש אינעם אַלטן שינעל האָט אַ טיפן זיפץ געטאָן.

— מײַנער אַ זון, — זאָגט ער, — איז פונעם ערשטן טאָג אַוועק.

וואָלאָדימיר שווײַגט.

— קיין וואָרט פון אים ניט באַקומען.

וואָלאָדימיר הערט זיך צו, נאָר זאָגט גאָרניט.

יענעם געפעלט עס דאָפקע, וואָס וואָלאָדימיר איז אַזוי אײַנגעהאַלטן. ער שווײַגט אַ צײַט. נאָכדעם, ווי ער וואָלט זיך אויף עפּעס אַנטשלאָסן, פרעגט ער:

— פון דער אַרומרינגלונג? איר גייט אהיים?

דער מענטש נעמט אַרויס פון אונטערן בוזעם ברויט און גיט וואָלאָדימירן. דערנאָך נעמט ער אַרויס פון קעשענע מאַכאָרקע.

וואָלאָדימיר פאַררייכערט. ער פרעגט:

— ווי איז אײַער נאָמען, כאַווער?

— רוף מיך סטעפאַן טאַנק. און ווי קומט צו דיר דאָס יִינגעלע?

2

צווישן צוויי הויכע קרומע סאָסנעס, וואָס זײַנען איבערגעפלאָכטן מיט זייערע וואָרצלען און זעען דעריבער אויס ווי אַ ריזיקע לירע, זיצן באַ אַ קליינעם שײַטער פיר מענטשן. צוויי זײַנען אין שינעלן, צוויי אין בושלאַטן. אַרום און אַרום איז דער וואַלד געדיכט. פון איין זײַט — אַ פאַרוואַקסענער יעלניק מיט טיפן מאָך און מיט אָפּטע קאָטשקעס, פון דער צווייטער זײַט — אַן אַלטער בערעזניאַק. די בערעזעס זײַנען נידעריקע, פאַרוואַקסן מיט האַרטע פאַרשימלטע „שוואָמען", ווי פערדישע קאָפּיטעס. אויף דער ערד וואַלגערן זיך טרוכלאַווע בײַמער מיט אָפּגעהוילטער צעלעכערטער קאָרע, פול מיט מילבן און צעפרעסענעם האַלץ־שטויב.

אינמיטן וואלד, אין דער הייך, איז פרײַ. דאָ איז סאָסנע, די ביימער זײַנען גלײַכע און הויכע. באַטאָג איז דאָ פול מיט זון. נאָר איצט איז נאכט. אין וועלכער זײַט מע זאָל ניט ווענדן דעם אויער, קאָן מען בלויז הערן, ווי שטיל א צווײַג באַוועגט זיך אף א בוים, ווי א פויגל שלאָפט אומרויִק אין נעסט. און נאָך קאָן מען הערן, ווי אין עמעצנס קעשענע קלאַפּט א זייגער. די מענטשן באַם שײַטער טראַכטן. איינער קוקט פאַרזאָרגט אין פײַער, א צווייטער האַלט די אויגן האַלב־פאַרמאַכט, נאָך איינער רוקט מיט א צווײַגעלע צונויף דעם אָנגעברענטן זשאַר אין א קופּקעלע און שאַרט אים ווידער פאַנאַנדער. גאָר אומגעריכט גיט איינער א זאָג:

— געפאַלן א שטערן.

דאָס זאָגט סטעפּאַן טאַנק. אַלע הייבן אויף די קעפּ צום הימל. דעם שטערן זעען זיי שוין ניט. זיי זעען נאָר גרינעם גליִענדיקן שטויב, וואָס צעשיט זיך.

סטעפּאַן טאַנק, דער קאָמיסאַר פונעם פּאַרטיזאַנישן אָטריאַד, איז אַלט העכער פופציק. זײַנע קליינע געדיכטע וואָנצעס זײַנען שוואַרץ, מע זעט נאָך קיין איין גראָוע האָר ניט אין זיי, דערפאַר אָבער אף די באַקן, און באַזונדערס אונטער דער גאָמבע, זאָל ער זיך נאָר איין טאָג ניט ראַזירן, באַווײַזן זיך אָן א שיר גראָווע האָר. ער ווערט דעמלט מיטאַמאָל אָן אַלטער. אַלץ אין אים ווערט דאַן געעלטערט, אפילו די זאַכן אף אים. זײַן שמייכל ווערט ווי באַוואַקסן מיט באָרד און זײַן קלוגער בליק ווערט פול מיט גראָוקײַט. דעמלט ווערט אפילו מער קענטיק, ווי די שיטערע האָר אפן קאָפּ לאָזן א דורכלויכט צום שאַרבן. גאָר אַן אַנדער טאַנק. נאָר אָט גיט ער זיך אַפּגיך א ראַזיר אָפּ, — ס'מאַכט ניט אויס, וואָס ער שנײַדט זיך עטלעכע מאָל אײַן, — ער פאַרקלעפּט די פאַרבלוטיקטע ערטער מיט פיצלעך צײַטונגס־פּאַפּיר, וואַשט זיך אָפּ מיט קאַלטן וואַסער, און אַלץ אף אים ווערט ווידער יונג.

די פּאַרטיזאַנער זאָגן אים:

— מיר אַכטן דיך, ווי אַן אַלטן, מיר האָבן דיך ליב, ווי א יונגן.

טאַנק וויל נאָך אַליין זײַן יונג. דער עלטער שטערט אים ניט. ווען אים איז געווען צוואַנציק, האָט ער געהאַלטן, אַז יונג איז מען צו צוואַנציק יאָר. ווען אים איז געוואָרן דרײַסיק, — זײַנען דרײַסיקיאָריקע געווען יונגע. דאָס זעלבע איז געווען צו פערציק. צוזאַמען מיט זײַן עלטער איז אים מיטגעגאַנגען די יוגנט, כאָטש ער האָט שוין פאַר דער מילכאָמע געהאַט אַן אייניקל. ער געדענקט נאָך דעם פאָרעץ. ער איז א ווײַסרוס, און א גאַנץ לעבן לעבט ער אין ווײַסרוסלאַנד. אין פערצעטן יאָר איז ער אוועק אף דער מילכאָמע. אין זיבעצעטן איז ער געגאַנגען מיט די באָלשעוויקעס, דערנאָך אַליין געוואָרן א באָלשעוויק. איידער די פאַשיסטן האָבן פאַרנומען דעם קאַנט, איז ער געווען א פאָרזיצער פון א דאָרפראַט.

לעבן אים זיצט גריגאָרי קאָוואַלענקאָ, אַן אויסשפּירער. ער איז מיט א יאָר צען ייִנגער פון טאַנקן.

קאָוואַלענקאָ איז פון די אַלטע קאָמיוגיסטן, וואָס האָבן אָנטיילגענומען אינעם בירגערקריג. ער שטאַמט פון ניקאָלײַעוו, ווו ער האָט געאַרבעט אַלס מאַנטאַזשניק אפן שיף־זאַוואָד. ער האָט אַן אויסזען פון א שטרענגן מענטשן, וואָס לאָזט צו זיך נאָענט ניט צו. אָבער אין א פרײַער שאָ האָט ער ליב זאָגן א שאַרף ווערטל, אַז אַלע זאָלן לאַכן, און ער מער פאַר אַלע.

— יעסען אין אונדזער בעלאַרוס, יעסען, — זאָגט ווידער טאַנק. — געלע בלעטער, רויטע בלעטער. מיט איבערגעשטאַנענע שווועמלעך שמעקט אין וואַלד, — טאַנק גיט א טיפן אָטעם און זאָגט מיט באַדויערונג: — ס'שמעקט שוין מיט הוילקײַט און פוילקײַט... יעסען...

אַלע, וואָס זיצן אַרום שײַטער, דערפילן דעם האַרבסט, זײַן הוילקײַט און פוילקײַט. זיי זאָגן גאָרניט. אין אַזא נאַכט איז גרינגער פון אַלץ שווײַגן. ערשט עטוואָס שפּעטער רופט זיך אָפּ קאָוואַלענקאָ. ער רעדט, ווי ער זאָל ענטפערן אף זײַנע אייגענע געדאַנקען.

— יאָ... ס'איז ניט היימלעך אין אַזא נאַכט. עס קריכן אין קאָפּ פאַרשיידענע געדאַנקען. די קינדער־יאָרן דערמאָנען זיך... אַלץ קומט אויף אין זיקאָרן. און מע טאָר ניט! אַז עס צעשפּילט זיך דער זיקאָרן, ווערן קאַליע די אויגן און טויבלעך די אויערן. מע קאָן פאַרגעסן, ווו מע האַלט אין דער וועלט...

דער דריטער באַם שײַטער וואַרט ניט, ביז קאָוואַלענקאָ זאָל ענדיקן ריידן, ער טוט א הייב דעם קאָפּ און פרעגט:

— איז וואָס בלײַבט? ווהין גייען מיר?

איוואַן סטעפּניאַק איז דאָ דער ייִנגסטער. ער איז קוים אַלט צוואַנציק. פאַר דער מילכאָמע האָט ער געוווינט אף דער סטאַנציע אין אפן ווײַטן מיזרעך. זײַן טאַטע איז אַן אײַזנבאַנער, און ער אַליין האָט זיך געלערנט אף קורסן פון געהילף־מאַשיניסטן. אַז ער האָט אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען, איז ער אף אַן אומזיסטן בילעט פון אַן אײַזנבאַנער געפאָרן צוגאַסט צו קרוווים אין מײַרעוו־ווײַסרוסלאַנד. דער בילעט אף צוריקוועגס איז געבליבן ניט קיין אויסגענוצטער. די

דיַיטשן זיַינען אַנגעפֿאַלן. ער איז געלאָפֿן צוריק צופֿוס און באַוויזן נאָר אַריַינפֿאַלן אין וואַלד צו די פּאַרטיזאַנער. איצט איז ער דאָ דער קאָמיוגישער סעקרעטאַר.

ער קוקט זיך אַרום און וואַרט אַף אַן ענטפֿער. דער שעף פֿון שטאַב וולאַדימיר דאַראַנין איַילט זיך ניט. ער זאָגט געלאַסן:

— אַ דאָקטער מוזן מיר האָבן. באַברויסק איז, עמעס, נעענטער, נאָר אין מינסק איז פֿאַראַן אַ דירעקטער אַדרעס. מע קאָן האָפֿן, אַז דער דאָקטער גרינייאַוו וועט צו אונדז גיין. דער קאָמאַנדיר פֿון אָטריאַד האָט באַפֿוילן, מיר זאָלן אַליין באַשטימען, וואָס בעסער איז. איך מיין, אַז מינסק.

וועגן דאָקטער האָט מען שוין גערעדט. נאָר איצט איז שוין דאַראַנינס וואָרט אַ באַפֿעל, אָן אופֿגאַבע. ווער וועט זי אויספֿילן?

— קאָוואַלענקאָ און איזי, — זאָגט סטעפּניאַק.

איזי געווירץ שלאָפֿט איצט אינעם ביַידל פֿון די אויסשפּירער. דאָ שלאָפֿט ער רויִקער, דאָ זעט ער ווינציקער כאַלומעס. באַנאַכט כאַלעמען זיך אים די עלטערן. טאַטע־מאַמע זיַינען פֿריילעכע, צופֿרידענע, רופֿן אים אהיים.

— איך גיי, איך גיי...

ער כאַפּט זיך אויף. דערנאָך איז אים שווער ווידער איַינצושלאָפֿן. ער זעט די דיַיטשן און פּאָליציַי... ניט קיין טאַטע, ניט קיין מאַמע, ניט קיין שוועסטער...

אין וואַלד האַלטן אַלע, אַז איזי איז אַ געבאָרענער אויסשפּירער. פֿאַר ליַיטן איז ער אַ יִינגל, ווי אַלע יִינגלעך, און פֿאַר זיך — אַ דערוואַקסענער. אַף אַזויפֿיל אַ דערוואַקסענער, אַז ער קאָן אַלץ זען, אַלץ באַמערקן און אַלץ פֿאַרגעדענקען.

איזי שלאָפֿט. היַינט כאַלעמט זיך אים גאָרניט. ווען ער זאָל וויסן, אַז ער וועט צוזאַמען מיט קאָוואַלענקאָ גיין קיין מינסק, וואָלט ער געוועזן גליקלעך.

## 3

אין מינסק, אַף דער פֿאַרמילכאָמעדיקער מאַרקס־גאַס, האָבן געוווינט צוויי דאָקטוירים — מאַן און וויַיב. ער, מאַקסים פּיאָדאָראָוויטש גרינייאַוו, — אַ טעראַפּעווט. זי, מיריאַם אַבראַמאָוונאַ לעווין, — אַ פּסיכיאַטער. זיי האָבן געהאַט אַ קינד, אַ מיידעלע. ווען אַניע איז געוועזן קליין, האָט דער טאַטע, דער טעראַפּעווט, געטיַינעט, אַז פֿאַרן קינד איז וויכטיק די פֿיזישע דערציִונג. ליַיענען ביכער וועט זי שטענדיק באַוויַיזן. די מאַמע, די פּסיכיאַטערן, האָט, פֿאַרשטייט זיך, גאָרנישט ניט געהאַט קעגן פֿיזישער דערציִונג, נאָר געהאַלטן פֿאַר וויכטיקער די אַנטוויקלונג פֿון די פּסיכישע אייגנשאַפֿטן. ביידע דאָקטוירים זיַינען געווען פֿאַרנומען מיט אַרבעט, מיט שטודירן. אַמאָל נאָר, אין אַ זונטיק, איז מען געגאַנגען מיט אַניען שפּאַצירן. אינמיטן וואָך, נאָך דער אַרבעט, האָבן טאַטע־מאַמע זי געקעכלט מיט גוטע זאַכן. דאָס איבעריקע איז געבליבן פֿאַר דער באָבען.

און די באָבע, אין אַ שווערער מינוט, ווען איר אַליין האָט זיך געוואָלט שלאָפֿן און אַניען בעשום־אויפֿן ניט, ווען זי איז געווען מיד און אַניע האָט דאַפֿקע געוואָלט וויינען, פֿלעגט זי צוהילף רופֿן דעם באַקאַנטן וואָלף, פֿאַר וועלכן קינדער האָבן מוירע. דער וואָלף קומט. אַניע ציטערט און שוויַיגט. אָט־אָט וועט דער וואָלף אַריַינשטעקן אַ לאַפּע אין איר בעטל. זי וויל שריַיען, נאָר פֿון שרעק קאָן זי עס ניט טאָן... אַז אַניע איז אונטערגעוואַקסן, איז זי געוואָרן אַ שלאַנק מיידל, זי האָט געהאַט אַ טונקעלן, געדיכטן צאָפּ, שוואַרצע ברעמען און גוטע ווייכע אויגן, און פֿונעם וואָלף האָט זי געלאַכט. וואָס עלטער זי איז געוואָרן, אַלץ קלענער איז געוואָרן דער וואָלף. עפּעס איז פֿון אים דאָך פֿאַרבליבן. צי אַן אויער, צי אַן עק, נאָר אַ שטיקל וואָלף, וואָס שרעקט, איז פֿאַרבליבן. קיינער האָט עס ניט באַמערקט, אָבער זי האָט עס געפֿילט. פֿלעגט זי זיך אופֿהייבן אַף דער טראַפּעציע, — האָט זי געפֿילט, ווי דער וואָלפֿישער אויער נעמט וואַקסן; פֿלעגט זי דאַרפֿן שפּרינגען אין וואַסער, — האָט זי געמוזט פֿריִער דעם וואָלף אין זיך דערשטיקן... זי איז געווען פֿון די בעסטע פֿיזקולטורניצעס אין שול.

אַניע איז אַריבער אין אַכטן קלאַס. איר גייט דאָס זעכצעטע יאָר. זי איז אַריבערגעוואַקסן דעם פּיאָנערישן אָטריאַד, פּונקט ווי זי איז אַרויסגעוואַקסן פֿון אירע קינדער־קליידער. זי איז פֿול מיט יוירונג, פֿול מיט פּלענער. איינער פֿון די ערשטע — איז אַריַינטרעטן אין קאָמסאָמאָל.

די עלטערן קליַיבן פֿון איר נאַכעס. די מאַמע האָט אַפֿילע אופֿגעכאַפּט אַ ניַיע אינטאָנאַציע אין איר שטענדיקער ווענדונג צו די כאַוועריטעס: „דעוואַטשקי" — מיידלעך.

„דעוואַטשקי", — ס'האָט אָנגעהויבן קלינגען מער מיט פֿרוייִשקיַיט, ווי מיט פֿריִערדיקער קינדערשער אומיטלבאַרקיַיט.

„אַ קינד וואַקסט און וואַקסט אַרויס פֿון קינדערישקיַיט", — טראַכט די מאַמע.

אַ צווייט מאָל האָט די מאַמע באַמערקט, אַז די טופֿליעס אַף די נידעריקע קנאַפּל זיַינען צו קינדערש און לעשן איר מיידלשן טראָט.

„יאָ. פון מיידעלעך ווערן מיידלעך".

אניען האָט מען אָנגענומען אין קאָמסאָמאָל. דאָס איז געווען אין איין־און־פערציקסטן יאָר.

אז די דײַטשן זײַנען געקומען, האָבן זיי גענומען שלעכט קוקן אף אניעס מאַמען. זיי האָבן געהייסן פארכאַסמענען דעם קאַבינעט, ווו עס שטייען די שאַפעס און פאָליצעס מיט ביכער. זיי זוילן פארנעמען דאָס צימער. דערנאָך איז ארויס א באַפעל וועגן ייִדן און די מאַמע האָט געדאַרפט זיך יאַווען אין געטאָ. דער טאַטע איז באַשטאַנען, זי זאָל אנטלויפן און זיך אויסבאַהאַלטן בא זײַן מוטער אין א ווײַט פארוואָרפן דאָרף.

זינט די דײַטשן זײַנען געקומען, באַווײַזט זיך אניע קימאַט ניט אף דער גאַס. זי האָט זיי פײַנט. זי קאָן זיי ניט אָנקוקן. אירע אויגן קוקן איצט מער ניט ווייך און גוט.

— פארוואָס ביסטו, פאַפּאַ, א דאָקטער און ניט קיין אינזשעניער?

— וואָס וואָלט געווען?

— דו וואָלסט געמאַכט באָמבעס, און איך וואָלט זיי געוואָרפן אין די דײַטשן.

4

א קלונג אָדער א קלאַפּ אין דער טיר דערשרעקט. ווער גייט? מע האָט זיך אויסגעלערנט דערקענען, ווען עס קלינגט א דײַטש. א שאַרפער קלונג. אזא, וואָס בעט ניט באַם באַלעבאָס עפענען די טיר, נאָר באַפעלט זי עפענען. אז ניט, וועט מען זי אופברעכן.

דער טאַטע מיט דער טאָכטער הערן זיך אײַן.

— ניט „זיי!" — זאָגן ביידע ארויס מיטאָמאָל און אָטעמען לײַכטער אָפּ.

אניע עפנט די טיר.

— דאָ וווינט דער דאָקטער?

— דאָ.

— דאָקטער גריניאָוו?

— יאָ.

— מיר ווילן אים זען. מע קאָן ארײַן?

— ביטע. פאַפּאַ, מע פרעגט אָף דיר.

בא דער שוועל שטייט א מענטש מיט א קינד פון א יאָר צען־עלף.

— דאָקטער, — זאָגט דער מענטש, — מײַן אייניקל פילט זיך שלעכט. באַטראַכט אים.

דער דאָקטער פירט זיי ארײַן אין זײַן צימער. קיין דאָקטערישער קאַבינעט איז עס ניט, נאָר מיט אַפּטייק שמעקט דאָ.

— וואָס איז מיט אײַער אייניקל?

— דאָקטער, ער פילט זיך שלעכט. איך פיל זיך אויך שלעכט. איר אויך געוויס...

מאַקסים פיאָדאָראָוויטש באַטראַכט איזין. וואָס טוט זיך דאָ? צי דען האָט ער א טאָעס? דאָס קינד איז געזונט. ווער זײַנען די מענטשן און וואָס פארלאַנגען זיי?

— איך פארשטיי ניט, — שטאַמלט ער.

— דאָקטער, ווונדערט זיך ניט, — זאָגט דער מענטש. — אײַער פרוי האָט געמוזט אנטלויפן. איר איז ניט גוט. און אײַך איז ניט גוט. און דעם ייִנגעלע פון דער געטאָ, וואָס איז פארבליבן אָן א מאַמען, אָן א טאַטן, איז גוט?

דאָקטער גריניאָוו האָט אין דער ווײַלע זיך דערפילט, ווי גלײַך דער קראַנקער איז ער גאָר און דער געקומענער וויל אים היילן. ער האָט אין אים דערפילט עפּעס אייגנס. און דערפאַר האָט זיך בא אים ארויסגעריסן א וואָרט, וואָס ער האָט געהאַט באַהאַלטן טיף אין זיך.

— כאַווײרים... כאַווײרים, ווער זײַט איר?

— עמעס, דאָקטער, מיר זײַנען כאַווײרים! — האָט זיך אָפּגערופן קאָוואַלענקאָ. — באַרויקט זיך, כאַווער גריניאָוו, און הערט אונדז אויס. מיר זײַנען פארטיזאַנער. א סאַך פון אונדז קומען אום, ווײַל מיר האָבן ניט קיין דאָקטער. איר שטעלט זיך פאָר... מענטשן ווערן פארווונדעט און קומען אום, ווײַל עס איז ניטאָ, ווער עס זאָל זיי היילן. מיר מוזן האָבן א דאָקטער. אײַך טרויען מיר. מע האָט מיך געשיקט אײַך רופן צו אונדז, — און ווײַל מאַקסים פיאָדאָראָוויטש איז געבליבן שטיין, ווי פארגליווערט, האָט קאָוואַלענקאָ פארגעזעצט: — אגעוו, דאָקטער, מיר האָבן פאַר אײַך א גרוס פון אײַערן א פרײַנט בא אונדז אין אָטריאַד (ער האָט אָנגערופן א נאָמען). אויב איר קאָנט געבן ענטפער היינט, איז געוויס גוט. אויב איר דאַרפט זיך באַטראַכטן, בעט איך אײַך ענטפערן ניט שפּעטער, ווי מאָרגן.

— זיצט, זיצט... — האָט דער דאָקטער אַלץ ניט געפונען וואָס צו זאָגן. — אויב איך קאָן ניט היינט, קאָן איך אויך ניט מאָרגן, און דאָס זעלבע פארקערט. איר פארשטייט... עס איז אומדערוואַרט, פּלוצלינג. מע דאַרף עס פריִער באַגרײַפן... און כ'בין דאָך ניט קיין כירורג...

— באטראכט, דאָקטער, באַגרײַפֿט... לויט ווי מע האָט אונדז געזאָגט, זײַט איר א מענטש, וואָס איר האָט וועגן פּארטיזאַנער געהערט.

— טײַערע, איך אַליין וואָלט געוואָלט גרייט, איך בין דאָך אָבער ניט אַליין.

— מיר ווייסן, דאָקטער, מיר ווייסן. איר האָט א טאָכטער א קאָמסאָמאָלקע.

און איזי, וואָס פילט אויך, ווו מע דארף עפּעס זאָגן, האָט זייער קינדעריש זיך אָנגערופן:

— דאָקטער, קומט צו אונדז, קומט... מיט דער טאָכטער. איר וועט היילן, און זי וועט העלפן.

...אניע איז אריין א בלאַסע און אומרויִקע, ווי זי וואָלט שוין פון פריִער געוווּסט אָדער זיך אָנגעטשטויסן, נאָך וואָס מע רופט זי.

— טאָכטערקע, — האָט געזאָגט דער טאַטע, — אָט די מענטשן, אָט די כאַוויירים... פּארטי־זאַנער...

אניע האָט געפרעגט:

— דאָס ייִנגל אויך?

— אוואדע, א פּארטיזאַנער... — האָט קאָוואַלענקאָ באַשטעטיקט.

**5**

דער טאַטע היילט, און די טאָכטער העלפט. אניע איז אָבער ניט צופרידן. זי וויל א ביקס. זי וויל שלאָגן דעם סוינע. באַזונדערס איז זי אומצופרידן אין א טאָג, ווען איזי גייט אוועק צוזאַמען מיט די אויסשפּירער.

אניע גיט אַכטונג אף איזין: ער זאָל זײַן ריין אָנגעטאָן, אַלע קנעפּלעך זאָלן זײַן צוגענייט. זי לערנט אים. זי איז א דערוואַקסענע, און ער... א קינד. ווען אים ווערט אומעטיק, ווען ער געפינט פאר זיך קיין אָרט ניט, ווען ער דערמאָנט זיך אָן די עלטערן, טרייסט זי אים, רעדט אָפּ דאָס הארץ, דערציילט א מײַסע. ער לעכצט נאָך לאַסקע, נאָך היימישקייט.

אָבער... אָט איז איזין ניט צו דערקענען. ער האָט באַקומען אַן אויפגאַבע. איצט איז ער שוין דער דערוואַקסענער, דער געניטער. ער איז דער מאַנצבל, און זי איז איצט דעם דאָקטערס טאָכ־טער, וואָס זיצט אף איין אָרט. ער רעדט גאָר אנדערש מיט איר, ער טוט איר גאָר א געפעליקײַט, וואָס ער כאַוועט זיך מיט איר.

אז ער קומט צוריק, דערציילט ער איר גאָרניט. ער דערקלערט איר:

— אין אונדזער פאַך רעדט מען ניט קיין איבעריקס. מע דארף זיך פון דעם אָפּגעווינען...

אין אזא טאָג איז אניע מעקאַנע איזין. זי איז מעקאַנע זײַן דרייסטקייט. אניע באַנעמט ניט, אז איזיס דרייסטקייט, זײַן פארלאַנג שלאָגן דעם סוינע איז פארבונדן מיטן פארלאַנג לעבעדיק צו מאַכן די עלטערן, די שוועסטער, די כאַווירים... ער כאַלעמט וועגן דעם און האָפט אפילע...

סאָפּקאָלסאָף האָט אניע עפּעס דערגרייכט. אין קיין שלאַכט־אָפּעראַציעס נעמט מען זי ניט, נאָר אף דער וואַך שטייט זי שוין.

אניע גריניאָווא שטייט אף דער וואַך. א גרינגע וואַך הײַנט. עס רעגנט ניט, איז זי ניט דורכ־געווייקט. עס איז ניט פראָסטיק, איז איר ניט קאַלט. די נאַכט איז א רויִקע, א שטילע. אניע שטייט ניט ווײַט פון וואַלד־ראַנד. זי הערט זיך אײַן אינעם ארום, זי קוקט אין אַלע זײַטן. אפילע קיין ווינטל וויל ניט אָנלויפן. ערד און הימל שווײַגן. איר נעמט אָבער דוכטן, אז די שטילקײַט אַליין באַוועגט זיך. זי ציטערט אוף און הייבט אָן ארומגיין הין און צוריק מיט גרויסע גיכע טריט. דערפון ווערט איר גרינגער. זי צעטרײַבט אַלע דוכטענישן: „פּארטיזאַנקע, — זאָגט זי זיך, — מע וועט דאָך פון דיר לאַכן, איזי וועט פון דיר לאַכן".

די צײַט לויפט. דער הימל איז פול מיט שטערן. די זעלבע לעוואָנע, וואָס פלעגט אראָפּקוקן אף דער מאַרקס־גאַס אין מינסק, קוקט אראָפּ אין וואַלד. ווידער הערט זי זיך אײַן. איר דוכט זיך, אז עמעצער פויזעט. אף דער צונג ליגט גרייט דער אויסגעשריי: „שטיי!". יאָ, מע גייט.

— פּאראָל! — שרײַט אניע אויס.

א גרופּע פּארטיזאַנער קערט זיך אום פון אן אָפּעראַציע. מיט זיי איז געווען דער קאָמאַנדיר פונעם אָטריאַד, פיליפּ גאָרנאַסטײַ. איצט טראָגט מען אים, א שווער פארוווּנדעטן, אף א שינעל. אניע פרעגט גאָרניט. זי איז אָפּן פּאָסטן.

...ווען זי קערט זיך אום צוריק אין לאַגער, דערוויסט זי זיך, אז מאַקסים פּיאָדאָראָוויטש האָט געטאָן אַלץ, וואָס אין זײַנע קויכעס. אָבער גאָרנאַסטײַ נייטיקט זיך אין א כירורגישער אָפּע־ראַציע, וואָס דאָ איז ניט מעגלעך זי דורכפירן. דערצו איז אויך פאַראַן א סאַקאָנע, אז די דײַטשן וועלן פּרווון דורכקעמען דעם גאַנצן וואַלד. עס בלײַבט איין אויסוועג צו ראַטעווען גאָרנאַסטײַען דאָס לעבן: טייקעף אים אריבערפירן אף דער גרויסער ערד. דאָס איז פארבונדן מיט שוועריקײַטן, מיט ריזיקע. אָבער דאָס איז דער איינציקער אויסוועג.

די פּארטיזאַנער פונעם גאַנצן קאַנט האָבן שטאַלצירט מיט גאָרנאַסטײַען. אף די דײַטשן האָט זײַן נאָמען אָנגעוואָרפן שרעק. אין די דערפער האָט מען זיך געריכט: „פיליפּ וועט קומען!" פאר

דער באַפעלקערונג איז ער, ווי פריִער, געווען דער פאַרשטייער פון דער סאָוועטנמאַכט, פון דער פּאַרטיי, דער פריִערדיקער סעקרעטאַר פון ראַיקאָם און דער איצטיקער העלדישער קאָמאַנדיר. אַלע האָבן אים געוואָלט זען, ריידן מיט אים, דריקן די האַנט. און אָט איז זײַן לעבן אין געפאַר. טאַנק און סטעפּניאַק וועלן אים אָפּפירן ביזן פּאַרטיזאַנישן אַעראָדראָם. צוזאַמען מיט זיי וועט גיין אַניע. אױף דעם באַשטייט דאָקטער גריניאָוו. זי וועט אין וועג אַרומגיין אַרום קראַנקן. דאַראַנין האָט זיי אָנגעזאָגט: דאָס לעבן ניט זשאַלעווען, און אים ראַטעווען. און נאָך... עס קאָן טרעפן, אַז דער פאַרווונדעטער וועט ניט דערפאָרן... אויב אַזוינס וועט טרעפן, — טאָר מען אים דעם סוינע ניט אויסגעבן. פאַרן סוינע לעבט ער. דער סוינע ציטערט פאַר זײַן נאָמען. און צולעצט: יעדע אײַנגעשפּאַרטע סעקונדע קאָן ראַטעווען, יעדע אויסגעבראַכטע קאָן פאַראַטן.

וואָלאָדימיר דאַראַנין וועט דערוויַיל פאַרבײַטן דעם קאָמאַנדיר.

אַניע? — איז ניט אינגאַנצן רויִק דאַראַנין. צי איז עס ניט צופיל פאַר איר? צי וועט זי זײַן פּאַסיק?

טאַנק באַרויִקט אים, אַניע וועט גוט צוניץ קומען. זי קען דײַטש, זי ווייסט אַלץ, וואָס א קראַנקן־שוועסטער דאַרף וויסן. זי איז דיסציפּלינירט.

טאַנק, סטעפּניאַק און אַניע טוען זיך איבער.

— כאַווער קאָמאַנדיר, — זאָגט אַניע, — זײַט געזונט! איר ווילט מיר גאָרניט זאָגן פאַרן אוועקגיין?

דאַראַנין איז שטענדיק שטרענג מיט אַניען. אַמאָל פאַרדריסט עס אים אַליין. כאָטש איצט וועט ער איר זאָגן א גוט וואָרט. צי וויל ער איר עפּעס זאָגן? אוואַדע.

## 6

באַם גענעראַל פאָן זילפּע איז א פײַערטאָג. אים ווערט פופציק יאָר, און דאָס פאַלט צונויף מיט דער זילבערנער האָכצײַט. וועגן דעם וויסן אַלע זײַנע באַקענטע. פאַראַן נאָך א פײַערונג, וועגן וועלכער עס וויסן נאָר ער און זײַן פרוי. אפילע זייערע צוויי טעכטער וויסן ניט וועגן איר. צוליב זײַן יונגן אויסזען איז פאָן זילפּען די אָפיצערן־קאַריערע פון אָנהייב געגאַנגען זייער שווער. די יאָרן האָבן זיך גערוקט, און ער, מיט די פײַן צוגעקעמטע ווייכע האָר, מיט די ראָזע פּוכלע בעקלעך, האָט אַלץ אויסגעזען ווי א יונג באָכער. אפילע זײַן הויכער וווּקס האָט ניט געהאָלפן. זײַנע קאָלעגן גייען פאָרויס, און ער... דעמלט, מיט יאָרן צוריק, איז ער אָן אומצופרידענער, א פאַרטרויערטער אוועק צו א טרעפערן.

דער אַרײַנגאַנג צו דער טרעפערן איז געווען א ליכטיקער. דאָס צימער, וווּ זי האָט אופגענומען, איז געווען טונקל, פינצטער. עס האָט געברענט נאָר איין ליכט. די טרעפערן איז געווען אָנגעטאָן אין א גרין קלייד מיט רויטע קווייטן און אין צוויי קאָפּטיכלעך — איינס אונטערן אַנדערן. פון אונטן א שוואַרצס, פון אויבן א געלס. פון ביידע זײַטן פאָנעם האָבן אַראָפּגעהאָנגען שיטערע גראָוו־גרינע צעפּלעך האָר. ווען זילפּע איז אַרײַן, איז זי געזעסן און ווי געדרעמלט, זיך געמאַכט ניט וויסנדיק. דערנאָך האָט זי לאַנגזאַם, פײַערלעך־פויל אופגעהויבן דעם קאָפּ, ווי זי וואָלט מיט אים באַוועגט די אייביקײַט.

— זעץ זיך.

קעגניבער דער טרעפערן איז פון איין זײַט געשטאַנען א ווייכער שטול, און פון דער צווייטער — א האַרטער טאַבורעט. ער האָט זיך געוואָלט זעצן אַפן שטול.

— ניין, — האָט זי געזאָגט, — אַפן טאַבורעט.

— ביסט יונג, — האָט זי גערעדט, ווי זי וואָלט געזשאַלעוועט א וואָרט. — אַמאָל איז עס א מײַלע, אַמאָל — א כיסאָרן.

„זי ווייסט אַלץ“, — האָט ער א טראַכט געטאָן און אין דער הייך געזאָגט:

— דערפאַר בין איך געקומען. מײַן אויסזען שטערט מיר. וואָס וועלן דײַנע קאָרטן ווײַזן?

— רייד מער ניט... — האָט זי אים שטרענג איבערגעשלאָגן, אַרויסשטעלנדיק דערבײַ אַן אײַנגעשרומפּן צעקנייטשט מאָרדעלע. — כ׳וויס אַליין אַלץ. אַלץ וויס איך...

זי האָט אַרויסגענומען א טאַליע קאָרטן, באַטראַכט, דערנאָך א שמעק געטאָן און צוגענומען צוריק.

— ניט דײַנע... — זי האָט אַרויסגענומען א צווייטע טאַליע און ווי זיך דערפרייט. — דײַנע... נעם אַראָפּ.

ער האָט אַראָפּגענומען.

— איצט זעץ זיך אַפן ווייכן שטול. ביסט א מאַזלדיקער.

זי האָט זיך אופגעשטעלט און געזאָגט באַפעלעריש:

— כאַסענע האָבן און פאַרלאָזן וואָנצעס!

צי האָט אים דאָס ווײַב געבראַכט מאַזל? — קלאָגן זיך איז ניטאָ וואָס. נאָר די וואָנצעס זײַנען

געוויס געווען מאַזלדיק. זיי זײַנען זיך צעוואַקסן, ווי נאָך אַ רעגן, זיך אופגעהויבן הויך, מיט שפּיצן — ווילהעלמס וואָנצעס. מע האָט אים טײַקוף באַמערקט. ער האָט געגומען אָניאָגן זײַנע קאַמעראַדן, דערנאָך איבעריאָגן.

דער הויכער אָפיצער מיט די קײזער־לעכע וואָנצעס, — אַזוי האָט מען אים גערופן.

זינט יענעם טאָג, ווען ער איז געווען בײַ דער טרעפערן, ווערט איצט אויך פינף און צוואַנציק יאָר. אַלע דאַטעס פאַלן צונויף. פאָן זילפע האָט באַשלאָסן זיי פײַערן מיט אַ ברייטער האַנט. צוגאַסט צו אים, אין אָקופירטן ווײַסרוסלאַנד, איז געקומען דאָס ווײַב מיט ביידע טעכטער.

גענעראַל פאָן זילפע איז אַ הויכער און אַ פולער. די באַקן זײַנען נאָך איצט אויך רויט, נאָר די רויטקייט איז אַן אָנגעשפּאָלטענע — ווי פאַרטריקנטע אייל־פאַרב, וועלכע מע קאָן אַראָפּשאָבן. אויפן האַלדז שטאַרצט אַ בלאָוער אָדער. אויפן קאָפּ איז געבליבן אַ ביסל פוך. ער זעט אויס עלטער פון זײַנע יאָרן. עס איז שווער זיך פאָרשטעלן, אַז אָט דער סאָלידער גענעראַל מיט די ווילהעל־מישע וואָנצעס האָט אַמאָל געליטן פון יונגקייט.

אין האַרצן בײַ זיך האָט גענעראַל פאָן זילפע ניט שטאַרק ליב היטלערן. ער האַלט פון ווילהעלמען, פון די האָהענצאָלערנס. יענע זײַנען געווען קייסאָרים און געשטאַמט פון קייסאָרים. אַ מעלוכע אָן אַ קייסער איז ווי אַ מענטש אָן אַ קאָפּ. ס'איז קעגן דער נאַטור. היטלער איז אָבער דער וועג, וואָס פירט צוריק צו ווילהעלמען, צו די האָהענצאָלערנס. היטלער וועט אײַנעמען די וועלט, און די דײַטשישע קייסאָרים וועלן איבער איר רעגירן. העלפן היטלערן איז רעאַלע פּאָלי־טיק. „דאָס אַלץ איז ריכטיק", — טראַכט דער גענעראַל, אָבער דאָך איז אים דערווידער, וואָס די דײַטשן האָבן פאַרגעסן דעם קייסער און גייען נאָך היטלערן... פאַרבײַטן אַ קייסער אויף אַ יעפרייטאָר?!

נעכטן האָט דער גענעראַל געגעסן אָוונטברויט צוזאַמען מיט זײַן מישפּאָכע און זיך צופיל צוגעכאַפּט צום עסן. אַ גאַנצע נאַכט האָט ער געפילט אַ שווערן מאָגן און איז שלעכט געשלאָפן. אויך הײַנט אינדערפרי פילט ער זיך ניט גוט. ער האָט נאָר אויסגעטרונקען אַ גלאָז קאַווע. גוט וואָלט געווען, ווען עס קומט אַרײַן דער אַדיוטאַנט. מאַיאָר שטעטער איז אַ דאָקטאָר פון פילאָסאָ־פיע. דער גענעראַל וועט זיך מיט אים אַ ביסל דורכשמועסן, הערן קלוגע רייד, וועט אים ווערן לײַכטער.

אין דער ווײַסרוסישער געגנט־שטאָט איז פאָן זילפע ניט לאַנג. מע האָט אים געשיקט אַהער מיט אַ ספּעציעלער אופגאַבע. די פאַרשטייער פון דער אָרטיקער מאַכט ציטערן פאַר אים און פּילן אויס יעדן פאַרלאַנג זײַנעם. ווער פון זיי ס'זאָל ניט קומען, איז דעם גענעראַלס ערשטע פראַגע צו אים:

— וויפל פּאַרטיזאַנער געכאַפּט?

גענעראַל פאָן זילפע ווייסט וועגן אַ סאַך טויטן, פון וועלכע אַ מענטש קומט אום. מע קאָן אומקומען פון אַ קויל אויפן פראָנט, פון הענגען זיך, פון אַן אָנשטעקנדיקער קרענק, אַמאָל שטאַרבט מען אויך פון אַלטקייט. די אַלע טויטן זײַנען לויטן גענעראַלס פאַרשטאַנד נאָך נאַטירלעכע. איין מאָל אין לעבן מוז דאָך דער מענטש שטאַרבן. אָבער אומקומען פון אַ פּאַרטיזאַנער — דאָס איז אויסער דער נאַטור, ניט נאָרמאַל, אַזוי איז ניט אָנגענומען בײַ מענטשן. דאָס איז אַ מיִעסער טויט. און דער גענעראַל וויל ניט שטאַרבן מיט קיין מיִעסן טויט. ווען דער אַדיוטאַנט קומט אַרײַן, דערפרייט זיך דער גענעראַל און בעט אים זיצן.

פאָן זילפעס קאַבינעט איז אַ גרויסער, אַ געראַמער, נאָר ער איז ניט אויסגעשטאַט, ווי עס פּאַסט פאַר אַ גענעראַל. דער קאַבינעט איז צו ליכטיק. ער רופט אַרויס ניט קיין געפיל פון רעספּעקט, נאָר אַ פאַרלאַנג צו טאַנצן.

— אַ גוטער וועטער הײַנט, הער שטעטער.

— יאַוואָל, הער גענעראַל, אַ גוטער וועטער.

— אַ שיינער האַרבסט, הער מאַיאָר.

— אַ שיינער האַרבסט, הער גענעראַל.

— הער מאַיאָר, איר וואָלט וועלן זײַן אַ קייסער אין רוסלאַנד?

פון דער דאָזיקער פראַגע ווערט דעם אַדיוטאַנטס דאַר און בייז פּאָנעם פאַרלאָפן מיט אַ שמייכל. ער פאַרוואַרפט מיטן קאָפּ די לאַנגע און שיטערע טונקעלע האָר אויף אַרויף און שווײַגט.

— און איך יאָ... — זאָגט דער גענעראַל. — ניט אויף לאַנג, נאָר אויף אַרויסגעבן איין באַפעל: אַרעסטירן אַלע פּאַרטיזאַנער און שיסן.

— קיין פּאַרטיזאַנער, הער גענעראַל, זײַנען שוין קימאַט ניטאָ. און די רוסן באַציִען זיך שלעכט צו קייסאָרים. איך וואָלט אײַך, הער גענעראַל, ניט געראַטן.

דער גענעראַל לאַכט, ער דערפילט אָבער ווידער די ניט־גוטקייט נאָכן נעכטיקן אָוונטברויט, און אים ווילט זיך שפּײַען. אַז ער דערפילט זיך בעסער, פרעגט ער ווידער:

— און אין פראַנקרייַך? אַ קיניג אין פראַנקרייַך ווילט איר זיין?
ווידער לאַכט דער גענעראַל און זאָגט:
— באַטראַכט נאָר, הער מאַיאָר, אין וויפל לענדער קאָנען איצט דייַטשן ווערן קייסאָרים. אין דער גאַנצער וועלט...
דער גענעראַל שטעלט זיך אויף, גייט דורך דעם קאַבינעט, לאָזט אַראָפּ די שטאָרן און זעצט זיך ווידער. ער האָט ליב, אַז דאָס פענצטער בא זייַן שרייַבטיש זאָל אפילו באַטאָג זייַן פאַרצויגן מיט שטאָרן. ער פילט זיך דעמאָלט בעסער.
— זאָגט מיר, מייַן ליבער מאַיאָר, וואָס טראַכט איר וועגן די פראַנצויזן?
דער מאַיאָר שטעטער קען זייַן גענעראַל, איינס ווייסט ער אָבער ניט: פאַרוואָס פאַרפירט דער גענעראַל מיט אים גלייַטשיקע געשפּרעכן וועגן פּאָליטיק. צי ווייַל ער האָט פון דעם האַנאָע, צי ווייַל ער וויל אים, שטעטערן, האַלטן אין דער האַנט. דער גענעראַל וועט זיך אַלעמאָל אויס־דרייען, און ער, מאַיאָר שטעטער, קאָן ווערן מיט צען — פופצן יאָר עלטער אין קאָנצלאַגער אָדער מיט איין קאָפּ נידעריקער. נאָר ווי דער אַדיוטאַנט באַמיט זיך ניט צו האָבן עס אין זינען, — פאַר־געסט ער אין דעם, ווען דער גענעראַל נעמט מיט אים שמועסן.
— אַ פראַנצויז, אַז ער זעצט זיך עסן, אינטערעסירט אים נאָר די ערשטע שפּייַז, ער טראַכט אפילו ניט, וואָס וועט זייַן דאָס צווייטע געריכט. אַ דייַטש ווייסט פאָרויס די גאַנצע שפּייַז־קאַרטע.
— גאַסטראָנאָמיע. נו, און די ענגלענדער, הער מאַיאָר? די ענגלענדער?
— זיי זייַנען, הער גענעראַל, נאַרישער, ווי זיי מיינען.
— פּסיכאָלאָגיע. און די רוסן, הער מאַיאָר, וואָס וועט איר זאָגן וועגן די רוסן?
— די רוסן... אַ פאָלק, וואָס ווייסט ניט פון קיין מיט. אָדער עס שלאָגט פרעמדע קייסאָרים, אָדער אייגענע.
— אַפאָריזמען. און די אַמעריקאַנער, הער מאַיאָר?
— אַמעריקע וועט שלעכט ענדיקן.
— שלעכט? פילאָסאָפיע.
— יאָ, הער גענעראַל. אַמעריקע וועט ענדיקן מיט אַ קייסער.
פאָן זילפּע לאַכט. ער איז צופרידן. די גוטדעקייַט נאָכן נעכטיקן אוונטברויט איז פאַרבייַ. זייַן קערפּער טרייסלט זיך. אפילו דער בלאָווער אָדער אַפן האַלדז.
— גוט געזאָגט, הער מאַיאָר, זייער גוט. און דייַטשן?
מאַיאָר שטעטער ווייסט פאָרויס, וואָס ער דאַרף זאָגן זייַן גענעראַל וועגן פראַנצויזן, ענגלענ־דער, רוסן, אַמעריקאַנער. אין זייַנע ענטפערס דאַרף זייַן אַן אַפאָריסטיש וויצעלע, אַ גרויסע דאָזע כניפע, און אַ ביסעלע דאַרף ער ווידערשפּרעכן דעם גענעראַל, עס זאָל אים עטוואָס אפילו אויפ־רעגן. דער גענעראַל האָט עס ליב און לאַכט פון פאַרגעניגן. רירט אָבער דער גענעראַל אָן די דייַטשן, — דערפילט זיך דער מאַיאָר ניט זיכער, ער ווערט אומרויִק. דער גענעראַל וויל אַ שאַרף וואָרט. צי וועט עס דער גענעראַל ניט צו שטאַרק פאַרגעדענקען? שווייַגן איז אָבער אומעג־לעך. דער מאַיאָר טוט צוליב דעם גענעראַל.
— הער גענעראַל, וועגן די דייַטשן איז גענוג צו זאָגן, אַז הינדענבורג איז געווען אַ דייַטש, לודענדאָרף איז געווען אַ דייַטש און איר, הער גענעראַל, זייַט אַ דייַטש.
— מאַיאָר, צופיל ערע. אַ דאַנק, מייַן טייַערער, אַ דאַנק, — דער גענעראַל שמייכלט אין די גרויסע וואָנצעס און גיט דערנאָך פּלוצעם אַ פרעג:
— טעלמאַן איז אויך אַ דייַטש?
— ניין, הער גענעראַל, אַ באָלשעוויק.
— און ליבקנעכט איז אויך געווען אַ דייַטש?
— ניין, הער גענעראַל, אַ מאַרקסיסט.
— און די אַלע... וואָס זיצן אין קאָנצלאַגער... און וועלן נאָך זיצן? אויך דייַטשן?
— ניט קיין דייַטשן. רויטע.
ווי דעם גענעראַל ווילט זיך ניט באַהאַלטן זייַן צופרידנקייַט, צעשמייכלט ער זיך. ער טראַכט עפּעס פאַר זיך און פרעגט:
— ווי קומט עס, וואָס מע האָט אים פאַרטרויט דאָס רייַך? („אים" הייסט היטלערן.) דער־קלערט מיר זייַן קראַפט..
— זייַן קראַפט? ער זאָגט צו, נאַרט אָפּ און זאָגט ווידער צו. אַז מע שמייַסט דעם בעזעם מיט זייַנע אייגענע ריטער, איז אים וווּל.
— פאַרוואָס לאָזן מיר זיך נאַרן?
— ווייַל ער זאָגט אונדז, וואָס מיר גאַרן הערן: די דייַטשן זייַנען די בעסטע, די שענסטע, די איינציקע. זיי קומט אַלץ. אַלע איבעריקע פעלקער זייַנען גאָרנישטן און דאַרפן נאָר זייַן דינער

באם דײַטש. ווו אַן אַנטדעקונג, האָט זי אַ דײַטש געמאַכט. ווו אַ דײַטש, איז ער אַ גרויסער מענטש.

— איז פאַרוואָס לאָזן מיר זיך נאַרן? מע דערקענט דען ניט, אַז ער ליגט?

— דערקענען... הער גענעראַל, ווען אַ דיריגענט זאָל זיך איין מאָל שטעלן מיטן געזיכט צום פובליקום, וואָלט מען אים דורכגעטריבן פאַר זײַן מיִעסער זשעסטיקוליאַציע. דערפאַר האַלט זיך אַ דיריגענט, ווײַל ער שטייט צום פובליקום מיט דער פּלייצע און באַווײַזט בלויז דעם נײַ־טראַלסטן טייל פון קערפּער.

דער גענעראַל האָט אָן אופהער געלאַכט.

— אַ דאַנק, הער מאַיאָר, איר האָט מיך געזונט געמאַכט. פאַרגעסט ניט, אַז איר זײַט אײַנגעלאַדן צו מיר. אַאופווידערזען... הײַנט...

דער אַדיוטאַנט איז אַרויס אַ דערשראָקענער פאַר זײַן אייגענער לאַנגער צונג.

## 7

די געסט האָבן שוין בײַ דער טיר אויסגערופן „הײַל היטלער!" דער גענעראַל האָט זיי באַגעגנט מיט דער פרוי אוןביידע טעכטער.

פראַו זילפּע זעט אויס ווי אַן אָנגעשטאָפּטע גאַנדז, נאָר דאָס שנעבעלע איז צו קורץ. דאָס געמבעלע איז אויך קליין און גלאַנציק, מיט אַ גוידערל. די האָר פאַרקעמט אַף אַרויף, און אַפן סאַמע אויבן זעט זיך אַ פּלעכטל, ווי אַ קרײַנדל. וואָס נידעריקער, אַלץ ברייטער איז איר קערפּער. די היפטן — ווי די גענעראַלשע וואָלט געטראָגן הויזן גאַליפע. ביידע טעכטער זײַנען נאָך יונגע. די עלטערע טראַכט וועגן אַ כאַסן, די יינגערע — וועגן אַ געליבטן.

די געסט האָבן געבראַכט מאַטאָנעס.

דער שטאָט־קאָמענדאַנט האָט געבראַכט אַ הויכע טריומאָ, אײַנגעפאַסט אין נוס־האָלץ, מיט קונציקע שניצערײַען. דער שפּיגל האָט אַרויסגעשײַנט מיט ליכטיקײַט און יאָמטעוו. ביידע טעכטער האָבן פון פרייד געפּאַטשט בראַוואָ און זיך געשטעלט שפּיגלען. דער גענעראַל איז געווען צופרידן. די גענעראַלשע האָט אַ שמייכל געטאָן. צום שפּיגל איז זי ניט צוגעגאַנגען. די לעצטע יאָרן פילט זי, אַז זי דאַרף זיך האַלטן ווײַטער פון אַ שפּיגל, באַזונדערס פון אַזאַ, וואָס ווײַזט דעם גאַנצן וווקס.

ניט לײַכט איז אָנגעקומען דעם אָבערסט דיטריך שולץ צו געפינען אַזאַ מאַטאָנע. ער האָט געשטעלט אַף די פיס די גאַנצע פּאָליציי, די קאָמענדאַנטן־וואַך, אַפילו די פײַערלעשער־קאָ־מאַנדע. מע האָט אַזוי לאַנג געזוכט, ביז מע האָט זיך אָנגעשטויסן בײַ איינעם אַ דאָקטער אַף אַ שפּיגל — אַ זעלטנהײַט. דער קאָמענדאַנט האָט אים געהייסן ברענגען צום גענעראַל.

די צווייטע מאַטאָנע האָט געבראַכט דער געסטאַפּאָ־שעף היינריך זאָמערלינג. אַ הויכער, אַ בלאָנדער, מיט דינע געזיכט־שטריכן, מיט שטילע גרויע אויגן און מיט לאַנגע איידעלע פינגער פון אַ פּיאַניסט. היינריך זאָמערלינג איז אַ מוזיקער. מע קאָן אַפילו זאָגן, אַז ער איז משוגע אַף מוזיק. בײַ אים אין געסטאַפּאָ־קאַבינעט שטייט אַ פּיאַנע. ער זיצט ניט באַם טיש, נאָר בײַ דער פּיאַנע. אַז מע פירט אַרײַן צו אים אַ „שולדיקן", קוקט ניט זאָמערלינג אַף אים. פריִער מישט ער איבער אַ בלאַט נאָטן, און דערנאָך שיסט ער. היינריך זאָמערלינג איז אַוועקגעפאָרן מיט זײַנע געסטאַפּאָ־לײַט אין דער אַרומגעצאַמטער און באַוואַכטער יידן־געטאָ. ער האָט געהייסן אויסשטעלן הונדערט מענטשן.

— מאָרגן אין אָוונט זאָל זײַן אַ פּערסישער טעפּיך. אויב ניט, וועט מען אַלע הונדערט דערשיסן.

קיין פּערסישער טעפּיך איז אין געטאָ ניט געווען. אין אָוונט האָט מען די הונדערט מאַן דערשאָסן. און ער האָט געהייסן אַרויספירן נאָך הונדערט מאַן.

— מאָרגן אין אָוונט זאָל זײַן אַ פּערסישער טעפּיך. אויב ניט, וועל איך אַלע הונדערט דערשיסן.

אַ פּערסישער טעפּיך האָט זיך אָפּגעזוכט אין פּוילישן קאָסטיאָל. דער קסיאָנדז האָט אים געבראַכט צו טראָגן. אין יענעם אָוונט האָט מען דערשאָסן נאָר פופציק מאַן.

דער פּערסישער טעפּיך האָט געמאַכט אַ גרויסן אײַנדרוק אַף דער גענעראַלשע. זי איז אופ־געשפּרונגען פון איר אָרט, אָנגעכאַפּט דעם טעפּיך מיט ביידע הענט. אירע הענט האָבן געציטערט, און די אויגן האָבן פיבערדיק געלויכטן.

די אַנדערע געסט האָבן אויך דערלאַנגט מאַטאָנעס. ווער ס'האָט געבראַכט אַ זייגער מיט אַן איבערגעמאַכטער פרעמדער מאָנאָגראַם, ווער אַוירינגלעך פון פרעמדע אויערן.

דער שעף פון גאַרניזאָן איז געקומען דער לעצטער.

— איך האָב געבראַכט אַ פּרעזענט, — האָט ער געזאָגט גלײַך נאָך דעם, ווי ער האָט אויס־

גערופן „הײַל היטלער“, — מיר זײַנען אַנגעפאַלן אַף די פּאַרטיזאַנער. זייער אָנפירער איז פאַר־וווּנדעט. ס'איז אים געלונגען אַוועק, נאָר מיר רינגלען אַרום דעם וואַלד.

א צופרידענער איז דער גענעראַל אופגעשפּרונגען פון אָרט.

— באַוואַכן אַלע וועגן, אַלע בריקן. קיין פויגל זאָל ניט דורכגיין! אויסראָטן ביז איינעם. דעמלט, מײַנע הערן, וועל איך אײַך געבן פּרעזענטן. א דאַנק, מײַנע הערן, הײַל היטלער!

**8**

א זאַמדיקער ברייטער וועג פירט דורך וואַלד און דורך פעלד אַלץ נידעריקער און נידעריקער אַראָפּ צום טײַך. דער טײַך באַווײַזט זיך אומגעריכט און דערפרייט מיט זײַן רויִקן וואַסער־גלאַנץ. פון נעכטן אָן שטייט דער פּאַראָם. פריִער האָט מען געוואַרט און געשריִען צו יענער זײַט:

— פּאַ־ראָ־אָ־ם! פּאַ־ראָ־אָם!

דערנאָך האָט מען זיך דערוווּסט, אַז די דײַטשן האָבן דעם פּאַראָם פאַרהאַלטן. זיי לאָזן אפילו קיין שיפל ניט באַווײַזן זיך אַפן וואַסער. פאַר צוויי טעג האָבן זיך אַפן ברעג צונויפגעקליבן א סאַך מענטשן. צווישן אַנדערע איז דאָ אויך פאַראַן סטעפאַן טאַנק. ער איז ראַזירט, אָנגעטאָן אין ציווילע קליידער, נאָר יונג זעט ער הײַנט ניט אויס.

כאַווײרים זאָגן וועגן סטעפאַנען: „אַף אים קאָן מען זיך פאַרלאָזן“, „אים קאָן מען זיך אָנטרויען“. מע וויל זיך פאַר אים אויסריידן און מיט אים זיך דורכריידן. און אפילו ווען מע ווענדט זיך ניט צו אים, זעט ער אויך, וואָס יענעם פעלט: א גוט וואָרט, אַן אייצע, א טרייסט. ער ווייסט, אַז מענטשן לאָזן זיך טרייסטן. פּאַרטיזאַנער ווייסן, אַז דער קאָמיסאַר באַמערקט אפילו, ווען עמעצן פון זיי קלעקן ניט קיין שוואַרצע פּעדעם אַף לאַטען דאָס העמדל און ס'קומט אויס אַרויסענדיקן מיט ווײַסע. אַמאָל טרעפט, אַז ער אַליין נייטיקט זיך אין א גוט וואָרט. ניט אַלעמאָל אָבער באַקומט ער עס. ער, סטעפאַן טאַנק, איז א גענײטער מענטש, א קאָמוניסט, א קאָמיסאַר, ער, הייסט עס, אַזוי טראַכט מען, וועט זײַן שטעטל אַליין באַשטיין. ער, מיינט מען, נייטיקט זיך ניט אין דעם. אינדערעמעסן נייטיקט ער זיך אין דעם ניט ווייניקער, ווי אַלע אַנדערע. עס פאַרדריסט אים אָפּט: צוליב דעם, וואָס ער דאַרף אַנדערע פאַרשטיין, — פאַרשטייט מען אים ניט. אפילו דאָראַנין, מיט וועמען ער האָט זיך אַזוי באַפרײַנדעט, זעט עס ניט. אַף אַזוינס — אַף דערזען, אַז דער קאָמיסאַר נייטיקט זיך אין א כאַווערישן טרייסט־וואָרט, — איז ער נאָך צו יונג.

הײַנט נייטיקט זיך סטעפאַן אין א גוט וואָרט מער, ווי אַן אַנדערער.

...מע וואָלט דעם קאָמאַנדיר געקאָנט ברענגען צו דער צײַט אַפן עראָדראָם. זײַנען אַלע וועגן שטענגען, טײַכן און בריקן באַוואַכט. די דײַטשן זוכן און נישטערן. מע לאָזט זיך ניט רירן און קערן. די איינציקע האָפענונג איז געווען אַפן פּאַראָם, שטייט ער אַף יענער זײַט...

די שטימונג בא טאַנקן איז א שווערע, און ער דאַרף אויסזען רויִק, אפילו זאָרגלאָז. דערצו דאַרף ער אַלץ זען, הערן און באַמערקן. טאַנק מישט זיך ניט אַרײַן אין דעם געשפּרעך, וועלכן מע פירט לעבן אים אַף דער באַנק באַם ברעג טײַך. ער זיצט, ווי אַליין פאַר זיך, ער האָט מיט וואָס צו זײַן פאַרנומען.

דער מאַנצבל און די פרוי, וואָס זיצן לעבן אים, זײַנען אופגערעגט. זי רעדט רוסיש, ווי א דײַטשקע.

— פּאַשאַלסט, ניע גאַוואָר! סנאַיו, סנאַיו[1].

די פרוי איז א דאַרינקע, מיט קליינע פּלייצקעלעך. א פרוי אָן א באַשטימטן עלטער. א יונגע מיט א פאַרעלטערט אויסזען צי אַן אַלטע מיט יונגקײַט אין פּאָנעם. זי איז קאַפּריז. עס דוכט זיך אפילו, אַז זי פיבערט, אָבער ריידן רעדט זי מיט זיכערקײַט, ווי זי זאָל וויסן פּאָרויס, אַז מע וועט זי פאָלגן. דער מאַנצבל, צו וועמען זי טײַנעט, איז מיסטאָמע צוויי מאָל העכער פאַר איר און מער ווי צוויי מאָל ברייטער. אים אָבער פעלט די זיכערקײַט. זײַן אויסערלעכע סאָלידקײַט איז מיט א בראָך. עס העלפט אפילו ניט דאָס געשאָרענע גראָווע בערדל און די געדיכטע גראָווע האָר אַפן קאָפּ.

אַף איר דײַטשישן רוסיש זאָגט זי:

— בעסער געדאַרפט געווען איבערוואַרטן א טאָג, וואָלטן מיר געפאָרן, ווי עס פּאַסט פאַר אונדז, און ניט ווי שלעפּערס. זיץ איצטער אין דרויסן און וואַרט!

ער ענטפערט רויִק, געלאַסן. זײַן רוסיש איז אויך עטוואָס אָפּגעסמאַליעט מיט פרעמדע אַקצענטן.

— טײַערינקע מײַנע, ביסט גערעכט.

[1] א פאַרקריפּלט רוסיש: ביטע, רייד ניט! איך ווייס, איך ווייס.

— יאַ פּסעגדאַ פּראַווי¹. אימער!

זי לאַכט פון אים שפּאָטיש: עס וועט נאָך אויסקומען אַ גאַנצע נאַכט וואַרטן, אין דרויסן שלאָפן אָדער אין אַ קאָנורע נעכטיקן... זי גיט אַף אים אַ שטרענגן קוק, ווי זי זאָל זיך קליַיבן נאָך עפּעס שאַרפס אים זאָגן, אָבער זי האָט כאַראַטע און בייגט אַראָפּ דעם קאָפּ, ווי אַף אײַנצו־דרעמלען. ער קערט זיך אויס צו טאַנקן און פרעגט שטיל:

— איר וואַרט אויך אַפן פּאַראָם?

— יאָ.

— לאַנג שוין, ווי איך בין ניט געווען אין די קאַנטן. זיך פאַרבענקט. איך דערקען אַ סאַך ערטער ניט. און אין די קאַנטן בין איך דאָך געבאָרן. יאָרן, יאָרן...

— איר זײַט אַ היגער, הייסט עס?

— אַ היגער. זאָגט מיר, איך בעט אײַך, געשעצטער הער, ווי איך געדענק, דאַרף שוין פּאַמקינאַ זײַן ניט ווײַט פונדאַנען.

— ניט ווײַט.

יענער דערפרייט זיך. זײַן פּנים לײַכט אויף. ער פאַרמאַכט פון פרייד די אויגן.

— זייער אָנגענעם, זייער! דערלויבט אײַך פרעגן, וואָס איז אײַער באַשעפטיקונג?

— ערדאַרבעט.

— ערד? — האָט יענער אויסגעשריִען און זיך אָנגעכאַפּט פאַרן האַרצן. — ערד! — ער האָט אַרויסגעוואָרפן די רעכטע האַנט פאָרויס. — ערד! — באַ אים אַף דער רעכטער האַנט איז די ערד געלעגן. דערנאָך האָט ער אַרויסגעוואָרפן די לינקע האַנט. — פּאַמקינאַ! — אַף דער לינקער האַנט איז באַ אים געלעגן פּאַמקינאַ. — אַן ערדאַרבעטער? אַ פּויער? — מיט דער ערד און מיט פּאַמקינאַ פרייט ער זיך, נאָר מיטן פּויער, דוכט זיך, ניט. פּלוצלינג גיט ער אַ הייב דעם קאָפּ און פרעגט: — עפּשער האָט איר געהערט אָדער פאַרגעדענקט דעם נאָמען סאָקאָלסקי?



אַנדריי סאָקאָלסקי פאָרט צו זיך אַהיים. מיט העכער צוואַנציק יאָר צוריק איז ער פונדאַנען אַוועק. אייגנטלעך, ניט אַוועק, נאָר אַנטלאָפן. אַף אים האָט געצי־טערט די הויט. ער איז אָנגעקומען קיין דײַטשלאַנד, ווען דאָרט איז אויך געווען ניט אײַנגאַנצן רויִק. אָבער דאָרט האָט ער ניט געהאַט וואָס צו פאַרלירן. אין פאַרגלײַך מיט אַנדערע אַנטלאָ־פענע פון רוסלאַנד האָט אים אָפּגעגליקט — ער האָט כאַסענע געהאַט און באַקומען ברויט צום עסן און אַ דאַך איבערן קאָפּ. פרייַלן מאַרטאַ, וואָס איז שוין דעמאָלט ניט געווען איבעריק יונג, נאָר האָט אויסגעזען ווי אַ ניט אַנטוויקלט מיידעלע פון אַ יאָר פופצן־זעכצן און האָט נאָך געהאַט אַלע ציין אין מויל און אַ ביסל פרישקײַט אין פּנים, האָט אים גענומען פאַר אַ מאַן. דײַטשן האָבן זיך אַף איר ניט געקוואַפּעט. דער רוס איז איר געווען געפעלן, ביפּראַט, אַז ער איז פון אַ גוטבאַזיצערישער פאַמיליע און עס קאָן נאָך טרעפן, זי זאָל ווערן אַ רוסישע גוטבאַזיצערן. דער־פאַר האָט זי מיט אים גערעדט רוסיש. זיי האָבן געלעבט אין אַ קלײנער שטאָט ניט ווײַט פון בערלין. מאַרטאַ האָט געאַרבעט אַף דער פּאָטשט. אירע עלטערן האָבן געהאַט אַן אייגענעם גאָרטן, וואָס האָט געגעבן גוטן פאַרדינסט. אַנדריי סאָקאָלסקי האָט גאָרניט געטאָן. ער איז געווען אַ מאַן. דאָס האָט אָבער מאַרטען אינטערעסירט בלויז די ערשטע צײַט. שפּעטער איז ער געוואָרן איר לאַטעריי־צעטל, איר שיקזאַל, — זי האָט געטרוימט צו ווערן אַ פּריצטע אין רוסלאַנד. זי האָט אַף אויסווייניק געוווּסט זײַן גאַנצן גוט. זי האָט געוווּסט אַזוינע אײַנצלהײַטן, וועלכע ער האָט מיט דער צײַט שוין געהאַט פאַרגעסן, זי האָט געוווּסט די צאָל פּי און פערד, זי האָט גענוי גע־ווּסט, ווי זעט אויס דאָס הויז, וועלכע טאַפּעטן זײַנען אינעם קינדער־צימער (קיין קינדער האָט זי דאַפקע ניט געהאַט). זי האָט נאָר באַדאַרפט פאַרמאַכן די אויגן, האָט זי געזען איר רײַכקײַט, איר צוקונפט.

ווען היטלער איז געקומען צו דער מאַכט, האָט זי דערפילט, אַז ס'איז געקומען די צײַט, איר האָפענונג זאָל פאַרווירקלעכט ווערן.

אַלע טאָג האָט מאַרטאַ זיך געגרייט אין וועג. אָט פאָרט זי. און מיט דער הילף פון איר ווײַטן קאָרעווו גענעראַל פאָן זיפּפּע איז דער טאָג טאַקע אָנגעקומען. די רוסישע גוטבאַזיצערן מאַרטאַ סאָקאָלסקי איז אין וועג. וואָס נעענטער צו פּאַמקינאַ, אַלץ לעבעדיקער ווערט אַנדריי סאָקאָלסקי. עס האָט אים גענומען ציִען אַהיים, צו זײַן האָב־און־גוטס. אין וועג האָט ער גענומען גלייבן, אַז היטלער איז אויך פאַר אים אַ רעטונג. ווען מע פאַרהאַלט ניט דעם פּאַראָם, וואָלטן זיי שוין געווען אין פּאַמקינאַ.

---

[1] איך בין שטענדיק גערעכט.

9 צי האָט ער געהערט וועגן דעם פּאָרעץ אַנדריי סאָקאָלסקי? אַוואדע געהערט. ווי דען?

טאַנקן ווילט זיך זאָגן: „ווילסט ווערן באַלעבאָס דאָרט, וווּ איך בין אַמאָל געווען פּאָרזיצער פון דאָרפּראַט? אומזיסטע אַרבעט!“

זאָגן זאָגט ער:

— אָך, אַזוי... זייער, זייער אָנגענעם. אַנדריי סאָקאָלסקי...

סאָקאָלסקי דערפרייט זיך, וואָס מע געדענקט אים, מע ווייסט, ווער ער איז. ער האָט שוין אַ צוויי־דריי מאָל געהאַט געפרעגט דאָ בא די היגע, צי ווייסט מען אַזאַ נאָמען, ווי סאָקאָלסקי. אַ יונגע פויערטע האָט געענטפערט, אַז אַוואַדע ווייסט זי, דער אַגראָנאָם סאָקאָלסקי פלעגט בא זיי אָפט זײַן אין קאָלווירט. אַ מאַן שוין אין די יאָרן האָט געענטפערט, אַז דער טראַקטאָריסט סאָקאָלסקי איז זײַנער אַ שאָכן און געפינט זיך אויף דער מילכאָמע. פאַראַן אַ קלאַנג, אַז ער איז פאַרוונדעט. נאָך איינער האָט איבערגעפרעגט, צי מיינט ער ניט עפּשער טאַבאָלסקין? טאַבאָלסקי איז ביז דער מילכאָמע געווען אַ לערער אין אַ נאָענט דאָרף. ענדלעך האָט אַנדריי סאָקאָלסקי אָנגעטראָפן אויף אַזאַ, וואָס ווייסט, אַפילע אים דערקענט. אַ ווײַטער שאָכן, אַן אָרעם פּאָרעצל, מיט וועלכן ער האָט זיך פריער ניט אינטערעסירט, און אָט איצט איז באַשערט זיך צו באַקענען מיט אים.

— פון קאָפּרינאָ... — שטעלט יענער זיך פאָר, — ניקאָלײַ ליסטאָווסקי. איר פאָרט אַהיים, הער סאָקאָלסקי?

איצט דערפילט סאָקאָלסקי, אַז ער איז דער זעלבער, וואָס אַמאָל. ווי ער וואָלט אין ערגעץ ניט אַנטלאָפן און קיין זאַך וואָלט ניט געשען.

— אַהיים! צו מײַן ערד, צו מײַנע הײַזער און ברײַזער, צו מײַן טוך־פאַבריק, צו די פערד און פי. דערלעבט די שאָ! און איר, הער ליסטאָווסקי?

טאַנק — ליסטאָווסקי איז פון יענע קליינע פּריצימלעך, וואָס אייביק באַקלאָגן זיי זיך, אייביק זײַנען זיי ניט צופרידן.

— איך פאָר אויך צו זיך. נאָר, הערט איר, איך בין אומרויִק... איך גלייב ניט... ס׳איז ניט דער פויער, וואָס אַמאָל. די באָלשעוויקעס האָבן אים קאַליע געמאַכט. ער וועט ניט וועלן אָפּגעבן די ערד. מע איז מיטן לעבן ניט זיכער...

— הער ליסטאָווסקי, פּאַלט בא זיך ניט אַראָפּ, — זאָגט סאָקאָלסקי מיט מיטלייד. — גאָט האָט אונדז געהאָלפן, מיר ווערן ווידער באַלעבאַטים אין רוסלאַנד.

— טאַקע צײַט ווידער ווערן לײַט, — זאָגט ליסטאָווסקי. — איך האָב אָבער אַ שלעכטן גרוס, אַז בא מיר איז דאָרט שטאַרק רויִנירט אַלץ. איך ווייס גאָר ניט, צי וועל איך געפינען אַ דאַך איבערן קאָפּ...

אין סאָקאָלסקין וועקט זיך אויף דער פּאָרעץ מיט דער ברייטער האַנט, מיטן פאַרלאַנג זיך צו באַווײַזן:

— איך לאַד אײַך אײַן צו זיך. איר זײַט מײַן גאַסט. און איך, דאַרפט איר וויסן, בין אַ האַלבער דײַטש. מײַן פרוי איז אַ דײַטשקע, יאַוואָל!

פון הינטער די האַרבסטיקע וואָלקנס באַווײַזט זיך אומגעריכט די זון. עמעצער שרײַט צום צווייטן ברעג:

— פאַ־ראַ־אָם!

פון יענעם ברעג קערט זיך אום דער עכאָ: אָ־אָם...

באַם ברעג ווערט אַ טומל. נאָך עמעצער טוט אַ געשריי:

— דער פאַראָם!

אַלע הייבן זיך אויף פון זייערע ערטער.

— איר זעט... ער קלײַבט זיך אין וועג.

— יאָ, מירן נאָך הײַנט זײַן אויף יענער זײַט.

10 ניט געקוקט אויף די געשרייען, אויף די פעק און זעק, וואָס זײַנען אויסגעשטעלט, ווי אַ וואַנט, באַם ברעג טײַך, אויף די פערד־און־וועגענער באַם וואַסער, ניט געקוקט אויף דעם אַלעם, — האָט דער פאַראָם זיך ניט גערירט.

— אַן אויסטראַכטעניש פון פוסטע קעפּ! — האָט מען איצט געזאָגט, כאָטש צו די פוסטע קעפּ, וואָס האָבן אויסגעטראַכט, אַז דער פאַראָם גייט, האָבן געהערט קימאַט אַלע, וואָס געפינען זיך דאָ. קלאָר געוואָרן פאַר אַלעמען איז איינס: די זון איז שוין אויף יענער זײַט טײַך, זי באַלײַכט די ביימער־שפּיצן פונעם ווײַטן וואַלד, און דאָ, אויף דעם ברעג, ווערט קילער. און דער פאַראָם, וואָס

האָט זיך געריררט און רירט זיך ניט, וואַרפֿט אָן אן אומעט: ווידער א נאַכט זיך מאַטערן. און צי וועט ער מאָרגן זיך רירן?

פֿראַו מאַרטאַ סאָקאָלסקי, וואָס זעט אויס מיד און ווי ניט דערשלאָפֿן, פֿאַלט מער ניט אָן אפֿן מאַן. פֿאַרקערט, זי מונטערט אים און טרייסט אים:

— מײַן ליבער שאַץ... אימער רו. אימער!

צו דער באַנק קומען צו צוויי פּאַסאַזשירן מיט זייערע פּעק. זיי גיבן א זיפֿץ, און סאָקאָלסקי גיט א זיפֿץ. אַזוי פֿאַרבינדט זיך א שמועס.

טאַנק הערט, ווי איינער פֿון די צוגעקומענע — אַן עלטערער פּויער זאָגט:

— די ערד, וווּ דו ביסט געבאָרן, איז טײַער און ליב.

— טײַער און ליב, — זאָגט אים נאָך סאָקאָלסקי און ווערט לעבעדיקער.

דער עלטערער פּאַסאַזשיר האַלט דאָס היטל אין דער האַנט, זײַן הויכן קאָפּ באַלײַכט די פֿאַרגייענדיקע זון. אַפֿן האַרצן איז אים, אַפּאַנעם, ניט גרינג. אים ווילט זיך פֿאַרבינדן א שמועס און זיך א ביסל אויסריידן.

— יאָ... — זאָגט ער. — אַוואַדע... ווי קאָן דען אַנדערש זײַן... יעדער שטיינדל איז טײַער.

— געוויס! — זאָגט אים ווידער נאָך סאָקאָלסקי. — יעדער שטיינדל, יעדער בוים, יעדער העקטאַר ערד, — סאָקאָלסקי ווערט פֿרײלעכער פֿון זײַנע אייגענע רייד.

דער פּאַסאַזשיר פֿירט מיט דער האַנט איבער זײַן באַלויכטענעם שאַרבן, ווי ער וואָלט וועלן גלײַכמעסיק צעשאַרן די זון־שטראַלן איבערן גאַנצן קאָפּ. ער פֿילט שטאַרק מיט אָט דעם מענטשן, וואָס ציט זיך אַזוי אהיים.

טאַנק פֿאַרשטייט: ביידע מיינען, אַז זיי ריידן וועגן איין און דעם זעלבן. אינדערעמעסן רעדט סאָקאָלסקי וועגן איינס, און דער פּויער וועגן גאָר, גאָר עפּעס אַנדערש...

דער עלטערער פּאַסאַזשיר זיצט מיט פֿאַרמאַכטע אויגן. איצט קאָן זאָגן א וואָרט אויך דער ייִנגערער. ער האָט א קליין לײַנען בערדל, לאַנגע לײַנענע וואָנצעס.

— איר האָט קיין גוטע נײַס ניט געהערט? — פֿרעגט ער סאָקאָלסקין מיט א ווייכער ווײַס־רוסישער אויסשפּראַך.

— לעצטע נײַס ווייס איך ניט.

— פֿאַראַן גוטע נײַס, — זאָגט ווידער דער יונגער מער מיט די וואָנצעס, ווי מיט די ליפּן. — לאַנג עפּשער ניט געבליבן צו לײַדן...

— צײַט, צײַט מיט זיי אײַנגאַנצן פֿאַרענדיקן, — צינדט זיך אָן סאָקאָלסקי.

„זיי", פֿאַרשטייט טאַנק, מיינט ער די באָלשעוויקעס.

— האָפֿענונג, — זאָגט דער יונגער. — מע טרײַבט אים. אינגיכן וועט אים קיין פּיס ניט קלעקן אָף צו לויפֿן.

„אים" באַטײַט היטלער, — פֿאַרשטייט טאַנק.

טאַנק דערפֿילט צו דעם מענטשן גרויסע פֿרײַנטשאַפֿט, ער קאָן מיט אים נעמען ריידן גלײַך אָף „דו". ער פֿרעגט:

— דו ווייסט ניט, וואָס די דײַטשן זוכן איבער אַלע וועגן?

— דער טײַוול ווייסט... — כאַפּט זיך באַם יונגן אַרויס, נאָר ער פֿאַריכט זיך. — ווער ווייסט... אייניקע זאָגן... פּאַרטיזאַנער... — ער וואַרט אָפּ א רעגע און גיט א זאָג, ווי אונטער דער נאָז: — געפֿונען נאַראָנים...

**11** העכער א ביסל פֿונעם ברעג טײַך שטייט אַן אַלט הײַזל מיט צעטראַסקעטע קלעצער, פֿאַרשמירטע און איבערגעשמירטע מיט ליים, וואָס שטייט שטיקערווײַז אָפּ. דאָס הײַזל באַשטייט פֿון צוויי צימערן, אָן א טיר צווישן זיי. באַנאַכט איז אין צווייטן צימער אײַנגאַנצן פֿינצטער. אינעם ערשטן ברענט א קליין בלעכן לעמפּל אָן א גלעזל. דאָס פֿײַערל שמעלקעט, ציטערט, שפּרינגט אַלע ווײַלע אונטער, וויל אײַנגאַנצן אַראָפּשפּרינגען פֿונעם קנייטל און אַרופֿליִען צום באַלקן, נאָר פֿאַלט ווידער צוריק אַראָפּ. דאָס לעמפּל באַלײַכט איין ווינקל און א שטיקל וואַנט. צווישן די הויכע קלעצער זעען זיך אַרויס פֿאַרשטויבטע שטיקער קלאָטשע.

דאָס צימער איז פֿול מיט מענטשן. באַ דער וואַנט, ווו דאָס לעמפּל ברענט, שטייען עטלעכע בענק. איין באַנק איז פֿאַרנומען מיט א קראַנקן. לעבן אים זיצט אַניע. אָף דער אַנטקעגנדיקער זיצן טאַנק און סטעפּניאַק. זיי פֿאַרשטעלן דעם צוטריט צו דער ערשטער באַנק. א סאַך מענטשן זיצן אָף זייערע זעק און פּעק, אייניקע אָף דער ערד. ווער עס שלאָפֿט, ווער עס שווײַגט. פֿון צײַט צו צײַט רופֿט זיך עמעצער אָפּ אָף זײַנע אייגענע טראַכטענישן מיט אַן אויסרוף צו זיך אַליין:

— ניין!

אָדער:

— יאָ!
עמעצער גיט אַן אויקע, אַ צווייטער — אַ קרעכץ. אויף דער באַנק לעבן קראַנקן האָט אַניע עטלעכע מאָל זייער שטיל געזאָגט: „מאַמע"...
„אויב ער וועט ניט דערפֿאָרן, אויב אַזוינס וועט טרעפֿן..." — האָט אַנגעזאָגט דאָראַניִן.
...אַזוינס האָט געטראָפֿן.
ווען מיט דעם וואָלט זיך אַלץ געענדיקט, וואָלט אַניע געקאָנט ניט מער ווי וויינען. נאָר מיט דעם האָט זיך ניט געענדיקט. איין אופֿגאַבע איז אַריבער אין דער צווייטער. „פֿאַרן סוינע לעבט ער".
זי האָט אים געזען, ווען זײַן לעבן איז שוין געהאַנגען אויף אַ האָר. נאָר פֿאַר איר איז ער געוועזן לעבעדיק און העלדיש. ניט קיין לעבעדיקן קאָן זי אים זיך ניט פֿאָרשטעלן. אַלץ, וואָס זי ווייסט וועגן אים, שליסט אויס טויט. און דאָך לעבט ער מער ניט. אומבאַמערקט שאַרט זיך צו איר אַ געדאַנק: „זי זיצט מיט אַ טויטן". דאָס ערשטע וואָרט, וואָס איר קומט צום מויל, איז „מאַמע". זי פֿאַרשעמט זיך פֿאַר זיך אַליין און רעדט צו זיך מיט ווערטער, וועלכע בלײַבן אויף אירע ליפּן און גייען ווײַטער ניט אַוועק: „ער לעבט". פֿאַר איר לעבט ער. אירע הענט ציִען זיך צו גאַרנאַסטײַען. זי זיצט לעבן אים אויף דער באַנק. עטוואָס נאָר רוקט זי זיך אָפּ. אַזוי אומבאַ־מערקבאַר, ער זאָל עס ניט דערפֿילן. אַנטקעגן זיצן צוויי מענטשן, וועלכע זײַנען איר איצט נעענ־טער פֿון אַלעמען אויף דער וועלט. ווײַטער זיצן שוין פֿרעמדע.
אונטערן ליכטיקן פֿלעק פֿונעם לעמפּל זיצן אויף זייערע פּעק די סאָקאָלסקיס. עטוואָס ווײַטער זיצט דער פּאַסאַזשיר מיטן הוילן קאָפּ און דער צווייטער מיטן לײַנענעם בערדל. פֿראַו סאָקאָל־סקי שלאָפֿט ניט. עס האָט געקאָנט טרעפֿן, אַז זי זאָל אין דײַטשלאַנד מוזן אָפּזיצן אַ נאַכט אויף איר טשעמאָדאַן. זי וואָלט עס אָנגענומען, ווי אַ זאַך, וואָס פּאַסירט אין צײַט פֿון קריג. אָבער אין רוסלאַנד קומט איר ניט צו לײַדן. ערשטנס, איז זי אַ דײַטשקע. צווייטנס, איז זי אַ גוט־באַזיצערן.
— אָט פֿאַרנעמט איין מענטש אַ גאַנצע באַנק. ער איז קראַנק. ווער איז הײַנט ניט קראַנק?
— שלאָף, טײַערע, — בעט זיך סאָקאָלסקי.
אין דער טונקעלער שטילקייט גאַנוועט זיך צו אַניען די שרעק. אַניע רוקט זיך אָפּ נאָך אַ ביסל. אַלץ, וואָס זי האָט געהערט פֿון אירע עלטערן וועגן טויטע, געפּאַלמעסטע און אָפּעריִרטע, שטייט אויף פֿאַר אירע אויגן. עס נעמט זי דורך אַ שוידער. זי באַמיט זיך זען פֿאַר די אויגן דעם לעבעדיקן גאַרנאַסטײַ. זי הייבט זיך אויף פֿון דער באַנק. צי טוט זי גוט? ניין. זי זעצט זיך ווידער, נאָר שטאַרק פֿאַרזיכטיק. פֿלוצלינג גיבן פֿון דער אָפֿענער דרויסן־טיר אַ שײַן אַרײַן צוויי עלעקטרישע לאַמטערנס. די אומגעריכטקײַט איבעראַשט. פֿון אָנהייב מיינט מען, אַז דאָס זײַנען צוויי פּאַרעס פֿון אַ מאַשין, וואָס וויל אַרײַנפֿאָרן אין דער געבײַדע. דאָס ליכט שטעכט אין די אויגן. קימאַט אַלע נעמען זיך רירן פֿון די ערטער. אַלע פֿאַרשטייען, אַז דאָס זײַנען דײַטשן. איןביידע צימערן הייבט זיך אָן אַ באַוועגונג. ווער עס שטעלט זיך, ווער עס זעצט זיך. אויף אַ ווײַלע האָבן זיך די לעמפּלעך אויסגעלאָשן. עס איז געוואָרן פֿינצטערער, ווי פֿריִער. דערנאָך האָט מען דערזען צוויי דײַטשישע וואַכלײַט. זיי האָבן ווידער אָנגעצונדן די לעמפּלעך און גענומען יעדערן אָנקוקן, באַטראַכטן, שאַצן.
— ווער איז דער? פֿאַרנעמט אַ גאַנצע באַנק. קראַנק? — האָט איינער פֿון זיי אָנגעשטעלט דעם לאַמטערן אויף אַניען. — ניט קיין אָנשטעקנדיקע קרענק? — דער דײַטש רוקט זיך אויף צוריק. ער לעשט אָפּילע אויס דאָס לעמפּל.
— וועק אים אויף! ווער איז ער אַזוינער? — זאָגט דער צווייטער.
די וואַכלײַט גייען אין צווייטן צימער און זאָגן אָן נאָכאַמאָל:
— וועק אים אויף. מירן גיין צוריק...
ווידער לויכטן די לעמפּלעך. פֿונעם ערשטן צימער זעט מען איצט, אַז דער צווייטער איז אויך פֿול מיט מענטשן. זיי זיצן אויך אָדער אויף זייערע זאַכן, אָדער אויף דער ערד. די סאָלדאַטן שטופּן יעדערן די שײַן אין פּאָנעם. די פּענעמער קרימען זיך.
— קרים זיך ניט! פֿאַרפֿלוכטער קערל! — קלאַפּן די וואַכלײַט מיט די לעמפּלעך איבער די קעפּ. — עפֿן די אויגן, דומער יונג!
זיי נעמען אויסטרייסלען די פּויערישע זעק. אַלץ ווערט אויסגעמישט, עסנוואַרג און שיך. די דײַטשן לאַכן. אָט וועלן זיי זיך באַלד אומקערן אין ערשטן צימער. וואָס זאָל אַניע טאָן? זי האָט אַן אופֿגאַבע... זי קוקט זיך אום און גלייבט ניט אירע אייגענע אויגן. איזי? פֿונוואַנען? ער זעט אויס ניט ווי שטענדיק, אָבער זי דערקענט אים. זי פֿאַרשטייט: דער קאָמאַנדיר האָט אים גע־שיקט. וועט מען דאַרפֿן הילף, — וועט איזי רופֿן.
איזיס אויגן מונטערן אַניען: רויִקײַט, דרייסטקײַט, ניט פֿאַרלירן זיך.

אניע האָט אָן אופגאבע, און די אופגאבע שטארקט זי.

די וואכליַיט גייען צוריק פונעם צווייטן צימער. אניע לאָזט זיך אראָפּ אף דער באנק. זי גלעט דעם קראנקן איבערן קאָפּ.

— ניט אופגעוועקט? — פרעגט דער דיַיטש.

— ס'איז מיַין פאפא... — נעמט אניע ארום דעם קראנקן.

דער וואכמאן מאכט א טראָט צו דער טיר, נאָר באטראכט זיך און קערט זיך אום צוריק.

— ליגט ווי א פלאָסט. ער וועט נאָך שטארבן אויך.

— ער פילט זיך בעסער, — אניע רוקט זיך נאָך נעענטער צום קראנקן.

— איצט וועט ער געזונט ווערן, — זאָגט איינער פון די סאָלדאטן.

— פריילן, איך בין אויך קראנק... — זאָגט דער צווייטער און שמייכלט צו אניען. — פריילן...

זיי גייען ארויס.

אין ביידע צימערן איז שטיל, ווי נאָך א שלאָקסרעגן.

**12** דאָס פיַיערל אפן קנייטל שפרינגט אונטער אַלץ אָפטער און גיט דערביַי ארויס א קלאַנג, ווי עמעצער וואָלט אין בלעכענעם לעמפל געטשמאָקעט מיט די ליפּן. צוזאמען מיטן פיַיערל שפרינגען אויך די ליכטיקע פלעקן אינעם ווינקל און אף דער וואנט. די שטילקיַיט דויערט ניט לאנג. אין ביידע צימערן הייבט מען מיטאמאָל אָן ריידן, פרעגן און ענטפערן. עס ווערט לעבעדיק און טומלדיק, ווי אין פולע שטיַיגן מיט פייגל, ווען זיי פליִען אַלע און זינגען.

מיט וואָס פראו מארטא איז איַינגעשלאָפן, מיט דעם איז זי אופגעשטאנען:

— דאמען זיצן אף זייערע פּעק, און איינער זאָל פארנעמען א גאנצע באנק!

— מאדאם, ער איז קראנק, — רופט זיך אָפּ אניע.

מארטא לאכט זיך פאנאנדער:

— קראנק? א קראנקער, וואָס קרעכצט ניט. סימוליאציע. ניכט וואר?

ווי נאָר מארטא זאָגט עס ארויס, אזוי דערפילט זי, ווי גוט זי האָט געזאָגט. זי האָט זיך אויסגעלערנט: וויל מען אף עמעצן ווירקן, דארף מען אים צוזאָגן דאָס, וואָס ער וויל, וואָס אים קאָן געפעלן. מיט וואָס איז היטלער גרויס? ער פארשטייט, אין וואָס די דיַיטשן נייטיקן זיך — אין פרעמד גוטס, היַיזער, מעבל, צירונג, גוטע שטעלעס. זיי ווילן הערשן אין פראנקריַיך, פוילן, רוסלאנד, ווילן ווערן גוטבאזיצערס און קאָמענדאנטן, האָבן דינער און דינסטן. היטלער זאָגט עס זיי צו. אָ, זי, מארטא, איז ניט קיין נאַר. זי איז א דיַיטשקע. מיטן ווערטעלע „סימוליאציע" וועט זי עפּעס אופטאָן. מענטשן ווילן דאָך זיצן באקוועם און זיך ניט מאטערן. זי צעלאכט זיך דראָבנינקע, ווי מע טיילט א רובל אף קאָפּעקעס. א געלעכטערל מיט שפּילקעס, וואָס צילט אין זיַידנס און שטעכט אין ליַיב. זי טראכט, אז די מענטשן זיַינען דאָ טעמפּע, זיי פארשטייען אפילע ניט, וואָס זיי ווילן, וואָס זיי דארפן וועלן. זי וועט אָבער ניט אָפּשטיין. א קראנקער, וואָס אים טוט ניט ווי, וואָס זיפצט ניט און קרעכצט ניט. מענטשן האָבן ניט ווו צו זיצן... שוויַי־נעריַי, סווינסטוואָ.

— מאדאם, ער איז קראנק.

מארטא סאָקאָלסקי קאָן בעשום־אויפן ניט פארשטיין, פארוואָס מע רופט זיך ניט אָפּ אף דעם, וואָס זי זאָגט. זי זאָגט דאָך אזוינס, וואָס דארף זיי געפעלן. אין איר וואַקסט דער פארדראָס. אומעטום האָט מען פאר א דיַיטש אָפּשיַי און אנגסט, און דאָ, אין דעם פארוואָרפענעם העק, רעכנט מען זיך ניט מיט איר. זי גיט א טרייסל סאָקאָלסקין:

— שוויַינעריַי, סווינסטוואָ!

— ביסט גערעכט, מיַין טיַיערע!..

— אינדערעמעסן... — רופט זיך אָפּ דער עלטערער פאסאזשיר מיטן הוילן קאָפּ, — אינ־דערעמעסן... אויב ניט קראנק, איז אָן אוולע.

דער יינגערער מיטן ליַינענעם בערדל שטעלט זיך אוף:

— אָט וועל איך באלד וויסן, פריילן, מיר האָבן א פארדאכט...

— געוויס, געוויס... — מונטערט אים אונטער סאָקאָלסקי.

דער יונגער מאכט א טראָט צו דער באנק.

— איך קאָן איַיך בארויקן, טאקע א קראנקער, — דרייט אויס צו אים דעם קאָפּ טאנק. מארטא ענטפערט אָבער טייקעף:

— וויַיל ער זיצט, ארט עס אים ניט.

— אנטשולדיקט, פראו, — ווענדט זיך צו איר צו טאנק, — מיט איַיער מאן זיַינען מיר באַ־

קאַנט. הער אַנדריי סאָקאָלסקי איז אין די קאַנטן באַוווּסט. איר פּאָרט צוריק אַהיים. מיר ווינטשן פון פולן האַרצן... נאָך צוואַנציק יאָר קערט איר זיך אום צו אײַער האָב־און־גוטס, הײַזער, פי, ערד. איר וועט אַלץ באַקומען צוריק. מיך וווּנדערט אָבער אײַער באַציִונג צו אַ קראַנקן. אײַער מאַן, דער פּאָרעץ סאָקאָלסקי...

בײַ דעם פּאַסאַזשיר מיטן לײַנענעם בערדל רײַסט זיך אַרויס:

— אַך, אַזוי...

דאָס קלינגט ווי „און איך האָב עס גאָר ניט געוווּסט".

— אַנדריי סאָקאָלסקי? — פרעגט ער איבער.

מאַרטאַ האָט צוגעײַלט באַשטעטיקן.

— פון פּאָמקינאָ?

— יאָ, — האָט געענטפערט סאָקאָלסקי.

— דער געוועזענער פּאָרעץ פון פּאָמקינאָ?

— דער איצטיקער פּאָרעץ פון פּאָמקינאָ.

— דער איצטיקער? — דער פּויער האָט זיך בייזלעך אויסגעדרייט מיט דער פּלייצע צו סאָקאָלסקין.

סאָקאָלסקי האָט זיך פאַרלוירן, מאַרטאַ אָבער ניט.

— מוזשיק! — האָט זי אויסגעשריִען, און צו סאָקאָלסקין: — פאַרוואָס קומט ניט די וואַך? — אין איר האָט אַלץ געברענט, די ליפּן האָבן געציטערט. — רוף די וואַך! — האָט זי באַפוילן סאָקאָלסקין. אויף אַ געמישטער שפּראַך פון דײַטש און רוסיש האָט זי, האַלטנדיק די האַנט בײַם האַרצן, געשריִען: — דו זעסט ניט, וווּהין מיר זײַנען אַרײַנגעפאַלן? צווישן באָלשעוויקעס. ווילדע קערלען, אַ פאַרפלוכט לאַנד! איך בעט דיך, רוף די וואַך.

— טײַערינקע, איך פאָלג, — סאָקאָלסקי האָט זיך אופגעשטעלט.

— הער סאָקאָלסקי, אונדזער ערע דערלאָזט עס ניט, — האָט אים טאַנק פאַרשטעלט דעם וועג, — איך וועל עס אײַך פּאַשעט ניט דערלויבן.

— נו, נו... — האָט סאָקאָלסקי געזאָגט און אַ קוק געטאָן אויף מאַרטען.

— אונדזער ערע דערלויבט עס ניט, — טאַנק איז געשטאַנען קעגן סאָקאָלסקין, — ליבער הער, איך בעט אײַך, זעצט זיך, באַטראַכט זיך.

מאַרטאַ האָט זיך אַ הייב געטאָן פון איר אָרט און מיט אַ געשריי „גוואַלדטאַט! שווײַן!" פלינק, ווי אַ יונג מיידעלע, אַרויסגעלאָפן דורך דער אָפענער טיר אין דרויסן אַרויס.

## 13

ניט וועגן אַלץ, וואָס מענטשן טראַכטן דאָ, אינעם פאַרפּינצטערטן אַלטן הײַזל, קאָנען זיי דערציילן אַ צווייטן. זיי האָבן פּאַשעט מוירע. אויב מע רעדט יאָ, איז עס אַבי איבערצוקומען די צײַט. אַנדריי סאָקאָלסקי, וואָס פּאָרט ווערן אַ פּאָרעץ, און זײַן פרוי מאַרטאַ, וואָס איז געלאָפן רופן די וואַך, האָבן אופגעעפנט דעם וועג פאַר געדאַנקען. יעדערער האָט ווי גענומען אַרומקוקן זיך, ווער איז ער אַליין און ווי וואָלט געווען, ווען דאָס איז זײַן פּאָרעץ? ווי וואָלט געווען, ווען ער אַליין ליגט אויף דער באַנק אַ קראַנקער און אַ פּריצטע, וואָס רעדט רוסיש, ווי אַ דײַטשקע, לויפט אים מאַסערן?

בײַ דער סאַמע טיר פונעם צווייטן צימער זיצט אַ פּויער, אַ קאָלווירטניק, וואָס האָט צוויי זין אין דער רויטער אַרמיי. פאַר אים איז אַלץ קלאָר. זײַנע געדאַנקען באַהאַלט ער אויס פון יענעם, אָבער ניט פון זיך. מיט אַ זיכערן מענטשן וואָלט ער זיך דורכגעשמועסט, וויִאַזוי צוזאַמען עפּעס נעמען טאָן.

ניט ווײַט פון אים זיצן צוויי שוועסטער. זיי זײַנען ניט ענלעך איינע אויף דער אַנדערער, און דאָך דערקענט מען, אַז דאָס זײַנען שוועסטער. די עלטערע איז מיט מילכיקע ליפּן און מיט אַ פאַרשפּיצט נעזל, וואָס באַוועגט זיך קימאַט שטענדיק. אויף אַלעמען קאָן זי געפינען אַ כיסאָרן, קיינער געפעלט איר ניט. באַזונדערס אָנגעשטויסן איז זי אויף שיינע פרויען. זאָל זי באַגעגענען אַ שיינע פרוי, אַזאַ, וואָס זי האָט קיינמאָל אין לעבן ניט געזען, וועט זי סײַווי צופּרעסן די ליפּעלעך און לייענען ווי פון אַ בוך אַרויס:

— אַ קאַלבע! אַ נאַר, אַ גוילעם, אַ גלאָמפּ! זע נאָר אַ גענגעלע, ווי מע וואָלט איר מיט אַן אײַזן אויסגעפּרעסט די פיס. אַ קאָנפעט־פּאַפּירל פאַר פליגן... מאַנצבלען פאַרשטייען דען עפּעס...

די ייִנגערע, פונקט קאַפּויר, איז אַ פּולינקע, אַ לאַכערקע. מיט אַלעמען איז זי גוט, און אַלע זײַנען גוט צו איר. זי האָט אין זיך אַ סאַך כיין. ווי נאָר זי האָט געענדיקט די מיטלשול, האָט זי כאַסענע געהאַט מיט אַ לייטענאַנט. דער מאַן איז, פאַרשטייט זיך, אויפן פראָנט. זי האָט זיך ניט באַוויזן צו עוואַקויִרן. די שוועסטער פּאָרן אָפּט אַרום. די עלטערע האָט מוירע, טאָמער דערוויסט מען זיך, אַז די ייִנגערע האָט אַ מאַן אַ לייטענאַנט און אַז זי איז געווען אַ קאָמסאָמאָלקע.

זיי קומען אין א דאָרף, ווי שנייַדערקעס, פארדינען אף ברויט און גייען ווייַטער. מע זאָל זיי געבן געווער, וואָלטן זיי דערשאָסן אלע אָקופאנטן.

אין צווייטן צימער זיצט אף דער ערד איינער אין א ווייכן שווארצן הוט. דער הוט איז א גרויסער, די פלייצעס זייַנען ברייטע. ער שטאמט פון מייַרעוו־ווייַסרוסלאנד. וואָיצעך דער קאָל־באסניק האָט מען אים גערופן אין שטאָט. מע פלעגט אים דערקענען פון הינטן לויט זייַן פעטן אָנגעפרעסענעם שטייַפן קארק. אפן נייַעם מארק האָט ער געהאט א קראָם פון פארשיידענע כאזער־פליישן: גערייכערטע, געבראָטענע, געקאָכטע. אף די פאָליצעס זייַנען געלעגן גרויסע שטי־קער שפעק. אונטער גלעזערנע צודעקן — פארשיידענע טרוקענע און ווייכע ווורשטן, געפעקלטע צינגער. פון זייַן קראָם האָט זיך געטראָגן א פעטער רייעך פון זאטקייַט, וואָס האָט געקיצלט די נאָזלעכער און ארויסגערופן אפעטיט צום עסן און טרינקען. ער האָט געהאט פארגעניגן פון דרייַ זאכן: האנדלען, ליבן פילסודסקין און זידלען די מאָסקאליעס. אפן נייַעם מארק איז ער געווען דער „סטאראָסטע" בא אלע קרעמער און הענדלער. ער איז געווען אויסגעבונדן מיט נאטשאלסטווע און פאָליציי, ער האָט געלייענט ווארשעווער צייַטונגען און שטענדיק געוווּסט, וואָס עס טוט זיך אין סיים און ווען מע דארף זידלען. שכיינים האָבן פאר אים געציטערט. ער האָט געהאט א שארפע צונג:

— שאנאָוונע פאנאָוויע[1], הערט אויס, וואָס עס זאָגט אייַך פאן וואָיצעך. פאן וואָיצעך זעט אלע שווינדלער אף דורך און דורך. ער ווייסט אפילע, וואָס עס טראכט א געפעקלטער צונג. יאק באָגא קאָכאם[2], ער ווייסט. און וואָס עס טראכט די לעבעדיקע צונג פון יענעם קרעמערל, וואָס האנדלט מיט שטעקנס און שירעמס, ווייסט ער אויך פינקטלעך. יענעם געפעלט ניט די זשעטש פאָספאָליטא[3]... זי איז ניט פאר זייַן מאָגן... וואָס טראכט די פאָליציי? צי עפשער טראכט ניט די פאָליציי, ווייַל דאָס קרעמערל טיילט די פאָליצייסקע ווייַבער שירעמס אומזיסט... פאן וואָיצעך ווייסט דעם אדרעס פונעם מיניסטער אין ווארשע, דאָ דיאבלא[4] די שטעקנס מיט די שירעמס צוזאמען!

די סאָוועטנמאכט האָט פאן וואָיצעכן ארעסטירט פאר שווינדלערייַ. די דייַטשן האָבן אים באפרייַט. איצט פאָרט ער ארום זוכן בא די דייַטשן א גוטע שטעלע אין א טורמע אָדער אין פאָליציי.

פון דער זייַט זיצן צוויי מענטשן, וועלכע האָבן זיך באקענט, ווארטנדיק אפן פאראָם, און האלטן זיך איצט איינער לעם אנדערן נאָענט, ווי אלטע גוטעפרייַנט.

יאקאָב זארעוויטש איז א נידעריקער, נאָר א מוסקולדיקער, אן אָנגעגאָסענער מיט קויעך. ער איז ווי פון איין שטיק געמאכט, אָפגעגאָסן און אָפגעשליפן. אפן ערשטן בליק מיינט מען, אז ער איז ניט באוועגלעך. אינדערעמעסן פארמאָגט ער פלינקע הענט מיט ברייטע פארהארטע־ווערטע פינגער. אינעם נאסן צעך פונעם מינסקער לעדער־זאוואָד „באָלשעוויק" איז ער געווען א סטאכאנאָוועץ. אן אקטיוויסט אין זאווקאָם. בא זיך אין צעך פלעגט ער דורכפירן די אבאָנירונג אף די מעלוכע־האלוואָעס. דער פארטאָרג האָט אים געלויבט. אין איינעם א טאָג האָט ער אים א פרעג געטאָן:

— יאקאָב, טראכסט ניט אָנצוגעבן א מעלדונג אין פארטיי?

יאקאָב האָט ניט געוווּסט וואָס צו ענטפערן.

— באטראכט זיך... אין אזוינע זאכן אייַלט מען זיך ניט. אזוינס טוט מען איין מאָל אין לעבן און אף שטענדיק. באטראכט זיך...

זארעוויטש האָט לאנג געטראכט און קיין ענטפער ניט געקאָנט געבן. כאָטש ער איז אן אומ־פארטייִשער, פילט ער זיך סייַווי ווי א קאָמוניסט, און ביכלאל... אלץ אין לעבן גיט זיך אים אייַן גרינג און שפילנדיק. מיט דער דאָזיקער לייַכטקייַט אריַין אין פארטיי קאָן ער ניט. ער וועט נאָך אויסוואַרטן.

זינט די דייַטשן האָבן פארנומען מינסק, האָט ער דערפילט ארום זיך א פוסטקייַט. ער האָט פארשטאנען, אז אין שטאָט זייַנען פאראן קאָמוניסטן, וועלכע שווייַגן ניט. אים האָט דערווייַל קיינער ניט גערופן. ער וועט בלייַבן אויסן? איינמאָל האָט ער וועגן דעם א באקאנטן געגעבן אָנצוהערן. יענער האָט אָנגעשטעלט אף אים א פאָר אויגן, וואָס פארשטייען גאָרניט, וואָס מע רעדט צו זיי. יאקאָב האָט געפילט מיט יעדן טאָג אלץ מער, אז די ארבעט גייט, נאָר אָן אים האָט מען פארגעסן. ווען ער וואָלט געווען אין דער פארטיי, וואָלט ער שוין לאנג עפעס וויכטיקס אופ־געטאָן... ער האָט אָבער געזוכט. און דער זעלבער, וואָס האָט פריִער אויסגעשטעלט אף אים א פאָר אויגן, וועלכע פארשטייען גאָרניט, האָט אים שפעטער געזאָגט:

---

[1] געערטע הערן; [2] ווי גאָט איז מיר ליב; [3] די פוילישע מעלוכע; [4] צום טייַוול (פויליש).

— ביסט געווען א סטאכאנאָווער און א קענטלעכער... געדאַרפט פריִער פון זייער כשאד ארויס. איצט קאָן מען...

יאַקאָב באַקומט אַן אופגאַבע: פאָרן, אָנזאָגן און ברענגען אַן ענטפער. דרייבער איז ער אין וועג.

אַן אויסזען האָט ער איצט פון א סויכערל אָדער פון א קליין פאַבריקאַנטל, וואָס האָט ליב אַרייַנכאַפּן א גוטן ביסן און מאַכן א קאָרטל. ער האַנדלט מיט לעדער און דערציילט וועגן כראָם און שעוורא. דערבייַ מאַכט ער מיט די פינגער אַזוי, ווי ער וואָלט טאַפּן מיט זיי דעם לעדער און פילן זייַן ווערט.

דער צוויייטער זעט אויס ווי א מענטש פון אַן אינטעליגענטער פּראָפעסיע. דער אויסדרוק פון זייַנע אויגן — ווי ער זאָל שטענדיק וואַרטן אויף אַן אומגליק, אויף א שלעכטער בסורע. ער איז פול מיט אומעט. מע זעט לויטן מענטשן, אַז אויב ער וועט עפּעס ריידן, וועט ער דערציילן נאָר טרויעריקע זאַכן. א גאַנץ לעבן האָט ער מיט אַלץ אייַנגעשטימט, אַלץ אָנגענומען ווי א געזעץ. דער צאַר איז אים ניט געווען צום האַרצן, נאָר ווייבאַלד ער איז שוין דאָ, — זאָל ער זייַן. אויך צו קערענסקין האָט ער ניט אַרויסגעוויזן קיין גרויסע ליבע, נאָר זאָל ער שוין זייַן, און אַן עק. דערנאָך איז געקומען די סאָוועטנמאַכט. לויט איר פּראָגראַם וואָלט זי געווען סימפּאַ־טיש, נאָר דאָס לעבן איז ווי אויף א בראָנעוויק. אָט טרייַבט מען אַרויס די פּויליש, און אָט טרייַבן די פּוילישע אַרויס די באָלשעוויקעס. דערנאָך איז די סאָוועטנמאַכט געוואָרן א גוטע מאַכט. זיכערקייַט, שטענדיקייַט, שטאַרקייַט. ער האָט ניט געגלייבט, אַז די דייַטשן וועלן קומען. ער זאָל געווען אין דעם גלייבן, וואָלט ער דער ערשטער אַוועק מיט דער רויטער אַרמיי. די דייַטשן זייַנען געקומען. נאָר דאָס מאָל דערפילט ער, אַז ער קאָן מיט דערווירקלעכקייַט ניט אייַנשטימען. ער האָט אָבער מוירע, טאָמער וועט אים אויף דעם קיין קויכעס ניט קלעקן. ער דאַרף, עמעצער זאָל אים פעסטיקן און שטאַרקן. אָט דעם דאָזיקן קויעך, דוכט אים, פאַרמאָגט זייַן נייַער באַקאַנטער, וואָס זעט אויס ווי א סויכער, נאָר שוין צופיל סויכער... און דרייבער איז ער געניייגט צו מיינען, אַז יענער איז א סויכער נאָר פאַר די דייַטשן. און כאָטש דער מענטש האָט א גאַנץ לעבן געהאַלטן, אַז וואָס באַשערט — דאָס קומט, און וואָס מע וויל דאַפקע, קומט ניט, — דאָך וואָלט ער אויף דער עלטער אַוועק מיט יענע, וואָס גייען קעגן דעם באַשערטן. פונעם נייַעם באַקאַנטן קאָן ער ניט אָפּטרעטן. ס'איז איבער זייַנע קויכעס.

צוליב אָט דעם באַקאַנטן מוז ער אויך אַלע ווייַלע צעבינדן זייַן פּעקעלע און עפּעס צובייַסן. דער באַקאַנטער זייַנער, דער סויכער, עסט מיט אַלע ציין. ריכטיקער, ער עסט מיט אַלע גלידער, מע פילט מאַמעש, ווי אַלע זייַנע גלידער האָבן האַנאָע פונעם עסן. דערבייַ האַלט ער א מעסער אין דער האַנט, ווען ער דאַרף אפילו גאָרניט שנייַדן, ווען ער טרינקט אפילו מילך. מיט זייַן געשמאַק קייַען וואַרפט ער אָן אַפּעטיט אויף די אַרומיקע.

— איך זאָל זייַן א סויכער, — זאָגט דער אינטעליגענט, — וואָלט איך געהאַנדלט ניט מיט לעדער...

— מיט וואָס זשע דען?

— מיט מענטשלעכקייַט...

— קיין בעסערער מיסכער פון לעדער איז ניטאָ, — זאָגט דער סויכער, ווי גלייַך ער פאַרשטייט גאָרניט, וואָס מע רעדט צו אים. — וואָס איז אייַער מיסכער?

— כ'בין אַן אינזשעניער.

— ווו אַרבעט איר?

— מייַן אונטערנעמונג האָט זיך עוואַקויִרט.

— און איר?

— איך האָב ניט געגלייבט, אַז די דייַטשן וועלן קומען.

— עפּעס זייַט איר מיט די דייַטשן ניט אַזוי אייַנגאַנצן...

— פאַרוואָס? ניין, נאָר יעדערער דאַרף זיך זיצן בא זיך, זיי בא זיך... און מיר בא אונדז.

— דאָס איז א געדאַנק! אַוודע דאַרף זיך יעדערער זיצן בא זיך, און ניט קריכן צו יענעם. אין אונדזער בראַנזשע, לעמאָשל, אין לעדער...

— ווען איך זאָל זייַן א סויכער, וואָלט איך געהאַנדלט ניט מיט לעדער.

— מיט וואָס, לעמאָשל? דער בעסטער מיסכער איז לעדער, אָן שיך קאָן מען ניט אויסקומען.

— איך, לעמאָשל, וואָלט בעסער געגאַנגען באָרוועס, קעדיי פילן, אַז די ערד איז א באַפרייַטע...

— דאָס איז א געדאַנק... זייַט איר אַן אינזשעניער? לעדער איז אייַך באַקאַנט?

— ניין, איך בין א מעכאַניקער.

— דעם סייכל פון א יעגער־ביקס פאַרשטייט איר?

— פון פארשיידענע ביקסן.

— דאָס האָט אויך א שײַכעס צו אונדזער בראַנזשע. לעדער איז אן אוניווערסאַל ארטיקל. נו... און איר זײַט טאַקע אן עמעסער מייוון אף שיסערײַ־זאַכן?..

— א גרויסער מייוון. פאר אײַער בראַנזשע טויג עס? איך זע טאַקע, אז לעדער איז אוניווערסאַל...

— דאָס איז א געדאַנק!

— איך פרעג דאָך אײַך, פאר אײַער בראַנזשע טויג עס? נאָר איך בעט אײַך... ענטפערט מיר אָן לעדער.

— טײַערער אינזשעניער, איר עסט אליין ניט און שלאָגט א צווייטן אויך איבער דעם אפעטיט. מײַן טאַטע פלעגט זאָגן, אז ברויט צעקײַט מען און מע ווייסט זײַן טאַם, לעדער טאַפּט מען מיט די פינגער און מע ווייסט זײַן ווערט, אָבער א מענטש? ער בײַט זײַן אויסזען, ווי וואַסער אונטער דער זון. ווער פונדעסטוועגן זײַט איר? א מעכאַניקער און א מייוון... עסט, איך בעט אײַך, עסט. עפשער וועט איר פארזוכן מײַנס?

— מענטש אײנער, איך זוך דאָך אײַערס...

## 14

— יאַק באָגא קאָכאַם! — האָט זיך פונעם פינצטערן צימער דערהערט אן אויסגעשריי פון א באַסאָווער שטים.

קיינער האָט ניט געוווסט, קעגן וועמען און קעגן וואָס דאָס איז געזאָגט געוואָרן.

— יאַק באָגא קאָכאַם! — האָט די זעלבע שטים ווידער איבערגעכאַזערט. — א קליינע, נאָר א בעריע!

איצט האָט מען פארשטאַנען, אז דאָס רעדט זיך וועגן מאַרטען. עס איז אָבער געווען אומבאַוווסט, צי דאָס איז געזאָגט געוואָרן אין שפּאַס צי ערנסט. די באַסאָווע שטים האָט גערעדט מיט א טראַגישער טעאַטראַלישקײַט, און ס׳האָט זיך ניט געלאָזט אויסטײַטשן דער עמעסער מיין.

— וואָדען!.. — האָט די שטים זיך אלץ ניט געקאָנט בארויִקן. — עמעצער באַהאַלט זיך אויס, און מיר וועלן זײַן פאראַנטוואָרטלעך. דאָ דיאַבלאַ! א מענטש, וואָס זעט און דערציילט ניט, איז שולדיק. ווער עס שלאָפט מיט א פארברעכער אין איין שטוב, — איז אליין א פארברעכער. איך, פּראַשע פּאַניע, ווייס דאָס געזעץ.

— דאָס רעדט דער קאַפּעליוש, — האָט זיך אָפּגערופן די עלטערע פון די שוועסטער.

— ניט דער קאַפּעליוש, פּשעפּראַשעם פּאַניע, נאָר דער ווייכער הוט, — האָט די זעלבע באַסאָווע שטים אַרויסגערעדט פון דער פינצטער. — איך האָב ליב פּינקטלעכקײַט.

— אויב פּינקטלעכקײַט... איז ניט דער הוט א ווייכער, נאָר דער קאָפּ...

— אזוי גאָר? — האָט דער ווייכער הוט געפרעגט פארוווּנדערט. — ווער איז דער מייוון? באַרדזאָ טשיקאַווע...[1]

— דער מייוון איז אן עמעסער מייוון, — האָט געענטפערט די עלטערע שוועסטער, — איר קאָנט זיך פארלאָזן.

— דײַן גליק, וואָס עס איז פינצטער, אז ניט וואָלט איך אָנגעקוקט...

— און אים זעט מען אין דער פינצטער אויך. א נאָר לײַכט זיך דורך.

— און געוויס א קולאַק, — האָט צוגעגעבן דער פויער — דער קאָלווירטניק, וואָס בא דער טיר.

— קיין קולאַקעס רירט ניט אָן! — האָט אָפּגעענטפערט א שטים פונעם ערשטן צימער. — אוועק יענע צײַט.

— די צײַט, וואָס איז אוועק, וועט קומען! — האָט עמעצער אויסגעשריִען פון ווינקל.

— ווער האָט עס געזאָגט? ווער האָט עס געזאָגט? — האָט שטרענג געפרעגט די שטים, וואָס האָט זיך אָנגענומען פאר די קולאַקעס. — באַלד וועט קומען די וואַך.

— ווער עס האָט געזאָגט — שלאָפט שוין, — האָט זיך אָפּגערופן עמעצער בא דער דרויסן־טיר.

— דאָ זײַנען פאראַן טאָוואַרישטשעס[2], יאַק באָגא קאָכאַם, — האָט זיך ווידער אָפּגערופן די באַסאָווע שטים.

— און דו ווער ביסטו? — האָט געענטפערט די עלטערע שוועסטער. — וועמעס פּשעפּראַשעם פּאַניע ביסטו?

אין דער רעגע האָט עמעצער געזאָגט הויך, אז אלע זאָלן הערן:

— טאָוואַרישטשי![3]

---

[1] זייער אינטערעסאַנט (פּויליש); [2] כאַווײרים, דאָ געמיינט: קאָמוניסטן; [3] כאַווײרים.

אינמיטן צימער, צווישן שאָטן און ליכט, איז געשטאַנען איוואַן סטעפּניאַק.
— כאַוויירים, סאָוועטישע מענטשן.
ער רעדט ניט געײַלט, רויק און וואָגיק. אויך ער זעט איזין. איוואַן רעדט און קוקט צו אים. דער קאָמאַנדיר וועט דורך איזין נאָך הײַנט וויסן יעדער וואָרט.
— איך בעט אופמערקזאַמקײַט. מײַן נאָמען און מײַן פאַמיליע איז אײַך באַקאַנט. א סאָך פון אײַך ווייסן, ווער איך בין...
מיט יעדער נײַ וואָרט ווערט אַלץ רויקער, עס ווערט אינגאַנצן שטיל. ווער איז ער? אַלע זײַנען עס גערן צו וויסן. ער האַלט זיך פרײַ, ווי ער וואָלט דאָ געווען באַלעבאָס.
— איך בין פּיליפּ גאַרנאַסטײַ, דער אָנפירער פון די היגע פּאַרטיזאַנער.
עס האָט אַלעמען איבעראַשט, און אַלע זײַנען געבליבן זיצן אָן אָטעם. בלויז איין מענטש האָט זיך אָפּגערופן:
— נו?!
אין דעם „נו?" איז געווען גרויס פאַרווונדערונג. דערנאָך האָט זיך דערהערט א צווייטער אויסרוף:
— אזוי...
דער „אזוי" האָט באַטײַט: סאַפּקאָלסאָף דערלעבט צו זען מיט די אייגענע אויגן אָט דעם פּיליפּ גאַרנאַסטײַ.
דער פויער מיטן לײַנענעם בערדל האָט זיך אויסגעקערט צו סטעפּניאַקן מיטן פּאָנעם און געזאָגט:
— געהערט, כאַווער, געהערט...
— כאַוויירים, אײַך קאָן איך זאָגן, איר זײַט סאָוועטישע מענטשן, ס'איז גענוג, איך זאָל א פּײַף טאָן, — סטעפּניאַק האָט אָנגעוויזן מיט דער האַנט אַפן דרויסן, — וועט מען פון אַלע זײַטן קומען. איך זע אָבער, אז דאָ אַליין וועט פאַר מיר קלעקן כאַוויירים, און מיר וועלן ניט דערלאָזן, אז די דײַטשישע וואַך זאָל זיך איזדעקעווען איבער אונדז. פּריצים און דײַטשקעס מיינען, אז ס'איז זייער צײַט...
דער פויער בא דער טיר פונעם צווייטן צימער האָט מיט אומצוטרוי א פרעג געטאָן:
— דו ביסט גאַרנאַסטײַ?
— איך! — האָט געענטפערט סטעפּניאַק.
— טאַקע דו?
— איך.
— פאַרוואָס זשע קומסטו ניט קיינמאָל אין אונדזער דאָרף? די דײַטשן דריקן און שטיקן. מיר וואַרטן אַף דיר, פּיליפּ גאַרנאַסטײַ.
— אָט בין איך געקומען! דאָ וועלן מיר אָנהייבן. איך וועל ניט דערלאָזן, אז די דײַטשישע וואַך זאָל איבער אונדז באַלעבאַטעווען.
— כאַווער גאַרנאַסטײַ! — האָט זיך אָנגערופן טאַנק. — הייס אונדז שלאָגן די דײַטשישע וואַך און צונעמען דאָס געווער.
— און איך וועל העלפן דער דײַטשישער וואַך אײַך בינדן הענט און פיס! — האָט אָפּגעענטפערט די באַסאָווע שטים.
אין דער דרויסן־טיר האָבן א לײַכט געטאָן צווי עלעקטרישע לעמפּלעך. צווישןביידע לעמפּלעך האָט זיך דערהערט מאַרטעס שטים:
— אָדער טיפוס... אָדער סימוליאַציע.

## 15

דער גענעראַל פאָן זילפּע איז אופגעלייגט. הײַנט אינדערפרי איז שוין אפילו דערגאַנגען דערצו, אז ער האָט ניט נאָר אין זיך געמורמלט א ניגון, נאָר ס'האָט געוואָגן פון אים ארויסזינגען. זײַנע נאָענטע ווייסן, אז קיין שטים האָט ער ניט (דאָס אנערקענט דער גענעראַל), זיי ווייסן, אז ער האָט אויך ניט קיין געהער (דאָס וויל דער גענעראַל ניט אנערקענען). זיצנדיק בא זײַן גרויסן טיש לעבן פענצטער מיט די אראָפּגעלאָזטע געלע שטאָרן, פילט פאָן זילפּע, ווי ביזן גאָרגל גייט דער ניגון בא אים, קאָן מען זאָגן, גלאַט, פרײַ און גרינג. נאָר צוקומענדיק צום גאָרגל, ווערט ער קאַליע. די שטים נעמט זיך ברעכן. אָנשטאָט קײַלעכדיק ווערט זי שפּיציק. אָנשטאָט גלאַט — פאַרזשאַווערט. דוכט זיך, די זעלבע שטים, וואָס זינגט בא אים אינווייניק, נאָר זי קאָן זיך ווײַטער ניט דורכרײַסן. דער גענעראַל הייבט אָן, ווי זײַן געוווינ־הײַט איז, ארומשפּאַצירן איבערן קאַבינעט. א סאָלידער, א הויכער גייט ער ארום מיט פאַרלייגטע הענט אַף הינטן, טראַכט און רעדט צו זיך אַליין, באַוועגנדיק מיט די ברעמען ארוף און אראָפּ. פון צײַט צו צײַט טאַפּט ער מיט צוויי פינגער אָן די גרויסע וואָנצעס. אַלעמאָל, ווען דער גענע־

ראַל טראַכט און רעדט צו זיך אַליין, דוכט זיך אים אויס, אַז ער ווייסט עפּעס אַזוינס, וואָס פאַר אַנדערע קאָן ער עס ניט אַרויסזאָגן. ס'איז אַזוי וויכטיק, אַז ער קאָן עס אָנטרויען נאָר זיך אַליין. דאָס טרעפט דעמלט, ווען דעם גענעראַל קריכט אין קאָפּ דאַפקע אַזוינס, וואָס איז אים ניט ליב. הייַנט האָט זיך צו אים געגומען אונטערוקן אַ געדאַנק: וויאַזוי און ווען איז עס געשען, וואָס בײַ אים אין האַרצן פאַרנעמט דער קייַזער אַלץ ווייניקער פּלאַץ און זייַן אָרט פאַרנעמט דער יעפרייטאָר? יאָ, יאָ... ווי זאָגן די ענגלענדער: אַ פאַקט איז אַן אַקשן... ער האָט אַ פרוי, ער האָט צוויי טעכטער... און ביכלאַל — אַרויס פונעם לעבן, ווערן איינגאַנצן אויס... דאָס איז גוט צו זיבעציק יאָר, אָבער ניט צו פופציק! ער קאָן דען זייַן איין ווייַסע קראָ צווישן אַלע שוואַרצע? נייַע צייַטן — נייַע לידער. דאָס האָט געזאָגט היינע, און היינע איז איצט פאַרבאָטן. ניין, אַזוינס וויל ער ניט איבערכאַזערן. נאָר דאָך אַזוי איז עס. און עס ערגערט אים ניט. פאַרקערט. ס'איז בײַ אים אַ גוטע שטימונג, און ס'איז דאָ פון וואָס צו זייַן אויפגעלייגט. אַלע וועגן, בריקן, טייַכן, סטאַנציעס זייַנען שטרענג באַוואַכט. מע פאַרהאַלט אַלע פאַרדעכטיקע. די וועלדער רינגלט מען אַרום און מע טאַפּט זיי דורך. די פּאַרטיזאַנער האָבן מער ניט וווּהין זיך אַהינטאָן. דעם פאַרווונדעטן, כאָטש ער איז אַוועק, וועט מען הייַנט־מאָרגן כאַפּן. ער איז פון די פּאַרטיזאַנישע אָנפירער. גאָרנאָסטייַס אַ געהילף... אָדער גאָרנאָסטייַ אַליין. איז אָט, מייַנע הערן, מע מוז אים נעמען אַ לעבעדיקן. אויב ער איז פאַרווונדעט, זאָל מען אים ראַטעווען, די בעסטע דאָקטוירים, די בעסטע פּלעגע, נאָר אַ לעבעדיקן, מייַנע הערן, אַ לעבעדיקן שיק איך אים קיין בערלין!

ער דריקט אָן אַפּן גלעקל און רופט אַרויס דעם מאַיאָר שטעטער.

דעם גענעראַל וווּנדערט, פאַרוואָס איז הייַנט אַזוי שטיל, קיינער קומט גאָרניט אָנזאָגן.

זינט דער זילבערנער האָכצייַט איז דער אַדיוטאַנט בייז אַף דער גאַנצער וועלט, אַף זיך אַליין און, באַזונדערס, אַפּן גענעראַל, וועלכער ציט אים פאַר דער צונג. זייַן פּאָנעם איז געוואָרן בלאָסער און דאַרער, ביינערדיק, די עלנבויגנס שפּיציק. די לעצטע טעג, ווו נאָר ער קאָן, טוט ער אַ שטאָך דעם גענעראַל. פאַרבייַגייענדיק האָט ער געגעבן אָנצוהערן, אַז עס זייַנען באַוווּסט פאַלן, ווען מע שיקט גענעראַלן אין פאַרשיידענע ווייַטערע ערטער מיט ספּעציעלע אויפגאַבן, אַף וועלכע זיי דערוואַרטן זיך ניט. אַ צווייט מאָל האָט ער אַרויסגעזאָגט אַ געדאַנק, אַז אַזוי טוט מען מיט גענעראַלן, וועלכע זייַנען ניט איינגאַנצן געפעלן היטלערן און רופן ניט אַרויס קיין צוטרוי. נאָר דער גענעראַל האָט אַפילע ניט פאַרשטאַנען, אַז דאָס וואַרפט מען שטיינער אין זייַן גאָרטן. וואָס האָט ער צו דייַגען און זאָרגן פאַר אַנדערע גענעראַלן?

הייַנט קלייַבט זיך דער מאַיאָר שטעטער אַף אַן עמעס דערצאָרענען דעם גענעראַל, קיין מיטלייַד צו אים פילט ער ניט.

— נו, נייַס, — פרעגט פאָן זילפּע.

— הער גענעראַל, בײַ מייַן בעסטן פאַרלאַנג אײַך אָנצוזאָגן גוטע נייַס, מוז איך אײַך זאָגן, אַז מע האָט מיך געבעטן איבערגעבן בלויז שלעכטע...

— שלעכטע?

דער מאַיאָר ראַפּאָרטירט: דער קלאַנג וועגן דעם, אַז גאָרנאָסטייַ איז פאַרווונדעט, איז ניט באַשטעטיקט געוואָרן. גאָרנאָסטייַ איז געזונט. נאָך מער... ער איז ווידער מיט אַ גרופּע פּאַרטיזאַנער באַפאַלן אַ דייַטשישע וואַך און אָפּגענומען בײַ איר דאָס געווער.

— און קיינעם ניט געכאַפּט?

— געכאַפּט. אַ יינגל, אַ קינד.

פון פאַרווונדערונג, וואָס דער מאַיאָר דערלויבט זיך אַזוי צו שפּאַסן, עפנט דער גענעראַל דאָס מויל און הייבט אויף אַ פויסט, אַ קלאַפּ צו טאָן אין טיש. דער מאַיאָר פאַרלויפט אים דעם וועג.

— אַ יידיש יינגל. אַ פּאַרטיזאַן.

— נו?

— אַלע מיטלען אָנגענומען. ער שווייַגט.

**16** נאָך דעם, ווי מע האָט גאָרנאָסטייַען אַרויסגעפירט פונעם לאַגער, האָט דאָראָנין באַפוילן דעם אָטריאַד זיך גרייטן אין וועג. דער דייַטש וועט קומען, זאָל ער טאַפּן, נישטערן, זוכן. ער וועט געפינען ביימער אין וואַלד. אַף צוריקוועגס וועט ער דערפילן פּאַרטיזאַנער.

איין ווזוואָד איז נאָך דעם זעלבן טאָג אַרויס און זיך געלאָזט אין אַ צווייטן וואַלד, צום פריִער צוגעגרייטן ווינטער־לאַגער. אַפן צווייטן טאָג זייַנען די איבעריקע אַוועק. די לעצטע האָבן פאַרלאָזט דעם לאַגער סערעבריאַקאָוו און איצקאָרן.

טערענטי סערעבריאַקאָוו איז אַ בייַקאַלער קאַזאַק. אַ הויכער, אַ דאַרער, אַ ביינערדיקער, מיט אָנגעטערטע אויגן און ווינציק ציין אין מויל. בײַ זיך אין דער היים איז ער געווען אַ ברי־

גאדיר פון פישער. דאָ איז ער אין ווירטשאַפט־וווואָד. עס גייט ניט דורך קיין טאָג, ער זאָל ניט דערמאָנען די אָזערע בײַקאַל און דעם פיש אָמול. ער האַלט אין איין רימען דעם אָמול: דער בעסטער פיש איז אָמול, דאָס בעסטע עסן איז אָמול, א גוטער פישער כאַפּט אָמול, נאָר אין בײַקאַל געפינט זיך אזא פיש.

איצקאָרן איז באוווסט מיט צוויי זאכן. ערשטנס, איז ער א גוטער מוליער. אַלע אויוונס אין ווינטער־לאַגער האָט ער צעשטעלט. צווייטנס, האָט ער אַן אַלטן און גרויסן זייגער מיט א פאַר־גרינטער קאָפּערטע און מיט א פאַרגעלטן ציפערבלאַט, וועלכער לויפט איין אין א מעסלעס אָף פינף מינוט.

— איצקאָרן, וויפל?

איצקאָרן נעמט ארויס מיט די פאַרהאַרטעוועטע פינגער דעם זייגער פון דער קעשענע, טראָגט אים צו קימאַט ביז צו דער גרוי־רויטער באָרד און ענטפערט:

— אָן פינף צוואַנציק אָף זעקס.

אז דאָראָנין צווייפלט אין יעדיִעס, וואָס מע ברענגט אים, פרעגט ער איבער:

— אָן פינף אָף וויפל?

איצקאָרן איז ניט קיין נאָמען און ניט קיין פאַמיליע, אזוי רופן די פאַרטיזאַנער איציק־אָרן הארצמאַנען, וועלכער איז געקומען אהער אין אָטריאַד מיט זײַנע צוויי זין פון א ווײַסרוסיש שטעטל.

סערעבריאַקאָוו און איצקאָרן האָבן באַקומען א באַזונדער אופגאַבע. אז אַלע האָבן פאַרלאָזט דעם לאַגער, האָבן זיי אופגעקאָכט וואַסער. אונטערן אַש זײַנען פאַרבליבן הייסע קוילן, זאָל דער דײַטש טראַכטן: „מע האָט ניט באַוויזן אפילע טיי טרינקען... אזוי איז מען געלאָפן".

קאָן זײַן, אז צום אָנקומען פון די דײַטשן וועט דאָס וואַסער נאָך זײַן לעבלעך.

„גאָר ניט לאַנג איז מען אוועק. מע קאָן זיי אָניאָגן".

און קעדיי די דײַטשן זאָלן זיך ניט דאַרפן מאַטערן, ברעכן דעם קאָפּ, אין וועלכער זײַט צו זוכן, וועלן סערעבריאַקאָוו און איצקאָרן זיי העלפן. איבער איינעם פון די וועגן, וואָס פירן פונעם לאַגער, וועלן זיי צעשיטן גרויפּן, קאַרטאָפל, א ביסל מעל:

„מיט דעם וועג זײַנען זיי אוועק און אפילע ניט באַוויזן גוט אײַנלייגן די פּראָדוקטן".

ווײַטער וועט זיך וואַלגערן א הילצערן טשעמאָדאַנטשיקל מיט א העלצעלע אָף א שטריקל אָנשטאָט א שלעסל. אינווייניק — עטלעכע שמאַטקעס. נאָכדעם א קעסעלע, פּוסטע קאָנסערוון־פּושקעס. נאָך ווײַטער וועט איבערן שמאָלינקן שטראָמיקן טײַכל פאַנאַנדערגענומען ווערן דאָס בריקל.

„אהא, מע זאָל זיי ניט קענען נאָכיאָגן".

„דומע לײַט, — וועלן די דײַטשן זאָגן. — פאַרשטייען גאָרניט און פירן א קריג!"

א קילאָמעטער פופצן פונעם לאַגער, בא דער קליינער אָזערע, וואָס אַנטקעגן יונגן בערעז־ניאַק, דאַרפן זיך סערעבריאַקאָוו און איצקאָרן אָפּשטעלן.

צו דער אָזערע איז נאָך ווײַט. צופיל אײַלן דאַרפן זיי זיך ניט. פאַרקערט, וואָס מער עס לאָזט זיך פאַרציִען, איז בעסער. זעצן זיי זיך צו, נעמען ארויס פון אונטער די פאָלעס די פאַר־גאַרטלטע העק און שטעלן זיי אוועק לעבן זיך, פאַררייכערן, און סערעבריאַקאָוו נעמט דערציילן:

— אָדנאַקאָ, פאַריאַ[1], זע איך, אז איך וועל אזוי אומקומען...

— דערצייל, טערענטי, פאָ פאָריאַדקו[2], ווי אין די ביכער. נאַטוראַלנע.

— דאָס איז געווען אין דער גערמאַנסקע מילכאָמע. מע האָט מיך פאַרעכנט אין א דאָנער קאַזאַקישן עסקאַדראָן, מײַן פערד איז אָבער ניט געווען קיין געלערנטס. מע קאָמאַנדעוועט „לאָזשיס"[3], אַלע פערד לייגן זיך אָף די קני, און מײַנס ניט. איך איינער סטאַרטשע ארויס, ווי א פּניאַק, זיצנדיק אפן פערד, און מיט דער פּיקע אין דער האַנט. אַלע קוילן פליִען אין מיר. דעמלט האָט מען מיך אריבערגעפירט אין פּעכאָטע. לויט מײַן וווקס בין איך שטענדיק דער פלאַנגאָווער, און א פלאַנגאָווער, איצקאָרן, דאַרפסטו וויסן...

— אַליין געווען א פלאַנגאָווער, כ'וויים.

— איז אָט, אין פּעכאָטע האָב איך באַקומען א געאָרגי...[4] קאַוואַלער געאָרגיִעווסקאַוואָ קרעסטאַ. אָדנאַקאָ, פאַריאַ, האָסט אמאָל געזען א געאָרגיִעווסקי קרעסט?

— ניין, ניט געזען.

— עס זײַנען פאַראַן פירערליי געאָרגיעס. דער ערשטער סטעפּען[5] איז א גאָלדענער, דער צווייטער — א זילבערנער, דער דריטער און פערטער — קופּערנע. א געאָרגי איז א שלאַכט־אָרדן,

---

[1] בוכשטעבלעך: „אָבער, באָכער". א ווענדונג, וואָס איז פאַרשפּרייט בא סיביריאַקעס; [2] לויט דער אָרדע־נונג; [3] לייג זיך; [4] סאָלדאַטישע אויסצייכענונג — געאָרגי־קרייץ; [5] שטופע.

א סאָלדאַטסקע אָרדען. פאַר זיצן אין שטוב באַקומט מען אים ניט. אָט ווי ער זעט אויס. קוק... — סערעבריאַקאָוו ברעקט אָפּ אַ צווײַגל און נעמט צייכענען אױף דער ערד אַ געאָרגי. — אָט וויאַזוי...

איצקאָרן קוקט און שאָקלט מיטן קאָפּ אױף ניין:

— איין פיסל פונעם קרייץ איז בא דיר צופיל אויסגעצויגן. זיי דאַרפן אַלע זײַן גלײַך.

— עקאָ טי, פאַרען, איך בין אַליין אַ קאַוואַלער, איך ווייס. — פונדעסטוועגן נעמט ער פאַר־ריכטן דאָס אויסגעצויגענע פיסל פונעם געאָרגי. — און איצט?

— איצט? יאָ, נאַטוראַלנע. נאָר וואַרט אַ ווײַלע... — איצקאָרן הייבט אויף די פאַלע פונעם רעקל, קריכט מיט צוויי פינגער צו דער קליינער הויזן־קעשענע, וווּ עס ליגט דער גרויסער זייגער מיט דער פאַרגרינטער קאָפּערטע. דעם זייגער לייגט ער אַרײַן אין דער קעשענע פונעם רעקל. די זעלבע צוויי פינגער קריכן ווידער צו דער זעלבער אינווייניקסטער הויזן־קעשענע און שלעפּן אַרויס אַ קליין זײַדן בײַטעלע.

— אָט וועלן מיר באַלד זען, — ער צעציט דאָס גומענדל פונעם בײַטעלע, און אױף דער דלאָניע פון דער לינקער האַנט פאַלט אַרויס אַ געאָרגי... פערטע שטופע... אַלע פיסלעך גלײַכע... — אויך אױף דער גערמאַנסקע באַקומען. נאַטוראַלנע.

— אָדנאַקאָ, פאַריא...

זיי לאָזן זיך ווײַטער אין וועג. בא דער אָזערע שלעפּן זיי אָן אַ סאַך טרוקענע צווײַגן, האַקן אָן פון פאַרטריקנטע ביימער האָלץ. זיי אַרבעטן ביז שפּעט. זיי פאַרגרייטן אַזויפיל האָלץ, אַז מע קאָן מיינען, אַז זיי קלײַבן זיך דאָ פאַרבלײַבן אױף אַ סאַך טעג.

די ברעגן פון דער אָזערע זײַנען פאַרשאָטן מיט רויטע, געלע, גרינע בלעטער. ערטערווײַז איז די אָזערע פאַרוואַקסן מיט אַ שימלדיקער גרינקײַט, וואָס זעט אויס אַלט, ווי די וועלט.

עס פאַלט צו די נאַכט, און זיי צינדן אָן אַ שײַטער.

— אין דער אָזערע איז פאַראַן פיש, — זאָגט סערעבריאַקאָוו.

— אַז דאָ זײַנען פאַראַן זשאַבעס, הער איך. קוואַ־קוואַ...

— אַ שלעכטע סכוירע דאַרף זיך רימען, אָבער פיש זיצן זיך אין דער שטיל.

ביידע ליגן באַם שײַטער מיט די פּענעמער צום הימל. ביידע טראַכטן. פּלוצלינג זאָגט סערעבריאַקאָוו:

— איצקאָרן, נאָך דער מילכאָמע קום צו מיר צוגאַסט. אָ, פאַריא, וועל איך דיך אַרויספירן אױפן בײַקאַל, ווײַסטו ערשט דערפילן די ערד אונטער די פיס. איצקאָרן, קום נאָך דער מילכאָמע צו מיר. פּאָשעט, איך בעט דיך.

געשלאָפן איז מען לויט דער ריי.

פאַרטאָג האָט די קוקאָווע זיי געצונמען צוויילן יאָרן. עס איז דערגאַנגען צו אַזאַ צאָל, אַז דאָס לעבן וואָלט געוווען שוין צו לאַנג.

— היי, כאַווערטע קוקאָווע, דו איזדעקעוועסט זיך. גענוג!

זיי האָבן אויסגעלייגט עטלעכע שײַטערס און זיי אָנגעצונדן. אַז די שײַטערס האָבן אױף דרײַ פערטל אויסגעברענט, האָבן זיי פאַנאַנדערגעשאַרט דאָס האָלץ, עס זאָל טלִיִען מיט רויך, נאָר ניט ברענען מיט פײַער.

„דאָ האָבן די פּאַרטיזאַנער גערוט, זיך געוואַרעמט און געגעסן. מיר גייען מיטן ריכ־טיקן וועג".

נאָכדעם זײַנען זיי אַוועק מיטן ברעג אױף דער אַנטקעגנדיקער זײַט אָזערע, אַרײַן אין יונגן בערעזניאַק און זיך געלאָזט צום ווינטער־לאַגער. אַ ווײַטער וועג.

דעם לעצטן טאָג איז בא זיי אויסגעגאַנגען דער כאַרטש. זיי האָבן געזוכט אַ מאַלינע־קוסט און ניט געפונען. האָבן זיי אָנגעריסן צווײַגעלעך פון אַ ריאַבינע. געגאַנגען און געוואָרפן אַלע ווײַלע אַ רויטע יאַגעדע אין מויל. שוין גאָר ניט ווײַט פונעם לאַגער האָט זיך צו זיי דערטראָגן אַ פרויען־שטים:

— דאָס זײַנען זיי, זיי... דער מוליער זייערער.

פון צווישן די ביימער האָבן זיך באַוויזן דרײַ פרויען און אַ מאַנצבל.

— כאַווירים, מיר גייען צו אײַך!

— צו אונדז? ווער זײַט איר?

— פּאַמקינער.

— פון פּאַמקינע שטאַמט די גאַנצע וועלט. וואָס פאַרא מענטשן זײַט איר?

— מיר ביידע, — האָט איינע אָנגעוויזן אױף זיך און נאָך אױף אַ פרוי, — מיר זײַנען די זעלבע, ווי איר.

[1] דאָ געמיינט: וואָס ביסטו פאַר אַ מענטש.

— און ווער זײַנען מיר?

— מיר ווייסן. אונדזערע זײַנען בא אײַך. מיר זײַנען קאָלווירטניצעס.

— און ווער איז די פּאָר?

— דאָס ווייסן מיר ניט. מיר פירן זיי צו אײַך.

סערעבריאַקאָוו איז אַוועק פאָרויס דערציילן דעם קאָמאַנדיר וועגן די „געסט“.

**17** וואָלאַדימיר דאָראָנין זיצט אַף אַ קלאָץ און באַטראַכט אַלע פיר פּאַרשוין, וואָס סערעבריאַקאָוו און איצקאָרן האָבן מיט זיך געבראַכט. די קאָלווירטניצעס — מיטליאָריקע, געזונטע. די שיך טראָגן זיי אַף די הוילע פיס. אָנגעטאָן אין ברייטע מאַנצבלשע רעקלעך מיט פאַרלאַטעטע עלנבויגנס. אין די הענט — דרענגלעך. דער מאַנצבל איז אַ הויכער, אַ ברייטער, אַ גרויער. די פרוי, וואָס מיט אים, — אַ קליינע, אַ שטשופּלע, אַ רירעוודיקע.

— ווער וועט ריידן? — פרעגט דאָראָנין.

— מיר וועלן ריידן, — זאָגט איינע פון די קאָלווירטניצעס. — מיר. רייד, מאַלאַניע.

מאַלאַניע ווישט אויס מיט צוויי פינגער די ליפּן און זאָגט:

— מיר זײַנען פּאָמקינער. אונדזערע זײַנען בא אײַך. אירער אַ ברודער און מײַנער אַ ברודער. נעכטן קומט אַרײַן צו מיר אַגאַפיע און זאָגט: „מאַלאַניע, דו געדענקסט ניט אונדזער פּאָרעץ?“ — „אונדזער פּאָרעץ? — פרעג איך. — ניט איך געדענק אים און ניט איך וויל אים געדענקען. וואָס עפּעס אײַנמיטנדרינען?“ — „און די פּריצטע, — זאָגט זי, — געדענקסטו?“ — „פון מײַן טאַטן האָב איך געהערט, אַז דער פּאָרעץ איז גאָר אַ באָכער“. — „מאַלאַניע, — זאָגט זי, — קום צו מיר, וועסטו זען עפּעס שיינס“. ריכטיק זאָג איך, אַגאַפיע? פּראַוודאַ־זש?[1]

— ריכטיק, ריכטיק, — זאָגט אַגאַפיע, — אָט די צוויי מענטשן זײַנען אַרײַן צו מיר אין שטוב און געבעטן עסן. איך דערקען אַ מענטשן... זע איך, אַז ס׳זײַנען שטאָטישע... ווער זיי זײַנען, ווייס איך ניט, קוים זיי האַלטן זיך אַף די פיס. קיין סאָך איז הײַנט ניט פאַראַן בא קיינעם, נאָר אַז זיי זײַנען הונגעריק, גיב איך זיי עסן. נאָכן עסן באַדאַנקען זיי. איך בין אַ מיוון אַף מענטשן... זע איך, אַז דער מאַנצבל איז אַ רוסישער. די פרוי רעדט רוסיש ניט אַזוי ווי מיר ריידן. זי איז אַ דײַטשקע צי אַ פראַנצויזקע. נאָר מיילע, יעדער מענטש רעדט אַף זײַן שפּראַך. „שלאָפן, — פרעג איך, — ווילט איר?“ דער מאַנצבל ענטפערט, אַז יאָ, ער כאַלעשט שלאָפן. זי אָבער זאָגט, אַז מע וועט שוין שלאָפן בא זיך אין פּאַלאַץ. „און ווער מיר זײַנען, ווייסט איר?“ — פרעגט זי. „הײַנט איז אַזאַ צײַט, — זאָג איך, — אַז מע פרעגט ניט, ווער מע איז. אַ מענטשן דאַרף מען דערקענען. איר וועט אַליין זאָגן“. — „מיר זײַנען די פּאָמקינער פּריצים“. „אוי, טראַכט איך, גוט אַרײַנגעפאַלן. אַפּאָנעם, ניט באַם זינען. אַ קלעפּקע פעלט! איך פאַרשטיי זיך אַף מענטשן. איך נעם זיך אָפּרוקן פון זיי, ווײַל עפּשער זײַנען זיי אַ ביסל... איך האָב געהערט וועגן אַזוינע. אָט זײַנען זיי, דוכט זיך, ווי אַלע מענטשן, און אָט פאַלט אַף זיי אָן די גוטע מינוט און זיי ווערן... „האָט ניט קיין מוירע, — זאָגט זי, — איר זײַט זיך מיט אונדז גוט באַגאַנגען, און מיר וועלן אײַך ניט טשעפּען. אָבער די איבעריקע, וואָס האָבן צוגענומען אונדזער גוטס...“ איך האָב דערהערט אַזוינע ווערטער, בין איך אַוועק רופן מאַלאַניען. ריכטיק זאָג איך, מאַלאַניע?

— ריכטיק, — רופט זיך אָפּ מאַלאַניע און נעמט ווײַטער דערציילן. — איך גיי אַרײַן צו איר, איז שוין די שטוב פול. פונוואַנען האָט מען זיך עס אַזוי גיך דערוווּסט? אַלע קוקן אַף זיי און באַדויערן. לויטן אויסזען געזונטע מענטשן, און ניט אַלע זײַנען בא זיי אין דער היים. אַ ראַכמאָנעס. „געווען בא די דײַטשן?“ — פרעגט מען זיי. „געווען“, — ענטפערן זיי. נו, איז דאָך פאַרשטענדלעך, אַז מענטשן האָבן געליטן. „און פונוואַנען זײַט איר?“ — פרעגט מען זיי. „פון פּאָמקינע“. — „ווער זײַט איר פון פּאָמקינע?“ — „די פּריצים סאָקאָלסקי“. פאַרשטייען מיר שוין זייער אומגליק און זאָגן זיי: „רוט זיך אויס אַ ביסל, איר זײַט מיד. איר וועט זיך אויסשלאָפן, וועט איר זיך דערמאָנען, ווער איר זײַט, ווי איר הייסט“. „ניין, זאָגט זי, מיר זײַנען באַם פולן זינען. מעשוגע זײַנען אַנדערע. רופט אַהער דעם סטאַראָסטע. איך בין אַ דײַטשקע, איך וועל אײַך ווײַזן, ווי פאַרכאַפּן יענעמס גוטס...“ דאָ האָבן אַלע מוירע געקראָגן. זי רעדט טאַקע ווי ניט באַם זינען, אָבער אַז דאָס וועט דערגיין צו פּאָליציי, קאָן זײַן אַן אומגליק. אַלע גייען זיך פאַנאַנדער. איך בין אויך אַוועק אַהיים. באַלד אָבער קומט אַגאַפיע ווידער צו מיר. ריכטיק זאָג איך, אַגאַפיע? פּראַוודאַ־זש?

— ריכטיק, ריכטיק, — באַשטעטיקט אַגאַפיע. — וואָרעם אַז אַ מענטשן פעלט אַ קלעפּקע אין קאָפּ, איז עס אָדער אַ גאָט־זאַך, אָדער זײַן אייגענע זאַך. אָבער אַז מע נעמט זיך נאָכפרעגן אַף דער דײַטשישער וואַך און צי דאָ זײַנען פאַראַן פּאַרטיזאַנער, ווו זײַנען זיי און ווי ווײַט זײַנען

[1] עמעס?

זיי? דאָס, טראַכט איך, איז שוין אונדזערע א זאַך. איך פאַרשטיי זיך אַף מענטשן, זאָג איך צו מאַלאַניען: „זיי געפעלן מיר ניט". ענטפערט זי: „מע האָט זיי צוגעשיקט". וואָס איז אונדז געבליבן צו טאָן, אַז קיין מאַנצבלען זײַנען ניטאָ? א טאָעס קאָן מען אויך האָבן. האָבן מיר באַשלאָסן ברענגען צו אײַך, איר זאָלט אויספאַרשן.

דאַראָנין איז דעם לעצטן מעסלעס אומרויק. ער איז שלעכט געשלאָפן. לויט זײַן כעזשבן האָט טאַנק מיט די כאַוויירים זיך שוין געדאַרפט אומקערן. אַלנפאַלס, האָט איזי געדאַרפט עפּעס געבן צו וויסן. ווען אַלץ זאָל גיין קעשורע, וואָלטן זיי נאָך נעכטן געדאַרפט זײַן. מע קאָן אָבער ניט אַלץ פאַרויס אויסרעכענען. מאַכט זיך, אַז מע פאַרהאַלט זיך. זײַנען זיי נאָך הײַנט אויך ניטאָ. דאַפקע אינעם שלעכטן שלאָף האָט זיך אים עטלעכע מאָל געפלאָנטערט איין און דער זעלבער כאָלעם. גאַרנאָסטײַ קומט, און ער, וואָלאַדימיר, פאַרהיקעט זיך באַם ראַפּאָרטירן. טאַנק ווינקט אים, אַז עס פּאַסט ניט. און אַניע, אין א ווײַס קעלנערל, שמייכלט נאָר מיט די אויגן און האַלט זיך אײַן פון לאַכן. עס פּאַסט ניט.

דאַראָנין וואַרט, אַז אָט־אָט וועלן זײַנע כאַוויירים אָנקומען. ער וועט זיי אַרומנעמען. אַניען וועט ער זאָגן א גוט וואָרט. וואָרעם די גאַנצע צײַט איז ער מיט איר אַלץ אָפיציעל, שטרענג...

— זעצט זיך, — זאָגט ער צו די צוויי קאָלווירטניצעס. — און איר, — ווענדט ער זיך צו דער פרוי מיטן מאַנצבל, — זעצט זיך אויך. אָט אַזוי... איצט לאָמיר זײַן באַקאַנט. איך הייס וואָלאַדימיר דאַראָנין. און איר?

## 18

קלאַנגען, ווי פריש וואַסער אין קוואַלן, זײַנען אָפּגעקומען אַלץ נײַע. אין דער שטאָט, אין די שטעטלעך און דערפער האָט יעדער טראָפּן נײַס געפונען א ריטשקע, וווהין זיך אַרײַנגיסן.

— גאַרנאָסטײַ... איינער אַליין! און אַלע אַף זײַן זײַט. געליטן האָבן די דײַטשן.

— לאַנג לעבן זאָל דער גאַרנאָסטײַ!

איידעס זײַנען געוווען. אינגיכן האָבן זיי ניט דערקענט זייערע אייגענע דערציילונגען. אין אַזוינע פאַלן טרעפט, אַז די איידעס נעמען קוקן אַף די געשעעניש מיט די אויגן פון די, וואָס דערציילן די גוזמאָעס. אַזוי איז אויך איצט געוווען. די איידעס האָבן אָנגעהויבן זען אַזוינס, וואָס פריִער האָבן זיי ניט באַמערקט, אַלע טאָג דערמאָנען זיי זיך עפּעס נײַס.

די קלאַנגען זײַנען דערגאַנגען צו דאַראָנינען. ער איז זיך מיט זיי באַגאַנגען, ווי אין יענער רעטעניש, ווען מע דאַרף א דריטל אָפּגעבן דער וואַנט, א פערטל וואַרפן אין וואַסער און דאָס רעשט טיילן אַף העלפט. ערשט דעמלט האָט ער זיך געשאַפן א פאַרשטעלונג אומגעפער ענלעך אַף עפּעס. אָבער פאַרוואָס קומען זיי ניט? ער האָט זיך שוין פּאַשעט פאַרבענקט נאָך טאַנקן און סטעפּניאַקן. און אַניע? וויאַזוי האָט זי זיך אָפּגעפירט? זי איז דאָך טאַקע א קינד, א יונג מיידל, א ווויל מיידל. און איזי ווו האָט זיך פאַרהאַלטן?

די אויספירער האָבן געבראַכט נײַע ידיִעס וועגן די דײַטשן. זיי גייען לאַנגזאַם, נאָר זוכן אונטער יעדן בוים. נעכטן זײַנען זיי אָנגעקומען אין אַלטן לאַגער. דער ערשטער אײַנדרוק זייערער איז, אַפּאָנעם, געוווען, אַז די פּאַרטיזאַנער זײַנען געלאָפן. דערנאָך זײַנען זיי אַוועק מיטן וועג, אַף וועלכן ס'זײַנען געוווען סימאָנים פון פּראָדוקטן. נאָר אַז זיי זײַנען צוגעקומען צום פאַנאַנדערגענומענעם בריקל, זײַנען זיי געבליבן שטיין: „ניין, ניט מיט דעם וועג איז מען אַוועק. מע נאַרט אונדז".

די דײַטשן זײַנען אַרײַן צוריק אין לאַגער און באַשלאָסן איבערנעכטיקן.

— אײַערע ידיִעס זײַנען צו פּינקטלעכע. איר פאַנטאַזירט ניט?

— ניין.

— אָן פינף אַף וויפל?

— יאָ. מיטן בריקל האָבן מיר עפּשער איבערגעטריבן...

— ווען וועט איר האָבן נײַע ידיִעס?

— מאָרגן אינדערפרי.

א גאַנצע נאַכט רעגנט. די טראָפּנס פאַלן גרויסע און יעדערער באַזונדער, זיי קלאַפּן אין דאַך, ווי אין א פּויק. אין אַזא נאַכט האָט דאַראָנין ליב זיך אײַנקוטען, האַלב־דרעמלענדיק א פאַנטאַזיר טאָן און געשמאַק אײַנשלאָפן. נאָר הײַנט שלאָפט זיך ניט. ער צינדט אָן א ליכט. מיטן ליכט אין דער האַנט זיצט ער אַף זײַן געלעגער און באַטראַכט די מאַפּע פון פּססר. א פיזישע מאַפּע, דערשינען אין 1937. שילער פון א דאָרף האָבן זי געבראַכט — א מאַטאָנע דעם קאָמאַנדיר. פון אויבן לינקס איז דאָס סקאַנדינאַווישע האַלב־אינדזל, וואָס זעט אויס, ווי א פּודעל, וואָס האַלט אינמיטן א שפּרונג טאָן צו מײַרעוו. די פּאַדערשטע פיס זײַנען געצילט דורך קאָפּענהאַגען קיין בערלין. אַריבער דעם רויטן גרענעץ־פּאַס הענגט אַראָפּ זײַן עק אין ווײַסן יאַם. בא מזר־

מאנסק און נידעריקער איז דער עק אײַנגעפּראָרן און לאָזט ניט שפּרינגען. א פּאָר טראָפּן ווײַ־סער כײַלעוו פאַלט אַף דאָראַנינס האַנט. ער נעמט דאָס ליכט אין דער צווייטער. ער וויל שוין מער ניט זען די מאַפּע. ער האָט געוואָלט א קוק טאָן, ווו זײַנען איצט אייגענע, ווו פרעמדע. נאָר עפּעס לאָזט אים ניט. צופיל אייגנס איז בא פרעמדע. ער פאַרלעשט דאָס ליכט. עפּשער וועט ער אײַנשלאָפן. ניין, עס שלאָפט זיך ניט, כאָטש עס איז שוין ווײַט אין דער נאַכט. ער טוט זיך אָן און שטעלט זיך אין דער טיר מיטן פּאָנעם צום רעגן. ער וויל כאָטש דערוויַיל אין גוטע ידיִע: וועגן טאַנקן מיט די כאַוויירים. ער רוקט זיך ארויס אונטערן רעגן. א פינצטערניש ארום, ווי בא א טויטן אין גרוב. א רעגן, א ווינט. מע זעט ניט, פונוואַנען דער רעגן פאַלט, פונוואַנען דער ווינט קומט. צום פּאָנעם איז צוגעפלויגן א נאַס בלעטל און זיך צוגעקלעפּט. ערגעץ ווײַט איז מאַסקווע. אויך אין פינצטערניש אײַנגעהילט. א הויפן נאַסקײַט גיט אים א שמיץ אין פּאָנעם. ער דערפילט טראָפּנס אונטערן קאָלנער. אים ווערט קיל. אָפּגעריסן פון דער גרויסער ערד, ער־געץ אין א וואַלד, מיטן פּאָנעם צום רעגן, צו דער פינצטערניש און צום גרויליקן רויש און קרעכצנדיקע ביימער.

דאָראַנין כאַפּט אוף א באַוועגונג. ער דערהערט טריט איבער דער פײַכטער ערד און נאַסן גראָז.

— דער קאָמאַנדיר שלאָפט? — פרעגט א באַקאַנטע שטים.

„אהא, די שטים פון קאָוואַלענקאָן".

— שלאָפט, — ענטפערט דער דעזשורנע.

— א שאָד! געוואָלט אים דערפרייען. א „צונג", וואָס וועטריידן.

דער קאָמאַנדיר פירט ארײַן קאָוואַלענקאָן מיט דער „צונג" צו זיך.ביידע זײַנען דורכגע־נעצט ביז די ביינער. ניט עס רינט פון זיי, נאָר עס רעגנט. פולע שיך און פולע קעשענעס מיט וואַסער. ניט נאָר דער פּאַרטיזאַן איז צופרידן, וואָס ער איז אָנגעקומען אין לאַגער, נאָר אפילע די „צונג" איז צופרידן. דאָראַנין איז געוויס צופרידן. א „צונג" פאַר א שלאַכט קומט שטענדיק צוניץ.

**19** דער וועג צוריק איז א שווערער. דײַטשן און פּאָליציי היטן אלע וועגן, זוכן אין די וועלדער, אין די דערפער. אומעטום זײַנען זיי פול. זיי זוכן דעם פּאַרטיזאַ־נישן אָנפירער פיליפּ גאָרנאָסטײַ. עס לאָזט זיך אויס, אז דער דאָזיקער גאָרנאָסטײַ איז אומע־טום פאַראַן, אומעטום פאַלט ער אָן און שטענדיק גייט ער אוועק גאַנץ.

פּאָר א גרויסער גרופּע איז שווער זיך דורכצורײַסן צווישן אזויפיל פאַרצוימונגען. טאַנק און זײַנע כאַוויירים האָבן באַשלאָסן זיך צעטיילן אין צוויי גרופּעס. אניע מיט די צוויי שוועסטער זײַנען אוועק באַזונדער. אניע געזעגנט זיך מיט אלעמען, זי געזעגנט זיך מיט וואַניע סטעפּניאַקן.

אין יענער שאָ, ווען ער איז געוואָרן גאָרנאָסטײַ, האָט זי געפילט, אז זי איז מיט אים, אז דאָס טוען זיי ביידע. איין גאָרנאָסטײַ איז אומגעקומען, און א צווייטער איז אופגעקומען. דער ערשטער איז איר געווען א טאַטע און א לערער. דער צווייטער איז איר א כאַווער. ביידע שוועסטער קוקן אַף אניען ווי אַף א העלדן. דאָס נעזל פון דער עלטערער שוועסטער איז געוואָרן ווינציקער שפּיצעכיק און זי דערלויבט זיך אפילע א שמייכל טאָן. פונקט ווי זי איז א מאַמע צו איר שוועסטער, אזוי וויל זי זײַן א מאַמע צו אניען. אין וועג גייט זיי צום אָנהייב אלץ קעשורע. זיי האָבן זיך אפילע ניט פאַרגעשטעלט, אז אזוי לײַכט און גוט וועט עס זיי אָנקומען. זיי ווייסן שוין איינע וועגן דער אנדערער אלץ. פון געבאָרן ביז הײַנטיקן טאָג. איניגיכן וועלן זיי אָנקומען אין ווינטער־לאַגער. אניע ווייסט, אז דער אָטריאַד האָט געדאַרפט אריבער אהינצו. טאַנק און סטעפּ־ניאַק האָבן איר געגעבן אויסגעמאָלט דעם וועג אהין. באַלד וועט זײַן א בריקל פון צוויַיגן, אונטערן בריקל א שטיל ריטשקעלע וואַסער. אזוי איז עס... אניע שטעלט זיך פאָר, ווי מ'וועט זיי באַגע־גענען אין לאַגער.

דאָס האַרץ זאָגט איר, אז דעם ערשטן וועט זי דערזען דעם טאַטן און דערנאָך איזין. זי בענקט שוין נאָך זיי. זי האָט זיי וואָס צו דערציילן. מיט איזין וועלן זיי זיך באַגעגענען ווי א ברודער מיט א שוועסטער, ווי כאַוויירים, ווי פּאַרטיזאַנער. וואָס נעענטער דער לאַגער, אלץ פּאָר־זיכטיקער גייען זיי. אלץ רופט ארויס כשאַד. אָט נעמט דוכטן, אז דײַטשן ריידן. אָט דערהערן זיי טריט. צי האָבן זיי ניט אָנגעהויבן בלאָנדזשען? אלע דרײַ שווײַגן. אניע פילט, אז זי טאָר ניט שווײַגן, זי דאַרף זיי אופמונטערן. זיי זיצן אונטער א בוים, און אניע דערציילט א מײַסע:

— אמאָל, גאָר אמאָל... איז די זון אופגעשטאַנען נאָכן שלאָף אפן באַרג אראַראַט... (איר פאַרשטייט דאָך, אז די זון שלאָפט ניט, מע האָט עס אויסגעטראַכט אַף דערציילן די מײַסע), איז אופגעשטאַנען די זון און געפונען אין דער קעשענע צוויי לעוואָנעס. אַף וואָס דאַרף די זון צוויי

לעוואָנעס, אַז פֿון שטענדיק אָן איז נאָר איינע? „מיידלעך! — האָט די זון אַ געשריי געטאָן. — איר דאַרפֿט אַ צווייטע לעוואָנעס?..“
— נו? — פֿרעגן די שוועסטער. — וואָס האָבן די מיידלעך געענטפֿערט?
— גאָרניט.
— פֿאַרוואָס?
— געוועזן פֿאַרנומען. געפֿירט ליבעס באַ דער ערשטער לעוואָנע.
די שוועסטער שלאָפֿן איין. אַניע שלאָפֿט ניט. זי שטעלט אויף אין זיקאָרן דעם וועג צום ווינטער־לאַגער.
אין וועג האָבן זיי געהונגערט, נאָר וועגן דעם ניט גערעדט. איינמאָל האָבן זיי זיך אָנגעגעסן מיט ריאַבינע, אַ צווייט מאָל האָבן זיי געקאָכט שוועמלעך. עס האָט זיך באַוויזן דאָס ערשטע שנייעלע, אַרומגעפֿלויגן אינדערלופֿטן און צו דער ערד קימאַט ניט געפֿאַלן. זיי האָבן דערפֿילט, אַז די קויכעס פֿאַרלאָזן זיי. זיי זײַנען געבליבן זיצן אַף אַ פּניאַק און זיך געפֿוילט אופֿשטיין. ניט אַזוי געפֿוילט זיך, ווי ניט געקאָנט. זיי מוזן גיין ווײַטער, זיי פֿאַרשטייען עס און קאָנען ניט גיין. קיין איין גליד רירט זיך ניט. און פּלוצעם האָט אַניע דערהערט טריט. איר דוכט, אַז דער טראָט ברעכט צווײַגלעך אונטערן פֿרישן שניי. אומגעריכט קומט אויף אַ געדאַנק: „אַ וואָלף! יענער וואָלף. פֿון דער קינדהײַט“. נאָר קיין מוירע פֿילט זי ניט. ניין! ווען איז דאָס געווען? אַז זי איז אַ יונג מיידל געווען און פֿאַר אַלץ מוירע געהאַט. דעמלט איז זי געווען אַ קינד. איצט איז זי אַ פּאַרטיזאַנערן. אַ קאָמאַנדיר. זי האָט אָן אופֿגאַבע און איז פֿאַראַנטוואָרטלעך פֿאַר מענטשן. זי וועט בײַקומען דעם וואָלף. צום לאַגער איז נאָענט. זי וועט רופֿן הילף. זי וועט שרײַען. אַזויפֿיל גוטעפֿרײַנט האָט זי!
— וואַניע! גאָרנאָסטײַ!
אַנטקעגן איר איז געבליבן שטיין אַ מענטש מיט אַ פֿאַרשנייטער געלער באָרד.
— איצקאָרן!..

ביזן לאַגער האָט זיי איצקאָרן געפֿירט. דאָס האָט טאַנק אים אַרויסגעשיקט באַגעגענען זיי. מיט זייער קומען האָבן זיך אַלע געפֿרייט. אַלע זײַנען אַרויס אַנטקעגן. טאַנק, און סטעפּניאַק, און דער טאַטע. אַניע האָט זיך געוווּנדערט, פֿאַרוואָס איזי איז ניטאָ.
— ווו איז איזי? נאָך ניט געקומען?
קיינער האָט ניט געענטפֿערט. אַלע האָבן אַראָפּגענומען די היטלען און אַראָפּגעלאָזט די קעפּ. נאָך עטלעכע מינוט שווײַגן האָט דאַראַנין גענזאָגט:
— ער וועט מער ניט קומען.
און לאַנג זײַנען אַלע געשטאַנען מיט אַנטבלויזטע אַראָפּגעלאָזטע קעפּ.



## שלוימע טשערניאַווסקי

### איך טראכט איצט אַלץ אָפטער און אָפטער

איך טראכט איצט אַלץ אָפטער און אָפטער,
ווען כ׳טונק אײַן אין טינטער די פּען:
איך בין פונעם לעבן געשטראָפט מער,
ווי קיינער נאָך קיינמאָל געווען.

געוואָלט פון מיר מאכן א קריפּל,
באגאנגען זיך מערער ווי הארב,
צעבראָכן דעם רוקן, די ריפּן,
ניט אײַנגעבראָכן אָבער מײַן הארץ.

ווײַל ס׳זיצט דאָרט אין הארצן א לערכע
און זיצן איר טוט דאָרט ניט באנק,
און ס׳קאָן איצט ניט קיינער פארשווענכן
איר ערלעכן פראָסטן געזאַנג.

פארעדט זי, פארטרײַבט זי דעם טרויער,
צעשיידט זיך מיט מיר שטילערהייט
און לאָזט זיך אוועק אין די בלויען
צו אויסזינגען דאָרטן איר פרייד...

כ׳ווייס זיכער, זי וועט זיך נאָך קערן
און גרינג מאכן מיר דעם געמיט,
און ס׳וועלן נאָך מענטשן דערהערן
איר זויבערע, הארציקע ליד.

### ס׳טראָגט דער מענטש דיר ערדיש-גוטן פײַער

דער מוילעד ווערט געבוירן, ווי א שלײַען,
און איינזאם שווימט ער אום אין בלויען יאם.
זײַן גוירל איז פארגיין און זיך באנײַען
און ווידער ברענען מיט א קאַלטן פלאַם,
און סטעזשקעס זילבערנע אף יאמען שפּינען,
און פירן פאָרלעך צו דער בריק פון גליק,
זיך אײַנוואשן אין טויען פון באגינען
און אופגיין ריין אין אָוונט אפצוריק.
און פולער, פולער, ווי אן עפּל ווערן,
ביז קײַלעכיק וועט אויסזען זײַן געזיכט,
און הייסן א לעוואָנע צווישן שטערן,
וואָס גיסט, ווי האָניק, אף דער ערד איר ליכט.

אָ, ערדישע באגלייטערן, דו גרײַזע,
יאָרטויזנטער אין סוידעס ביסט פארהילט.
מיר וועלן זיי צעקאָווען און באווײַזן
דער גאנצער וועלט, וואָס קוקט אף דיר איצט מילד.
מיר האָבן אים, דעם הימל, אופגעשלאָסן
און וואָגלאָז זיך געלאָזט אין ווײַטן שווים.
פאר דיר א קאָס מיט גוטסקײַט אָנגעגאָסן, —
קיין טראָפּן ניט צעגיסן איצט פון אים.

דער מענטש מיט רויטן שטערן וועט דער ערשטער
אף דײַנע ברייטע קראַטערן אראָפּ,
אף ניט פארשקלאָפן דיך און זײַן א הערשער,
נאָר מילד פארנייגן דיר זײַן קלוגן קאָפּ.
מיט הענט מיט ערדיש-ווארעמע בארירן,
דײַן גאָלד-לעוואָניק לײַב צום ערשטן מאָל.
אין אָרעמס זײַנע וועסטו שוין ניט פרירן
און זײַן ניט איינזאם-אָרעם, ווי אמאָל.
באם יאם פון לויטערקײַט באקלערט ט׳ער שטעלן
זײַן ערשטן ערדישן פאר זיך געצעלט.
עס וועלן ווערן ווארעמער די וועלן,
ווײַל ס׳האָט זײַן ווארעמקײַט זיי לאנג געפעלט.
אָ, מוילעד, ווערסט געבוירן, ווי א שלײַען,
און איינזאם שווימסטו אום אין בלויען יאם,
נאָר ס׳טראָגט דער מענטש דיר ערדיש-גוטן פײַער,
און ווארעם זײַן וועט אויך דײַן קאַלטער פלאַם.

## צו דער מוזע

ס'איז דאָס לעבן ווי טרעפּלעך פון גליק,
ווער אַרויף, ווער אין נידער.
כ'שטײַג צו דיר, וואַרפט דער גורל צוריק
מײַנע אָרעמע לידער.

וויפל בײַלן איך כאַפּ דאָרט און קלעפּ,
נאָר ס'איז גרויס מײַן אַקשאָנעס.
כ'וואַרט נאָך אַלץ דאָרט אַף דיר בײַ די טרעפּ,
האָב אַף מיר שוין ראַכמאָנעס.

לאָז אַראָפּ זיך צו מיר אַף דער ערד
פון אָלימפּ דײַן צעשטראַלטן,
אויב פאַרדינט כ'האָב בײַ דיר, אויב כ'בין ווערט,
כ'וועל דיך לאַנג ניט פאַרהאַלטן.

יעדער טרעפּל — דאָס בין איך אַליין,
טרעט, מײַן טײַערע, ווייכער,
ניט צעטרייסל מײַן צאַרטן געביין,
ס'וועט ניט בלײַבן קיין זייכער.

ס'וועט ניט בלײַבן קיין שפּור גאָר פון מיר.
נאָר אַ פונק בעט איך לאָזן,
ס'זאָל פון אים, מיטן ווינט אין באַריר,
העל אַ פלאַם זיך צעבלאָזן...

## אין אַ וויוגע

פונקט ווי טויזנט שיידים, רוכעס,
ווי אין פּושקינס שיידים-ליד,
וואָיעט, ווײַנט די זאַווערוכע,
פון אַ גרויער זיפּ זי שיט.

שניי און שניי, און וויל פאַרשיטן
בייז און גוטס אַף גאָרער וועלט.
שמײַסט די ערד מיט ווײַסע ריטער,
בריט און בראָט זי מיט איר קעלט.

אָט אין וואָלקנס זיך באַהאַלטן,
אין אַ שיידים-טאַנץ אַוועק...
ווער אין מידבער אינעם קאַלטן
זוכט אַ וועג און זוכט אַ שטעג?

מיר איז גוט דאָ אינעם שטיבל
בײַ דעם פײַערל, וואָס פלאַמט...
דו, מײַן וואַנדערער מײַן ליבער,
האָסט דײַן פײַערל פאַרזאַמט?

דורך דער פינצטערניש דער ווײַסער,
ווי פון האָפענונג אַ שטראַל —
אָט פאַרלירט זיך, אָט באַווײַזט זיך,
טוט אַ שײַן אַף דיר אַ פאַל.

זאָל די שײַן אַהער דיך פירן,
הימלעך דאָ נאָכן זאַוויי,
ס'וואַרטן בולבעס אין מונדירן
און אַ קעסעלע מיט טיי.

## ווי אַ וואָלקן אַ פאַרבענקטער

ווי אַ וואָלקן אַ פאַרבענקטער,
ביסט אַוועק אין טאָג אין גראָען,
וויפל שאָען גליק געשענקט מיר,
וואונדער-שאָען, פײַער-שאָען.

דונערס האָבן זיי געטראָגן
און געקנאַלט מיט בלויע בליצן.
פונקען פײַער אויסגעשלאָגן
בײַ די הימאַלײַער שפּיצן.

אַז אַ גאַנצע וועלט זאָל וויסן,
אַז אַ גאַנצע וועלט זאָל הערן:
ליבשאַפט פלייצט, ווי אַ געוויסער,
רײַסט די הרעבליעס, וועלכע שטערן.

וואונדער-שאָען, פײַער-שאָען
אין געלויף פון צײַט — אַ רעגע,
בלויז אַ פונק פון אירע טלאָען
אַף די גרויסע לעבנס-וועגן.

גייען וועגן זיך פאַנאַנדער
אַף זיך ערגעץ, ערגעץ טרעפן.
לאַנג ניט זאַם זיך, לאַנג ניט וואַנדער,
אומדערוואַרט מײַן טיר צעעפן...



אירמע דרוקער

# קלעזמער

## דאניעלס טויט

אינמיטן דער נאכט האָט זיך שאָלעמקע אופגעכאפּט א דערשראָקענער פון דער מאמעס גוואלדן:

— טאטע, לאָז זיך ניט אָפּ, שטארק זיך! טאטע, לאָז אונדז ניט איבער!

שאָלעמקע איז אין איין העמד ארויסגעשפּרונגען פון בעט. ער האָט זיך ארומגעקוקט אין אלע זייַטן און דערזען די שכיינים פון קאָרידאָר, וואָס זייַנען זיך צונויפגעלאָפן אף דער מאמעס גוואלדן.

דאניעל האָט געעפנט די אויגן, באקוקט אלעמען, ווי ער זאָל זען די מענטשן צום ערשטן מאָל:

— וואָס איז, הא? וואָס קומט דאָ פאָר? פארוואָס זייַנען אלע אזוי צעטומלט? ס'איז דאָך שוין כוידעש ניסן. דער בעסטער כוידעש אף צו שטארבן: אז מ'שטארבט ניסן־צייַט, גייט מען דאָך גלייַך אין גאניידן אריַין...

— אוי, ער רעדט! — האָט טשיפּע־שיפּרע א פּאטש געגעבן מיטביידע הענט. — לייקע האָט אים ווידער אָפּגעשריִען, האלעווייַ אף לאנג!

שאָלעמקע, וואָס האָט זיך אזוי שטארק איבערגעשראָקן פארן טויט און ניט מיט זייַן קאָל געשריִען: „זיידע! זיידע!", האָט זיך דערפרייט, וואָס מע קאָן אָפּשרייַען פון טויט. ווייבאלד אזוי, וועט ער לעבן אייביק און קיינמאָל ניט שטארבן. די זיכערקייַט אין אומשטערבלעכקייַט האָט זיך אָבער גלייַך א וואקל געגעבן — ווייבאלד מע קאָן אָפּשרייַען און מע קאָן לעבן אייביק, איז פארוואָס זשע שטארבט מען? פארוואָס האָט מען ניט אָפּגעשריִען די באָבע? פארוואָס האָט מען ניט אָפּגעשריִען דעם טאטנס טאטן? פארוואָס איז געשטאָרבן דער מומע עטלס דאָווידל?

פארטאָג האָט שאָלעמקען זיך געכאָלעמט, אז דער זיידע ליגט אין דער מיטע צוגעדעקט

פאָרזעצונג. אָנהייב זע נומ. 3.

מיט א שוואַרצער דעקע, אַף וועלכער עס איז אָנגעשריבן מיט ווײַסע אויסיעס: „און זײַנע טריט זאָל ער האַלטן גרייט אין וועג אַרײַן". מע טראָגט אַרויס די מיטע פון זייער שטוב און מ'לויפט מיט איר...

אין סאַמע לויפן מיט דער מיטע האָט לייקע גענומען וועקן שאַלעמקען פון שלאָף:

— שטיי אויף, פעפערל מײַנס! שטיי אויף! דער זיידע וויל זיך מיט דיר געזעגענען און דיך בענטשן!

לייקע האָט צוגעטוליעט צו זיך איר שאַלעמקען, אים געקושט אין די פאַרפלאַמטע באַקן, אין די איבערגעשראָקענע אויגן...

דאַניִעלס הענט האָבן געציטערט אַף שאַלעמקעס קאָפּ, און זײַן בראָכע האָט געציטערט אַף די ליפּן:

— וועהאַוואָטאָ... און דו זאָלסט ליב האָבן!.. האָב ליב דעם טאַטן מיט דער מאַמען, האָב ליב דײַן כאַוער, דעם שאָכן, דעם נאָענטן און ווײַטן, דעם אייגענעם און פרעמדן. געדענק, ליבע צום מענטשן און צו גאָר דער וועלט הייבט זיך אָן פונעם סאַמע קלענסטן גרעזל...

דאַניִעלן האָט פאַרכאַפּט דעם אָטעם, די בראָכע האָט זיך אים געשטעלט אין האַלדז. דער אַלטער איז געלעגן אומבאַוועגלעך. דער ווײַסער לײַלעך, דער צודעק זײַנער, האָט אויסגעזען ווי א זעגל אין א שטילן פרימאָרגן. לייקע האָט א ווונק געגעבן צו דאַווידן, און דאַוויד האָט פלינק אַרויסגעריסן פון דער פערענע א פעדער און צוגעלייגט צו דאַניִעלס נאָזלעכער. דאָס פעדערל האָט, ווי א ווײַס אומשולדיק פלאַטערל, זיך אופגעהויבן אין דער הייך, און אָנגעזאָגט די בסורע:

— ער לעבט!

פאַרנאַכט. די זון האָט געהאַלטן באַם פאַרגיין. א שקיִע־שטראַל איז צוגעקומען צום פענצטער פון דאַווידס שטוב, געפאַלן אַף דאַניִעלס אַלט פּנים. דאַניִעל האָט זיך אופגעכאַפּט פון שלאָף מיט אַן אויסגערוט פּנים און לעבעדיקע בליקן. אין לייקען האָט זיך אופגעוועקט א האָפענונג — דער טאַטע וועט נאָך לעבן, און לעבן א סאַך יאָרן. און אַז דער טאַטע לעבט, איז וויפל זאָלסט ניט אַלט זײַן, ביסטו נאָך אַלץ א קינד, ביסטו ניט קיין עלנטע אַף דער וועלט.

— איאַ, טאַטע, דו פילסט זיך בעסער?

דאַניִעל גיט איר נאָך:

— אַוודע, טאָכטער מײַנע, אַוודע פיל איך זיך בעסער.

— וואָס זאָגסטו, דאַוויד?

— בעסער, אָן אָן ערעך בעסער...

לייקע קושט שאַלעמקען:

— קינד מײַנס, דעם זיידן איז בעסער.

פאַרנאַכט זײַנען אַלע, ווער נאָר ס'האָט געקענט דאַניִעלן, אים געקומען מעוואַקער־כוילע זײַן. עס איז געווען אַזוי שטיל, אַז דאַניִעלס שוואַכע שטים איז דערגאַנגען צו יעדן:

— איך האָב געזען א וווּנדערלעכן כאָלעם. מ'האָט מיר געגעבן צו וויסן, אַז איך זאָל זיך קלײַבן אין וועג אַרײַן. איך האָב זוכע געווען זען דעם גאַניידן... אַרום און אַרום — לאַנגע טישן פון בעסטן פימסנהאָלץ. אַף די טישן ליגן צעעפנט הייליקע ספאָרים. זייערע אויסיעס שײַנען ווי די שטערן אין הימל. אַרום און אַרום די טישן — שטולן. אַזעלכע שטולן האָב איך קיינמאָל אין מײַן לעבן ניט געזען. יעדער שטול — א קיסיי האַקאָוועד, כאָטש זעץ זיך אַוועק אַף אים און קיניג... און אָט שטייט מײַן שטול, ער וואַרט אַף מיר...

לייקע האָט אויסגעבראָכן מיט א געוויין. קוקנדיק אַף דער מאַמען, האָט זיך אויך שאַ־לעמקע צעוויינט.

— טאַטע, לאָז זיך ניט אָפּ, שטאַרק זיך! טאַטע, לאָז אונדז ניט איבער!

— זיידע!

דאַניִעל האָט ברייט צעעפנט די אויגן און זיך געבעטן:

— פאַרהאַלט מיך ניט! לאָז מיך! איך גיי! איך גיי! — דאַניִעל האָט זיך אויסגעצויגן...

דער מעס איז געלעגן אַפן דיל. אונטער אים איז געווען אונטערגעבעט אַלטע שטרוי. אַרום און אַרום זײַנען געשטאַנען מעשענע לײַכטער, וועלכע די שכיינים האָבן צונויפגעטראָגן. די לײַכטער, וואָס זײַנען געווינט פײַערלעך באַגעגענען שאַבאָסים און יאָמטויווים, כאָסן־קאַלע, האָבן איצט באַלויכטן דעם וועג פאַר דאַניִעלן אין זײַן אייביקער רו. די פײַערלעך האָבן גע־שמאָלצן דעם כיילעוו פון די ליכט, זיך געטוקט און אַף זייער פײַערדיק שטום־לאַשן געזאָגט,

אז קיין אייביקייַט איז ניטאָ... אָט־אָט וועלן זיי צעשמאָלצן ווערן, נעמען צאַנקען און אויסגע־לאָשן ווערן.

באַם טאַטן צוקאָפּנס איז געזעסן לייקע, לעבן איר פּאולינע מיט כאַלאַשעס־טראָפּן, מיט טראָפּנס אַף אונטערהאַלטן דאָס האַרץ, מיט וויַין־עסיק אַף איַינרייַבן די שלייפן און מיט אַ פלאַש קאַלטן וואַסער אַף באַשפּריצן דאָס פּנים.

ווי נאָר לייקע האָט אופגעהערט וויינען, פלעגט פּאולינע זי נעמען מונטערן, ראַטעווען און טאָן אַלץ, זי זאָל ווידער וויינען. לייקעס שטים האָט זיך אַלע ווייַלע געענדערט, אָט ווערט זי דערשטיקט אין געוויין און אָט צערייַסט זי זיך אַף שטיקער פון צו הויכע קוויטשערייַען. אָט זינגט זי מיט אַ ניגון, און אָט רעדט זי ווי אין אַ פּאַשעטן מיטוואָך.

— ...אַז איר ווייסט גאָר ניט, ווער ער איז געווען, אַז איר ווייסט גאָר ניט, וועמען מיר האָבן פאַרלוירן! — און ווידער אַ קוויטש און ווידער רייַסן זיך די ווערטער מיט אַ טכינע־ניגון: — די קרוין פון מייַן קאָפּ איז מיר אַראָפּגעפאַלן, די זון איז פאַרגאַנגען, פינצטער און וויסט איז מיר. פאַרשטערט זייַנען געוואָרן אַלע מייַנע סימכעס, אַ בראָך איז צו מיר און אַ קלאָג איז צו מיר!

לייקע האָט טייַנעס צום טאַטן אין הימל און הערט אים ניט אוף בעטן פאַר איר טאַטן:

— אַלמעכטיקער גאָט, דו זאָלסט זיך דערבאַרעמען מיט דייַן גרויס גנאָד צו עפענען אים די טויערן פון כעסעד און פון ראַכמים...

און אַז לייקע נעמט כאַלעשן, וויל יעדע איינע פון די ווייַבער פאַרנעמען איר אָרט און ווערן די פירקלאָגערן. איינע וויל ניט אָפּטרעטן דער צווייטער:

— וואָס! נאָר איר האָט צאַרעס? מיר האָבן אויך גענוג, עפּשער מער פון אייַך! מע דאַרף דאָך האָבן גאָט אין האַרצן און אַ צווייטן אויך לאָזן זיך אויסוויינען!

לייקעס אָרט פאַרנעמט טשיפּע־שיפּרע, דאַניעלס סאַמע נאָענטע שכיינע. טשיפּע־שיפּרע קאָן זיך ניט אָנוויינען, זי בעט דאַניעלן, ער זאָל זייַן אַ גוטער בעטער פאַר איר:

— אַז איר וועט זיך באַגעגענען מיט די אויסגעלייַטערטע נעשאָמעס פון מייַן טאַטן, פון מייַן זיידן, פון מייַנע ברידער און גלידשוועסטערקינדער, זאָלט איר זיי איבערגעבן, אַז זייער טשיפּע־שיפּרע איז אַף גרויסע צאָרעס — פינף קינדער זייַנען באַ איר געשטאָרבן, ווי איז דער מאַמען!

טשיפּע־שיפּרעס אָרט פאַרנעמט איר מאַמע, די אויסגעטריקנטע און אויסגעדייוועטע פּעסל. זי קלאַפּט מיט אירע שטעקלדיקע הענט אין דיל און שרייַט הויך, אַף אַ קאָל:

— רעב דאַניעל! רעב דאַניעל! לייגט אוועק די אַלע זאַכענישן, מיט די אַלע בעטערייַען און באַקאָשעס, און די ערשטע זאַך זעט זיך דאַביוועשן צו אים, צו קידושע בריכהו, און זאָגט אים, אַז ס'איז שוין געקומען די צייַט, ער זאָל אַראָפּשיקן מאָשיעכן...

— רעב דאַניעל! — רייַסט זיך אַרייַן די שטים פון אַ שכיינע, וואָס האָט זיך קוים דערוואַרט אַף דער מינוט אַף אויסריידן זיך דאָס האַרץ. — איך האָב זייער אַ סאַך וואָס צו בעטן, נאָר איך וועל אייַך קיין קאָפּ ניט דרייען. איך בעט אייַך נאָר, רעב דאַניעל, איר זאָלט זיך אַרייַנלייגן אינעם שידעך און טאָן אַלץ, אַז מייַן טאָכטער זאָל איניגיכן כאַסענע האָבן.

— און איך, ציפּע־דווירע, בעט נאָר אַ רעפוע. איך בין אַ מאַמע פון קינדער, און דער הוסט שטיקט מיך!.. אַ רעפוע, לעמאַנעשעם אַ רעפוע!

ווען פּאולינע ווייסט, אַז יענע־וועלט איז אַ יענע־וועלט פאַר אַלעמען און דאַניעל קאָן זיך דאָרט באַגעגענען מיט איר טשעסלאַוון, וואָלט זי געבעטן דאַניעלן איבערגעבן אַ גרוס איר טשעסלאַוון און אים זאָגן, אַז זי האָט זייַן צוואָע אויסגעפילט — דער פידל איז אין גוטע הענט. ער איז איבערגעגעבן געוואָרן עזרען. עזרע וווינט באַ איר — פּאולינע האָט אַ סאַך, אַ סאַך וואָס איבערצוגעבן איר זון, נאָר זי וואָגט ניט ריידן, זי וויינט נאָר, וויינט שטיל אין זיך.

נאָר טייַבעלע, איַיזיקל שיוועזיצערס ווייַב, האָט געשוויגן. זי האָט ניט געוואָלט אַרייַנמישן דעם צאַדיק אין קיין גנייוווישע געשעפטן. דאַניעל קלייַבט זיך אין גאַניידן, און אים וועט אוודע ניט פּאַסן בעטן באַ גאָט, באַ די מאַלאָכים און אויסגעלייַטערטע נעשאָמעס, אַז איר איַיזיקלען זאָל גיין אין זייַנע גנייוועס, ער זאָל גאַנוועגען און קיינמאָל זיך ניט פּאַקן.

שאַלעמקע האָט זיך גלייַך צוגעוווינט צום טויט, זיך גענומען באַרימען פאַר די כאַוויירים, פאַר די יינגלעך פון קאָרידאָר, אַז זייַן זיידע איז געשטאָרבן. שאַלעמקע האָט געצווייפלט, צי וועט דער זיידע פאַרגעדענקען דאָס אַלץ, וואָס די ווייַבער האָבן אים געבעטן און אָנגעזאָגט. און וויאַזוי קאָן ער ביכלאַל פאַרגעדענקען עפּעס, אַז ער קאָן ניט רירן מיט קיין אייווער?

דער טויט האָט אָנגעוואָרפן אַ שרעק אַף די אייַנוווינער פון לאַנגן פינצטערן קאָרידאָר, און עזרע האָט באַמערקט, אַז אין דער אָנוועזנהייַט פונעם טויט איז איינער באַם צווייטן געוואָרן כאָשעווער, טייַערער. מע האָט פאַרגעסן אין די פאַרשיידענע פאַריבלען און טייַנעס. זאָל שוין

זיין אזוי, ווי ס'איז, אבי מיטן לעבן. סארא פארגעניגן, ווען דאָס הארץ קלאפּט, ווען דער מאָגן מאַנט עסן, סארא פארגעניגן, ווען די פיס גייען און די אויגן זעען. ביז אהער האָט מען עס גאָרניט אָפּגעשאצט. יעדערער, צי ער האָט דאָס יאָ, צי ניט באנומען, האָט דערפילט, וואָס לעבן הייסט.

## — ווי גוט ס'איז צו לעבן

אין די שווערע טרויעריקע שיווע־טעג האָט עזרע געפירט זיין לערער קאמסקי און זיין טאַלמיד שאָלעמקע אף א קאָנצערט. עזרעס אלטער פריינט, דער גרייז־גראָוער אראָן פון סעוואסטאָפּאָל האָט געשפּילט אין סימפאָנישן אָרקעסטער פון ווארשעווער אָפּערע־טעאַטער. ער האָט שוין פון לאנג געזאָגט עזרען, אז ווען ער וועט נאָר וועלן, קאָן ער אים אוועקזעצן אין דער „גרוב" פון אָרקעסטער, און ניט אים אליין, נאָר אויך זיינע פריינט.

פון דער „גרוב" האָט שאָלעמקע געזען דעם זאַל מיט די פּליושענע שטולן, די לאָזשעס און גאלערייעס.

שאָלעמקעס אויגן זיינען פארבלענדט געוואָרן, זיי זיינען ניט געוווינט צו אזויפיל ליכט, צו אזא העלער שיין. די ענג־ליוסטרעס האָבן אויסגעזען אין שאָלעמקעס אויגן ווי נעסטן, אין וועלכע די זון מיט אלע אירע שטראלן איז געקומען אף נאכטלעגער.

דער זאַל וועט פון מינוט צו מינוט פולער. עס דערטראָגט זיך אהער דאָס שורשען פון זיידענע קליידער, א געמורמל און באזונדערע ווערטער: פּאַני! פּאַני! ביטע! ביטע!

אלע וויילע גיט א זעץ אין שאָלעמקעס נאָזלעכער דער רייעך פון פּארפומען. ער דערפילט דעם דופט פון סעדער, פון ערשט אָפּגעשניטענעם היי, פון מיאטע, בעז און רויזן. די רייכעס פאר־שיקערן אים.

און טוט שאָלעמקע א קוק אפן אָרקעסטער, ווערט ער פארציטערט: אזויפיל מוזיקאנטן, אזויפיל פולטן, אזויפיל אינסטרומענטן, אזויפיל אופגעמישטע נאָטן־ביכער!

די מוזיקאנטן שטעלן אָן די קיילים. שאָלעמקע פילט, אז עס גרייט זיך א שטורעם, עס וועט לאנג ניט געדויערן און דער שטורעם וועט אויסברעכן!

און וואָס טוט זיך דאָרט, הינטערן פאָרהאנג? ווער ווייסט, וואָס עס טוט זיך הינטער א פאָרהאנג? אן אנדער וועלט, א פארבאהאלטענע, א פארשטעלטע. ווער ווייסט, עפשער איז דאָרט הינטערן פאָרהאנג דער גאניידן?

דער גרייזער אראָן האָט פאָרגעשטעלט פאר די מוזיקאנטן עזרען, קאמסקין און שאָלעמקען. די מוזיקאנטן האָבן פריינטלעך זיך געגריסט מיט זיי. שאָלעמקע האָט גלייך זיך דערפילט ווי צווישן אייגענע און זיך אָנגעהויבן פאָרען מיט די אינסטרומענטן. דאָס יינגל הערט זיך צו צו דער שטים פונעם קאָנטראבאס. די קלאנגען זיינע גייען ווי פון אונטער דער ערד. נידעריק, נידעריק לייגט אויס דער קאָנטראבאס זיינע פעסטע קלאנגען ווי א פונדאמענט, זיי זאָלן קאָנען טראָגן אף זיך די העכסטע קלאנגען־שטאָקן, וואָס דער אָרקעסטער וועט ארופוואלגערן אף זיי.

די הארפע האָט אזוי פארכאפּט שאָלעמקען, אז ער האָט גאָר ניט באמערקט, ווי זיינע פינגער זיינען אייליק דורכגעלאָפן איבער די פילצאָליקע סטרונעס. די איבערגעשראָקענע סטרונעס האָבן אופגעהויבן א ליאַרעם, ווי אף א סרייפע. די הארפיסטקע האָט זיך צעלאכט. דער געלעכ־טער האָט געשפריצט פון אירע ברייט צעעפנטע אויגן, שטיפעריש געשפרונגען איבער איר דין געטאָקטער נאָז און איבער די ליפּן, פארפלאָנטערט זיך אין אירע בלאָנדע האָר, אין יעדן פאלד פון איר ווייסן קלייד.

— אנטשולדיקט! — האָט עזרע געבעטן פאר שאָלעמקען און איז שטארק רויט געוואָרן. — אנטשולדיקט אים, דאָס זעט ער צום ערשטן מאָל אין לעבן א הארפע...

— ער האָט גאָרניט געטאָן אזוינס, מע זאָל אים דארפן אנטשולדיקן! — האָט די הארפיסטקע געענטפערט אף פויליש.

שאָלעמקע האָט דערווייל באוויזן איבערצוציילן די סטרונעס פון דער הארפע און אויס־געשריען:

— א פידל האָט פיר סטרונעס און שפּילט אזוי שיין, איז וויאזוי זשע שפּילט שוין א הארפע, וואָס פארמאָגט אזויפיל סטרונעס?!

— ניט אין די סטרונעס גייט עס, — האָט דערקלערט די הארפיסטקע, — די הארפע איז דעם פידלס עלטערבאָבע, נאָר דאָס אור־אור־איניקל, דער פידל, האָט איבערגעשטיגן זיין עלטערבאָבע...

נאָר שאָלעמקען האָט שוין א צי געטאָן די פּליית. סאַראַ רירעוודיק־באַוועגלעכע ליכטיקע קלאַנגען! שאָלעמקע וואָלט נאָך אַזוי גיך ניט אָפּגעלאָזט די האַרפיסטקע, ער וואָלט נאָך געפרעגט און געפרעגט. נאָר אָט איז אָנגעקומען דער דיריזשאָר. עס ווערן שטיל די מוזיקאַנטן, עס ווערן שטיל די אינסטרומענטן. דער דיריזשאָר האָט עטלעכע מאָל אָנגעקלאַפּט מיט זײַן שטעקעלע אין פּולט. עס הייבט זיך אוף זײַן האַנט, און דרײַ באַזונדערע וועלטן, געקייטלטע איינע אין דער צווייטער, טראָגן זיך דורך פאַר שאָלעמקען... איין וועלט האָט זיך אויסגעלאָשן — אין צושויער־זאַל איז געוואָרן פינצטער און שטיל, און די צווייטע וועלט איז נאָך אַלץ געבליבן ערגעץ הינטערן פאָרהאַנג. ליכטיק איז געווען בלויז דאָ — אין קאַמסקיס, עזרעס און שאָלעמקעס וועלט — אין דער „גרוב" פון דעם אָרקעסטער. די מוזיקאַנטן זײַנען ווי צוגעוואַקסן צו זייערע אינסטרומענטן און געוואָרן איינס מיט זיי. דאָס שטעקעלע האָט א צאַפּל געטאָן אין דיריזשאָרס האַנט, און די קלאַנגען פונעם אָרקעסטער זײַנען זיך צעלאָפן אין אַלע זײַטן. פאַרייניקט זיך און ווידער זיך צעפאַלן. דאָס שטעקעלע יאָגט, דאָס שטעקעלע לאָזט ניט צורו. א דונער נאָך א דונער און א שאַלן פון פרייד — די פעסטונג איז אײַנגענומען — דער פאָרהאַנג איז אופגעהויבן.

א וואונדערלעכע וועלט! וויפל שײַן, וויפל לויטערקײַט! שאָלעמקען דוכט זיך, אַז א שניי איז אויסגעפאַלן, אַז א וויכער האָט זיך צעטראָגן, אַז שנייעלעך פאַלן אַף זײַנע ווייעס און מאַכן אים צו די אויגן. עס גייט אים דורך א קעלט איבערן לײַב, ער ציטערט אוף. שאָלעמקע וויל פרעגן בא קאַמסקין און עזרען, אַף וועלכער וועלט ער געפינט זיך, וואָס קומט דאָ פאָר? און ער דערקענט ניט קאַמסקין, און ער דערקענט ניט עזרען. ער האָט נאָך קיינמאָל ניט געזען בא זיי אַזעלכע אויגן, אַזעלכע פּנימער, זיי זײַנען גאָר ניט די, וועלכע ער קען, מיט וועלכע ער וווינט אין איין קאָרידאָר און מיט וועמען ער האָט הײַנט א גאַנצן טאָג שפּאַצירט. זיי זײַנען אינגאַנצן אַנדערע.

און דער וויכער אַף דער בינע ווערט אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער, און די ווײַסקײַט — אַלץ ווײַסער און ווײַסער. שאָלעמקע נעמט ניט אַראָפּ די אויגן פונעם דיריזשאָרס שטעקעלע, נאָר ער זעט אויך, וואָס אַף דער בינע טוט זיך. דאָרט ווימלען טענצער און טענצערנס און אַלע דרייען זיי זיך אַרום דעם פלינקסטן און שענסטן טענצער. דער טענצער זעט אויס ווי א בילד אין א ראַם, וואָס איז באַזעצט אַרום און אַרום מיט בלומען. און אָט צעפאַלט זיך די ראַם, און דער טענצער אײַלט באַגעגענען די בעסטע, די שענסטע און פלינקסטע טענצערין, וואָס שטרעקט צו אים אויס אירע הענט. אָט־אָט דערגרייכט ער זי, אָט־אָט דערלאַנגט ער זי, נאָך איין באַוועגונג, נאָך איין טראָט, אָבער דער לעצטער טראָט, לאָזט זיך אויס, איז שווערער פון אַלע טריט. נאָר דער שענסטער און פלינקסטער טענצער איז בא זיך ניט געפאַלן, כאָטש ער פאַלט נידעריק ביז צו דער ערד. א פלי, א שפּרונג, א העכערן פלי און א ווײַטערן שפּרונג, און די בעסטע, פלינקסטע און שענסטע טענצערין פלאַטערט אין זײַנע הענט, פלאַטערט מיט אַלע פאַלדן פון איר קלייד, וואָס צעעפענען זיך ווי די בלעטלעך בא דער רויז.

ווען שאָלעמקע וואָלט איצט געהאַט צען פאָר אויגן און צען הערצער, וואָלט אים ניט גע־נוג געווען אַלץ אַרומכאַפּן, אַלץ באַטראַכטן און אַלץ באַוואונדערן.

און עזרע האָט גאָר עפּעס זײַנס איבערגעלעבט אין די דאָזיקע מינוטן: ער האָט ניט אַראָפּ־גענומען זײַנע בליקן פון דער האַרפיסטקעס פינגער און דערבײַ גערעדט מיט מיריעמען:

„זע, מיריעם, ווי געשווינד דעם דיריזשאָרס שטעקעלע צויבערט און מאָלט, פּונקט דאָס זאָל זײַן א פּענדזל. אין איין אויגנבליק ווערן באַשאַפן בילדער. זע, ווי דאָס שטעקעלע הערשט איבער די שפּילער, איבער די טענצער, איבער די צושויער. ווי לײַכט דער דיריזשאָר באַוועגט און פאַרקערעוועט זײַן האַנט. זע, סאַראַ זשעסט! אַזוי פאַכעט מיט זײַן פליגל די שוואַן, ווען זי זינגט איר שוואַנען־ליד. מיריעם, קוק זיך צו און זע, ווי פאַרגליווערט ער איז געבליבן. דיר דוכט זיך ניט, אַז זײַן לײַב איז איצט פון בראָנזע? א דענקמאָל! אן עכטער דענקמאָל! דו הערסט, ווי עס שרײַען אין אים די בלוטן? דער שטורעם האָט זיך שוין אָנגעהויבן. קוק זיך צו און זע, ווי דער דיריזשאָר האָט דעם קאָפּ פאַרבויגן און דער אויער זײַנער הערט זיך צו און קלײַבט אָפּ קלאַנג נאָך קלאַנג אַף אײַנשטילן און אָפּשטעלן דעם שטורעם. שטילער! שטילער! די הענט צוימען פריִער פון אַלעמען זיך אַליין. דער דיריזשאָר שפּאָרט, קאַרגט און לאָזט ניט אוועק די הענט זײַנע ווײַט פונעם האַרצן. סאַראַ גוטע אויגן ס'זײַנען בא אים, זיי האַלטן זיך אין איין בעטן, אין איין דאַנקען פאַר יעדן ריכטיק אַרויסגעבראַכטן קלאַנג. און די הענט, אַזעלכע שטרענגע, זיי האָבן קיין ראַכמאָנעס ניט, האַלטן אין איין באַפעלן און אין איין פאָדערן — בעסער! בעסער! מ'קאָן נאָך בעסער! העכער! נאָך העכער! דעם דיריזשאָרס האַנט מיטן שטעקעלע טוט א פלי אינדערלופטן, ווי אַף צו דערלאַנגען דעם רעגנבויגן, וואָס ברענט און בלענדט אין דער הייך. די מינוט איז אויסגעשפּילט! דער סאָף האָט ניט פאַרשעמט דעם אָנהייב...

עס לאָזן זיך אָנמעכטיק אַראָפּ דעם דיריזשאָרס הענט, עס לאָזט זיך אַראָפּ דער פאָרהאַנג.

אין זאַל איז געשטאַנען אַ היץ. אייניקע עלטערע צושויער און יונגע באַכערים מיט מייד־לעך זייַנען געבליבן זיצן אַף די ערטער. דעם יונגוואַרג גייט ניט אָן דער איבערייַס אַף דער בינע. זיי זייַנען אַליין פאַר זיך די אַקטיאָרן, די הויפּט־העלדן, די פאַרליבטע. זיי זייַנען ערשט אַרייַנגעטראָטן אין דער שפּיל און זיי וואָלטן וועלן, אַז דער אָנהייב זאָל קיינמאָל ניט דערגיין צו קיין סאָף.

דער גרייַזער אַראָן האָט געפירט זייַנע געסט — עזרען, קאַמסקין און שאָלעמקען — איבערן צושויער־זאַל און אַלע ווייַלע געבעטן זיך צוקוקן און באַטראַכטן:

— איר הערט? איצט גיט אָפּ דער זאַל קאָנצערט!

דעם אַרכיטעקטאָר פון זאַל האָט אַראָן פאַרגלייַכט צו אַ דיריזשאָר, וועלכער האָט דאָ איינמאָל פאַר אַלעמאָל אַזוי אויסגערעזשיסירט אַלץ, אַז ער דאַרף זיך מער ניט באַווייַזן — אַלץ שפּילט שוין אָן אים.

אַראָן און עזרע טיילן זיך מיט זייערע אייַנדרוקן וועגן דעם ערשטן טייל פון קאָנצערט און וואַרפן זיך דורך מיט אַזעלכע ווערטער, וואָס זייַנען אומפאַרשטענדלעך שאָלעמקען. שאָלעמקען געפעלט שטאַרק דער קלאַנג פון די דרייַ אומבאַקאַנטע ווערטער: „וויוואַ", „וויוואַטשע", „וויוואַ־טשיסימע", און ער שטייט צו צו קאַמסקין, ער זאָל אים דערקלערן זייער באַדייַט.

— אַף פּראָסט יידיש הייסט עס, — דערקלערט קאַסמקי, — פרעג קיין קאַשעס ניט, שטעל פיס, שאָלעמקע, און גיי ווייַטער, — נאָר קאַמסקי קאָן ניט דורכלאָזן אַזאַ געלעגנהייַט, ווי פאַר־טייַטשן און דערקלערן, פונוואַנען און וויאַזוי איז געקומען דאָס אָדער יענץ וואָרט אַף דער וועלט. — וויוואַ — קומט פונעם לאַטייַנישן וויטאַ, און וויטאַ איז דער טייַטש — לעבן, דאָס הייסט — לעבעדיקער! וויוואַטשע — גייט פונעם זעלבן שוירעש, און דער טייַטש זייַנער איז — נאָך לעבעדיקער! וויוואַטשיסימע — איז וויוואַס און וויוואַטשעס אַ ברודער, ער איז אַ ספּריט־נער און קאָן ניט אייַנשטיין אַף קיין אָרט. וויוואַטשיסימע איז דער טייַטש — לעבעדיק, וואָס לעבעדיק הייסט!

— יאָ, אָט דאָס מיין איך טאַקע, — איז אַראָן שטאַרק צופרידן פון קאַמסקיס טייַטשן. און דאָך לאָזט ער ניט זיך אָפּשטעלן אַף קיין מינוט, — גיכער, גיכער! נישטאָ קיין צייַט! פאַרגעס ניט, אַז אין דעם צווייטן טייל פון קאָנצערט שפּילט דער אָרקעסטער אַף דער בינע. גיכער! גיכער! הייַדאַ נאָך מיר אַף דער גאַליאָרקע. זייַן אין טעאַטער און ניט אַרוף אַף דער גאַליאָרקע וואָלט געווען זייער ניט שיין פון אייַער זייַט.

אַף דער גאַליאָרקע האָבן זיי געטראָפן בלויז איין אַלטיטשקן מיט יונגע אויגן און מיט גראָווע, לאַנגע, דיקלעכע וואָנצן. דער אַלטיטשקער האָט זיך שטאַרק דערפרייט מיט אַראָנען, פעסט אים געדריקט די האַנט און געבעטן איבערגעבן זייַן דאַנק און באַוווּנדערונג דעם דיריזשאָר און יעדן מוזיקאַנט באַזונדער.

— אויסגעצייכנט אָרקעסטרירט, אויסגעצייכנט אויסגעפּילט! סעמפּליאַטשע! סעמפּליאַ־טשע! — האָט זיך געהוידעט דאָס וואָרט אַף ביידע זייַטן פונעם אַלטיטשקנס וואָנצן. סעמפּליאַ־טשע— דאָס הייסט פּראָסט, פּאַשעט און פאַרשטענדלעך.

און ערשט דאַן, ווען דער אַלטיטשקער האָט זיך באַרויִקט, האָט אַראָן פאָרגעשטעלט פאַר אים קאַמסקין, עזרען און שאָלעמקען:

— באַקאַנט זיך! דער פאַן איז איינער פון די גרעסטע מעלאָמאַנען אין וואַרשע, אַ מעלאָמאַן פון מעלאָמאַנען... אים ווערט קיינמאָל ניט נימאס קיין מעלאָדיע, און הערט ער עפּעס נייַס, איז ער דער גליקלעכסטער אין דער וועלט. צוליב אַ מעלאָדיע איז ער גרייט זיך אופכאַפּן אינמיטן דער נאַכט און גיין הונדערט ווערסט צופוס.

— נו, נו, געגנוג, — פאַרויטלט זיך דער אַלטיטשקער, — אויב עמעצן לויבן, דאַרף מען פריִער פון אַלץ אייַך, די מוזיקאַנטן.

באַם געזעגענען זיך האָט אַראָן געפרעגט באַם אַלטיטשקן, ווי קומט ער אַהער אַף דער גאַליאָרקע, וואָס טוט ער דאָ איינער אַליין.

— דאָ, אַף דער גאַליאָרקע, — האָט זיך דער אַלטיטשקער געטומען צופן די וואָנצעס, דערבייַ זייַנען זייַנע יונגע שטיפערישע אויגן אַרומגעלאָפן הין און צוריק, — דאָ, אַף דער גאַליאָרקע, קומט פאַר דער ראַנדעווו מיט מייַן יוגנט. ס'איז אַ געהיימע באַגעגעניש, די עלטער טאָר וועגן דעם ניט וויסן. די עלטער איז גוואַלדיק אייפערזיכטיק צו דער יוגנט. אַמאָל, ווען איך בין געווען אַ גימנאַזיסט, אַמאָל, ווען איך בין געווען אַ סטודענט, איז דאָ, אַף דער גאַליאָרקע, געווען מייַן אָרט. אַהער, אין דער הייך, זייַנען דערגאַנגען צו מיר אַלע קלאַנגען, יעדע באַוועגונג, יעדער זשעסט. דער געהער איז געווען אָפן, אָנגעשפּיצט און געהאָרכזאַם, ווי דער געהער באַם גרענעץ־וועכטער, און דאָס אויג, ווי באַם יעגער, וואָס צילט און טרעפט. נאָר די יאָרן זייַנען ניט קיין גאַליאָרקע, זיי שטייען ניט אַף קיין אָרט, זיי לויפן, לויפן אַראָפּ אַלץ נידעריקער און נידעריקער.

א יאָר נאָך א יאָר, און איך בין אזוי פּאמעלעך דערנידעריקט געוואָרן ביזן פאַרטער. אָנגעהויבן האָב איך פון די לעצטע רייען, און וואָס עלטער איך ווער, אַלץ מער דערנעענטער איך זיך צו דער בינע. אָבער וואָס מער איך דערוויַיטער זיך פון דער גאַליאָרקע, אַלץ מער ציט מיך צו איר. עס טרעפט אמאָל, אז עס גיט מיך אזא צי פון דער נידער צו דער הייך, ווו מיַין יוגנט איז געזעסן, אז איך האַלט ניט אויס און מיט די לעצטע קויכעס קאַראַפּקע איך זיך אַרויף אהין און קום צוגאַסט צו מיַין יוגנט, וואָס וויל ניט און קאָן ניט אף קיין מינוט ניט אראָפּנידערן צו מיר אין פּאַרטער. היַינט פאַרשטייט איר שוין, ווי איך קום אהער, אף דער גאַליאָרקע?

אַראָן האָט אוועקגעפירט שאָלעמקען הינטער די קוליסן. ערשט דאָ האָט זיך פאַר דעם ייִנגל געעפנט א שפּאָגל־ניַיע וועלט.

ווען שאָלעמקע האָט דערזען פונדערוויַיטן א לעוואָנע מיט שטערן, האָט ער זיך ניט געכידעשט, ס'איז איצט אפדערנאַכט. נאָר ווען ער האָט איינציַיטיק פון דער צווייטער זיַיט דערזען, ווי די זון גייט אוף, האָט ער ניט געוווסט, אף וועלכער וועלט ער געפינט זיך. שאָלעמקע הייבט זיך אוף אפן העכסטן שטאַפּל פון א לייטער צו דער לעוואָנע — און די לעוואָנע ווערט אויס לעוואָנע. ער רירט זיך צו צו איר מיטן פינגער — זי איז קאַלט, טויט ווי אַלע טויטע, די זון איז קיין זון ניט, א גרויסער געלבלעכער קיַילעך, אַרום־און־אַרום וויַיסע פלעקן און מער גאָרניט.

שאָלעמקע האָט שוין דאָ מער ניט קיין מוירע פאַרן וואַלד מיט די כיַיעס. עס שרעקן אים ניט די בערג, די פעלדזן, דער יאַם מיט די כוואַליעס. א לייב שטייט אינמיטן וועג, און שאָלעמקע גיט קיין ציטער ניט, ער כאַפּט זיך אַרויף אף אים ריַיטנדיק און צוימט אים מיטן פּאַסעק פון זיַינע הויזן. און קומט אים אַנטקעגן א שטאָלענע פיגור פון א ריטער, באַוואָפנט פון קאָפּ ביז די פיס, קלאַפּט אים שאָלעמקע אין פּלייצע ווי זיַינעם א לעצטן גוטנברודער.

שאָלעמקע האָט זיך געלאָזט לויפן צו קאַמסקין און עזרען, קעדיי דערציילן וועגן די אַלע כידושים, וואָס ער האָט געזען הינטער די קוליסן, נאָר דער וועג איז שוין געווען אָפּגעשניטן — עס האָט זיך אָנגעהויבן די צווייטע אָפּטיילונג פון קאָנצערט. דער סימפאָנישער אָרקעסטער איז געווען אף דער בינע. עזרע און קאַמסקי זיַינען געבליבן אין דער „גרוב", ווו זיי זיַינען ביז דעם געזעסן.

אָנגעהויבן האָט דער סימפאָנישער אָרקעסטער. נאָכדעם האָט ער פריַי געמאַכט דעם וועג פאַר פאַרשיידענע זינגער און שפּילער. דער אָרקעסטער האָט זיי בלויז באַגלייט.

עס זינגט א זינגערן... פּונקט ווי א סאָלאָווי פאַרגייט זיך אף א צוויַיג. א צוויטשעריַי, א טרילעריַי. יעדער טאָן צעגיסט זיך אין טוי־טראָפּנס, אין בלישטשענדיקע יאַם־שפּריצן, אין א מאַבל פון פונקען. ווידער און ווידער צעפּיצלט זיך, צעבריקלט זיך די שטים, און יעדער קלאַנג פאַרקויקלט זיך אזוי הויך, אז ס'איז שווער מיטן אויער אים דערלאַנגען, מיטן אויג צו באַמערקן. אזוי הויך, אז עס דוכט זיך — פון דאָרטן וועט זיך שוין מער קיינמאָל קיין איין קלאַנג ניט אומקערן אף צוריק. נאָר דאָ טוט די זינגערן, ווי א קישעפמאַכערן, פלינק א זאַמל צונויף די צעשאָטענע און צעוואָרפענע שפּליטערס פון איר שטים, און וואַרעמע מילדע טענער דערפרייען דאָס האַרץ.

און אָט טרעט אוף א זינגער. עזרע באַמערקט, ווי עס ציטערט אינעם זינגערס הענט דער צונויפגעוויקלטער נאָטן־בלאַט. אָט אזוי פלעגט ציטערן דער פידל אין פעדאָצערס הענט, איידער ער פלעגט אָנהייבן שפּילן, אָט אזוי פלעגט ציטערן דער פידל באַם טאַטן, באַ לייבלען, באַ עלישען. אויך ער, עזרע, פילט זיך אין דער מינוט, ווען ער נעמט דעם פידל אין דער האַנט, גליַיך ווי מ'זאָל אים פלוצעם אַריַינוואַרפן אין איַיז־קאַלטן וואַסער. „איימאָסאָ דעציבוראָ" — מוירע פאַרן עוילעם — אזוי פלעגט פעדאָצער אָנרופן אָט דעם צושטאַנד.

דער זינגער האָט אויסגעפילט קאַליניקאָווס „אף אַן אַלטן קורגאַן", די ליד וועגן סאָקאָל, וואָס איז שוין טויזנט יאָר צוגעשמידט צום אַלטן קורגאַן. דער סאָקאָל שריַיט, גייט אויס נאָך פריַיהיַיט, און ער, דער זינגער, האָט אים דערהערט, דערפילט, וואָס יענער לעבט איבער, און פונעם הילכיק אָנגענעמענעם באַריטאָן טריפן טראָפּנס בלוט, ווי פונעם סאָקאָלס ברוסט... און דער סטעפּ אַרום איז ברייט, דער סטעפּ איז אומענדלעך, און דער אומגליק לויפט איבער אים, ווי א ווינט אומגעשטערט...

דער קאָנפעראַנסיע מעלדעט וועגן דער אַרויסטרעטונג פון א פידלער.

עזרע קוקט זיך צו, ווי דער פידלער נעמט דעם פידל אין דער האַנט, ער שפּירט נאָך יעדע מינדסטע באַוועגונג זיַינע. אָט אזוי, פּונקט אזוי, האַלט ער, עזרע, דעם פידל.

עזרע בייגט עטוואָס אָן דעם קאָפּ, ציט אויס די לינקע האַנט און הייבט אוף איבער איר די רעכטע...

קאַמסקי שטופּט אָפּ עזרעס אָנגעשטעלטע הענט, גרייטע צום שפּילן:

— ווו געפינסטו זיך? וואָס טוסטו עס?

עזרע איז רויט געוואָרן. אים האָט זיך געוואָלט דערהערן, ווי וואָלטן די זעלבע קלאַנגען זיך באַקומען בא אים. ער איז זיכער, אַז בא אים וואָלטן זיי געקלונגען גאָר אַנדערש.

עזרע האָט געשפּאַנט מיטן פידלער טראָט בא טראָט, נאָר עזרע האָט זיך ניט געכאַפּט, וויאַזוי דער סמיק האָט אַנגעוויזן דעם פידלער דעם אומזעבאַרן וועג, אַף וועלכן ער, עזרע, וואָלט זיך קיינמאָל ניט אַנגעשטויסן. און דער פידלער איז אַוועק מיט יענעם וועג, אַוועק און אַוועק, און איבערגעלאָזט אים, עזרען, ווײַט הינטער זיך. ניין, ער, עזרע, וואָלט קיינמאָל ניט געקאָנט אַזוי טיף אַרויסברענגען דעם אומעט, יעדן קלאַנג באַזונדער. ניין, אַזוי שפּילן וועט ער קיינמאָל ניט קאָנען. אַזוי קאָנען שפּילן בלויז אויסדערוויילטע.

שטיל. דער פידל האָט זיך נאָך איינזאַמקײַט פאַרבענקט. שטיל. און אין דער שטילקײַט צערינט עזרעס קינע, עזרעס געפאַלנקײַט און ניט־גלייבן אין זיך. שטיל. די שטילקײַט פאַר־טראָגט עזרען ווײַט פונדאַנען, ער איז שוין דאָ מער ניטאָ. אַ ליידיקער זאַל. געבליבן איז בלויז אויג־אַף־אויג דער פידלער מיט זײַן פידל, און דער פידלער בעט זיך באַם פידל: „זע, נאָר מיט דיר אַליין בין איך געבליבן, איז אַנטפּלעק זשע פאַר מיר אַלע סודעס, וואָס מײַן אויער האָט נאָך ניט געהערט, וואָס מײַן אויג האָט נאָך ניט געזען". כוואַליעס פרייד יאָגן אַף די סטרונעס און שפּרינגען איינע איבער דער צווייטער. דער פידלער טוקט זיך אין די כוואַליעס און הערט ניט אויף זיך פליוסקען אין זיי מיט זײַנע פינגער. אַ רעגנבויגנדיקער קלאַנגען־פאָנטאַן שפּריצט מיט זאַפטיקע לעבנס־רייכעס:

— אַ מעכײַע איז צו לעבן!

— ווי גוט ס'איז צו לעבן!

אַ דונער פון אַפּלאָדיסמענטן ענטפערט אַף:

„יאָ, ס'איז גוט, גוט צו לעבן אַף דער וועלט!"

דער פידלער נייגט זיך און נייגט זיך. דער פידל ציטערט אין זײַנע הענט, די פיס — קוים וואָס זיי שטייען אײַן. עס האָט זיך געדוכט, אַז דעם פידלער האָט ווי געטאָן פאַר דער שפּיל, וואָס וועט זיך מער קיינמאָל ניט איבערכאַזערן און קיינמאָל שוין ניט קומען צו אים אַזאַ, ווי זי איז געווען אין דעם אָפּדערנאַכט...

נאָך האַלבער נאַכט האָבן עזרע, קאַמסקי און שאַלעמקע אַלץ נאָך געשפּאַנט איבער די וואַרשעווער גאַסן. זיי האָבן אָפּט זיך אָפּגעשטעלט — עס האָט זיך געוואָלט, אַז דער וועג אַהיים זאָל זיך ציִען וואָס לענגער און לענגער...

— איך וויל ניט קיין עסן! איך וויל ניט שלאָפן! איך וואָלט אַזוי געגאַנגען נאָך אַ טאָג און נאָך אַ נאַכט, — האָט זיך שאַלעמקע באַרימט און געוואָלט דערמיט דערווײַזן, אַז ער איז שוין ניט קיין קליינינקער.

— אַזאַ טאָג איז מער ווערט ווי אַן אַנדער יאָר. וואָס רעד איך עס, — האָט זיך עזרע פאַר־כאַפּט, — אַזאַ טאָג און אַזאַ נאַכט זײַנען מער ווערט ווי אַנדערע צען יאָר. ווײַל אַזאַ טאָג האָט איינמאָל פּעדאָצער געזאָגט: „די טעג פון אַ גאַנץ יאָר ציִען זיך ווי איין לאַנגער נודנער טאָג, פון וועלכן דו וואַרטסט אַף גאָרניט, גאָרניט קומט ניט צו און ווערסט מיט גאָרנישט ניט באַרײַכערט. דאָס זײַנען די זיבן הונגער־יאָר, די טעג פון איינע גאָרניט. נאָר כאָטש מיר גלייבן ניט אין קיין ניסים, טרעפט פּאַרט מיט יעדן איינעם דער נעס פון אַ גליקלעכער שאָ. דאָס איז די שאָ פון אַנטפּלעקונגען, די שאָ, ווען די לעכצנדע נעשאָמע שטילט איר דאָרשט. אַזאַ שאָ איז געגליכן צו דער אייביקײַט".

ווען קאַמסקי, עזרע און שאַלעמקע זײַנען צוגעקומען צו דעם לאַנגן פינצטערן קאָרידאָר, האָבן זיי זיך געהאַלטן אין איין כידעשן: פאַרוואָס רעכנט מען וואַרשע פאַר אַ גרויסער שטאָט? וואָלט וואַרשע געווען אַ גרויסע שטאָט, וואָלטן זיי דאָך אַהער אַזוי גיך ניט געקומען?

אַלע דרײַ האָבן געשוויגן. ס'איז שווער געווען דערגיין — ווו איז וואָר און ווו איז כאַלעם? וועלכע וועלט איז די עמעסע — יענע, פון וועלכער זיי זײַנען ערשט געקומען, צי אָט די, אין וועלכער זיי וועלן באַלד אַרײַן?

דער פינצטערער קאָרידאָר איז אַ פאַרהאַרעוועטער געשלאָפן, און בלויז אין איין פענצטער, אין דאַוויד דעם שנײַדערס פענצטער, האָט דאָס שיווע־פײַערל פונעם אַכטער לעמפּל זיך געשטיקט.

עס שאַריִעט אַף טאָג...

אַלע דרײַ — קאַמסקי, עזרע און שאַלעמקע — זײַנען געבליבן אין דרויסן באַגעגענען דעם זונען־אויפגאַנג.

עזרען איז דערלויבט געוואָרן באזוכן די רעפּעטיציעס פון סימפאָנישן אָרקעסטער. אף איינער א רעפּעטיציע האָט דער דיריזשאָר קאזימיר שאבעלסקי פאָרגעלייגט עזרען שפּילן פּעדאָצערס עלעגיע „דאָס ווילנער באלעבעסל“.

— אונדז האָט איר שוין געהערט, איצט ווען מיר אײַך הערן. מײַן פרײַנט לעאָ פּערעץ קאָן זיך ניט אָפּלויבן פון פּעדאָצערס עלעגיע און פון אײַער שפּילן.

דער דערפאָלג פון דער עלעגיע איז געווען אן אומגעהייער גרויסער. די מוזיקאנטן פונעם סימפאָנישן אָרקעסטער האָבן הייס אפּלאָדירט עזרען, אים ארומגענומען און געדריקט די האנט. דער דיריזשאָר קאזימיר שאבעלסקי האָט געבעטן עזרען איבערגעבן זײַן באוווּנדערונג, זײַן גרוס און זײַן דאנק פּעדאָצערן און גלײַך אָנגעשריבן א רעקאָמענדיר־צעטל צו זײַן נאָענטן פרײַנט באָלעסלאווסקי, דעם פּראָפעסאָר און אָנפירער פון דעם פידל־אָפּטייל אין מוזיק־שול.

די נאָטן־בלאט, אף וועלכער קאזימיר שאבעלסקי האָט אָנגעשריבן זײַן צעטלע צום פּראָפעסאָר, האָט געוואָרעמט עזרעס הארץ. קאזימיר שאבעלסקיס גרויסע צעוואָרפענע פּוילישע אויסיעס זײַנען ווי נאָטן איבערגעפּולט געווען מיטן סאמע שענסטן געזאנג:

„טײַערער באָלעסלאווסקי, — האָט געשריבן קאזימיר שאבעלסקי, — אָט דער יונגער אָכער, וואָס וועט אײַך איבערגעבן מײַן צעטלע, איז זייער א באגאבטער מוזיקאנט. אונדזער כיווו איז אים מיטהעלפן זיך לערנען און וואקסן. טו פאר אים אלץ, וואָס ס׳איז מעגלעך! לאָמיר ווערט זײַן אונדזער גרויסן מאָניושקאָ, וועמענס האנט ס׳איז שטענדיק געווען אויסגעשטרעקט פאר יעדן טאלאנט, וואָס האָט זיך גענייטיקט אין הילף.

דײַן קאזימיר שאבעלסקי“.

פּראָפעסאָר באָלעסלאווסקי איז געווען אין אורלויב, נאָר עזרע איז טאָגטעגלעך געגאנגען אין מוזיק־שול זיך דערוויסן, עפּשער איז ער שוין געקומען. יעדע שאָ האָט זיך בא עזרען געצויגן ווי א יאָר און יעדער טאָג ווי אן אייביקײַט — ווען וועט ער שוין קומען? ווי לאנג קאָן מען זיך זאמען?

שטייענדיק אין פינצטערן קאָרידאָר, בא פּאולינעס שוועל, האָט עזרע געטראכט: „לויט אלע סימאָנים וועט דער פּראָפעסאָר באָלעסלאווסקי הײַנט שוין זײַן אין מוזיק־שול. איך מוז אים אומבאדינגט זען און איבערגעבן דעם רעקאָמענדיר־בריוו. און צווייטנס, דארף איך הײַנט אומבאדינגט הערן דעם פינאל פון בעטהאָווענס קרייצער־סאָנאטע. די הארפיסטקע פראנציסקאָ האָט נעכטן מיך פארפירט אין א ווונדערלעכער אלעגראָ־וועלט“...

„יאָ, — האָט עזרע ווײַטער געטראכט, — בעטהאָווען האָט רעכט געהאט זאָגן וועגן זיך, אז ער איז דער גאָט פון מוזיק־שיקרעס, דער וואקך, וואָס גרייט צו פארן מענטשן יענעם ווונדערלעכן געטראנק, וואָס צעטרײַבט די בלוטן, קרעפּטיקט דעם געמיט, פארשטארקט דעם ווילן און דעם פארלאנג צו לעבן אף דער וועלט. ניין, בעטהאָווען איז ניט נאָר דער מוזיק־וואקך, ער איז אויך דער אפּאָלאָן אפן הויכן פארנאס בא די קלאָר־ריינע וואסערן פון די שטענדיק פרישע שלאָגנדיקע קוואלן. ער באגײַסטערט אלע מוזעס, וואָס רינגלען אים ארום, און ער באגלייט זייערע הימנען, זייער פרייד און טרויער, זייערע געזאנגען און טענץ אף די סטרונעס פון זײַן גילדענער קיטארע“.

מיט וואָס זשע פארענדיקט זיך די קרייצער־סאָנאטע? מיט וואָס ענדיקט זיך דאָס בילד פונעם אינערלעכן געראנגל? ווי זעט אויס דער העראָישער גײַסט נאָך אלע שטורעמס? ווי זעט ער אויס א באלויכטענער פון זיג? אָט דאָ, באם סאמע פינאל, אין סאמע אינטערעסאנטן אָרט האָט פראנציסקאָ איבערגעריסן, קעדיי ער, עזרע, זאָל מיט אומגעדולד ווארטן אף דער פאָרזעצונג. שטענדיק טוט זי אזוי, שטענדיק לאָזט זי איבער דעם סאָף, ער זאָל מאָרגן דינען פאר אן אָנהייב. פריִער האָט עזרע עס ניט געקאָנט איבערטראָגן, און איצט מאכט ער איר נאָך. שפּילט ער עפּעס פאר איר, דערציילט ער איר עפּעס, רײַסט ער אויך איבער גראדע דאָרט, ווו דער נײַגער דערגייט צו דער העכסטער מאדרייגע.

מיט וואָס זשע פארענדיקט זיך די קרייצער־סאָנאטע? נאָר מיט וואָס די סאָנאטע זאָל זיך ניט ענדיקן, איז אלציינס רודאָלף קרייצער, דער באוווּסטער פאריזשער פידלער, דער גליקלעכסטער אין דער וועלט. דאָס האָט ער, רודאָלף קרייצער, מיט זײַן אויסערגעוויינלעכן שפּילן באגײַסטערט בעטהאָווענען אף אָנשרײַבן אָט די סאָנאטע. דאָס איז אים, רודאָלף קרייצערן, באשערט געווען אזא גליק, אז בעטהאָווען זאָל זײַן העראָישע סאָנאטע אָנרופן מיטן נאָמען פונעם פידלער — קרייצער־סאָנאטע.

עזרע גיט זיך דאָס וואָרט, אז נאָך הײַנט וועט ער זיך נעמען לערנען די סאָנאטע.

„און דריטנס, — פֿארשרײַבט עזרע אין זײַן בלאָקנאָט, — מוז איך הײַנט איבערלײענען בעטהאָווענס ביאָגראַפֿיע... און פֿערטנס, מוז איך הײַנט אויסקלאָרן בא קאַמסקין א רײ פֿראגן וועגן ליטעראַטור און געשיכטע... און פֿינפֿטנס, דאַרף מען ענטפֿערן אַף פֿעדאָצערס א בריוו... אָנשרײַבן מיריעמען... דעם טאַטן מיט דער מאַמען... און זעקסטנס...”

עזרע פֿארטראַכט זיך: וואָס נאָך?

פּלוצעם האָבן זיך איבערן קאָרידאָר צעטראָגן פֿידל־קלאַנגען.

— גוט! גוט!.. גאָט מײַנער, וואָס טוט ער עס, אָט דער שאָלעמקע?! — האָט עזרע זיך פֿארשטעלט די אויערן. — וואָס טוט מען מיט שאָלעמקען, ער שטייט ווי אַף הייסע קוילן, הייבט ער נאָר אָן שפּילן, טראָגט אים אינדערלופֿטן, אין דער וועלט ארײַן. סאַראַ ספּריטנער ער איז!

עזרע לויפֿט ארײַן צו שאָלעמקען אין צימער:

— וויפֿל מאָל האָב איך דיר געזאָגט, וויפֿל מאָל האָב איך דיך געלערנט, — אַז וואָס ברייטער און אײַליקער די באַוועגונגען, אַלץ שטאַרקער ווערט בא זיך דער קלאַנג, ער ווערט בא זיך אזוי שטאַרק, אַז ער וויל ניט שטיל ווערן אפֿילע דאָרט, וווּ מע באַדאַרף אים קוים הערן... וואָס מיינסטו, אַז איך בין ניטאָ, קאָנסטו שפּילן ווי דיר ווילט זיך? קאָנסטו מיך אָפּנאַרן? א נעכטיקער טאָג! דער פֿידל וועט מיר אַלץ דערציילן און די קלאַנגען וועלן איידעס זאָגן, וויאַזוי דו ביסט געשטאַנען, וואָס פֿאַר א פּאָזע דו האָסט אָנגענומען, וויאַזוי דו האָסט זיך באַוועגט.

— איך וויל טאַקע שטיין, ווי איר לערנט מיך, נאָר עס שטייט זיך ניט, — פֿאַרענטפֿערט זיך שאָלעמקע. ער פֿאַרמאַכט די נאָטן־העפֿט, לייגט אַוועק דעם פֿידל מיטן סמיק, און אָן אַנטוואָפֿנטער, מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן, קוקט ער בייז אַף זײַנע באָרוועסע פֿיס, ווי זיי וואָלטן געווען שולדיק אין דעם, וואָס ער קאָן ניט אײַנשטיין אַף קיין אָרט.

אָבער עזרע האָט טײַנעס ניט נאָר צו די פֿיס, נאָר אויך צו די הענט:

— וויאַזוי קאָן מען זיך צורירן צום פֿידל מיט אַזעלכע שמוציקע הענט? דער פֿידל באַדאַרף זײַן בא דיר הייליק, ווי הייליק ס'איז געווען די גענדזענע פֿעדער בא דײַן זיידן דאַניעל, אָלעוו־האַשאָלעם. מיט דער זעלבער ריינקײַט און מיט דעם זעלבן ציטער, מיט וועלכן דײַן זיידע דאַניעל פֿלעגט זיך זעצן שרײַבן די טוירע, דאַרפֿסטו נעמען דעם פֿידל אין די הענט! דו האָסט מיך פֿאַרשטאַנען? און וואָס איז דאָס פֿאַר א הוילעך? — כאַפּט עזרע אָן שאָלעמקען פֿאַרן קאָלנער פֿון דער אויסגעלײַנעטער בלוזקע, וועלכע האָט פֿאַרלוירן ביזן לעצטן טראָפּן די יוגנטפֿאַרב און איז פֿון די אומצאָליקע געוועשן אײַנגעלאָפֿן, געוואָרן ענג אַף דאָווידן און איז דאָך צו ברייט און לאַנג אַף שאָלעמקען.

פֿונעם קאָלנער זײַנען עזרעס פֿינגער אַריבערגעשפּרונגען צו די לאַטעס פֿון די הויזן.

— דו האָסט ניט געקאָנט אָנטאָן דעם יאָמטעווודיקן אָנצוג?

שאָלעמקען ווערט א ביזאָיען פֿאַר זײַנע אומריינע הענט, פֿאַר די ניט־פֿאַרקעמטע האָר, פֿאַרן צעכראַסטעטן קאָלנער און פֿאַר די לאַטעס אַף די הויזן. אים ווערט א ביזאָיען, וואָס עזרע האָט אים געפּאַקט א וואָכעדיקן בא אַזא יאָמטעווודיקער אַרבעט.

— איך האָב ניט געקאָנט, — פֿאַרענטפֿערט זיך שאָלעמקע, — איך האָב זיך געוואָלט אַרומוואַשן, זיך פֿאַרקעמען, איבערטאָן, און ניט געקאָנט, ס'האָט מיך אַזוי א צי געטאָן צום פֿידל, אַז איך האָב ניט געקאָנט אָפּלייגן אַף שפּעטער.

— זייער גוט, וואָס דיך ציט אזוי צום פֿידל, — איז עזרעס שטים ווייכער און מילדער געוואָרן, — נאָר שטעל זיך פֿאָר, שאָלעמקע, אַז דער טאַטע מיט דער מאַמען גיבן דיר מיטאָמאָל צו וויסן, אַז דו גייסט מיט זיי ערגעץ צוגאַסט, ווערסטו גלײַך איבעראַשט, צעהאַצלט, קאָנסט ניט אײַנשטיין אַף קיין אָרט, דיר ווילט זיך וואָס גיכער גיין, אָבער דו ווערסט דאָך ניט גיין אַזוי, ווי דו שטייסט און גייסט, דו ווערסט זיך צעשרײַען און צעפֿילדערן: „מאַמע, וואַש מיך אַרום! מאַמע, גיב מיר דעם פּלושענעם קאָסטיומטשיק...” און ריכטיק — דו ווילסט אויסנעמען, געפֿעלן ווערן, דו ווילסט ניט, אַז מ'זאָל זאָגן אַף דיר, אַז דו ביסט א פֿאַרמורזעטער, אַן אָפּגעלאָזענער... איז פֿאַרוואָס זשע ביסטו אַזא פֿאַרמורזעטער און אָפּגעלאָזענער באַם פֿידל? באַם פֿידל דאַרף מען אויסנעמען, דעם פֿידל דאַרף מען געפֿעלן ווערן, ווײַל ער, דער פֿידל, איז דער סאַמע נאָענטסטער קאָרעוו. איידער מע הייבט אָן שפּילן, דאַרף מען זיך צוגרייטן ווי צו דעם גרעסטן יאָמטעוו.

עזרע רופֿט צו שאָלעמקען צום הענג־שפּיגל און הייסט אים ארײַנקוקן.

— וועמען זעסטו, שאָלעמקע?

— אײַך און זיך.

— און איצט? — גייט עזרע אָפּ אָן א זײַט און לאָזט איבער שאָלעמקען אַליין. — און איצט וועמען זעסטו?

— איצט זע איך נאָר זיך אַליין.

— גוט! און איצט וואָס זעסטו? — גייט ווידער צו צום שפּיגל עזרע און הייבט זיך אָן דרייען פון איין אָרט אפן צווייטן.

— איצט זע איך, ווי איר קאָנט ניט איינשטיין אף קיין אָרט.

— פונוואַנען ווייסטו עס?

— וואָס הייסט — פונוואַנען? דער שפּיגל באַווייזט עס.

— ווײַבאַלד אַזוי, — האָט זיך עזרע דערפרייט, — ווײַבאַלד פאַרן שפּיגל זײַנען ניטאָ קיין סודעס, ער באַווייזט דיר טייקעף דײַן יעדן קער און ווענד, איז זײַ אַזוי גוט און פון הײַנט אָן שפּיל נאָר פאַרן שפּיגל. וועסט זיך אָנהייבן דרייען פון איין אָרט אפן צווייטן, וועט דער שפּיגל דיר א זאָג געבן: „איך זע אַלץ! הער זיך אוף דרייען, שטיי רויק!" זע זשע, אַז דער שפּיגל זאָל זיך דיר ניט נאָכקרימען, ער זאָל פון דיר ניט לאַכן. איך וויל, אַז דו אַליין זאָלסט זיך געפעלן ווערן אין שפּיגל. קוק אין אים, וועסטו שטיין, ווי איך לערן דיך, ווי א פידלער דאַרף שטיין, דו האָסט מיך פאַרשטאַנען?

עזרע האָט אין מוזיק-שול געזוכט דעם פּראָפעסאָר באַלעסלאַווסקי און אַלע ווײַלע זיך אָנגעשטויסן אף אַן אַנדער קייסער. אַלעקסאַנדער דער ערשטער איז געשטאַנען אין דער פּאָזע פון א פאַרליבטן ריטער.

אַלעקסאַנדערס ברייט צעעפנטע אויגן האָבן זיך אָנגעשטעלט אף עזרען:

„וואָס טוסטו דאָ? ווער האָט דיר געגעבן די רעכט קומען אהער? מיינסט, אַז וואַרשע איז פאַר דיר א שוק-אָרט? רעד זיך ניט אײַן, אַז אין וואַרשע וועסטו זיך קאָנען דערשלאָגן דאָס, וואָס דו וואָלסט זיך קיינמאָל ניט דערשלאָגן אין פּעטערבורג, אין מאָסקווע און אין קיִעוו. וואַרשע איז א טייל פון מײַן קיניגרײַך, פּונקט ווי פּעטערבורג, ווי מאָסקווע, ווי קיִעוו. איך באַלעבאָס און איין אָרדענונג... שוין זאָלסטו זיך פאַרנעמען פונדאַנען!"

עזרע האָט א פאַרציטערטער אופגעהויבן זיך מיט די טרעפּ. אפן צווייטן שטאָק — ווידער א קייסער. ניקאָלײַ פרעגט דאָס זעלבע, וואָס אַלעקסאַנדער: ווי קומסטו אהער?

פון די אאודיטאָריעס האָבן זיך געטראָגן קלאַנגען פון ראַיאַלן, פידלען, וויאָלאָנטשעלן, קאָנטראַבאַסן, גאָבאָיען און האַרפעס. עס האָבן געזונגען סאָפּראַנאָס, אַלטן, טענאָרן און בעסער. א סטודענטישער סימפאָנישער אָרקעסטער האָט רעפּעטירט.

עזרע האָט מיט אַן אופגעהויבענעם קאָפּ געגומען שפּאַנען זיכערער אונטער די קלאַנגען פון אָט די פאַרשיידענע אינסטרומענטן — די מוזיק לעבט! זי האָט זיך דורכגעריסן דורך דער וואַך פון די קייסאָרים! ווי מעכטיק זי איז, די מוזיק!

עזרע האָט פעסט זיך געהאַלטן בא דעם ניקלנעם הענטל פון באַלעסלאַווסקיס קאַבינעט-טיר. דאָס האַרץ האָט שטאַרק געקלאַפּט. דאָס איז דאָך א טיר ניט ווי אַלע טירן, דאָס איז ניט קיין טיר, וואָס לאָזט אַרײַן איבערנעכטיקן, איבערוואַרטן דעם געוויטער, וואָס הײַנט גייסטו אַרײַן און מאָרגן וועסטו אַרויס פון איר. עפנט זיך אוף אָט די טיר, עפענען זיך אַלע טירן פון לעבן, עפענען זיך נײַע וועלטן, נײַע וועגן...

עזרע האָט שטיל אָנגעקלאַפּט, אַזוי שטיל, אַז ער אַליין האָט קוים געהערט דעם קלאַפּ. אים האָט זיך ניט געוואָלט איבערשרעקן די האָפענונג. נאָך אַן אומזיכערער קלאַפּ... שטאַרקער...

— אַרײַן, ביטע!

דאָס ערשטע האָט עזרע דערזען א גראָוו-ווײַס געדיכטן קאָפּ האָר, א בעטהאָווענישן קאָפּ. פון אופרעגונג האָט ער ניט געקאָנט אופכאַפּן די שטריכן פון דעם פּאָנעם, ניט געקאָנט ווי ס'געהער צו זײַן באַטראַכטן דעם שטערן און די אויגן פון דעם אַנטקעגן-אָנקומענדיקן הויכן שטאַלטנעם מאַנספּאַרשוין.

— ביטע! זעצט זיך! — האָט עזרע דערהערט א גאַסטפרײַנטלעכע שטים און ווי דורך א נעפּל דערזען אַן אויסגעשטרעקטע האַנט, וואָס האָט אָנגעוויזן אפן פּאָטעל לעבן שרײַבטיש.

עזרע האָט אַרויסגענומען פון בוזעם-קעשענע קאַזימיר שאַבעלסקיס רעקאָמענדיר-בריוו.

— א, דאָס זײַנט איר? — האָט באַלעסלאַווסקי גלײַך באַם איבערלייענען די ערשטע שורעס פריידיק אויסגעשריִען. — דאָס האָט איר געשפּילט די עלעגיע וועגן דעם ווילנער באַלעבעס? פּערעץ און קאַזימיר שאַבעלסקי האָבן מיר דערציילט וועגן אײַך, זיי האָבן אײַך שטאַרק גע-לויבט, און קיין בעסערע אַטעסטירונג איז שוין ניט נייטיק. אַז זיי זאָגן — גוט, קאָן מען זיכער זײַן, אַז ס'איז גוט...

באַלעסלאַווסקי האָט אויסגעשטרעקט עזרען די האַנט. דאָס האָט באַטײַט, אַז אי ער באַקאָנט זיך מיט עזרען, אי ער באַגריסט אים, ער שליסט מיט אים פרײַנטשאַפט און זאָגט צו הילף.

עזרען איז דורך א ווארעמקײַט איבערן גאנצן לײַב, ס'איז אים ליכטיק געוואָרן, און ער האָט זיך געגנוג ניט געקאָנט אָנקוקן אַף באַלעסלאַווסקיס ברייטן שטערן, אַף זײַנע שווארצע, טיף ארײַנדרינגענדיקע, יונגע אויגן און אַפן גוטמוטיקן שמייכל, וואָס האָט באשײַנט זײַן פּאָנעם.

— איז דערציילט עפּעס וועגן זיך, פאני עזרע, — האָט אווגוסט באַלעסלאַווסקי פארגע־לייגט, — דערציילט עפּעס וועגן זיך... לאָמיך וויסן, מיט וועמען איך האָב צו טאָן.

איצט, ווען פאר עזרען האָט זיך געעפנט די צוקונפט, איז אים שווער געווען זיך אומקערן צו זײַן פארגאנגענהײַט. ער האָט געכאַפּט איינס פארן צווייטן. נאָר באַלעסלאַווסקי האָט אים באלד אָפּגעשטעלט, געבעטן אָנהייבן אַלץ פונדאָסנײַ און גאָרנישט ניט איבערהיפּערן. און וואָס מער באַלעסלאַווסקין געפעלט דאָס, וואָס עזרע דערציילט וועגן דער היים, וועגן זײַן סוויווע, אַלץ מער געפעלט עס אויך עזרען, און ער דערציילט געגנויער וועגן דער ליפּאָוועצער קאפּעלע, וועגן די כאסענעס און פריצישע בעלער, וועגן בערדיטשעוו, סעוואסטאָפּאָל און בעלץ, וועגן זײַן קומען קיין ווארשע...

בא באַלעסלאַווסקין נעמט שטארק אויס עזרעס קלעזמער־מישפּאָכע. ער איז צופרידן, וואָס דער פידל גייט איבער בא דער מישפּאָכע פון דאָר צו דאָר, פון האנט צו האנט.

באַלעסלאַווסקי בעט עזרען געגנוי דערציילן וועגן די שטעטלדיקע מוזיקאנטן ביכלאל, וועגן זינגער, טענצער און מײַסע־דערציילער...

— סאָרא פּעטע שווארצערד, סאָרא וווּנדערלעכער באָדן! אַף אַזאַ באָדן וואקסן דעמבעס. די סוויווע האָט א סאך צו זאָגן. פון גאָרניט באקומט זיך גאָרניט. ווי זאָגט דאָרט אײַער פעדאָ־צער? דאָס זען קאָן ניט זײַן אָפּגעריסן פונעם הערן... ריכטיק, ריכטיק, איך בין אויך בא אַזאַ מיינונג. איר דארפט זיך שעצן גליקלעך, וואָס איר האָט געלערנט בא פעדאָצערן. דעם פונדאָ־מענט לייגט אוועק דער ערשטער לערער, און פונעם פונדאמענט איז אַלץ אָפּהענגיק. דער אינטעלעקט, ווי ס'איז צו זען, איז בא פעדאָצערן ענג געשלאָסן מיט זײַן געפילן־וועלט, און דער געדאנק מיטן געפיל טראָגן זיך בא אים בליץ־שנעל אַף די פליגלען פון זײַן פאנטאזיע. סאָרא גליקלעכע דרײַ־אייניקײַט — געדאנק, געפיל און פאנטאזיע, די דרײַ־אייניקײַט פון א פידלער, פון א קאָמפּאָזיטאָר און א פעדאגאָג. ניט יעדן איז עס באשערט, ניט יעדן!

עזרע דערציילט, ווי ער לעבט איצט אין ווארשע, וועגן זײַנע שכיינים, וועגן שאָלעמקען זײַן טאל־מיד. באַלעסלאַווסקי פארינטערעסירט זיך מיט שאָלעמקען און באמערקט, אַז ס'איז ניט קיין בא־רימערײַ דאָס, וואָס ער דערציילט, וויאַזוי ער לערנט דאָס יינגל.

— ניין, ניין, ס'איז ניט קיין ברימערײַ! איר האָט ריכטיק פארשטאנען פעדאָצערס מעטאָד, און ריכטיק פארשטיין — הייסט מיט דער צײַט ארײַנברענגען נײַס, ארײַנטראָגן אייגנס. אין אײַך לעבט א פעדאגאָג און דעם פעדאגאָג טאָרט איר ניט אָפּשטויסן אָן א זײַט.

איבערן קאָרידאָר האָט זיך צעטראָגן א הילכיקער קלונג.

— באלד הייבט זיך אָן א לעקציע וועגן שאָפּענען, — האָט באַלעסלאַווסקי זיך געכאַפּט און אײַנגעלאָדן עזרען אַף דער לעקציע. ביידע צוזאמען — דער פּראָפעסאָר פון דער מוזיק־שול מיט דעם נאָך ניט־אָנגענומענעם סטודענט — זײַנען ווי אַלטע פרײַנט ארײַן אינעם איבער־געפולטן קאָנצערט־זאַל...

אין זאל איז געווען טומלדיק. פיל סטודענטן האָבן זיך איבערגעוואָרפן מיט שטעכווערטלעך, ארויסגערופן איינער דעם צווייטן אַף א קריג.

— מוזיק איז סאָציאָל, מוזיק נעמט אָנטייל אין אַלע שלאכטן, שלאָגט זיך אַף באריקאַדן!

— נארישקײַטן! מוזיק איז באשאפן געוואָרן צוליב מוזיק. ווען עס ריידן די הארמאטן, שווײַגט די מוזיק.

— די מוטער פון מוזיק — איז רעליגיע.

— עס הייבט זיך ניט אָן, דער ריטם פון מי — אָט דאָס איז דער עכטער ריטם פון מוזיק.

— דער פּראָפעסאָר אווגוסט באַלעסלאַווסקי איז גערעכט!

— גערעכט איז דער פּראָפעסאָר טאדעוש וואָלאָסלאַווסקי, אווגוסט באַלעסלאַווסקי איז טענדענציעז!

— טאדעוש וואָלאָסלאַווסקי איז דער פויקער פון רעאקציע!

— עד דו, פאַן, אַז דער טאטע האָט מאיאָנטקעס, הייסט נאָך ניט, אַז דער זון האָט טאלאנט. דער פידל איז בא דיר א פינפטע ראָד צום וואָגן!

— און דיר פאסט א טאָרבע מער, ווי דער פוטליאר, א טאָרבע אַף גיין איבער די הײַזער!

— דאָס וועט מען נאָך זען, געלט איז קײַלעכדיק, און די צײַט איז קײַלעכדיק.

— ווײַזט אויס, אַז דו האָסט זיך פארבענקט נאָך דער מוזיק פון די סקריפּענדיקע סיבירער שנייען?

— שאָפּען איז ניט פון יענע, וועלכע מע קאָן אַרויסוואַרפן, פאַרוקן ערגעץ אין אַ ווינקל, — האָט אָן אָנגענעמע שטים זיך אַרײַנגעריסן אין טומל און געגעבן צו וויסן, אַז עס רעדט אַ סטודענט פון וואָקאַלן אָפּטייל. — אהא, מע האָט זיך דערשראָקן פאַר שאָפּענען און מע פּרוּווט אים איבערבעטן.

— אָט אַן אומגליק מיט די לירישע טענאָרן, שטענדיק זײַנען זיי באַגײַסטערט, — האָט אַ באַס אויסגעלאַכט דעם טענאָר, — מע וועט דיר אונטערשטעלן אַן אַנדער שאָפּענען, אַז דו זאָלסט אָן דעם עמעסן פאַרגעסן.

— וועגן דעם עמעסן שאָפּען קאָן דערציילן דער פּראָפעסאָר אַווגוסט באַלעסלאַווסקי. דער מוזיק־היסטאָריקער וולאַטאָסלאַווסקי וועט אויסטראַכטן און באַשאַפן אַ שאָפּען לויט זײַן אייגענעם מוסטער.

— טאַדעוש וולאַטאָסלאַווסקי איז אַן עסטעט, און אַווגוסט באַלעסלאַווסקי איז טענדענציָז, ער שפּאַנט אײַן צוזאַמען פּאָליטיק מיט קונסט, ס'איז פּונקט אַזוי, ווי אײַנשפּאַנען אַ שוואַן מיט אַ קרעבס! — זײַנען עטלעכע קולעס צוזאַמען אָנגעפאַלן אויפן טענאָר מיטן באַס.

אַ הילכיקער קלונג האָט אַ סאַך געמאַכט צום טומל.

עס האָט זיך אויפגעהויבן דער פאָרהאַנג. אין צענטער פון דער בינע איז געהאַנגען אַ גרויסער פּאָרטרעט פון פּוילנס באַהערשער — אַלעקסאַנדער דעם ערשטן, און בײַ דער זײַט — אַ קלײנינקער פּאָרטרעט פון פרעדעריק שאָפּען.

דער מוזיק־היסטאָריקער טאַדעוש וולאַטאָסלאַווסקי האָט אָנגעהויבן זײַן לעקציע וועגן דעם, אַז די קונסט האָט ניט צו טאָן מיט קיין פּאָליטיק. די קונסט איז געבוירן געוואָרן צוליב דער קונסט, זי פאַרשאַפט עסטעטישן פאַרגעניגן דעריקער מיט דעם, וואָס זי זאָגט גאָרניט. די קונסט פאַרוויילט. צו איר, צו דער קונסט, קומט מען זיך אָפּרוען פון דער פּאָליטיק, פון אַלע שטורעמס און לעבנס־שלאַכטן.

— פאַרוואָס זשע האָבן די הערשער אַזוי מוירע פאַר דער אַנטוואָפּנטער קונסט? — האָט עמעצער אויף דער גאַליאָרקע אויסגעשריִען.

דער דירעקטאָר פון דער מוזיק־שול האָט אויפגערעגט גענומען קלינגען מיטן גלעקל.

— שטילער! שטילער! אויב איר האָט ניט קיין אַכטונג צו שאָפּענען, — האָט ער זיך געווענדט צו די סטודענטן, — איז האָט זשע אַכטונג צו זײַן מאַיעסטעט, דעם אימפּעראַטאָר, וואָס באַשײַנט מיט זײַן געשטאַלט אונדזער קאָנצערט־זאַל! פאַרגעסט ניט, ווו איר געפינט זיך!

אַ באַגײַסטערטער פון דעם, וואָס דער דירעקטאָר האָט זיך פאַר אים אײַנגעשטעלט, האָט דער דיקלעכער קורצזיכטיקער טאַדעוש וולאַטאָסלאַווסקי גענומען אונטערשפּרינגען, אַרופגעכאַפּט זיך אויף עטלעכע טענער העכער און אומרויִק געשריִען וועגן דער שטילער בעשאָלעמדיקער קונסט, וואָס ווייסט ניט פון קיין אומרו, ווייסט ניט פון קיין קריג. ער האָט געשריִען און צום טאַקט צוגעקלאַפּט מיטן פויסט אין דער קאַטעדרע:

— די מוזיק איז נייטראַל און איר גייט ווייניק אָן דאָס, וואָס עס קומט פאָר אין לעבן. פּראָגראַם־מוזיק איז אַן אויסגעטראַכטע זאַך. די מוזיק איז אינהאַלטסלאָז...

— אינהאַלטסלאָז איז אײַער לעקציע, און ניט די מוזיק!

— ניין! ניט אינהאַלטסלאָז, — האָט אַ שטים פון דער גאַליאָרקע פאַריכט דעם פעלער פון דער שטים, וואָס האָט זיך ווי פון אונטערן דיל געטראָגן, — די לעקציע פונעם פּראָפעסאָר פאַרמאָגט איר אינהאַלט, איר רעאַקציאָנערן אינהאַלט!

— יאָ! יאָ! ס'איז דער אינהאַלט פון „באָזשע צאַריאַ כראַני"...[1] די קונסט זאָל זיך אַנטוואָפּענען פאַר די באַוואָפּנטע אונטערדריקער...

— ס'איז אַ באַליידיקונג פאַרן קייסער! אַ באַליידיקונג פאַר דער קונסט! — האָבן זיך פון פאַרשיידענע רייען געריסן קעפּ אין דער הייך, אַז עס זאָלן זיי זען דער דירעקטאָר און דער פּראָפעסאָר.

דער לעקטאָר האָט פאַרגעזעצט:

— די לעגענדע וועגן שאָפּענען און וועגן שאָפּענס מוזיק דאַרף און מוז צעשטערט ווערן! די געשיכטע פון מוזיק, ווי יעדער אַנדער געשיכטע, דולדעט ניט קיין פאַלשקײַט. אונדזער אויפגאַבע איז אַרויסברענגען און באַווײַזן דעם אָביעקטיוון עמעס, דעם עמעס אַזאַ ווי ער איז... שאָפּען האָט טאַקע פאַרלאָזט וואַרשע און אַוועק קיין פּאַריז, נאָר עס געפינען זיך אַזעלכע מישטיינסגעזאָגט ביִאָגראַפן, וואָס דערווײַזן, אַז שאָפּען האָט פאַרלאָזן וואַרשע, ווײַל מע האָט אים קלוימערשט נאָכגעשפּירט, ווײַל ער האָט מוירע געהאַט, אַז מע וויל זיך מיט אים צערעכענען. ס'הייבט זיך ניט אָן! זשאָרזש זאַנד האָט אים פאַרדרייט דעם קאָפּ, צוליב איר איז ער

---

[1] גאָט, היט דעם קייסער.

אוועק פון ווארשע! פון הארבסט טויזנט אכט הונדערט איין־און־דרייסיקסטן ביזן לעצטן טאָג פון זיין לעבן איז שאָפּען געווען אין פּאַריזש, און דאָס האָט געווינלעך ניט געקאָנט דורכגיין גלאַט. די פּאַריזשער לופט איז א געפערלעכע לופט, די פּאַריזשער לופט איז פאַרסאַמט מיט רעוואָליוציע.

אין זאַל איז ווידער געוואָרן אומרויק, און טאַדעוש וולאַטאָסלאַווסקי האָט ווידער געשריִען ניט מיט זיין קאָל:

— דעם טרויער־מאַרש, דעם דריטן טייל פון דער בע־מאָל־סאָנאַטע, טייטשן אויס די פאַרשיידענע פאַלשע טייטשער, ווי איינע פון די שטאַרקסטע דראַמאַטישע עלעגיעס אין דער וועלט, אַז דאָס איז דער טראַגישער גורל פונעם פּוילישן פאָלק, וואָס האָט פאַרלוירן זיין פריי־הייט... וועלכע טראַגעדיעס?! דעם טרויער־מאַרש האָט שאָפּען געשאַפן דאַן, ווען ער איז קראַנק געוואָרן און גענומען שפּייען מיט בלוט. אים האָט זיך געדוכט, אַז אָט־אָט שטאַרבט ער, און ער האָט זיך אַליין באַוויינט און זיך אַליין לעבעדיקערהייט באַגלייט אין קייווער אריין. ס׳איז דער טרויער־מאַרש וועגן זיין אייגענעם לעבן, וועגן זיין אייגענעם גורל און ניט מער.

א טייל סטודענטן האָבן הילכיק אַפּלאָדירט, און א טייל האָבן אופגערעגט געשריִען:

— אייער שאָפּען — איז ניט אונדזער שאָפּען!

— דאָס איז ניט שאָפּען!

עזרע האָט א טראַכט געטאָן: „סאַראַ שאָד, וואָס קאַמסקי איז דאָ ניטאָ. ווען ער וואָלט ביי־געווען אף דער לעקציע, וואָלט ער ניט אויסגעהאַלטן און וואָלט אומגעבעטענערהייט אַרופגע־שפּרונגען אף דער בינע און צונישט געמאַכט דעם פּראָפעסאָר מיט זיינע אָנהענגער, ער וואָלט זיי אַזוי אַריינגעזאָגט, אַז זיי וואָלטן עס געהאַט צו געדענקען!“

אין סאַמע ראַש פון די שטרייטן איז צו עזרען צוגעגאַנגען א סטודענט און מיט א ווונק אים אַרויסגערופן פון זאַל. ער האָט אים דערלאַנגט אַן אַדרעס און אים איינגערוימט אין אויער:

— מאָרגן אַכט אין אָוונט קומט לויט דעם אַדרעס. דאָרטן וועט איר הערן א צווייטע לעקציע וועגן שאָפּענען — די לעקציע וועט לייענען דער פּראָפעסאָר באַלעסלאַווסקי.

דער גרויסער צימער איז פול געווען מיט יוגנט.

עזרען האָבן וואַרעם באַגעגנט דער פּראָפעסאָר אויגוסט באַלעסלאַווסקי, די באַלעבאַטים פון הויז און די סטודענטן.

— זעצט זיך לעבן מיר, — באַלעסלאַווסקי האָט געמאַכט פאַר עזרען אַן אָרט אין סאַמע אויבנאָן פון דעם שיין סערווירטן טיש, — ביטע, פּאַני עזרע! ביטע! מיר זיינען דאָך עפּעס אַלטע באַקאַנטע, מאָרגן אינדערפרי ווערט צוויי מעסלעס, ווי מיר קענען זיך...

עזרע האָט זיך געגרויטלט, מיט דאַנקבאַרקייט געקוקט אפן פּראָפעסאָר, מיט אינטערעס באַטראַכט די סטודענטן און סטודענטקעס, שאָפּענס נייעם פּאָרטרעט. ס׳איז נאַכט, און שאָפּען שפּילט א ליבגעזאָגנג דעם טאָג. שאָפּענס פיגור איז עטוואָס איינגעבויגן, די ציין צוגעפּרעסט, די אויגן האַלב צוגעמאַכט און א קרענקלעכער שמייכל שוועבט איבער זיין באַגייס־טערט פּנים.

— סאַף לערניאַר, — האָבן די סטודענטן דערציילט עזרען, — האָט די אַדמיניסטראַציע פון דער מוזיק־שול אַראָפּגענומען שאָפּענס פּאָרטרעט און פאַרשטעקט אים ערגעץ אין א ווינקל. אף מאָרגן האָבן זיך שאָפּענס פּאָרטרעטן באַוויזן אין אַלע אַודיטאָריעס און אף אַלע ווענט פון קאָרידאָר.

דער אָוונט, געווידמעט שאָפּענען, האָט זיך אָנגעהויבן מיט מאָצאַרטס רעקוויעם. דערנאָך האָט דורכגעקלונגען שאָפּענס טרויער־מאַרש.

מע האָט אָנגעגאָסן די בעכערס.

— פאַר שאָפּענען!

— פאַר שאָפּענען!

— שאָפּען איז, ווי דער דעמב, טיף פאַרוואָרצלט, — האָט מיט א באַזונדער מילדקייט אויגוסט באַלעסלאַווסקי אַרויסגעבראַכט די ערשטע ווערטער פון זיין לעקציע, — ניט אַרויסצו־רייסן און ניט צו רירן אים פון אָרט... וואָס גרעסער די שטורעמס, אַלץ פעסטער און זיכערער ווערט ער... קאַרליקעס האָבן פיינט ריזן, זיי קאָנען ניט פאַרהייבן אַזוי הויך דעם קאָפּ, און זיי מעסטן דעם ריז לויט זייער גרייס... עס באַקומט זיך אָבער גאָרניט, דער קאָפּ פונעם ריז לאָזט זיך ניט בייגן, און ס׳איז נישטאָ אַזאַ קראַפט, וואָס זאָל אים מאַכן קלענער, נידעריקער... שאָפּען בלייבט שאָפּען, און וולאַטאָסלאַווסקי בלייבט וולאַטאָסלאַווסקי!.. וואָלט די מוזיק געווען א שפּילכל, וואָלט איך קיין איין טאָג ניט געהאַט צו טאָן מיט איר. איך וואָלט אף מוזיקער געקוקט ווי אף נישטיקייטן. צום גליק, איז עס ניט אַזוי. מוזיק — דאָס איז דער אָטעם פון דער צייט,

דער אָפּקלאַנג פון לעבן, דער גײַסט פונעם דאָר. מוזיק איז אין אונדז, מיט אונדז, אין אַלע אונדזערע לײדן און פרײדן, זי באַגעגנט און באַגלײט אונדז אין אַלע געראַנגלען, אין אַלע לעבנס־שלאַכטן. װאָלט קײן מוזיק ניט געװען אַף דער װעלט, װאָלטן קײן יאָמטױװים ניט געװען, װאָלט דעם מענטשנס טרױער דערשטיקט געװאָרן אין זיך און דער מענטש װאָלט גאָרניט געהאַט קײן מענטשלעכן אױסזען.

— איר הערט? — איז אױגוסט באַלעסלאַװסקי צוגעגאַנגען צום ראָיאַל; זײַנע אומרויִקע פינגער טראָגן זיך אין װיכער פון מאַזורקע. — שאָפּענס מאַזורקעס זײַנען אָנגעלאָדן מיט די זאַפטן און רײכעס פון דער פּױלישער ערד, זײ ברױזן מיט פרײד און מיט ליבע. װאָס דאַרפט איר מער, — באַלעסלאַװסקיס פינגער נעמען פלאַטערן, װי די פינגער פונעם פישער, װאָס דערפילן דעם ציטער פון אַן ערשט געפאַנגענעם צאַפּלדיקן פיש, — הערט, װי עס קלינגט שאָפּענס אַן עטיוד... שאָפּען האָט זיך ניט פאַרגונען שרײַבן עטיודן בלױז צוליב איבונגען, בלױז אַף צו פאַרפולקומען די טעכניק. װאָס אינהאַלטלעכער דער קאָמפּאָזיטאָר איז, אַלץ מער נאַציִאָנאַל איז ער, און װאָס מער נאַציִאָנאַל ער איז, אַלץ אינהאַלטסרײַכער איז זײַן שאַפן!..

באַלעסלאַװסקי שפּילט שאָפּענען, און דאָס באַשטעטיקט זײַנע געדאַנקען.

— שאָפּען איז עכט פּױליש, װי גלינקאַ איז עכט רוסיש. און ניט אומזיסט האָבן די נאָר־װעגער פאַרגליכן זײער גריגן מיט שאָפּענען, זײער נאַציִאָנאַלן קאָמפּאָזיטאָר האָבן זײ גערופן „דער צאָפּנדיקער שאָפּען“. מע דאַרף ניט זײַן קײן היסטאָריקער פון מוזיק אַף צו פאַרשטײן, אַז די מוזיק איז געקניפּט און געבונדן מיט דער געשיכטע און העלפט מיט שאַפן די געשיכטע.

באַלעסלאַװסקי פאַרמאַכט דעם ראָיאַל און גײט צו צום טיש.

— שאָפּען האָט ניט פאַרלאָזט פּױלן, נײן, שאָפּען איז פאַרטריבן געװאָרן פון פּױלן!

אַ רעגנדיקער האַרבסט־טאָג פון טױזנט אַכט הונדערט אײן־און־דרײַסיקסטן יאָר. די שטוב, דער הױף, די גאַס, די פּילצאָליקע פרײַנט האָבן זיך ניט געקאָנט צעשײדן מיט שאָפּענען, מע איז אװעק און װידער געקומען ארומנעמען זײער ליבלינג, נאָכאַמאָל אַ קוק געבן אַף אים... באַלעסלאַװסקי דערצײלט, און עזרע זעט, װי דער זילבערנער בעכער, אַ פול אָנגעשאָטענער מיט פּױלישער ערד, גײט איבער פון האַנט צו האַנט.

— פאַרגעס ניט, שאָפּען, די ערד, אַף װעלכער דו ביסט געבױרן געװאָרן, די ערד, װאָס האָט דיך גענערט מיט אירע זאַפטן, די ערד, װאָס האָט אַזױ ברײט און אַזױ טיף צעעפנט פאַר דיר אירע קלאַנגען־אוצרעס!

און עזרע הערט. צום ערשטן מאָל אין זײַן לעבן הערט ער שאָפּענס באַגײַסטערטע שטים: „ערד מײַן ערד, אױב איך װעל דיך פאַרגעסן, זאָל איך אַלײן פאַרגעסן װערן, זאָלן אָפּגעמעקט און פאַרגעסן װערן אַלע מײַנע קלאַנגען פונעם ערשטן ביזן לעצטן!..“

שאָפּען איז אין פּאַריזש, אָבער זײַן האַרץ איז אין װאַרשע. אַלע זײַנע געדאַנקען און אַלע זײַנע געפילן זײַנען געװידמעט זײַן פאָלק, זײַן לאַנד... מיצקעװיטש קומט אַלע טאָג צו שאָפּענען מיט זײַן פאַרװונדעט האַרץ, מיט זײַן פאַרװונדעט װאָרט, אַז ער, שאָפּען, זאָל זײ הײלן מיט זײַנע קלאַנגען. נאַכט אין נאַכט קומט מיצקעװיטש אָפּנעמען אַ גרוס בײַ שאָפּענס קלאַנגען, װי בײַ די נאָענטסטע, װאָס זײַנען אָקאָרשט געקומען פון דער הײם, פון װאַרשע.

— װאָס הערט זיך אין פּױלן?

— פּױלן איז פאַרבענקט און גײט אױס נאָך אירע פאַרטריבענע זין, װי די פאַרטריבענע זין זײַנען פאַרבענקט און גײען אױס נאָך פּױלן.

און ניט נאָר מיצקעװיטשן פאַרקישעפט שאָפּען. ער פאַרקישעפט אױך זשאָרזש זאַנד, אָנאָרע באַלזאַקן און הײנען — די בעסטע מענטשן פון יענער צײַט.

שאָפּענס שפּילן איז פאַר באַלזאַקן ניט קײן רו... באַלזאַק הערט און זעט אין שאָפּענס קלאַנגען, װי עס גײט דורך פאַר אים די מענטשלעכע קאָמעדיע מיט אַלץ, װאָס איז דערהױבן און פאַרדאָרבן, מיט איר צװײפל און גלױבן, מיטן קאָמישן און טראַגישן, מיט איר באַגײַסטערונג און װײ־געשרײ...

אַ נאַכט אָן כװזעק, אָן אַ כאָכמע, אָן אַ װיץ, אָן אַ שפּאַס איז פאַר הײנען געװען אומעגלעך, װי פאַר אַ ליכטיקער נאַכט צו בלײַבן אָן שטערן, און דאָס אומעגלעכע האָט שאָפּען געמאַכט פאַר מעגלעך... שפּילט שאָפּען — שװײַגט הײנע.

נאָכן טרױער־מאַרש האָט שאָפּען אַלײן אױך געשװיגן. נאָכן טרױער־מאַרש האָט שאָפּען מער גאָרניט געקאָנט שפּילן, מער ניט געקאָנט זײַן צװישן מענטשן, אַפילו צװישן די סאַמע נאָענטסטע... ער פלעגט כאַפּן זײַן הוט און לױפן, װוּהין די אױגן האָבן אים געטראָגן, לױפן שאָענװײַז איבער די פּאַריזשער גאַסן.

— נאָר אָט איז געקומען דער טאָג, — אין באַלעסלאַװסקיס שטים דערהערט זיך אַ ציטער, — דער שרעקלעכער טאָג, דער זיבעצעטער אָקטיאַבער פון טױזנט אַכט הונדערט נײַן־און־

פערציקסטן יאָר. שאָפּענס האַרץ קלאַפּט אויס די לעצטע ריטמען, די לעצטע רעגעס פון זײַן לעבן. „איך וויס, מײַן קערפּער וועט מען ניט דערלויבן איבערפירן קיין ווארשע, טאָ ברענגט אַהין מײַן האַרץ, עס געהער דעם פאָלק!..“ באַם אָרן קלינגט שאָפּענס טרויער־מאַרש, ער באַגלייט זײַן שפּעטער אין לעצטן וועג...

באַלעסלאַווסקי בלײַבט פאַרגליווערט, ווי ער זאָל זיך שטעלן אַף דער ערן־וואַך באַ שאָפּע־נען צוקאָפּנס. ער דערציילט וועגן שאָפּענס לעווײַע אין פּאַריזש.

עס הוידעט זיך דער קאַטאַפאַלק. די בעסטע זין פון פראַנקרײַך באַגלייטן דעם בעסטן זון פון פּוילן.

עס זינגט פּאַלינע וויאַרדאָ, די באַוווּסטע פראַנצויזישע זינגערין. זי זינגט די סאָלאָ פון מאָצאַרטס רעקוויִעם. זי באַוויינט שאָפּענען, וועמען זי האָט אַזויפיל מאָל באַזונגען מיט זײַנע אייגענע געזאַנגען, מיט זײַנע אייגענע מעלאָדיעס.

סימפאָנישע אָרקעסטערס זײַנען פאַראייניקט אין דעם גרויסן אומגליק. זיי שפּילן שאָפּענס טרויער־מאַרש, וועלכן ער האָט אַזוי ליב געהאַט און אַזויפיל מאָל פאַר זיך אַליין אים געשפּילט.

דער זילבערנער בעכער מיט פּוילישער ערד, מיט וועלכן שאָפּען האָט זיך קיינמאָל ניט צעשיידט, גייט איבער פון האַנט צו האַנט, מע הייבט אים אַלץ העכער און העכער, ווי דאַן, ווען שאָפּען האָט זיך געזעגנט מיט פּוילן. די זאַמדעלעך פון דער פּוילישער ערד ווערן פאַרזיכטיק אַרײַנגעשאָטן אין קיווער און מישן זיך אויס מיט דער פּאַריזשער ערד.

דער אָנגעגאָסענער בעכער האָט געציטערט אין עזרעס האַנט.

— פאַר שאָפּענען!

— פאַר שאָפּענען!

מאָרגן, אומבאַדינגט מאָרגן, וועט עזרע קומען אין קאָסטיאַל פונעם הייליקן קרייץ, וווּ עס געפינט זיך אונטערן גלעזערנעם קײַלעך שאָפּענס האַרץ.

פאַרטאָג, ווען עזרע האָט אַריבערגעטראָטן די שוועל פון קאָסטיאָל, איז, דוכט זיך, נאָך גאָט אַליין געשלאָפן.

אַ מאַדאָנע, פאַרוועבט אין קאַיאַריקער טונקלקייט, האָט געדריקט צו דער ברוסט אַ נאַקעט קינד, מאַלאָכים האָבן געשוועבט אַרום דער מוטערס קאָפּ. עזרע איז געבליבן ווי צוגעשמידט באַם אַרײַנגאַנג און זיך ניט געקאָנט רירן פון אָרט. עס האָט זיך אים געדוכט, אַז דאָס האָט ער דער־זען זײַן מאַמע. און געקומען איז זי אַהער ניט קעדיי קניִען פאַר גאָט און בעטן פאַר איר זון, — זי איז געקומען אַהער קניִען פאַר איר זון און דערמאָנען אים וועגן איר גרויזאַמען גאָט.

„עזרע, וווּהין גייסטו?! וואָס פאַר אַ ניט־גוטער האָט דיך געבראַכט אַהער?! גאָט וועט עס דיר קיינמאָל ניט מוחל זײַן! פאַרגעס ניט, אַז ער איז דער גאָט פון נעקאָמע, וואָס רעכנט זיך אָפּ פאַר דער מינדסטער עווירע מיט די סאַמע האַרבסטע שטראָפן. ער רעכנט זיך אָפּ מיט קינ־דער און קינדס־קינדער, ביזן דריטן און ביזן פערטן דאָר“.

„מאַמע! — פאַרענטפערט זיך עזרע, — דו געדענקסט, שטענדיק האָסטו מיך גערופן „האַרץ מײַנס“, ווײַל דאָס האַרץ, האָסטו געזאָגט, איז דאָס טײַערסטע באַם מענטשן. דאָס האַרץ איז דער מיילעך פון אַלע איבֿרים; איידער אַלע איבֿרים פאַרעמען זיך אויס, צאַפּלט שוין דאָס האַרץ, און ווען אַלע איבֿרים שטאַרבן אָפּ, קלאַפּט נאָך אַלץ דאָס האַרץ... און דאָ, אין קאָסטיאָל, ליגט שאָפּענס אייביק לעבעדיק האַרץ... צו אָט דעם האַרץ בין איך געקומען אויסגיסן מײַן האַרץ“.

„זון מײַנער, קינד מײַנס, ס'איז קיין פאַרענטפערונג ניט, — באַרויִקט זיך ניט די מאַמע, — פאַרגעטערן אַ מענטשלעך האַרץ — איז די זעלבע זינד, ווי פאַרבײַטן אונדזער גאָט אַף אַ צווייטן גאָט“.

„מאַמע! מאַמע!“ — בעט זיך באַ איר עזרע, זי זאָל אים פאַרשטיין, מיטפילן און פאַרגעבן.

עזרען דוכט זיך, אַז ער הערט דער מאַמעס שטילע אײַליקע טריט אַפן אויסגעריבענעם דיל. זי דערנעענטערט זיך צו אים, כאַפּט אים אָן פאַר אַ האַנט און בעט זיך באַ אים, ער זאָל אַוועק פונדאַנען צוזאַמען מיט איר.

— וווּ איז דאָ שאָפּענס האַרץ? — פרעגט עזרע הויך, און אַ ווידערקאָל צעטראָגט זיך איבערן קאָסטיאָל.

דער אַלטער אײַנגעבויגענער וועכטער באַטראַכט עזרען פון אַלע זײַטן און פרעגט אים שטיל, פּונקט ער זאָל אים אײַנרוימען אַ סאָד:

— זאָגט מיר, איך בעט אײַך, צו וועלכן גלויבן געהערט איר?

— צו שאָפּענס! צו שאָפּענס גלויבן!

— איר זײַט אַ קאַטאָליקער?

— ניין, אַ מוזיקאַנט!

— אַ, אויב אַזוי, איז פאַרשטענדלעך, — טרעט אָפּ דער אַלטער אײַנגעבויגענער וועכטער אָן אַ זײַט, און מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט ווײַזט ער אָן עזרען, — אָט דאָרט, אין יענעם ווינקל, אָט דאָרט געפינט זיך שאַפּענס האַרץ...

צוליב טוענדיק דער מאַמען האָט עזרע שאַפּענען ניט אָנגערופן גאָט, ער האָט זיך צו אים געווענדט מיט די ווערטער, מיט וועלכע די מאַמע פלעגט זיך שטענדיק ווענדן צו אים, צו עזרען: „האַרץ מײַנס!"...

שאַפּענס האַרץ איז אַרויס פונעם ברוסטקאַסטן. און אָפּן האַרץ, אָפּן פאַר אַלעמען... עזרען דוכט זיך ווידער, אַז לעבן אים שטייט די מאַמע זײַנע און טוט טפילע פאַר שאַפּענס האַרץ מיט די זעלבע ווערטער און מיט דעם זעלבן ניגון, ווי זי טוט טפילע פאַר איר גאָט.

„מאַמע! — ווילט זיך עזרען אויסשרײַען. — שאַפּען פאַרשטייט דאָך ניט קיין יידיש און דײַן טכינע־ניגון איז פאַר אים אַ פרעמדער ניגון".

נאָר שאַפּענס האַרץ נעמט זיך אָן פאַר דער מאַמען:

„דו ביסט ניט גערעכט, עזרע, אַ מענטשלעך האַרץ פילט מיט אַלע הערצער, פאַרשטייט אַלע שפּראַכן און כאַפּט אויף אַלע ניגונים, אַלע קלאַנגען. אומזיסט מיינסטו, אַז די מוזיק פון דײַן מאַמעס נעשאָמע איז פאַר מיר אומפאַרשטענדלעך. וואָס קאָן זײַן דערהויבענער און הייליקער, ווי די טפילע פון אַ מאַמע?!"

און די מאַמע טוט טפילע:

„דער צאַר פון מײַן עזרען און מײַן ליבע צו אים האָבן מיך געבראַכט אַהער. פאַרשטיי מיך, גנעדיקער, און פיל מיר מיט, באַרעמהאַרציקער. זאָל דײַן זכוס בײַשטיין, און מײַן זון זאָל נויסע־כיין זײַן בײַ אַלע די, וואָס וועלן זײַן גוירל האַלטן אין די הענט. אומעטום, וווּ ער וועט זיך קערן און ווענדן, זאָל זיך אָפּטאָן פון אים די אומזיסטע און אומנישטע סינע, און אומעטום זאָלן אים באַגעגענען גנעדיקײַט, ליבע, פרײַנטשאַפט און ברידערשאַפט. זאָל דײַן זכוס בײַשטיין, און זײַן פּידל זאָל קיינמאָל ניט וויינען אַף זײַנע יאָרן און טעג. זאָל זײַן פּידל שטענדיק אָנזאָגן גוטע בסורעס, אופהייבן אַלע אײַנגעבויגענע קעפּ און דערפרייען אַלע אָנגעווייטעקטע, צעבראָכענע הערצער. ריין זאָל בלײַבן מײַן זונס האַרץ, זאָל עס ניט געשטרויכלט ווערן, זאָל ניט פעלשן זײַן צונג, זאָל ניט געבראָכן ווערן זײַן געמיט, זאָלן אים קיין פּוסטע מאַכשאָוועס ניט באַהערשן, ער זאָל ניט וויסן פון קיין פּוסטע רייד און פון פּוסטע קלאַנגען. זאָל מײַן זונס האַרץ שטענדיק זײַן באַהעפט מיט דײַן האַרץ. זאָל דײַן האַרץ שטענדיק זײַן אַ שפּיגל פאַר אים, אַ קוואַל, צו וועלכן ער זאָל אַלעמאָל קומען, ווען ער וועט דאָרשטיק זײַן. זאָלן די בריִענדיקע צאָרעס און געפאַרן, וואָס דראָען אַף אַלע וועגן און שטעגן, אויסגעלאָשן ווערן פון די טרערן, וואָס טוען רינען פון מײַנע אויגן. אָמיין!"

— אָמיין! — ווינטשעוועט זיך עזרע, אַז דער מאַמעס טפילע זאָל אָנגענומען ווערן, און זײַן האַרץ פרעגט בײַ שאַפּענס האַרץ:

— וואָס וועט זײַן מיט מיר? ביזוואַנען וועל איך גיין אַף צעבראָכענע בריקן? ביזוואַנען וועל איך זיך אַרומקוקן פון אַלע זײַטן, צי דער אומגליק פאַלט ניט אַף מיר, ווי אַ שטיין? ביזוואַנען? ביזוואַנען?

די פראַגעס קלינגען אַלץ שטאַרקער און שוידערלעכער. עס פרעגט שוין ניט עזרע אַליין, עס פרעגן צוזאַמען מיט אים אָנצאָליקע הערצער, וואָס גייען מאַכנעסווײַז דורך פאַרבײַ שאַפּענס האַרץ, ווי אַף אַ פּאַראַד.

גוזיקאָוו! דער שקלאָווער גוזיקאָוו! וואָס האָט אָוועקגעגעבן זײַנע לונגען און דאָס האַרץ דער פלייט, דעם צימבל.

— שטילער! שטילער! — בעט זיך עזרע בײַ יויעל־דאָווידס האַרץ, באַם האַרץ פונעם וויל־נער באַלעבעסל, און דאָס זינגעוודיקע האַרץ וויינט און קלאָגט:

„מענטשן, קוקט און זעט! צי ס'איז נאָך פאַראַן אַזאַ ווייטעק, ווי מײַן ווייטעק... גרויס, ווי דער יאַם, איז מײַן וווּנד!"

סטעמפּעניו! וויפל טרערן האָט ער אַרויסגערופן און וויפל פאַרכאַלעשטע הערצער האָט ער דערקוויקט, אופגעלעבט, ווי עס לעבט אויף דער רעגן די פאַרשמאַכטע, פאַרטריקנטע בלאַט!

פּעדאָצער! פּעדאָצערס האַרץ, אַ פּולס מיט קלאַנגען, אַ פּולס מיט באַשאַפענע און נאָך ניט באַשאַפענע וועלטן, אַ פּולס מיט דער פרייד פונעם קוועלנדיקן קוואַל, אַ פּולס מיטן צאַר פון קיינמאָל ניט זײַן צופרידן מיט זיך.

עלישע, דער נאָענטסטער כאַווער. גרויסע פליגלען האָט זײַן האַרץ פאַרמאָגט, און באַם ערשטן פלי האָט אַ קויל אין דעם געטראָפן, בלוטיקט עס און בלוטיקט...

עלישעס פּאָטער, כאַצקעלע דעם שניצערס האַרץ. קיינער האָט אים ניט מיטגעפילט און קיינער האָט אים ניט פאַרשטאַנען. די לינגעצער האָבן זיך קיינמאָל ניט פאַרטראַכט, וואָס כאַצ־קעלע האָט געוואָלט, וואָס כאַצקעלע האָט געמיינט מיט זײַנע שניצערײַען. כאַצקעלע שניצער האָט געהאָפט, אַז זײַן האַרץ וועט מען דערקענען אינעם האַרץ פון זײַן זון, אין עלישע דעם פידלערס האַרץ. ווײ איז דעם זון און ווײ איז דעם טאַטן!

טאַטע! אוי, ווי די עלטער האָט עס אָנגעקלאַפּט אין דײַן האַרצן! אַף אַזויפיל כאַסענעס גע־שפּילט, אַזויפיל סימכעס געפּראַוועט, איז פונוואַנען זשע קומט צו דיר אַזאַ אומעט, אַזאַ טרויער? צי דען האָבן די כאַסענעס קיינעם קיין גליק ניט געבראַכט? צי דען האָבן אַלעמען די סימכעס אָפּגענאַרט?

שאַלעמקע! זאָל דײַן האַרץ ניט צעבראָכן ווערן, ווי ס׳זײַנען צעבראָכן געוואָרן אָט די אַלע הערצער, וואָס זײַנען דאָ ערשט דורכגעגאַנגען מיט זייערע ווייטעקן און אומגליקן. זאָל זיך פאַר שאַלעמקען עפענען דער וועג פון גליק, דער וועג, וואָס פירט צום הויכן באַרג...

די אינדערפריִענדיקע טפילע אין קאָסטיאָל פונעם הײליקן קרייץ איז שוין לאַנג געווען פאַרענדיקט. געבליבן איז דאָ בלויז דער אײַנגעבויגענער וועכטער. און עזרע איז נאָך אַלץ געשטאַנען מיט אַן אײַנגעבויגענעם קאָפּ פאַר שאָפּענס האַרץ.

שאָלעם שטערן

ווערק פון אונדזערע
פרײַנט אין קאַנאַדע

# אינדערפרי

פראַגמענטן פון דער פּאָעמע „אין קאַנאַדע"

ביימער, אָנגעטאָן אין גראָבע קאָרע־הויטן,
פלאַמען אין פרימאָרגן דעם רויטן.

צווישן גערטנער אין בלי
די בערג שטייען אין וואַסער
ביז די קני.

שטיינער אין מאָכיקן גרוי
וואַרעמען זיך אין דער זון,
וואָס שווימט אין הימל־בלוי.

טעלערדיקע טאָלן
אין גראָזענע וואָלן
טראָגן אויף זייערע פלאַכן
שטילע דערפלעך, גאָלדענע שליאַכן.

פערמערישע פורלעך, אָנגעפּאַקט
מיט קעסטלעך און קוישן,
לויפן און רוישן.

א קלויסטערל — נידעריק, שמאָל,
גלײַט אין פאַרנעפּלטן טאָל.

א גאַלעך מיט פרידלעכע טריט
בענטשט די שמייכלענדיקע פערמער,
וואָס ציִען די שטרויענע היט.

דאָס היי שמעקט.
דער טײַך אין גאָלדענעם גלי
ליכטיקט און לעקט
די פעלדזענע קני.

א בין זשומעט און זעגט
די שטילקייט
אויפן זאַמדיק־דאָרפישן וועג.

שטיבעלעך פון ברעטער
אין די וואַלדיקע טיפן.
די נאַסע בלעטער
טריפן און טריפן.

□ □ □

זומערדיקע, בלענדנדיקע נעכט
גייען מיטן טויט אין געפעכט.
דער הימל דער הויכער מיט שטערן
פאַרשטאָכן,
לעוואָנע־פּאַסן צאַפּלען און בלאָזן
אויף די שויבן פון הילצערנעם
פערמער־שטיבל,
פאַרזונקען אין גרין פון האַריקע מאַכן.
ביימער־שפּיצן בלאָען.
די פויערטעס זיצן
און ציילן די שאָען.
העכער פון פעלדזן, טיפער פון היילן
זײַנען די פּײַנען, וואָס מ'קאָן נישט צעטיילן.
זומערדיקע בלענדנדיקע נעכט.

□ □ □

באַגין.
אין דער גרינער רו
פּאַשעט זיך א קו.
אין א מאָכיקן העמד,
דין און גרין,
דרימלט דער שטיין
אין גראָזיקן געשפּין.

דאָס שטיבל וועבט זיך
אין שאָטנס פון טרויער.
דער הימל עפנט
דעם גאָלדענעם טויער.

אין טאָל. דאָס דערפל שמעקט
מיט האָניק און היי.
א פערמער־ייִנגל אויף א האַרמאָניק
נאָגט מעלאָדיען פון וויי.
אוטאָמאָבילן רעדערן אין רויך פון
זאַמדן־שטויב.
דער פרימאָרגן דער נײַער זוניקט אויף דער
שויב.

אווגוסט. א בלאַט פלאַמיקט אויפן בוים.
דער אומעט לויטערט זיך אין טרוים.
עס איז פרימאָרגן. עס איז שטיל.
היימיש איז דעם הונטס געביל.
א נײַע פלאַנטערט זיך אין דאָרנדיקן גרין.
און פארן קראַנקן כאַוער צאַנקט דער
לעצטער באַגין.

## יעשיַע אורבאַס

# דר. קאַרל אבראַמאָוו

### 1

דר. קאַרל אבראַמאָוו האָט געהאַט זײַן קאַבינעט אויף דער ריווער־גאַס — אַ געוויינלעכע גאַס. צו אים קומען אָפט פּאַציִענטן, ניט ווי צו אַ סך אַנדערע דאָקטוירים פון שטאָט, וועלכע הייסן זיך באַצאָלן פאַר אַ וויזיט פון פינף ביז צוואַנציק דאָלער. ער באַנוגנט זיך מיט ווייניקער. שוין פופצן יאָר, ווי ער וווינט אין קאַנאַדע, פּראַקטיקירט אין דער שטאָט טאָראָנטאָ.

ס׳איז מיטיק־צײַט.

קיין קראַנקע זײַנען איצט ניטאָ. דר. קאַרל אבראַמאָוו גייט אָבער ניט אַרויס פון קאַבינעט. אים ווילט זיך הײַנט ניט גיין אין רעסטאָראַן.

פאַרוואָס?

הײַנט איז ראָכלס יאָרצײַט. דעם דאָזיקן טאָג, דעם זעקסטן אָקטיאַבער, וועט ער, וואָר־שײַנלעך, געדענקען די רעשט פון זײַן לעבן.

וויפל יאָר איז שוין דערין?

אין דער־אָ שאָ ווערט פונקט זיבעצן יאָר, ווי זי איז אומגעקומען. זי איז ניט געשטאָרבן מיט קיין נאַטירלעכן טויט. דערמאָרדעט האָט זי איינער פון סטעפּאַן באַנדעראַס באַנדע.

וואָס האָבן עס די באַנדעראָווצעס געהאַט קעגן זײַן ווײַב?

ניט זי אַליין האָט מען דערמאָרדעט, צוזאַמען מיט איר איז דערמאָרדעט געוואָרן אויך איר ברודער.

דער דאָקטער האָט זיך אויפגעהויבן פון שטול. צוגעגאַנגען צו דער פּאָליצע מיט ביכער. ער האָט געקוקט, געניטשטערט צווישן די דיקע טאָוולען און אַרויסגענומען אַ דין ביכל. דאָס דינסטע פון דער פּאָליצע. עס איז געווען דאָס איינציקע יידישע ביכל אין זײַן ביבליאָטעק. צווישן די זײַטלעך, האָט ער געוווּסט, וועט ער געפינען איר בילד. זי, ראָכל, האָט אַמאָל, קאָנ־טיק, געלאָזט דאָ איר בילד. ווען? ער קען זיך עס ניט דערמאָנען...

ער האָט גענומען דאָס ביכל אין דער האַנט: אַ דין ביכל, אָבער אַ גרויס ווערק... געשריבן האָט עס אַ מענטש מיטן זעלבן גורל — אויך יונגערהייט אומגעקומען, דערמאָרדעט געוואָרן בייס דער מילכאָמע.

זי האָט דאָס ביכל, געדענקט ער, אָפט געלייענט, ווי זי וואָלט פאַרגעפילט דעם טויט. ער האָט עס געעפנט און זיך אַראָפּגעלאָזט אָפן שטול.

„און ווי שטום בין איך דעמלט אָן ווערטער געשטאַנען,
געקוקט אין דער וועלט, וואָס איז פוסט מיר געוואָרן,
און געהערט האָב איך נאָר אינדערלופטן אָן אָפקלאַנג
פון עפּעס, וואָס איז מיר אויף אייביק פאַרלאָרן".

די טיר פון זײַן קאַבינעט האָט זיך פּלוצעם געעפנט. בײַ דעם אַרײַנגאַנג איז געבליבן שטיין אַ מענטש. אָנגעטאָן איז ער געווען אין זייער אַ לאַנגן, זייער אַ ברייטן, אומגעלומפּערטן מאַלבעש מיט אַ הויך־אויפגעשטעלטן קראַגן, אין וועלכן ער האָט באַהאַלטן דאָס פּאָנעם. דער מענטש האָט געמאַכט אַ שפּאַן צו דער מיט פון קאַבינעט־צימער, דערבײַ איז דורכגעלאָפן אַ ווינט, און אויס־געדוכט האָט זיך, אַז ניט קיין מענטש איז אַרײַנגעקומען, נאָר אַז צו דר. קאַרל אבראַמאָוון איז אַרײַן דער טײַוול אַליין.

דער מאַן האָט געפרעגט:

— איר זײַט דר. אַנדריי פּלאַטאָוו?..

די פראַגע איז געפאַלן אַזוי אומגעריכט, אַז דער דאָקטער האָט אַזש אַ ציטער געטאָן. ער האָט זיך אויפגעשטעלט, און פון זײַן האַנט איז אַרויסגעפאַלן דאָס ביכל מיט דעם בילד פון זײַן פרוי. ער האָט געקוקט אָפן געקומענעם, געוואָלט זען, ווער ער איז, אָבער ניט געקענט — יענעמס פּאָנעם איז נאָך אַלץ געווען באַהאַלטן טיף אין קראַגן.

— ניין, — האָט געענטפערט דער דאָקטער. — איך בין ניט די פּערזאָן, אויף וועלכער איר פרעגט. מײַן נאָמען איז דר. קאַרל אבראַמאָוו. איר קאָנט זיך איבערצײַגן אין דעם, אויב איר וועט איבערלייענען דאָס שילדל אין דרויסן אויף מײַן טיר!

דער מענטש אין אומגעלומפּערטן לאַנגן מאַנטל האָט זיך אַ קער געטאָן מיטן פּנים אין אַן אַנדער זײַט, אַרויסגענומען די האַנט פון טאַש, אין וועלכער עס האָט אַ בליץ געטאָן אַ שאַרף שטיקל מעטאַל.

ער איז געבליבן שטיין פאַרן דאָקטער מיט אַ רעוואָלווער אין האַנט.

— קאָן זײַן, אַז איך האָב אַ טאָעס, דאָקטער, וועט איר מיר מוחל זײַן, — האָט ער געזאָגט, — נאָר אויב ניט, אויב איר זײַט די פּערזאָן, וועמען מיר זוכן, דר. אַנדריי פּלאַטאָוו, וועט איר, פאַר אײַער פאַראַט, פאַר אײַער האַנדלונג קעגן אונדז, ניט בלײַבן לעבן.

אַרויסגעזאָגט די ווערטער אין איין אָטעם, האָט דער פאַרשוין צוריק אַראָפּגעלאָזט די האַנט מיטן רעוואָלווער אין טאַש און מיט דער אַנדערער אַ כאַפּ געטאָן דאָס הענטל פון דער טיר, פאַרלאָזט דעם קאַבינעט און פאַרשוווּנדן.

דער דאָקטער האָט געמאַכט אַ שפּאַן צו דער טיר, ווי ער וואָלט זיך געקליבן אים נאָכלויפן.

אַ שווייס האָט באַגאָסן זײַן פּנים.

ער איז שטיין געבליבן אומבאַוועגלעך... פאַרן דאָקטערס אויגן האָט נאָך געבליצט, געבלאַנקט דאָס געווער, דער אויסגעשטרעקטער רעוואָלווער.

אויסגעדוכט האָט זיך אים, אַז עס איז דער זעלבער רעוואָלווער, דער רעוואָלווער, וועלכער האָט פון זײַן רער אַרויסגעלאָזט אַ קויל און דערמאָרדעט זײַן ווײַב, דורכגעלעכערט איר יונגן קערפּער.

— ראָכל, כ׳האָב אים געפּאַקט! כ׳האָב ענדלעך געפּאַקט דײַן מערדער! אָט באַלד...

ער איז צוגעלאָפן צום טיש מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט און גענומען קלינגען אין דער פּאָליציי. נאָר באַלד זיך אָבער מעיאשעוו געווען: ניין, עס וועט גלײַכער זײַן אַליין צוגיין אין פּאָליציי, אַליין אַלץ דערציילן.

## 2

דר. קאַרל אַבראַמאָוו איז אַ מאַן פון איבער די פופציק. ער זעט אָבער אויס פיל עלטער, כאָטש ער איז נאָך זייער באַוועגלעך און ענערגיש אין זײַן אַרבעט. די קנייטשן אָפּן פּנים, דער טיף־טונקעלער בליק פון זײַנע גרויע אומעטיקע אויגן זאָגן אײדעס, אַז דאָס איז אַ מענטש מיט אַ שווערער פאַרגאַנגענהײַט, מיט אַ שווער לעבן הינטער זיך.

אין משך פון די אַלע יאָרן, זינט ער לעבט אין קאַנאַדע, איז בא אָט דעם מענטשן דאָס גאַנצע לעבן די אַרבעט.

ווי נאָר ער שטייט אויף אינדערפרי, אין זײַן איינזאַמען צימער, נעמט ער טראַכטן וועגן דעם קומענדיקן טאָג, וועגן זײַנע פּאַציִענטן: וועלכער קראַנקער נייטיקט זיך אין אַן אָפּעראַציע; וועלכער אין אַן אײַנשפּריצונג; וועלכער אין אָפּרו...

די פּאַציִענטן נעמט ער אויף זעקס שאָ אַ טאָג אָף דער ריווער־גאַס, בא זיך אין קאַבינעט, וואָס געפינט זיך ניט ווײַט פון דער ברייטער פּאַרק־אַוועניו, ניט ווײַט פון שפּיטאָל.

אין צענטראַל־שפּיטאָל זעט מען אָפט דר. אַבראַמאָוון, בייס ער פירט דורך אָפּעראַציעס. ער איז ספּעציאַליזירט לעצטנס אָף דעם געביט פון קאַנצער. אין דער פרײַער צײַט, אַפילו זונטיק, שטודירט ער, פאָרשט, פירט דורך עקספּערימענטן איבער פאַרשיידענע כײַעלעך, זוכט, ווײַל געפינען אַ מיטל, וואָס זאָל פון דער ערד אוועקנעמען דעם קאַנצער. אין דעם געפינט ער באַפרידיקונג. פילט זיך אין זײַן אַרבעט נייטיק. די אַרבעט, די פּראָפעסיע, איז בא דר. קאַרל אַבראַמאָון ווי דאָס לעבן גופא.

געוואָרן דאָקטער איז ער ווען?

וועגן יענער צײַט וויל ער ניט טראַכטן, וויל זיך אָפט ניט דערמאָנען... ווײַל ניט נאָר יאָרן טיילן אים אָפּ פון דעם דעמאָלט ביז הײַנט, — אין יענעם צײַט־אָפּשניט ריזלט אַ יאַם מיט טרערן, בלוט. זײַן אייגן בלוט... עס דוכט זיך אים אָפט אויס, אַז פון דעם אַמאָל ביז איצט זײַנען צוזאַמען מיט די אָפּגעפלאָסענע זעקס און צוואַנציק יאָר אַדורך דוירעס מיט רישעס, פּײַן, ברוטאַלקײַט. ווען ער דערמאָנט זיך אין אָט די יאָרן, פילט ער זיך נאָך מער איינזאַם, אַלט...

געוואָרן דאָקטער איז ער דאָרט, וווּ ער איז געבוירן.

עס איז געווען אין פּוילן, אין דער שטאָט לעמבערג, וווּ ער האָט זיך דערצויגן, אויסגעוואַקסן מערסטנטייל צווישן קריסטן.

ער איז געווען איין ייִד, איין סטודענט אין אוניווערסיטעט פאַר מעדיצין.

איין ייִד. פאַרוואָס?

פאַרוואָס? האָט ער זיך אָפט געפרעגט...

און ער האָט געוווּסט גאַנץ ווויל, אַז מע וואָלט אויך אים איינעם ניט אַרײַנגעלאָזט אַהין,

ווען ניט די פּראַקטיקציע, וואָס זײַן פֿאָטער — א „מאָדערנער" ייִד א בוכהאַלטער, האָט געהאט דורך א פֿאַרעץ, ווענעס ברוסט עס איז געווען באַצירט מיט מעדאַלן פֿון א הויכראַנגיקן פּוילישן אַפּיצער...

אַלס ייִד איז ער אָך אַזאַ אַדער אַנדער אויפֿן געוואָרן דיסקרימינירט פֿון דער מאַכט, פֿון מענטשן.

דעמאָלט האָט דער יונגער קאַרל אבראַמאָוו געוואָלט אַנטלויפֿן פֿון זיך אַליין... וווּהין? ער האָט זיך געזוכט נײַע וועגן, ווּ ער זאָל האָבן מער פֿרײַהייט...

דאָך איז ער אויסגעוואַקסן א געזונטער מאַן, פֿיזיש קרעפֿטיק, הויך געבויט, גלײַך, ווי א יונגער בוים. אָבער זײַנע אויגן פֿלעגן קוקן אין א זײַט, מיט א פֿאַרטונקלטן בליק.

ווען אויגן פֿון א מענטשן באַגעגענען זיך אָפֿט מיט בליקן, וועלכע זידלען, כויזעקן, ווערן זיי, די אויגן, אָנגעפּילט מיט פֿאַרגליווערטקײַט.

אין קאַרלס אויגן האָט מען געקאָנט געפֿינען דעמאָלט אַלץ — מוירע, פֿאַרגליווערטקײַט, אויסגעמישט מיט פּראָטעסט...

דאָרט, אין זעלבן אוניווערסיטעט, האָט קאַרל אבראַמאָוו געהאַט א פֿרײַנט, זײַן בעסטן יוגנט־פֿרײַנט, אַן אוקראַיִנער, מיטן נאָמען אַנדריי פּלאַטאָוו.

אַנדריי איז פֿון דער נאַטור געווען א לעבעדיקער, א פֿולסיוועער. ער איז געווען זעלבשטענ־דיק, ווי א גייענדיק וואַסער.

ביידן, קאַרלען און אַנדרייען, האָט מען אָפֿט געזען צוזאַמען בײַס די איבערײַסן צווישן אין לעקציע און דער צוויטער, אַמאָל אין קאָרידאָר, אַמאָל אין קלאַס־צימער, אַמאָל אויך אין רעסטאָ־ראַן. זיי האָבן שטענדיק געהאַט וועגן וואָס צו ריידן בײַסן שטודירן, גרייטנדיק זיך צו די עקזאַמענעס.

צוזאַמען, אין איין טאָג, האָבן זיי באַקומען די דיפּלאָמען. נאָכדעם האָבן זיי געהאַט א פּלאַן עפֿענען אײנײַנעם א קאַבינעט, נאָר ניט רעאַליזירט אים. זיי האָבן אָנגעהויבן פּראַקטיקירן אין שטאָט־שפּיטאָל.

און דאָס לעבן וואָלט ווײַטער געגאַנגען.

3

ס'איז אויסגעבראָכן די מילכאָמע.

טויט האָט זיך אַרײַנגעריסן אין סאַמע בלי פֿון זײַן לעבן.

אָפֿן דאַקטער, וואָס האָט פּראַקטיקירט ערשט קוים דרײַ יאָר, איז די מילכאָמע געפֿאַלן פֿיל שווערער ווי אָף זײַן פֿאָטער, וועלכער איז אין ערשטן טאָג אומגעקומען פֿון א באָמבע.

זומער, אין יאָר 1941, האָבן דעם שפּיטאָל פֿאַרנומען די אָקופּאַנטן, די דײַטשן.

דר. קאַרל אבראַמאָוו האָט אָנגעהויבן טראָגן די געלע לאַטע, א באַנד אָפֿן אָרעם מיטן אויפֿ־שריפֿט „יודע". אַלס פּראָטעסט האָט ער אָרגאַניזירט א הייל־אַנשטאַלט, געהיילט אומזיסט...

קיין קראַנקע האָבן ניט געפֿעלט, די שפּיטאָלן זײַנען געווען איבערגעפֿולט.

דערנאָך איז געוואָרן נאָך ערגער.

דער דײַטש האָט פֿאַרשפּאַרט די ייִדן אין דער געטאָ, אין ענגן קרײַז פֿון די הינטערגעסלעך. זיי האָבן אָנגעשטאָפּט צו צען־צוועלף נעפֿאַשעס אין דעם קלענסטן צימערל. אַרומגעצוימט מיט א פּלויט פֿון שטעכל־דראָט די געטאָ, אָפּגעטיילט, אָפּגעשלאָסן זי פֿון דער אַרומיקער, דרויסנ־דיקער וועלט.

מיט זײַן פֿרײַנט, מיטן דר. אַנדריי פּלאַטאָוו, האָט ער פֿאַרלוירן דעם קאָנטאַקט.

אַנדריי, וואָס האָט געהאַסט דעם אָקופּאַנט, האָט, זיכער, זיך געלאָזט אָף די וועגן, ווּ ער וועט געפֿינען פֿאַר זיך אַן אָרגאַניזאַציע, א פּאַרטיזאַנישע גרופּע, אין וועלכער ער זאָל קאָנען זיך שלאָגן, שטעלן א ווידערשטאַנד דעם אָקופּאַנט. מיט אים, מיט דר. קאַרל אבראַמאָוון, האָט פּלאַטאָוו זיך ניט געזעגנט, זיך אַפֿילע ניט געזעגנט...

די געטאָ איז געווען אין א צושטאַנד פֿון אונטערגאַנג, פֿון פֿולשטענדיקער פֿאַרניכטונג. ניט בלויז איבער די קעסיידערדיקע עפּידעמיעס, קראַנקײַטן, ניט נאָר איבער דעם פּײַנלעכן כראָנישן הונגער, ניט בלויז איבער דער טויטער ענגשאַפֿט, נאָר איבערהויפּט צוליב דעם קעסיידערדיקן אַרויספֿירן מענטשן אין די טויט־פֿאַבריקן, גאַז־קאַמערעס.

דעמאָלט, אין די שווערע טעג, אין אָנבליק פֿון טויט, איז פֿון פּלאַטאָוון אָנגעקומען א ידיִע צום דר. קאַרל אבראַמאָוו.

אין געטאָ איז געקומען פּלאַטאָווס שוועסטער, א יונג מיידל מיטן נאָמען טאַמאַראַ. זי האָט

זיך דורכגעשמוגלט דורך דעם געטאָ־טויער און געקומען צו אים, צו קאַרלען, מיט א פּאַספּאָרט אין די הענט.

— אָט איז א פּאַספּאָרט.

— וויאַזוי?

— מײַן ברודער איז אוועק דורך די אוקראַיִנישע וועלדער אַף יענער ערד, צו די רוסן. ער וואָלט דאָ סײַ־ווי ניט געבליבן לעבן. דאָרט וועט ער זיך געפינען צווישן פּאַרטיזאַנער אָדער גאָר, אויב מע וועט אים לאָזן, אין דער רעגולערער ארמיי. דאָרט וועט ער זיך שלאָגן קעגן די דײַטשן. ער וועט ניט קומען אהער, ביז דער דײַטש וועט אינגאנצן ניט פאַרשווינדן פון אוקראַיִנע. ער האָט מיך געבעטן אין א צוויי וואָכן ארום, נאָך דעם ווי ער וועט אוועק פון שטאָט, אויב איך וועל אַפילו ניט הערן פון אים, איבערגעבן אײַך דעם פּאַס...

עס איז געווען אין יענער צײַט, ווען די דײַטשישע היטלער־ארמיי איז ארײַנגעדרונגען טיף אַף דער רוסישער ערד.

דער פּאַספּאָרט איז געווען אפן נאָמען פון אנדריי פּלאַטאָוון.

— וועמעס פּאַספּאָרט איז דאָס?

— דער פּאַספּאָרט האָט געהערט אונדזערן א קוזען, וואָס איז אומגעקומען דעם ערשטן טאָג פון דער מילכאָמע. קיינער ווייסט וועגן דעם ניט. איר קאָנט זיך ראַטעווען.

— וואָס דאַרף איך טאָן? — האָט געפרעגט דער דאָקטער נאַיִוו.

דר. קאַרל אבראַמאָוו האָט ניט געוווּסט, אז מע קאָן אָפּנאַרן דעם דײַטש, לעבן אַף א פרעמדן פּאַספּאָרט, אָנגיין פאַר א קריסט...

צוליב דעם האָט ער נאָר באַדאַרפט זיך פאַרלאָזן לאַנגע וואָכנשעס.

און אַזוי איז געווען:

אין צוויי וואָכן ארום האָט דר. קאַרל אבראַמאָוו פאַרלאָזט די געטאָ. דעמלט האָט ער מיט־גענומען מיט זיך ראָכלען, די קראַנקן־שוועסטער, וואָס איז שוין געווען זײַן ווײַב.

דער כירורג אבראַמאָוו און ראָכל די קראַנקן־שוועסטער — מע האָט זי שטענדיק אַזוי גע־רופן, אַפילו ווען זי איז שוין געווען זײַן פרוי, — האָבן אין דער ווינטער־נאַכט פון פעוראַל 1942 זיך אראָפּגעלאָזט אין דער קאַנאַליזאַציע און אַזויאַרום ארויס פון דער געטאָ.

אַף דעם ערשטן טאָג האָט געוואַרט אַף זיי טאַמאַרא, וועלכע האָט זיי אָפּגעפירט צו זיך אין צימער ארײַן.

צוליב פּאַרזיכטיקײַט איז דר. קאַרל אבראַמאָוו באַלד אוועק זיך זוכן אַן אָרט. מיט דער הילף פון זײַנעם א געוועזענעם פּאַציִענט, אן „אַריִער", איז אים געלונגען דינגען א צימערל אַף דער הייליקער מאַריִא־גאַס נומער דרײַסיק, לעבן א קירך. אין אָט די אומשטענדן האָט ער אָנגע־הויבן צו פּראַקטיקירן.

ער דערמאָנט זיך, אז אין אָט דער „פרײַער וועלט" האָט אין דער זעלבער צײַט געלעבט א מענטש מיטן נאָמען סטעפּאַן באַנדערא, א מענטש פול מיט אמביציעס.

„אוקראַיִנע בלויז פאַר אוקראַיִנער!" — איז געווען זײַן דעוויז.

באַנדערעס באַנדעס האָבן זיך געשטעלט צו דינסט די היטלעריסטן.

זיי זײַנען צעשפּרייט געווען אין די וועלדער, אָרגאַניזירט אין אָפּטיילונגען, אין גרופּעס. געשפּײַזט האָבן זיי זיך פון גאַזלאָנאַי און רוֹיבערײַ. מע איז ארײַן צו א פּויער, און אויב ער האָט ניט געגעבן, האָט מען אַליין גענומען.

ס'איז געווען פּונקט פיר כאַדאָשים, ווי דער יידישער דאָקטער האָט געלעבט אפן קריסטלעכן פּאַספּאָרט אונטערן נאָמען דר. אנדריי פּלאַטאָוו.

דעמלט איז עס געשען. איינמאָל אין אָוונט איז פּלוצעם געקומען א „פּאַציִענט", וועלכן ער האָט נאָך קיינמאָל ניט געזען. דער פּאַציִענט האָט דערקלערט, אז ער נייטיקט זיך אין א מעדי־צינישער אונטערזוכונג.

— ווער זײַט איר?

— איינער פון אײַערע שכיינים. איך וויל, איר זאָלט מיך באַטראַכטן. איך פיל זיך שלעכט. אין געלט וועט קיין מעניִע ניט זײַן, וויפל איר ווילט...

און נאָך איידער דער דאָזיקער פּאַרשוין האָט אויסגעטאָן דאָס העמד, איז דעם דאָקטערס קאָפּ שוין געווען אין א זאַק. ער האָט גלײַכצײַטיק דערפילט דעם באַריר פון עפּעס א האַרטס, פון א שטיק מעטאַל.

„איר וועט לעבן, אויב איר וועט גיין מיט אונדז!.."

מע האָט ארויסגעטראָגן דעם דאָקטער. אין הויף האָט שוין געוואַרט אַף אים א וואָגן.

מע האָט ארויסגעטראָגן די קראַנקן־שוועסטער.

מע האָט ארויסגעטראָגן די כירורגישע אינסטרומענטן.

מע האָט זיי פאַרפירט אין וואַלד אַריין.

דאָס לעבן פון דר. קאַרל אַבראַמאָוו און זיין ווייב איז דאָ געווען אין געפאַר.

זיי האָבן זיך געפונען אין די הענט פון מערדער...

אין אַנדערהאַלבן מעסלעס אַרום האָט מען זיי געבראַכט אין אַ גרופּע פון באַנדערעס קוילער.

דער בונקער, וווּ די באַנדעראָווצעס האָבן זיך געהאַלטן, איז געווען געמאַכט אין אַ גרויסער גרוב מיט רויע ווענט, אַ דריי הונדערט מעטער די לענג. דער בונקער איז געווען דורכגעזאַפּט מיט שטיקנדיקן רייעך פון אַלקאָהאָל, מיט דומפּיקן רייעך פון ערד, מיט מאַכאָרקע־רויך.

דאָ זיינען געלעגן זעק און פּעק מיט מאַלבושים, מיט שפּייז, קאַסטנס מיט געווער פון אַלערליי מינים און פאַרווונדעטע.

די פאַרווונדעטע זיינען געלעגן אין לינקן פליגל, צווישן אַ הויפן זעק. זיי זיינען געלעגן אין אָנטאָן, אויסגעמישט אַלע איינעם, פאַרבלוטיקטע און קויטיקע.

דער דאָקטער האָט געמוזט געבן אַ שווּע: „איך שווער, אַז כ'וועל דינען דער אַרמיי פון סטעפּאַן באַנדערא, היילן די פאַרווונדעטע, העלפן זיי שטעלן זיך צוריק אויף די פיס".

און מע האָט אַרופגעוואָרפן אויף אים אַ ווייסן כאַלאַט.

צום דאָקטער האָט מען צוגעשטעלט דריי פערזאָן, וועלכע זיינען, קאַנטיק, געווען די אָנפירער פון דער אָפּטיילונג, — סלאַוועק, באָגדאַן און וואַסילי.

פאַרווונדעטע האָבן זיך געמערט. געבראַכט האָט מען זיי אַהער פון אַנדערע פונקטן. זיי זיינען געקומען נאָך געשלעגן מיט די רוסישע פּאַרטיזאַנישע אָטריאַדן.

די זעלבע דריי — סלאַוועק, באָגדאַן, וואַסילי — אַ דרייליינג מיט מעסערס אין די שטיוול, וועלכע האָבן אָפּגעגעבן באַפעלן, גערעדט אין נאָמען פונעם „פירער" סטעפּאַן באַנדערא, זיינען אויך געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר באַשפּייזן אָט די אָפּטיילונג.

צוליב דעם האָבן זיי אָרגאַניזירט אַקציעס — באַנאַכט געגאַנגען איבער די דערפער. דער פּויער, וואָס האָט ניט געוואָלט אונטערשטיצן די באַנדעראָווצעס, ניט געוואָלט אַוועקגעבן דאָס לעצטע ברויט זיינס, האָט זיך געדאַרפט געזעגענען מיטן לעבן. אין בעסטן פאַל איז זיין כאַטע אַוועק מיטן רויך...

אומקערנדיק זיך פון אַן אַקציע, האָבן די רויבער מיטגענומען מיט זיך אַלץ, וואָס האָט זיך געלאָזט, אַלץ, וואָס עס האָט זיך געפונען דאָ אין וואַלד. זיי פלעגן מיטשלעפּן מיט זיך פרויען און מענער, רוסן און ייִדן.

דאָס זיינען געווען ייִדן, פאַר וועלכע דער וואַלד איז געווען דאָס לעצטע און איינציקע שוץ־אָרט, די לעצטע רעטונג — ייִדן, אַנטלאָפענע פון לאַגער, געטאָס, גאַז־קאַמערעס.

איינמאָל... וויאַזוי דער דר. קאַרל אַבראַמאָוו און זיין ווייב האָבן דערלעבט ביז יענעם טרויע־ריקן טאָג, איז פאַר אים אַליין אַ גרויסע רעטעניש. עס איז געווען דער זעקסטער אָקטיאַבער. ער האָט דעמאָלט פונקט דורכגעפירט אַן אָפּעראַציע איבער אַ שווער־פאַרווונדעטן, וועלכן מע האָט נאָרוואָס געבראַכט מיט אַ קויל אין רוקן. ראָכל, די קראַנקן־שוועסטער, איז געשטאַנען לעבן אים, דערלאַנגט אינסטרומענטן. פּלוצעם האָט זי זיך געלאָזט לויפן מיט אַ געשריי:

— ניין! שיסט ניט!

ווען האָט זי עס דערזען צווישן די ייִדן, וועלכע די באַנדע האָט נאָרוואָס געבראַכט?

— שיסט נים, שיסט ניט! — האָט ראָכל געשריִען און געלאָפן ווייטער.

ווען ער איז אונטערגעקומען צו איר, איז שוין געווען שפּעט... זי איז געלעגן אויף אַ הויפן צווייגן... לעבן איר — אַ דערשאָסענער ייִד מיט אַ געדיכטער באָרד... ס'איז געווען ראָכלס ברו־דער, דער דאָקטער האָט אים דערקענט — די שוועסטער איז שטאַרק ענלעך געווען אויף אים.

זי האָט זיך געוואָלט אופשטעלן, אָבער ניט געקאָנט. זי איז געבליבן שטיין אויף אַ קני, פאַריסן דעם קאָפּ און אַריינגעשריִען אין פּאָנעם פון דעם באַנדיט מיטן רעוואָלווער:

— מערדער!.. איך האָב דיך געהיילט...

און איז אומגעפאַלן.

## 4

דער דאָקטער האָט אופגעהויבן פונעם דיל די פאָטאָגראַפיע, זי אַריינגעלייגט אין ביכל און עס צוריק אַוועקגעשטעלט אויף דער פּאָליצע.

דאַן האָט ער אַ קוק געטאָן אויפן זייגער.

ס'איז געווען שוין צוויי.

און דאַפקע היינט מוז ער זיין אין שפּיטאָל, דורכפירן אַ דרינגענדיקע אָפּעראַציע.

אָבער מיטן וועג וועט ער אַריינגיין אין אָפיס פון דער פּאָליציי, — האָט ער געטראַכט.

דר. קאַרל אַבראַמאָוו האָט זיך געלאָזט צו דעם נאָענטסטן פּאָליציי־באַצירק, וואָס האָט זיך געפונען אין א רויט הויז. פיר גרויסע שטיינערנע טרעפּ האָבן געפירט פון דער גאס אין קאָרי־דאָר אַרײַן.

אינווייניק, אין קאָרידאָר, האָט אים א דעזשורנע אַרײַנגעפירט אין צימער נומער פערצן.

דר. אַבראַמאָוו איז געבליבן זיצן לעבן א מאַן אין א ציווילן אַנצוג. עס איז געווען א יונגער פּאָליציי־מאַן, א רויִקער, מיט א גלאַט, סימפּאַטיש פּאָנעם, מיט קלוגע, דורכדרינגלעכע אויגן, וואָס האָבן פון צײַט צו צײַט פאַרשנדיק געקוקט אויף אים.

— אײַער נאָמען?

— דר. קאַרל אַבראַמאָוו.

— איר זאָגט, אַז מע האָט אײַך געדראָעט... דערציילט אַלץ, ווי עס איז געווען, פּינקטלעך... און דער דאָקטער האָט דערציילט...

— ווי קומט צו אײַך דער נאָמען, וועלכן איר רופט אָן, דער פרעמדער נאָמען פּלאַטאָוו?

דער דאָקטער האָט דאָס ערשטע מאָל פאַר דעם טאָג אין זיך א שמייכל געטאָן. ווען ניט אָט דער נאָמען, וואָלט ער איצט דאָ ניט געזעסן, ער וואָלט שוין לאַנג אויף דער וועלט ניט געווען.

— ס'איז געווען מילכאָמע. דער דײַטש, ווי איר ווייסט, האָט אומגעבראַכט יידן.

ער האָט דערציילט קורץ, קלאָר די שרעקלעכע געשיכטע, אַלץ, וואָס איז פאָרגעקומען אין וואַלד. דאָס, וואָס דער הײַנטיקער גאַסט האָט אָנגערופן דעם נאָמען פּלאַטאָוו, איז א סימען, אַז דער מענטש איז אַליין פון די באַנדעראָווצעס, וועלכע האָבן אים, דעם דאָקטער, פאַרכאַפּט און אים פאַרשלעפּט אין וואַלד, געצוווּנגען צו היילן די מערדער.

דער פּאָליציי־מאַן האָט זיך צוגעהערט צום געליטענעם און נאָך א פּויזע זיך אָנגערופן:

— מע קאָן אָבער גאָרנישט ניט טאָן. עס איז ניטאָ אַזאַ געזעץ, מיר זאָלן אים קאָנען מיש־פּעטן. אויב ער איז אפילו אַזאַ, ווי איר שילדערט אים, ווי איר שילדערט זײַנע פאַרברעכנס בייס דער מילכאָמע. מע קאָן אים ניט אַרעסטירן און ניט אַרויסשיקן פון לאַנד, פון קאַנאַדע. ניט אָפּשיקן צוריק קיין אוקראַיִנע, וווּ עס דערוואַרטעט דאָרט אים, ווי א מאַן, וואָס האָט אָפן געוויסן אומשולדיקע לעבנס, א מישפּעט... מע קאָן דעם פאַרשוין צוציִען צו פאַראַנטוואָרטלעכקײַט בלויז פאַר טראָגן געווער, פאַר דעם, וואָס ער באַדראָעט דאָס לעבן פון מענטשן... נאָר פריִער מוז מען אים געפינען... אָבער דאָס לאָזט שוין פאַר אונדז.

דעם דאָקטער איז עפּעס קלאָר געוואָרן, אָבער ניט אַלץ. וואָס הייסט עס?.. פאַרוואָס איז ניטאָ קיין געזעץ קעגן א פאַרברעכער?..

אַרויסגייענדיק פון פּאָליציי־הויז, האָט דער דאָקטער געהאַט דאָס געפיל פון א מענטשן, וואָס גייט אויף א גליטשיקער גאַס, ווו ער מוז זיך אָן עפּעס אָנשפּאַרן, אין עמעצן זיך אָנהאַלטן. אָבער אין זײַן געדאַנק האָט ער איצט גאָרנישט ניט געקאָנט געפינען אויסער זײַן פאַר־גאַנגענהײַט.

ער האָט זיך געלאָזט צום שפּיטאָל מיטן קירצסטן וועג.

אויפן ראָג פון דער ברייטער אַוועניו און דעם קײַלעכדיקן סקווער האָט ער זיך אָפּגעשטעלט בא דעם שטיינערנעם דענקמאָל די קאַנאַדער סאָלדאַטן, וואָס זײַנען געפאַלן אין שלאַכט בייס דער לעצטער וועלט־מילכאָמע.

דאָ האָט דער דאָקטער זיך ווידער דערזען צווישן פאַרווונדעטע. אָט גייט ער אַרום פון איינעם צום אַנדערן, לעבן אים גייט ראָכל מיט דעם מעדיצינישן טאַש אין דער האַנט. איר פּאָ־נעם איז טונקל, שטײַף, אָנגעצויגן, ווי זי וואָלט געטראָגן א מאַסקע. זי שווײַגט. באַנאַכט, ווען די באַנדעראָווצעס האָבן זיי געפירט אין וואַלד, האָט זי שטיל געזאָגט:

— זיי ווייסן, זיי ווייסן, אַז דו ביסט א ייד... זיי האָבן געוווּסט און האָבן ניט געהאַט קיין אַנדער ברירע. זיי האָבן ניט געהאַט קיין אַנדער דאָקטער. מע האָט זיך גענייטיקט אין דיר, אין א כירורג. ווען זיי וועלן דיך מער ניט דאַרפן, וועלן זיי דיך אומברענגען, דיך און מיך אויך.

זי האָט געפילט דעם טויט!..

## 5

— דאָקטער, ראַטעוועט! — האָט אויסגעשריִען א פרוי, ווי נאָר ער האָט זיך באַוויזן אין שפּיטאָל.

ער האָט דערזען די פרוי פונעם קראַנקן סיימאַן, וואָס איז געשטאַנען בא דער טיר פון אָפּעראַציע־זאַל. הײַנט וועט ער אָפּערירן איר מאַן.

שפּעטער מיט עטלעכע שעה, ווען די אָפּעראַציע איז פאַרענדיקט געווען, האָט ער אָפּגעזוכט די פרוי סיימאַן:

— ער וועט לעבן, אײַער מאַן, יאָ, מע קאָן לעבן אפילע מיט איין לונג. דער קאַנצער איז באַזײַטיקט.

ער האָט זיך געפילט מיד, אויסגעשעפּט און געטראַכט וועגן דער געלונגענער אָפּעראַציע, וועגן דער פּאַסקודנער קרענק.

נאָר די געדאַנקען האָבן אים געפירט ווײַטער. ער האָט געטראַכט: ס'איז פאַראַן אַן ערגערע קרענק, וואָס מאָרדעט אויס פיל מער מענטשן... אָט וויל מען איצט אים הארגענען... אָט האָט מען זיך ארײַנגעריסן אין זײַן צימער און געוואָלט צונעמען זײַן לעבן. יאָ, איך בין דר. אַנדריי פּלאַטאָוו... איך בין דער זעלבער פּלאַטאָוו... דער זעלבער פּלאַטאָוו, פון וועמען איר האָט אוועק־געריסן, דערמאָרדעט ראָכלען... איר ברודער, אַנדערע יידן.

דאַפּקע דעמלט, ווען דער מענטש האָט פאַרלוירן דעם ווילן צום לעבן, געלינגט אים זיך ראַטעווען.

נו, איז וואָס, אַז אים איז געלונגען? אַז ער איז נאָכן טויט פון ראָכלען אַנטלאָפן? איז וואָס זאָל ער, דר. קאַרל אַבראַמאָוו, טאָן מיטן לעבן?

ער האָט געלעבט ווי אַ כײַע אין וואַלד. געוואוינט אָף דער ערשטער געלעגנהײַט.

און ווי נאָר עס האָט אין לעמבערג זיך באַוויזן די אַרמיי פון מיזרעך, די רוסישע אַרמיי, איז ער באַלד אוועק אין שטאַב.

אין שטאַב האָט ער דערציילט אַלץ: דערציילט וועגן זײַן פאַרגאַנגענהײַט, וועגן די באַנדע־ראָווצעס, וועגן בונקער.

ער האָט געשילדערט, ווי ווײַט ער האָט געקאָנט, אַלץ, וואָס ער האָט געזען, אָנגערופן די נעמען פון די, וועלכע ער האָט געדענקט.

מיט דרײַ וואָכן שפּעטער, דעם צוואַנציקסטן סענטיאַבער 1944, איז אין לעמבערג פאָרגעקומען אַ מישפּעט איבער דרײַ פּערזאָן, איבער דעם דרײַלינג: סלאַוועק, באָגדאַן, וואַסילי.

אײַנגיכן האָבן אָף דער צענטראַל־גאַס זיך געהוידעט דרײַ אויפגעהאַנגענע, מיט גרויסע טאַוולען באַ די פיס, אָף וועלכע עס זײַנען געווען אויפגעשריבן מיט געדרוקטע אויסיעס די נעמען פון הונדערטער קאָרבאָנעס. צווישן זיי — זײַן ווײַב ראָכל.

אָבער דאָס זײַנען געווען נאָר דרײַ מערדער. און ווו זײַנען די איבעריקע באַנדיטן? וווהין זײַנען זיי אַנטלאָפן? ווו באַהאַלטן זיי זיך אויס?..

דער דאָקטער האָט זיך איצט געפונען אָפּן וועג פון שפּיטאָל צו זיך אהיים. ער איז געגאַנגען מיט שווערע, מידע טריט. געפילט, ווי אַ ווינט נעמט דורך זײַן קערפּער. אַ ווינט, אַ קאַלטער, אַ האַרבסטיקער, אַ בײַסיק־שנײַדנדיקער, האָט געבלאָזן אָף דער גאַס, אַראָפּגעריסן פון די פאַר־טריקנטעביימער די בלעטער. אָט וואַלגערן זיי זיך אונטער די פיס אָפּן טראָטואַר. דער ווינט האָט זיך פאַרשטאַרקט, אונטערגעכאַפּט זײַנע פּאָלעס, און ווי ער זאָל זיך ניט אײַנהילן אין מאַנטל, פאַרשפּיליען די קנעפּ, קאָן ער זיך פאָרט ניט דערוואַרעמען.

דער ווינט האָט זיך אויך ארײַנגעריסן אין זײַן וווינונג אָף דער ריוועור־גאַס. ער האָט גע־קלאַפּט אין זײַן פענצטער, אין דער טיר. דורך אַלע שפּאַרונעס איז ארײַנגעדרונגען אַ קעלט. אויך אין שטוב האָט ער ניט געקאָנט זיך דערוואַרעמען.

און עפשער איז עס ניט בלויז דער ווינט?

און ער שטעלט זיך אַליין דעם דיאַגנאָז — ס'איז די רעאַקציע נאָכן שווערן טאָג...

ער האָט זיך געפלײַסט עפּעס טאָן.

ס'האָט אַ קלונג געטאָן דער טעלעפאָן.

ער הייבט זיך אוף פון טיש, לאָזט שטיין דאָס נאָרוואָס אופגעקאָכטע טעפּל קאַווע.

און ווי נאָר ער נעמט דאָס טעלעפאָן־טרײַבל, אַזוי לאָזט ער עס צוריק אַראָפּ.

דאָס האָט מען אים ווידער געפרעגט, ווידער געדראָעט...

ער האָט געמאַכט אַ טראָט צו דער טיר פון צימער, זיך פאַרטראַכט און אָנגעקלונגען אין פּאָליציי.

דער פּאָליציי־אינספּעקטאָר האָט אים פאַרזיכערט, אַז באַלד שיקט ער ארויס אַ מענטש, וואָס וועט באַשיצן זײַן טיר.

דער דאָקטער האָט זיך באַרויִקט און זיך צוגעלייגט שלאָפן.

אָבער עס איז געווען אַ שלאָף פול מיט קאָשמאַרן, מיט שווערע כאַלוימעס, פון וועלכע ער איז באַגאָסן געוואָרן מיט שוויס, אַ שלאָף, פונקט ווי אין יענע טעג, ווען דער טויט האָט זיך געיאָגט נאָך אים. ווי די מילכאָמע וואָלט זיך פאַר אים ניט געענדיקט.

---

●

טריבונע פון לעבן

## ארן ווערגעליס

# COMO EL URUGUAY NO HAY

## אין א מיקראָוועלט פון דער צוקונפט

ווען עס קומט מיר אויס צו זײַן אין א קאפּיטאַליסטיש לאַנד, איז מיר טשיקאַווע צוצוקוקן, וויאַזוי די פּראָגרעסיוו־געשטימטע מענטשן שאַפן פאַר זיך א מין מיקראָוועלט פון דער צוקונפט. דאָס האָט זיך באַזונדערס געפילט אף די זיצונגען פון דעם „אורוגווײַער פאָלקס־קאָנגרעס", וואָס איז פאָרגעקומען אין פּאַלאַסיאָ פּעניאַראָל דעם 13 — 16 אויגוסט 1965. וועגן דעם דאָזיקן קאָנגרעס, וועלכער האָט געהאַט בולטע אַטריבוטן פון פאָלקס־פראָנט, האָט ניט ווייניק געשריבן די פּרעסע, און איך וועל בלויז זאָגן, אַז ווען איך בין אַרײַן אין גראַנדיעזן לאָקאַל פון פּאַלאַסיאָ פּעניאַראָל, האָט דאָס בילד, וואָס איך האָב דערזען, מיר דערמאָנט די סצענעס אף אַלטע גראַווירן פון די צײַטן פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע.

ס'האָט אויסגעזען, ווי דאָס פאָלק וואָלט א מאַך געטאָן אף די אָפיציעלע מאַכטהאָבער מיט דער האַנט און זיך צונויפגעקומען אין אָט דעם זאַל, פּראָקלאַמירנדיק א נײַעם טיפ מאַסן־פּאַרלאַמענט, וואָס כאָטש ער האָט נאָך ניט גענוג קויעך אף צו דורכפירן שוין איצט אין לעבן זײַנע פאָרשלאָגן, וועלן זיי דאָך אפן סאַמע ערנסטן און קאָמפּעטענטן אופן באַהאַנדלט ווערן, ווײַל מיט דער צײַט וועלן גראָד זײַנע באַשלוסן רעגולירן דאָס לעבן אין דער אָריענטאַלער רעפּובליק אורוגווײַ[1].

דער שלאַל פאַרבן אין זאַל — די טראַנספּאַראַנטן, פענדעלעך, רויטע באַנטן, די פאַרשיידנקאָליריקע בלוזעס אף די מענער, די היטעלעך, ווייערן בא די פרויען; די שײַן פון פילצאָליקע פּראָזשעקטאָרן, די פרײַע פּאָזעס בא די מענטשן, וועלכע זײַנען געזעסן אף שטולן, אפן דיל, געשטאַנען אין די דורכגאַנגען, לענגויס די ווענט און אף די גאַלערייען; די טריבונע, ענלעך אף אַן אָפענער וואַגאָן־פּלאַטפאָרמע, וואָס עמעצער האָט אַוועקגעשטעלט אין סאַמע מיטן זאַל; די טעמפּעראַמענטפולע זשעסטן פון די רעדנער און דער איבערוף מיטן זאַל, דאָס אָפטע פּאַטעטישע סקאַנדירן, — דאָס אַלץ האָט איבערגעלאָזט אַן אײַנדרוק, אַזוי צו זאָגן, פון א מאַכטהאָבנדיק פאָלק.

אַן ערעך דער זעלבער פאָלקס־גײַסט הערשט דאָ אויך אין דער ייִדישער פּראָגרעסיווער סוויווע. דער פּאַשעטער מענטש און זײַן מישפּאָכע לעבן זיך געזעלשאַפטלעך אויס אין א וועלט פון פּראָגרעס, באַוווּסטזיניק איגנאָרירנדיק די בורזשואַזע קאַנאָנען. דער מאָנטעווידעער האָרעפּאַשנער ייִד האָט ניט נאָר זײַן פּראָגרעסיווע צײַטונג, ניט נאָר דעם קולטור־פּאַלאַץ, די וועלטלעכע און דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציעס, די פּראָגרעסיווע שול פאַר זײַנע קינדער, — ער פאַרמאָגט אויך, ווי עס איז שוין געזאָגט געוואָרן, אַן אייגענעם באַנק, וועלכער באַזירט זיך אף גאָר נײַע יעסוידעס: יעדער אַקציע־האַלטער האָט איין שטים, אומאָפּהענגיק פון דעם, צי ער האָט אַרײַנגעלייגט אין באַנק איין פּעסאָ צי טויזנט. פאַראַן אויך אַן אייגענער שפּיטאָל. די נײַע געבײַדע זײַנע, וועלכע איך האָב באַזוכט, איז אויסגעבויט אף די אָפּשפּאָרונגען פונעם פאָלק און איז פון מעדיצינישן שטאַנדפּונקט א מוסטער־אַנשטאַלט. פאַראַן אויך א „פּראָגרעסיווער" בעסוילעם.

מיט א קאַרגן יאָר צוריק האָב איך אין ניו־יאָרקער „פאָרווערטס" געלייענט א ביטער־גאַליקע באַשרײַבונג פון אָט דעם הייליקן אָרט. „דאָ אין מאָנטעווידעאָ האָבן די ייִדישע קאָמוניסטן באַשלאָסן זיך אָפּצוזונדערן פון דער ייִדישער רעאַקציע ניט בלויז באַם לעבן, נאָר צו ליגן אויך באַזונדער נאָכן טויט", — אַזוי הייבט אָן זײַן רעפּאָרטאַזש דער „פאָרווערטס"־זשורנאַליסט. ווײַטער קאָן ער שוין ניט אײַנהאַלטן דעם קאַס. ער דערזעט, אַז די אופשריפטן אף די מאַצייוועס זײַנען „געשריבן מיט דער אָרטאָגראַפיע פון דעם מאָסקווער „עמעס"; אַז — „אף א צאָל מאַצייוועס זײַנען אויסגעקריצט גאָלדענע סערפּן מיט האַמערס און פון דעם גרעסטן טייל מאַצייוועס קוקן אַראָפּ די פּענעמער פון די אַוועקגעגאַנגענע כאַווערים און כאַווערטעס..." און דער „פאָרווערטס"־זשורנאַליסט איז זיך מוידע: „איך בין אַרומגעגאַנגען אַרום די אַלייען פון דעם דאָזיקן פּאָליטישן בעסוילעם... און אָנשטאָט געפילן פון נאַטירלעכן טרויער, האָב איך געהאַט געדאַנקען, וואָס זײַנען געווען מער פּאָליטיש, ווי פילאָסאָפיש"...

יאָ, פּאָליטיק איז אומעטום... אָט איז א בולעטער בײַשפּיל פון פּאָליטישן קאַמף אַרום דער מאָנטעווידעער „געזעלשאַפט פון קעגנזײַטיקער הילף" („מוטואַליסטאַ") און איר באַנק.

ווען איך בין צוזאַמען מיט איינעם פון די פינף דירעקטאָרן פון דעם באַנק לייבל סטאָלאָוויטש און מיט כאַנען, זײַן פרוי, געקומען אף דער גאַס דאַמינגאָ־אַראַמבורו און בין אַרײַן אין קאַבינעט, וווּ עס האָבן געוואַרט אף אונדז דער פּאָרזיצער מײלעך אַלטמינץ, דער סעקרעטאַר שײַע פורמאַן און די אַנדערע אָנפירער פון אָט דעם אַנשטאַלט, האָב איך דאָ געטראָפן אַזאַ געשעפטלעך־רויִקע אַטמאָספער, אַז עס האָט זיך געדוכט: א באַנק ווי אַלע בענק, פון קיין ווינטן און זאַווערוכעס ווייסט מען דאָ ניט.

---

סאָף. זע „סאָוועטיש היימלאַנד" נומ. 2 און 3, 1966.

[1] *Republica Oriental del Uruguay* — די מיזרעך־רעפּובליק פון אורוגווײַ — דער אָפיציעלער נאָמען פון אורוגווײַ.

אין עטלעכע מינוט ארום האָב איך זיך דערוווּסט וועגן א באַלערעוודיקן עפּיזאָד.

אַלעמאָל, ווען עס קומען פּאַר וואַלן אין דירעקטאָראַט פון דעם באַנק, קערן די ציִעניסטן די וועלט אַף צו פּאַרכאַפּן אים. צוריק מיט א יאָר פינף האָט די רעאַקציע, באַקומענדיק אין איר רעשוס א ליסטע פון העכער 50 אַקציע־האַלטער, זיך דערשלאָגן, אַז עס זאָלן דורכגעפירט ווערן אויסעראָרדנטלעכע וואַלן פון דירעקטאָראַט. ביז היינט געדענקט מען נאָך אין מאָנטעווידעאָ יענע פּאַרביטערטע שלאַכט צווישן צוויי שטרעמונגען אין ייִדישן לעבן. אין מעשעך פון דער גאַנצער נאַכט פון די וואַלן, פון זיבן אָוונט און ביז זיבן אינדערפרי, איז אַן אוילעם פון עטלעכע טויזנט מענטשן געשטאַנען אונטערן רעגן און געוואַרט אַפן רעזולטאַט פון די וואַלן. ווען מע האָט געמאָלדן, אַז געזיגט האָבן ווידער די פּראָגרעסיווע, האָט זיך אופגעהויבן אַזאַ „הוראַ!“, אַז די פּאָליציי האָט, ווי מע דערציילט, אַרויסגעפּאָדערט א צוגאָב־אָטריאַד אַף דער גאַס דאַמינגאָ־אַראַמבורו...

## מיט מענטשן פון גוטן ווילן אַף דער „בירגערלעכער זייט“

ניט גערעכט זײַנען יענע, וואָס טײַנען, אַז א מענטש פון גוטן ווילן, וועלכער האַלט זיך דאָך אַף דער רעכ־טער זײַט פון דער באַריקאַדע און גייט ניט אַוועק פון דאָרט, — אַז אַזאַ מענטש איז א באַלעבעסל, א פּיליסטער. ניין, דאָס איז ניט אַזוי. איך האָב געזען ניט ווייניק אַזעלכע מענטשן — און אַלע זײַנען זיי ביז גאָר וויסנדאַרשטיקע, זוכנדיקע, אַלע זײַנען זיי אין וועג צו א נײַער וואַנדלונג, און גייענדיק, שטרעקן זיי אויס פּאַרויס די הענט און זוכן אַן אָנשפּאַר, און אַף זייערע פּנעמער איז צו זען אַקשאָנעס און אַנטשלאָסנקייט. מע דאַרף געדענקען, אַז די פּראָפּעסיאָנעלע רעכטע פירן זייער פּראָפּאַגאַנדע טאַקע צווישן זיי, צווישן די וואַקלענדיקע, זוכנדיקע. א מענטש פון גוטן ווילן אַף דער „בירגערלעכער זײַט“, אויב ער וויל גיין צו נײַע אַנטפּלעקונגען, דאַרף אין סאַמע אָנהייב מאַכן גרויסע אָנשטרענגונגען אַף אַרויסבאַפרײַען זיך פון אונטערן פּרעס פון פּראָפּאַגאַנדיסטישן שאַנטאַזש, און צוליב דעם זוכט ער אינפאָרמאַציעס, זוכט אָפענע דיסקוסיעס מיטן צאַד־שעקענעגעד, סטאַרענדיק זיך ניט נאָר ריידן, נאָר אויך הערן, הערן, הערן...

וועגן א פּאָר באַגעגענישן אין אורוגוויי מיט אַזעלכע מענטשן וועל איך דערציילן.

אין מאָנטעווידעער „פּאַקולטעט פאַר הומאַניסטיק און וויסנשאַפט“ (אַן אומאָפּהענגיקער אַקאַדעמישער אַנ־שטאַלט) האָב איך פאַרבראַכט א שאָ צי מערער מיטן דעקאַן דר. ראַדאַלפּאָ טאַליטשע, א באַוווּסטן ביִאָלאָג.

דר. טאַליטשע רעדט ניט ווי א לינקער. ער אײַלט זיך ניט גלייבן אין דעם, וואָס איך זאָג אים. זייער אָפט שמייכלט ער אונטער, און דאָס איז בא אים, ווײַזט אויס, אַן אויסדרוק פון דערווידערונג.

דר. טאַליטשע איז ניט קיין ייִד. און דאָך האָט ער מיך פאַרבעטן צו זיך, ווײַל ס'איז אים שטאַרק נייטיק געווען אויסקלאָרן עטלעכע ייִדישע היימישער, זאָגט ער אָפּנהאַרציק:

— איר ווייסט, אַרום ייִדן קאָן אָפּלעקן א ביינדל ווער איר ווילט... פאַראַן א טראַדיציע צו זען אין דעם ייִדן א באַליידיקטן און געקריוודעטן. אויב איך, לעמאַשל, האָב א שעם פון א מענטשן מיט א גוט האַרץ, קומט מען צו מיר און מע לייגט מיר פאַר זיך אָנשליסן צו די, וואָס פאַרטיידיקן ייִדן. פון וואָס פאַרטיידיקן? פון וועמען פאַרטיידיקן? ניט וויכטיק! טאָמער פעלט מיר אײַן צו צווייפלען אין דעם, אַז מע באַליידיקט זיי טאַקע, די ייִדן, און איך בעט עס מיר דערווײַזן, איז דאָס אליין שוין א סימען, אַז מע האָט אין מיר געהאַט א טאָעס, איך בין א מענטש מיט ניט קיין גענוג גוט האַרץ...

איך זאָג דעם הער דאָקטאָר, אַז אַזאַ קוק אַף ייִדן ווי אַף א פּאַלק, וואָס ראַק מע דאַרף עס פאַרטיידיקן, באַליידיקט אונדז, און דאָס איז, אַגעוו, איינע פון די סיבעס, פאַרוואָס די סאָוועטישע ייִדן קוקן קרום אַף די אומגעבעטענע „פאַרטיידיקער“ זייערע אין די אויסלאַנדס.

דר. ראַדאָלפּאָ טאַליטשע איז זיך מוידע:

— איר געדענקט מיסטאָם, אַז מיט א יאָר צוויי צוריק האָט מען אין ריאָ־דע־זשאַניירא דורכגעפירט א קאָנ־פערענץ וועגן דער לאַגע פון די סאָוועטישע ייִדן. בין איך אויך שיר ניט אַרײַנגעשלעפּט געוואָרן אַהין...

— יאָ, יאָ, — זעצט ער פאָר, — מע פלעגט קומען צו מיר פון ריאָ און דערציילן, ווי ביטער ייִדן איז אין מאַסקווע, מע פאַרפאָלגט זיי... וואָס הייסט, איר ווייסט ניט? איר ווייסט ניט, אַז ייִדן פאַרפאָלגט מען? איר ווייסט ניט וועגן שפּאַנישן גייערש? וועגן דרייפוסן און ביילִיסן? וועגן קעשענעווער פּאָגראָם? וועגן היטלערס מײַסים? און איצט האָט דאָס רעדל זיך אַזוי א דריי געטאָן, אַז מע מוז דרינגענדיק פּראָטעסטירן קעגן די באָלשעוויקעס... אַן ערעך אַזאַ איז געווען די לאָגיק בא די אָרגאַניזאַטאָרן פון דער קאָנפערענץ אין ריאָ־דע־זשאַניירא. מע פלעגט נאָך צוגעבן, אַז דער נאָמען גופע פון דעם אינסטיטוט, מיט וועלכן איך פיר אָן, שליסט אײַן דאָס וואָרט „הומאַ־ניזם“, און פון דעם איז געדרונגען, אַז איך מוז זיך אָנשליסן אין די פּראָטעסטן, קומען אַף דער קאָנפערענץ...

— וואָס זשע האָט איר געענטפערט, דר. טאַליטשע?

— איך האָב געלאָזט וויסן די אָרגאַניזאַטאָרן פון דער קאָנפערענץ, אַז בא אַזאַ פראָסט, ווי אין קאַלטן קריג, וועלן ניט אָנוואַרעמען אונדזערע שטיבער יענע טרישטשענדיקע שײַטערס, וועלכע מע צעלייגט אַף אָפענע פּלע־צער, און אַז דער הומאַניזם איז ניט קיין שײַטל האָלץ, וואָס מע קאָן א וואָרף טאָן, קעדיי אונטערהאַלטן אָט די שײַטערס... איך האָב געענטפערט, אַז איך קאָן גיין בלויז אַף אַזאַ קאָנפערענץ, אַף וועלכער עס האָבן דאָס וואָרטביידע צדאָדים... צי האָט מען פּינקטלעך איבערגעגעבן מײַן ענטפער דעם סענאַטאָר שטיינברוק, וועלכער האָט אָנגעפירט מיט דער קאָנפערענץ, צי ניט, ווייס איך ניט און עס אַרט מיך גאָר ווייניק...

ווען דר. טאַליטשע האָט אָנגערופן דעם נאָמען פונעם בראַזיליער סענאַטאָר אהאראָן שטיינברוק, האָב איך זיך דערמאָנט אין איינער א געשיכטע.

דאָס איז געשען שוין נאָך דער אזויגערופענער קאָנפערענץ וועגן דעם לעבן פון די ייִדן אין סאָוועטנפאַרבאַנד, וועלכע עס האָבן צונויפגערופן אונדזערע מיליץ־יושערס אין ריאָ־דע־זשאַניירא. קיין מאָסקווע איז אָנגעקומען א בראַזיליער דעלעגאַציע פון פאַרלאַמענטאַריער. איר אָנפירער, סענאַטאָר שטיינבריק, האָט ניט געקאָנט, ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט, ניט באַזוכן די רעדאַקציע „סאָוועטיש היימלאַנד", ווײַל זײַן מאַמע, וואָס האָט צוזאַמען מיט זײַן פרוי אים באַגלייט אין דער ווײַטער רײַזע, איז א לייענערין פון אונדזער זשורנאַל. און וועלנדיק שוין גאָר אינגאַנצן מיך מאַכן גליקלעך, האָט דער סענאַטאָר אויסגעשריִען מיט ענטוזיאַזם:

— אויסער דעם, האָב איך דאָך א כיילעק אין דער פרײַנטשאַפט צו אײַך, סאָוועטישע ייִדן!.. איך בין, זײַט וויסן, געווען פרעזידענט פון דער קאָנפערענץ אין ריאָ, אף וועלכער מע האָט אזויפיל גערעדט וועגן אײַער לעבן...

ס'איז מיר געווען א שאָד צו אנטוישן דעם כאָשעווון גאַסט, וואָס האָט, ווי עס האָט זיך ארויסגעוויזן, טאַקע אופריכטיק געגלייבט, אז ער טוט א גוטע זאַך, אָפּגעבנדיק זײַן נאָמען דער בייזוויליקער קאָנפערענץ. דער סענאַטאָר איז א ייִד, און מע האָט אים געזאָגט, אז די סאָוועטישע ייִדן וואַרטן מיט אומגעדולד, אז טאַקע נאָר אין ריאָ־דע־זשאַניירא און טאַקע בלויז לויט דער אײַנלאַדונג פונעם סענאַטאָר שטיינברוק זאָלן זיך צונויפקומען וואָס מערער וויכטיקע פערזענלעכקײַטן, און די טעמע פון זייער שמועס זאָל זײַן: וויאזוי „ראַטעווען" מען די סאָוועטישע ייִדן. ווען איך האָב געזאָגט דעם סענאַטאָר שטיינברוק, אז ער איז, לויט אונדזער מיינונג, פּאָשעט אויסגענוצט געוואָרן מיצאַד פראָפעסיאָנעלע אנטיסאָוועטשיקעס, איז ער אזש אונטערגעשפרונגען אף זײַן אָרט:

— מאַמע, האָסט דאָך אויך אזוי געזאָגט!

דעם סענאַטאָרס מאַמע האָט פאַריכט אונטערן שאַלכל די גראָווע האָר און געזאָגט אף אונדזער אוקראַיִנישן ייִדיש:

— ער וועט מיין אזוי נישט טין...

אף מאָרגן, ווען איך בין ארײַנגעקומען אין זאַל, וווּ דער אויבער־סאָוועט פון פססר האָט אײַנגעאָרדנט אן אופנאַמע לעקאָווועד דער פאַרלאַמענט־דעלעגאַציע פון בראַזיליע, האָט דער סענאַטאָר שטיינברוק שוין געהאַלטן באַם פאַרענדיקן זײַן רעדע.

שפּעטער האָבן מיר — דער הער אהאראָן שטיינברוק און איך — זיך צערעדט וועגן אָפּגעהיטער נאַציאָנאַלער אייגנאַרטיקײַט בא אזעלכע סענאַטאָרס, לעמאָשל, ווי טאַקע ער, שטיינברוק, און אויך וועגן דעם, אז עס זײַנען פאַראַן ניט ווייניק סענאַטאָרס אף דער וועלט, נו, צום בײַשפּיל, אזעלכע, ווי דזשאַוויץ פונעם וואַשינגטאָנער קאַפּיטאָלי, וועלכע הערן ניט אוף צו שרײַען אף די יאָרידן פונעם קאַלטן קריג וועגן דער נויטווענדיקײַט צו פאַרהיטן די נאַציאָנאַלע אייגנאַרטיקײַט בא די סאָוועטישע ייִדן, כאָטש אליין זײַנען זיי אזוי ווײַט פונעם ייִדישן פאָלק, ווי דער הימל פון דער ערד.

ווען מיר האָבן אזוי געשמועסט, האָט זיך לעבן אונדז אָפּגעשטעלט דער מאַרשאַל סעמיאָן מיכײַלאָוויטש בודיאָני און געזאָגט שמייכלענדיק:

— יאַ סלישו יעווריייסקויו רעטש...[1]

איך בין ניט אָרעוו, צי כ'וועל אינגאַנצן פּינקטלעך איבערגעבן דעם ווײַטערדיקן געשפּרעך, נאָר בעערעך איז עס געווען אזוי.

דער סענאַטאָר שטיינברוק האָט געבעטן איבערגעבן בודיאָנין, אז, צום באַדויערן, רײדן מיר וועגן קאַלטן קריג בא ייִדן...

סעמיאָן מיכײַלאָוויטש האָט זיך פאַרטראַכט:

— איך געדענק א סאַך ייִדן אין מײַנע רײַטער־קאָרפּוסן און שפּעטער צווישן די סאָלדאַטן, קאָמאַנדירן און קאָמיסאַרן פון דער רויטער אַרמיי. איך ווייס אויך די ייִדישע מיליטער־לײַט איצטער. ייִדן שלאָגן זיך גוט דעמלט, ווען עס פירט מילכאָמע דאָס פאָלק... אָבער צום קאַלטן קריג... איך צווייפל, אז ייִדן זאָלן האָבן א נייגונג צו קאַלטע מילכאָמעס.

ער האָט געשוויגן א פּאָר רעגעס. ווי ער וואָלט געוואַרט, אז די ווערטער זאָלן דערגיין צום סענאַטאָר, האָט ער פאַרגעזעצט עטוואָס לאַנגזאַמער:

— ווײַל ייִדן ווייסן גוט, אז דאָס קאַפּאָרע־הינדל באַם קאַלטן קריג, אויב ער וועט ווערן א הייסער, וועלן ווידער זײַן זיי... אָ, דאָס ווייסן מיר אַלע זייער גוט, און מיר ווילן דאָס ניט... מיר וועלן עס ניט דערלאָזן.

ווען איך האָב געענדיקט דערציילן דעם דר. ראָדאָלפאָ טאַליטשע וועגן די באַגעגענישן מיטן סענאַטאָר אהאראָן שטיינברוק, האָב איך א פרעג געטאָן:

— ווי טראַכט איר, עס קאָן געמאָלט זײַן, אז אין ריאָ זאָל איצט נאָכאַמאָל ווען־עס־איז פאָרקומען א קאָנפערענץ וועגן די איניאָנים פון די סאָוועטישע ייִדן?

— מעגלעך, אז יאָ, — האָט געענטפערט דר. טאַליטשע, — אָבער איך גלייב, אז דאָס מאָל — אָן דעם אָנטייל פונעם סענאַטאָר שטיינברוק...

און נאָך וועגן אזא מענטשן פון גוטן ווילן (ווי עס דוכט זיך מיר אויס), וועלכער געפינט זיך אף דער „בירגערלעכער זײַט", — וועגן דעם באַוווּסטן אורוגווײַער זשורנאַליסט און עסייִסט מאַוריסיאָ מילער, וויל איך אינקורצן דערציילן.

מילער איז א רעדאַקטאָר פון איינער פון די פּאָפּולערסטע אין לאַטײַן־אַמעריקע ליטעראַריש־פּובליציסטישע

---

[1] איך הער ריידן ייִדיש...

און פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכע אויסגאַבעס — „מאַרטשאַ“ („גאַנג“), א וואָכנשריפט, וואָס פּראָקלאַמירט איר פּאָזיציע אַלס פּריַיע פון צײַט־ווייעניש.

מאַוריסיאָ מילער האָט מיך אַפן צווייטן טאָג פון מײַן זײַן אין אורוגוויַי פאַרבעטן „אויסטרינקען א קאַ־ווע“ אין א „נייטראַלן האָטעל“. מיר האָבן זיך געטראָפן, געטרונקען שווארצע קאַווע. מילער האָט געקוקט אַף מיר, איך אַף אים, מיר האָבן געשמועסט. דער ערשטער רעזולטאַט איז געווען אַט א וועלכער: מאַוריסיאָ מילער האָט געמאָלדן, אַז ווי אים דוכט זיך, בין איך גאָרניט אַזוי געפערלעך, ווי די מאָנטעווידעער ציִוניסטן מאָלן מיך אויס (כ׳האָב פאַרגעסן זאָגן, אַז מאַוריסיאָ מילער, כאָטש ער איז א זשורנאַליסט פון, אַזוי צו זאָגן, אַלאורוג־וויַיער מאַסשטאַב, רעדט דאָך וועגן זיך ווי וועגן א ציִוניסט).

מילער האָט ניט געלייקנט, אַז ער האַלט מיך אין דערלערנען, קעדיי שפּעטער אַרויסטראָגן דעם פּסק־דין. איך האָב אויך ניט געלייקנט, אַז איך האַלט אין דערלערנען מילערן. קוידעמקאָל, — האָט מילער געזאָגט, — דאַרף ער פעסטשטעלן, וואָס האָב איך די ווערט אַלס דיכטער און צי דער זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד“ איז טאַקע א יעש פון פּראָפּעסיאָנעל־ליטעראַרישן שטאַנדפּונקט. אין מעשעך פון אַן ערעך א וואָך צײַט פלעגט ער רעגולער אַרײַנקומען צו מיר אין האָטעל, נעמען בא מיר אַלטע און נײַע נומערן „סאָוועטיש היימלאַנד“, פאַר־וואַרפן מיך מיט פראַגעס, ניט פאַרשרײַבנדיק גאָרנישט, נאָר אַרײַנקוקנדיק מיר טיף אין די אויגן אַרײַן. ער פלעגט באַזוכן די מאַסן־אָוונטן, אַף וועלכע איך בין אַרויסגעטראָטן, און דאָרט, האָב איך באַמערקט, האָט ער שוין עפּעס יאָ פאַרשריבן... אין איינעם א פאַרנאַכט האָט מאַוריסיאָ מילער מיך פאַרשלעפּט צו זיך אהיים, וו איך בין אומגעריכט אַרײַנגעפאַלן אין א געזעלשאַפט, וועלכע מע קאָן, לויט איר פּאָליטישן ספּעקטער, אָנרופן די אורוגוויַיער יידישע געזעלשאַפטלעכקײַט אין מיניאַטור. נעכאַמע מילער, די יונגע פרײַלעכע באַלעבאָסטע, איז א טאָכטער פונעם מאָנטעווידעער הויפּט־ראַוו מילעווסקי. אירע געסט זײַנען געווען, פון איין זײַט, די פּראַגער־סיזוע טוער מייער טשיזש, זונדל און עסטער זוץ; פון דער צווייטער זײַט — דער טאַלעראַנט־אײַנגעהאַלטענער אַרויסגעבער פון דער רעליגיעזער וואָכנבלאַט „דער מאָמענט“ בערל מאַרגוליעס און דער באַאַמטער פון דעם פּאַלעסטיניש־אורוגוויַיער באַנק פּימאַ ווייצמאַן, א גרויסער באַלן צו זאָגן מעווינעס אַף אַלץ, וואָס „שמעקט סאָוועטיש“; מאַוריסיאָ מילער אַליין און זײַנער א ברודער — א מענטש מיט פאַרשטאַנד פאַר די פּראָגרעסיווע טענדענצן — ביידע זײַנען זיי געווען דער „מיטן“, דער „דריטער קויעך“ אַף אַט דער היימישער באַגעגעניש, וואָס האָט זיך געצויגן קימאַט א גאַנצע נאַכט.

אין דער „מאַרטשאַ“ פאַרן 20 אויגוסט 1965 איז מילער אַרויס מיט אַן עסיי וועגן אונדזערע באַגעגענישן. דער נאָמען פונעם עסיי איז א גאַנץ כאַראַקטעריסטישער, נעמלעך — „א דיכטער אָדער א קאָמיסאַר, וואָס זוכט דעם דיאַלאָג“.

מאַוריסיאָ מילער שטרײַכט אונטער, אַז, צוטרעטנדיק צום דיאַלאָג, האָט ער מוירע, מע זאָל אים ניט כוי־שעד זײַן „פון ביידע זײַטן“, אַז ער דינט „אָדער וואָל־סטריט, אָדער דעם קרעמל“. דעם שטורעם פון ספּייקעס אין דער נעשאָמע פונעם פּראָמינענטן אורוגוויַיער זשורנאַליסט האָט אַן באַזונדערע אָנשטרענגונגען אײַנגעשטילט — טרעפט וער? „מײַן שוויגער, — באַמערקט אין קלאַמערן מאַוריסיאָ מילער (ער רעדט דאָ, הייסט עס, וועגן דער רעבעצן מילעווסקי), — רופט מיך אָן „פאַרעווער“. זי האָט אין זינען א מיטלפּונקט אין דער שטרענגער רעליגיעזער יידישער קיך, וואָס טיילט אָפּ פלייש פון מילך; עס איז ניט קיין שלעכטע מעטאַפאָרע פאַר דעם טערסעריום (דריטע פּאָזיציע צווישן מיזרעך און מײַרעוו. — א. וו.)“...

ווען דאָס וואָלט געזאָגט ניט מאַוריסיאָ מילערס שוויגער, נאָר איך, וואָלט מען מיך געקאָנט באַשולדיקן אין אויסנוצן די שטרענגע רעליגיעזע יידישע קיך אין פּראָפּאַגאַנדיסטישע צוועקן. נאָר איך זאָג עס ניט. איך זאָג, אַז דער זוכנדיקער, זייער סימפּאַטישער מאַוריסיאָ מילער איז א מענטש פון גוטן ווילן, און גוטער ווילן האָט ניט ליב זיך צושפּאַרן בלויז צו איין זײַט פון דער באַריקאַדע.

## צי בין איך טאַקע ניט געווען אין אַרגענטינע?

ס׳איז נאָך א גרויסער סאָפּעק, צי איך בין טאַקע אַפּנעמעסן ניט געווען אין אַרגענטינע. כאַפּט זיך ניט מיט אײַערע אויספירן, ווײַל, צוריק גערעדט, קאָן זיך אמאָל אַרויסווײַזן, אַז איך בין דאָרט יאָ געווען...

די אײַנלאַדונג האָב איך דערהאַלטן גלײַך נאָך מײַן קומען קיין מאָנטעווידעאָ. ווײַטער האָבן די געשעענישן זיך פאַנאַנדערגעוויקלט אַזוי.

אין יענע טעג האָט דער סאָוועטישער געזאַנדטער סערגיי ראָמאַנאָוויטש סטריגאַנאָוו זיך געקליבן צו פאַר־לאָזן אורוגוויַי. אַף דעם אַפּשייד־אופנאַם האָב איך צווישן אַנדערס דערציילט דעם געזאַנדטן פון אַרגענטינע, וואָס איז דאָ בײַגעווען, וועגן דער אײַנלאַדונג. יענער האָט געבעטן שיקן אַן אָפיציעלע באַקאַשע און האָט פרײַנטלעך־שמייכלענדיק עטלעכע מאָל איבערגעכאַזערט: „מיר וועלן זײַן צופרידן... מיר וועלן זײַן צופרידן“...

אַף מאָרגן זײַנען אָפּגעשיקט געוואָרן אין דער אַרגענטינער געזאַנדשאַפט די נייטיקע פּאַפּירן מיט א באַקאַשע אַרויסגעבן מיר אַן אַרײַנפאַר־וויזע קיין בוענאָס־אײַרעס. די געזאַנדשאַפט האָט מיט דער גרעסטער אַפּעראַטיוו־קײַט צוגעשיקט... אַן אָפּזאָג.

שפּעטער האָב איך דורכגעלייענט אין דער ניו־יאָרקער „מאָרגן־פרײַהײַט“ (פאַרן 30 סענטיאַבער 1965) א בריוו, וואָס עס האָט צוגעשיקט פון בוענאָס־אײַרעס א. לינק. „מיר האָבן דאָ געפּרוווט זײַטיק זיך צונויפרײדן מיטן צווייטן לאַגער, — שרײַבט א. לינק, — מיט די „קעמפער“ פאַר דער יידישער קולטור אין סאָוועטנפאַרבאַנד; אָדעראַבע, האָבן מיר זיי געזאָגט, אָט האָט איר א מעגלעכקײַט צו אָפּנעמען א גרוס פון דער ערשטער האַנט וועגן לעבן פון די יידן, פאַר וועמענס גוירל איר „זאָרגט“ אַזוי. זעט, טוט עפּעס אין די הויכע פענצטער“...

אין די „הויכע פענצטער“ האָט קיינער ניט אָנגעקלאַפּט. עמעס, אַן אַנדער צײַטונג, די אַרגענטינער בירגערלעכע „די ייִדישע צײַטונג“, ברענגט אַ ווערסיע פון אַט דעם איניען, וועלכע פאַלט ניט אין אַלע פּראָטים צונויף מיט דעם, וואָס עס האָט דערציילט די „מאָרגן־פרײַהײַט“. אין נומער פון 16 אויגוסט 1965 שרײַבט י. האָרן: „ווי נאָר עס איז באַקענט געוואָרן, אַז אַרן ווערגעליס ווײַלט אין מאָנטעווידעאָ, האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז ער קומט אויך אַהער. עס האָבן וועגן דעם גערעדט „פּראָגרעסיווע“ און אויך געוועזענע פּראָגרעסיווע... ווען קומט ער און ווער ברענגט אים? — האָבן אייניקע געפרעגט. און דער ענטפער איז געווען: „מ׳וועט שוין“. ווײַטער האָבן אייניקע ייִדן געקלונגען טעלעפאָניש, געוואָלט וויסן, צי עס איז ריכטיק, אַז היגע ייִדיש־נאַציאָנאַלע הויפּט־אינסטיטוציעס מאַכן באַמיִונגען פאַר אַרן ווערגעליסן, און פון די הויפּט־אינסטיטוציעס האָט מען געענטפערט, אַז מע ווייסט ניט. „האַלבע פּראָגרעסיווע“, אָדער אַזויגערופענע „פּאָליטישע פּושקע־מעקלערס“ האָבן אין אייניקע טירן געפּרוּווט אָנקלאַפּן“...

אַזוי אָדער אַנדערש: צי מע האָט ניט געקלאַפּט אין די הויכע פענצטער, צי מע האָט יאָ געקלאַפּט אין די הויכע טירן, — נאָר דער „ניין“ פונעם אַרגענטינער אויסערן־מיניסטעריום איז געווען אָנגעשריבן שוואַרץ אף ווײַס. אַ. לינק באַשרײַבט ווײַטער, וויאַזוי דער פּראָגרעסיווער ייִדישער בוענאָס־אײַרעס האָט זיך אַן אייצע געגעבן.

פון בוענאָס־אײַרעס קיין מאָנטעווידעאָ איז אַ האַלבע שאָ פליִען. אין ביידע לענדער דאַרף מען ניט האָבן קיין וויזעס אף אַריבערצוכאַפּן זיך אפן קעגניבערדיקן ברעג פון דער לאַ־פּלאַטאַ. מאַכמעס דעם טאַקע האָט זיך באַקומען אַזוי, אַז כאָטש אין אַרגענטינע בין איך ניט געווען, דאָך בין איך, דוכט זיך, יאָ געווען אין אַרגענטינע.

די אָנפירער פונעם דאָרטיקן פּראָגרעסיוון ייִדישן ייִשעוו (שאַמשן דרוקאַראָוו, צאַלעל בליץ, רוּוון סינײַ, יאָסל גאָלדבערג) זײַנען געקומען צוגאַסט קיין מאָנטעווידעאָ, און איך האָב אין משך פון צוויי וואָכן, פון אינדערפרי ביז שפּעט אין אָוונט, בייס מאַסן־פאַרזאַמלונגען און היימישע באַגעגענישן, געהאַט די מעגלעכקײַט צו זײַן מיט זיי צוזאַמען, אויסהערן, וואָס זיי דערציילן, און געבן אַן ענטפער אף די פראַגן, וועלכע האָבן זיי אינטערעסירט. אויך די פּראָגרעסיווע שרײַבער און זשורנאַליסטן פון אַרגענטינע מימי פּינזאָן, עסטער רימער, ראָכל מינצעס, י. לינקאָווסקי, נ. דרעקסלער, דער באַוווּסטער ייִדישער קינסטלער כאַיִם סאָקאָלאָווסקי אאַ. האָבן מיר געהאָלפן אופשטעלן אַ מער־ווייניקער רעאַל בילד פונעם לעבן פון די ייִדן אין אַרגענטינע.

שטייענדיק אפן ברעג פון דער לאַ־פּלאַטאַ, האָב איך, אַזוי צו זאָגן, מיט די אויגן פון מײַנע אַרגענטינער פרײַנט געקוקט אַהין, צום צווייטן ברעג, וווּהין די זשאַנדאַרמישע דובינקע האָט מיך ניט צוגעלאָזט.

געווען אויך אַן עפּיזאָד, וואָס איז אָנגעווייעט דורך די ווינטן פונעם קאַלטן קריג. איך האָב זיך דערוווּסט, — כ׳בין אין יענעם טאָג געווען אײַנגעלאַדן „אף לאַטקעס“ צו כאַנע און פּישל טאַבּיִאַש, — אַז אַהין וועט אַרײַנקומען אף אַ קורצן שמועס מיט מיר איינער פון די רעדאַקטאָרן פון דער בוענאָס־אײַרעסער צווייוואָכנשריפט אין דער שפּאַנישער שפּראַך „נועוואַ סיאָן“ („נײַער ציִען“) סלוצקי. די צײַטונג איז אַ מאַפּאַמישע. די באַלעבאָסטע האָט מיך געפרעגט, צי וועט עס מיר ניט „אָפּשלאָגן דעם אַפּעטיט צו די לאַטקעס“. האָב איך אַ טראַכט געטאָן: עפּשער, מאַלע וואָס עס מאַכט זיך, איז דער בוענאָס־אײַרעסער רעדאַקטאָר פון די, וואָס ווילן יאָ דערגיין דעם עמעס. עפּשער האָט ער, זײַענדיק אין מאָנטעווידעאָ, מיך געהערט ריידן און איז מיט עפּעס ניט מאַסקים, וויל עפּעס אויסקלאָרן, וועגן עפּעס אַרויסזאָגן זײַנע באַמערקונגען: עפּשער וויל ער וויסן מײַן מיינונג וועגן דעם מאַקאַרטיסטישן אַקט פונעם אַרגענטינער אויסערן־מיניסטעריום, וואָס האָט אָפּגעזאָגט אין אַן אַרײַנפאָר־וויזע אַ סאָוועטישן שרײַבער, אָדער וויל, פאַרקערט, אַרויסזאָגן זײַן מיינונג. קורץ, איך האָב געענטפערט כאַנען, אַז בײַ אַזאַ ליבהאָבער פון לאַטקעס, ווי איך, איז אוממעגלעך אָפּצושלאָגן דעם אַפּעטיט מיט פּאָליטישע שמועסן און אַז איך בין אַפילע גרייט זיך טיילן מיט די לאַטקעס מיטן רעדאַקטאָר פון „נײַעם ציִען“.

ווען איך בין געקומען צו די טאַבּיִאַשעס, זײַנען שוין אַלע געווען אפן אָרט. דעם הער סלוצקי האָט באַגלייט נאָך אַ שאַליִעך פון דעם ייִסראָעלדיקן מאַפּאַם אין אורוגווײַ (מיטן זשורנאַליסט זעליק שאַשאָן האָב איך זיך שוין געהאַט געטראָפן פריִער) — דער אָנפירער פון דער אורוגווײַער מאַפּאַמישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע האַשאָמער האַצאַיִר (אַגעוו־אורכע וויל איך נאָכאַמאָל ווענדן די אופמערקזאַמקײַט פונעם לייענער אף דעם, וויאַזוי די ציִעניסטן פון ייִסראָעל זײַנען זיך נויהעג אין אַ פרעמד לאַנד, אויב מע דערלויבט זיי זיך דאָרט אופירן ווי בײַ זיך אין דער היים. קעדיי טויפעס צו זײַן די פּאַראַדאָקסאַלקײַט פון אַזאַ אופירונג, דאַרף מען בלויז זיך פאָרשטעלן, וואָס די זעלבע ציִעניסטן וואָלטן געזאָגט, ווען דער מאָסקווער קאָמסאָמאָל, לעמאַשל (גאָט זאָל אָפּהיטן!), וואָלט געשיקט אין אַן אַנדער לאַנד זײַנע מענטשן אף צו אָנפירן מיט אַן אָרטיקער אָרגאַניזאַציע פון יונגע קאָמוניסטן...).

ווײַטער האָט די גאַנצע מײַסע אָנגעהויבן אויסזען ווי אַן אַנעקדאָט. די צוויי ציִעניסטישע פונקציאָנערן האָבן אַוועקגעשטעלט אפן טיש אַ מאַגניטאָפאָן און געבעטן, כ׳זאָל „אַרײַנריידן אַן ענטפער“ אף זייערע פראַגן, דערבײַ האָבן זיי מיך געוואָרנט, אַז זיי האָבן פאַרכאַפּט מיט זיך בלויז איין לענטע און כ׳וועל מוזן ריידן „קורץ און שאַרף“. אַ קוק געטאָן אף דעם צעטל פראַגן, וועלכן מײַנע אינטערוויויִרער האָבן צוגעגרייט, האָב איך גלײַך פאַרשטאַנען, אַז די ענערגישע מאַפּאַמאָווצעס ווילן אין אַ הענדעם־פּענדעם־טעמפּ אַרויסבאַקומען פון מיר אַ מאַגניטאָפאָן־לענטע, קעדיי שפּעטער זי אַרײַנשטעלן אין די ציינרעדער פון דעם קאַלטן קריג. די פראַגעס זײַנען געווען אַזוי אָפּן אַנטיסאָוועטיש, פּונקט ווי ס׳וואָלט קלאָר נאָך ניט עקזיסטירט קיין שום אינפאָרמאַציע וועגן דעם לעבן פון די ייִדן אין סאָוועטנפאַרבאַנד. די פראַגעשטעלער האָבן געהאַט אין זינען בלויז איינס: אַן ענטפער, וואָס איז „קורץ און שאַרף“, און לעגאַליזירן, אַזוי צו זאָגן, די פראַגע גופע.

איך האָב געבעטן אײַנשליסן דעם מאַגניטאָפאָן, און גלײַך פון אָנהייב, האָבנדיק אין זינען די מענטשן, וואָס ווילן אין בוענאָס־אײַרעס הערן דאָס געזאָגטע, האָב איך גענוי אופגעקלערט מײַן באַציִונג צו די מאַנעוורען פון די אַנטיסאָוועטישע פּראָפּאַגאַנדיסטן, וואָס פּרוּוון ווידער אַרויסשלעפּן די געפּייגערטע קאַץ — דעם שוין לאַנג אָפּגעפרעגטן פראַגע־קאָמפּלעקס, קעדיי אָנשטאָפּן מיט אים די מויכעס פון זייערע צוהערער. דער רעדאַקטאָר פון „נועוואַ סיאָן“ און דער פירער פון „האַשאָמער האַצאַיִר“ האָבן גענומען באַווײַזן מיר מיט די הענט און מיט די

אויגן, אַז די לענטע לויפֿט און מײַן אַרײַנפֿיר־רעדע פֿאַרציט זיך, נאָר איך האָב אויך אָט דעם דיאַלאָג אױף שטומלאָשן „אַרופֿגעצויגן" אױף דער לענטע. איך האָב געמאָלדן, אַז מיר, סאָוועטישע מענטשן, קומען מיט אָפֿענע הערצער צו די פֿאָלקסמאַסן פֿון אַנדערע לענדער, און עס זײַנען ניט נייטיק קיין באַזונדערע אָנשטרענגונגען, קעדיי באַקומען בײַ אונדז אַן ענטפֿער אױף אַלץ, וואָס דאָס האַרץ גלוסט. וואָס איז שײַעך דעם עפּיזאָד דאָ, בײַ די טאַביאַשעס אין שטוב, איז שוין עפּעשער צײַט, אַז די מאַפּאַמישע טוער זאָלן אַליין ענטפֿערן אױף פֿראַגן וועגן דער פּאָליטיק פֿון די רעגירונגס־קרײַזן אין יִיסראָעל, אַ פּאָליטיק, וואָס ברענגט שאָדן און שאַנד זייער לאַנד.

די לענטע האָט זיך געענדיקט. אין צימער האָט נאָך אַ קורצע ווײַלע זיך געהערט, ווי עס שורעוועט דער פּוסטער מאַגניטאָפֿאָן־וואַליק און ווי עס סקריפּעט שטיל דאָס מאָטאָרל, דערנאָך איז געוואָרן שטיל. כּאַנע טאַביאַש איז אַרײַנגעקומען פֿון דער קיך אַ פֿאַרהאַוועטע און מיטגעטיילט, אַז מע קאָן שוין גיין צום טיש. איך האָב געזאָגט צו מײַנע אינטערוויוירער:

— קומט עסן לאַטקעס... מיט פּאָליטיק זײַנען מיר שוין זאַט...

דער פֿאָרשטייער פֿונעם אורוגווײַער „האַשאָמער האַצאָיר" האָט געענטפֿערט:

— לאַטקעס? עפּעס ווילט זיך ניט...

ניט צוזעצנדיק זיך צום טיש, האָט געפּרוּווט גיין אױף אַ קאָמפּראָמיס דער רעדאַקטאָר פֿון „נועוואַ סיאָן":

— נו, עפּשער בלויז איין לאַטקע...

טאָמער מיינט אָבער עמעצער, אַז דער בוענאָס־אײַרעסער רעדאַקטאָר מיט זײַן מאָנטעווידעער פּאַרטיי־קאָלעגע האָבן בײַ מיר אָפּגעשלאָגן דעם כיישעק צו קומען קיין אַרגענטינע, איז מעג ער וויסן, אַז גראָד דער ווילן צו זײַן דאָרט האָט מיך שפּעטער געבראַכט צו די אַרגענטינער ברעגן — שוין פֿון אַן אַנדער זײַט, ניט פֿון דער זײַט פֿון לאַ־פּלאַטאַ, נאָר פֿון דער זײַט פֿונעם טײַך אורוגוויי, אין דער שטאָט פּײַסאַנדו.

דער טײַך אורוגוויי האָט געגעבן אַ נאָמען דעם לאַנד. „מיזרעך־רעפּובליק פֿון אורוגוויי" באַטײַט — די רעפּובליק, וואָס ליגט אױף דעם מיזרעך־ברעג פֿונעם טײַך אורוגוויי. די שטאָט בײַ אָט דעם טײַך איז אַ שטילע און געמיטלעכע. פֿאַר איין אינדערפֿרי האָב איך אַרומגערײַזט דעם ראַיאָן, וווּ עס איז קאָנצענטרירט די אינדוסטריע אירע: אַ ביר־ברויערײַ (געבויט האָבן זי טשעכישע אינזשעניערן, און אויסגעשטאַט איז זי מיט טשעכישע מאַשינען), אַ צוקער־פֿאַבריק, אַ גאַרבערײַ, אַ טעקסטיל־פֿאַבריק, אַ קאָנדיטערײַ אין צענטער שטאָט — איר נאָמען איז „פּאַמאָסאַ" — „באַוווּסטע", אַ בוימל־פֿאַבריק...

אָפּגעפּאַרטיקט זיך, ווי עס זאָגן טוריסטן, מיט די פֿאַבריקן, בין איך אַוועק אין פּײַסאַנדוער האַפֿן און דאָ אָוועקגעשטעלט זיך בײַם ברעג טײַך, ווי, לעהאַוודל, בײַם טײַך סאַמבאַטיען, וואָס איבערקומען אים איז ניט מעגלעך. פֿון יענער זײַט טײַך אורוגוויי איז געלעגן אַרגענטינע. דער וועטער איז געווען אַ לויטערער, דער טײַך אורוגוויי איז ניט קיין ברייטער, און איך האָב, זאָג איך אײַך, זיך דערפֿילט שוין דאָרטן, אױף צעפּיקעניש די שטרענגע באַלעבאַטים פֿון דעם לאַנד.

איז פֿרעג איך אײַך: צי וועט שוין זײַן אַזוי ריכטיק צו זאָגן, אַז איך בין ניט געווען אין אַרגענטינע?

## אורוגווײַער שרײַבער

איך מוז גלײַך זאָגן, אַז ביז דער רײַזע האָב איך געוווּסט בלויז אַ צוויי־דרײַ שרײַבערישע נעמען פֿונעם הײַנטיקן אורוגוויי. מיט יאָרן צוריק, געדענק איך, בין איך געווען פֿאַרכאַפּט פֿונעם רוסישן שרײַבער־פּעדאַגאָג מאַקאַרענקאָ, און, שטודירנדיק די ליטעראַטור, וואָס עס שאַפֿן אין פֿאַרשיידענע לענדער זײַנע נאָכפֿאָלגער, האָב איך זיך דערוווּסט וועגן דעם אורוגווײַער שרײַבער־פּעדאַגאָג כעסואַלדאָ (זײַן פֿולער נאָמען איז כעסואַלדאָ סאָסאַ), וועמענס ראָמאַן „דאָס לעבן פֿון אַ לערער" האָט זײַנערצײַט געמאַכט אַ גרויסן רוישעם. שפּעטער האָב איך זיך דערוווּסט, אַז כעסואַלדאָס ווערק „דאָס לעבן פֿון אַ לערער" האָט געהאַט אַ פֿאָרזעצונג — דאָס בוך „אויסער דער שול", וואָס צוליב אים האָט די רעאַקציע געצוווּנגען דעם אורוגווײַער מאַקאַרענקאָ וואַרפֿן זײַן פּעדאַגאָגישע טעטיקײַט.

און נאָך וועגן צוויי אורוגווײַער הײַנטצײַטיקע ראָמאַניסטן האָב איך געוווּסט: וועגן מאַריאָ בענעדעטי, דעם פּאָפּולערסטן אויטאָר פֿון בעסטסעלערס דאָ אין לאַנד, און וועגן דעם „אורוגווײַער זשאָרזשי אַמאַדו", דעם אויטאָר פֿון רעאַליסטישע ראָמאַנען („גרענעצן, וואָס דער ווינט טראָגט", „פֿון פּאַכעד צו ווירדע", „די אויגן פֿון וואַלד") אַלפֿרעדאָ גראַווינאַ.

ס'איז ניט שווער זיך פֿאָרצושטעלן, ווי גרויס עס איז געווען מײַן פֿרייד, ווען, קומענדיק אין דער סאָוועטישער געזאַנדשאַפֿט אױף דעם געזעגענונגס־אָופּנאַם בײַ סערגיי ראָמאַנאָוויטש סטריגאַנאָוון, האָב איך גלײַך אין דער ערשטער מינוט זיך אָנגעשטויסן טאַקע אױף זיי, אױף בענעדעטי, גראַווינאַ און כעסואַלדאָ סאָסאַ.

נאָר איידער כ'וועל דערציילן וועגן מײַנע באַגעגענישן מיט די מאָנטעווידעער ראָמאַניסטן, וועל איך זיך דערלויבן ברענגען אַ שטיקל פֿאָרגעשיכטע.

בלעטערנדיק איינמאָל בײַ זיך אין דער היים, אין מאָסקווע, אַ זאַמלונג פֿון לאַטײַן־אַמעריקאַנישע דיכטער אין רוסישער איבערזעצונג, האָב איך דורכגעלייענט עטלעכע האַרציקע לידער פֿון דעם אורוגווײַער פּאָעט כּאָסע אַלאָנסאָ־אי־טרעליעס. עפּעס איז געווען אין די לידער אַזוינס, וואָס איז מיר אַלס פּאָעט געווען באַזונדערס נאָענט. האָב איך בײַ אַ באַקאַנטן שפּאַניער פֿון דער מאָסקווער ראַדיאָ באַקומען אַ טעקסטועלע איבערזעצונג פֿונעם אָריגינאַל פֿון איינער אַ ליד און זי איבערגעדיכטעט אױף יִידיש. אָט איז זי:

# האָפּ־האָפּא!

אנומלטן אין ראַנטשאָ
געטרונקען כ׳האָב א מאטע.
געטראַכט פון מײַנע צאָרעס. נאָר מיטאמאָל עס האָבן
צעטופּעט זיך פיל טלאָען, גלײַך עמעץ וואָלט א סטאדע
געטריבן אין דער פּאמפּע, געשריִען הויך „האָפּ־האָפּא!"

בין איך ארויס אין דרויסן,
דערזען: עס רײַט א פּאסטעך,
געבויגן צו דער גריווע. איבער דעם סטעפּ צעשאָטן —
ניין, ניט קיין סטאדע רינדער... עס טרײַבט דער רײַטער האסטיק, —
ניט שעפּסן טרײַבט דער פּאסטעך, נאָר אומעטיקע שאָטנס.

— היי, גוטער־ברודער, זאָג מיר:
א גאנצן טאָג געריטן,
וווּהין נאָך טראָגט דער שעד דיך אין אָט דער שאָ דער שפּעטער?
— צו גאַוטשאָס איך אײַל, אף שעפּסענע יאַרידן —
פארקויפן דאָרט א סטאדע פון האָפּענונגען פּעטע.

— נו, פאָר און זײַ מאַצליִעך.
און זאָלסט ניט האָבן מוירע,
אז איך, לעמאָשל, וועל דאָס גליק דיר ניט פארגינען.
דו קום צו מיר אף צ׳ריקוועגס, כ׳האָב אויכעט אָט די סכוירע,
זי אָפּטרעטן דיר, פּאסטעך, איך וועל בעכאַצי כינעם.

איך ווייס, ווער ס׳איז דער פּאסטעך.
ער איז אונדזער אנטוישונג.
ער איז אוועקגעריטן, נאָר שטייט בא מיר צוקאָפּנס.
און ווען אר:ם מײַן ראַנטשאָ עס נעמען ווינטן רוישן,
דערטראָגט זיך פון דער פּאמפּע דעם פּאסטעכס קאָל: „האָפּ־האָפּא!"

שוין אין די ערשטע מינוטן אף דעם אופנאם באם סאָוועטישן געזאנדטן האָב איך מיט דער הילף פון מײַנע פרײַנט זיך דערוווּסט, ווער איז ווער. אָט דאָס איז דער וועטעראן צווישן די אורוגווײַער היסטאָריקער פראַנסיסקאָ ר. פּינטאָס, איינער פון די גרונטלייגער פון דער קאָמוניסטישער פּארטיי פון אורוגווײַ: אלס דעלעגאַט פונעם XIII קאָנגרעס פון קאָמינטערן, האָט ער געהאט דאָס גליק פּערזענלעך זיך צו באגעגענען מיט לענינען. און אָט די גוטמוטיקע פרוי — דאָס איז פּאולינא מעדיירעס, וואָס האָט ניט לאַנג צוריק באקומען אן ארגענטינער פּרעמיע פאר א פּראָזע־בוך וועגן דעם, וויִאזוי אין אורוגווײַ קוקט מען אף דער רעוואָליוציע אין קובא.

מאַריאָ בענעדעטי האָט באם באקאנען זיך מיט מיר א זאָג געטאָן, ווי גלײַך ער וואָלט איבערגעלייענט אף מײַן פּאָנעם דאָס, וועגן וואָס איך האָב אין אָט דער מינוט געטראַכט:

— איך שווער אײַך, איך וויל עס אײַך ניט אויסווארפן, נאָר איך שווער אײַך, אז אין מאָסקווע ווייסט מען ווייניקער אונדזער ליטעראטור, איידער מיר ווייסן די סאָוועטישע...

איך האָב געענטפערט:

— האָט איר טאקע א מעגלעכקײַט גלײַך דאָ אפן אָרט עפּעס־וואָס אויסלערנען איינעם פון די, וואָס ווייסן ווייניק די אורוגווײַער ליטעראטור...

— איר ווילט א לעקציע?

— ניין, איך וויל בעטן, אז איר זאָלט מיר זאָגן, ווער עס איז כאָסע אלאָנסאָ־אי־טרעליעס... איך האָב איבערגעזעצט זײַנע א ליד אף יידיש...

— אָ, מיט דעם האָט איר מיך געקויפט... מיר, די אורוגווײַער, האָבן, דוכט זיך, נאָך קיינמאָל קיין יידישן דיכטער ניט איבערגעזעצט...

בענעדעטי איז א דארלעכער, ניט קיין הויכער. מע קאָן אים געבן א יאָר פינף און פערציק. ער איז געשטאַנען אנטקעגן מיר אין א העל־באלויכטענעם ווינקל פונעם זאל, און איך האָב דערזען זײַנע גוטע גרויסע אויגן. מיט די שפּיץ פינגער האָט ער געצופּט די קורצע וואָנצעלעך. מיר איז געפעלן געוואָרן, וואָס ריידנדיק וועגן כאָסע אלאָנסאָ־אי־טרעליעס, האָט ער ניט גענומען דערציילן א לאנגע לעבנס־געשיכטע צי בויען ליטעראַרישע סוזשעטן. ער האָט ווי פארבײַגייענדיק ארויסגעכאַפּט א פּאָר דעטאלן און זיי א וואָרף געטאָן פאר מיר, זײַענדיק, ווײַזט אויס, זיכער, אז זיי וועלן אליין זיך שוין צעפּענען.

— „פּאכא בראַווא" הייסט בא אונדז דאָס ווילדגראָז, וואָס וואַקסט אין דער פּאמפּע... אלאָנסאָ־אי־טרעליעסעס ערשטע פּאָעטישע זאמלונג הייסט „פּאכא בראַווא"...

— זײַנע לידער װעגן די גאַוטשאָס האָט ער אונטערגעשריבן „פּעטערל פּאַנטשאַ". עס פּלעגן זײ זינגען װאַנדערנדיקע זינגער...

— מיט דרײַסיק יאָר צוריק איז ער געשטאָרבן... װען מיר צערײדן זיך איצט ניט װעגן אים, איז װען װאָלט איך זיך דערמאָנט אין דעם פּעטערל פּאַנטשאַ?..

צװײ ליטעראַטן־פֿאַרײנען זײַנען פֿאַראַן אין אורוגװײַ: „אַאודע" („אַסאָציִאַציע פֿון די אורוגװײַער שרײַבער") און „סעו" („געזעלשאַפֿט פֿון די שרײַבער פֿון אורוגװײַ"). ניט דער און ניט יענער פֿאַרײן איז ניט „רעכט" און ניט „לינק". פּאַשעט — די שרײַבער זײַנען אײַנגעטײלט אין צװײ שעפֿערישע אָרגאַניזאַציעס. מיר איז אױסגעקומען צו שמועסן מיט די שרײַבער, װאָס גרופּירן זיך סײַ אַרום „אַאודע", סײַ אַרום „סעו". די הױפּט־טעמע פֿון די שמועסן: דער שעפֿערישער מעטאָד פֿון דער סאָװעטישער ליטעראַטור, די מעגלעכקײַטן פֿון סאָציִאַליסטישן רעאַליזם אָפּצושפּיגלען די שטרענג־אינדיװידואַליזירטע אינערלעכע װעלט פֿונעם מענטשן.

די לעצטע באַגעגעניש מיט די אורוגװײַער שרײַבער איז פֿאָרגעקומען בײַ אַלפֿרעדאָ גראַװינאַ אין דער הײם האַרט פֿאַר מײַן אָפּפֿאָרן פֿון מאָנטעװידעאָ. אין אַ געמיטלעכן צימער מיט שפּאַנישע פֿרעסקעס אױף די װענט האָבן זיך פֿאַרזאַמלט אַזעלכע שעפֿער פֿון דער אורוגװײַער ליטעראַטור, װי לעאָנידאַס ספּאַרטאַקיס, אַליװערא אוביִאַס, בעלטראַן מאַרטינעז, רובען יאַקאָװסקי, מאַקסימאָ מײנעראָ. אַלע זײ און אונדזער באַלעבאָס אַלפֿרעדאָ גראַװינאַ זוכן אַן ענטפֿער אױף פֿראַגעס, װאָס אונדז, סאָװעטישע שרײַבער, זעען זײ אױס קלאָר און פּאַשעט. צי איז דער סאָציִאַליסטישער רעאַליזם אַ װײַטערדיקע אַנטװיקלונג פֿונעם קריטישן רעאַליזם, צי זײַנער אַן אַנטיפּאָד, פּונקט װי דער קריטישער רעאַליזם איז אַן אַנטיפּאָד פֿונעם ראָמאַנטיזם? אױב דער סאָציִאַליסטישער רעאַליזם איז דער בעסטער קינסטלערישער מעטאָד, פֿאַרװאָס זשע נײטיקט ער זיך, קעדײ באַזיגן דעם קריטישן רעאַליזם, אין דעם, אַז די סאָציִאַלע סיסטעם אין לאַנד זאָל זײַן אַ סאָציִאַליסטישע? צי קאָן דער סאָציִאַליסטישער רעאַליזם נעמען די אױבערהאַנט אין אַזאַ לאַנד, װי אורוגװײַ, נאָך בײַם קאַפּיטאַליזם?

איך האָב פֿון מײַן זײַט געפֿרעגט די אורוגװײַער פֿרײַנט:

— זאָגט, איך בעט אײַך, די דאָזיקע פּראָבלעמען שטײען שױן איצט אױפֿן טאָג־סײדער פֿון אײַער ליטעראַטור?

אַלפֿרעדאָ גראַװינאַ האָט אױסגערופֿן:

— ברױסאָװ און בלאָק האָבן באַדאַרפֿט האָבן געצײלטע כאָדאָשים, קעדײ אין סאָף פֿון זײער װעג איבערנעמען דעם מעטאָד פֿון דער רעװאָליוציע, דעם סאָציִאַליסטישן רעאַליזם. נאָך טשעכאָװ זײַנען שױן אין רוסלאַנד קײן גרױסע שרײַבער — קריטישע רעאַליסטן ניט געװען... שױן אַ האַלבן יאָרהונדערט קוקן מיר פֿאַראַכטן אױף אָט דעם בילד, אין דער צײַט, װען אין רוסלאַנד גופֿא האָט מען געמאַכט דעם אױסװאַל אין משך פֿון כאָדאָשים...

װי אַ סענסאַציאָנעלע אַנטדעקונג איז אױפֿגענומען געװאָרן מײַן קורצע אינפֿאָרמאַציע װעגן דער ייִדישער ליטעראַטור. בײַ די אורוגװײַער, װי איך האָב שױן געשריבן, זײַנען ייִדן פֿאַררעכנט צװישן די „רוסאָ". װען עס פֿאָדערט זיך מער פּינקטלעכקײַט, רופֿט מען אונדז העברײער, װאָס בײַ אונדז אין די אױערן קלינגט עס פּונקט אַזױ, װי עמעץ װאָלט די הײַנטצײַטיקע פֿראַנצױזן גערופֿן גאַלן, די גריכן — העלינען...

דער דורכשניטלעכער אורוגװײַער, אַרײַנגערעכנט אױך דעם אינטעליגענט, האָט אַן שום בײזן װילן (פֿאַרקערט, גראָד דערפֿאַר מיסטאָמע, װײַל די טומלערײַען אַרום די ייִדן דערגײען ניט צו אים) אַרױסגעלאָזט פֿונעם געזשבן אונדזער נאַציִאָנאַלן אױסדרוק אין דער װעלט־ליטעראַטור. און דאָ מיטאַמאָל — הונדערט שרײַבער שאַפֿן זײערע װערק אױף דער שפּראַך ייִדיש! פֿאַרשײדנערלײ אַסאָציִאַציעס, פֿאַרײנען, געזעלשאַפֿטן פֿון ייִדישע שרײַבער פֿונקציאָנירן אין פֿאַרשײדענע לענדער! די ייִדישע ליטעראַטור האָט שױן געגעבן אַ פֿאַלאַנגע קלאַסיקער פֿון װעלט־פֿאַרנעם!..

לעאָנידאַס ספּאַרטאַקיס, אַלײן אַ גריך, האָט מיט סענטימענטאַלער האַרציקײַט דערצײלט, װיִאַזױ ער, דער אורוגװײַיש־שפּאַנישער דיכטער, פֿאַרלירט ניט די פֿאַרבינדונג מיט גריכנלאַנד, דאָס געבורטס־לאַנד פֿון זײַנע טאַטע־מאַמע, און ער טוט אַלץ, די גריכישע ליטעראַטור זאָל זײַן באַװוּסט אין לאַטײַן־אַמעריקע.

— רובען, — האָט ער אָנגעװיזן אױף יאַקאָװסקין, — װעט, גלײב איך, איצט שױן האָבן אין זינען דאָס, װאָס מיר האָבן דאָ גערעדט...

יאַקאָװסקי שאָקלט צו מיטן קאָפּ און שמײכלט. רובען יאַקאָװסקי, װאָס גיט אַרױס אױף זײַנע אײגענע מיטלען אַ ספּעציעלן כױדעש־זשורנאַל פֿון שפּאַנישער פּאָעזיע „אַקי פּאָעסיאַ" („דאָ — פּאָעזיע"), האָט שױן קאָנקרעטע פּלענער, װיִאַזױ צו אַנטדעקן פֿאַר די אורוגװײַער דעם קאָנטינענט, װאָס הײסט ייִדישע ליטעראַטור...

## טשאַו

מײַן געזעגענונג מיט מאָנטעװידעאָ האָט זיך געצױגן עטלעכע טעג. כאָטש איך בין געװען שטאַרק פֿאַרנומען, פֿלעג איך דאָך אָפּשפּאָרן אַמאָל אַ שעה און אַמאָל צװײ און אַװעקגײן זיך געזעגענען מיט מאָנטעװידעאָ.

דאָס האָט באַטײַט —

נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל קומען אױף פּלאַסאַ אינדעפּענדענסיאַ (אומאָפּהענגיקײַט־פּלאַץ), אין סאַמע צענטער פֿון דער שטאָט, װוּ דער נאַציִאָנאַלער העלד, גענעראַל כאָסע אַרטיגאַס זיצט רײַטנדיק — זיצט שטאָלץ און הײמיש, מיט אַן אַנטבלױזטן קאָפּ.

זיך לאָזן גיין מיט דער הויפּט־גאַס „18 דע כוליאָ״[1] און זיך אַלעמאָל אָפּשטעלן אַ פֿאַרבלענדטער פֿון דעם מירמלנעם גלאַנץ פֿון אַלטע און נײַע מויערן, וועלכע דערמאָנען מיט עפּעס די פּאַלאַצן פֿון די איטאַליענישע דאָזשן, אָן איבעראַשטער פֿון די פּרעכטיקע אַרײַנגאַנגען, וווּ עס וואַרפֿן זיך אין די אויגן צווישן די קאָלאָנעס קאָפּיעס פֿון וועלט־באַרימטע סקולפּטורן, און ס'איז שווער צו פֿויעלן באַ זיך, אַז דאָס, וואָס דו זעסט איצט אויף די גאַסן פֿון מאָנטעווידעאָ, כאָזערט בלויז איבער יענעם גרויסן וווּנדער, וואָס קעדיי אויף אים אַ קוק צו טאָן, קומען מענטשן מיט אַ צאַפּלדיק האַרץ אַרײַן אין די שענסטע מוזיי־זאַלן פֿון אייראָפּע;

דאָס האָט באַטײַט —

אַרומגיין איבער די אויסגעפּוצטע אַפּן פּאַריזשער אויפֿן שטאָטישע בולוואַרן, קומען צום פּאַרק באַטליע־אַי־אַרדאָניעס און אָפּשטעלן זיך באַם דענקמאָל לעקאָוועד די ערשטע אײַנוואָנדערער, — דערזען בישכיינעס מיט דעם הײַנטצײַטיקן אַספֿאַלטירטן וועג אויף אַן אָפּענער זוניקער וואַלד־לאָנקע אַן אַלטע האַרבע אויף הויכע הילצערנע רעדער, אײַנגעשפּאַנט אין זעקס אָקסן. דער אָנטרײַבער פּאָרט נאָך דער האַרבע אויף אַ פֿאַרהאָרעוועט פֿערד, האַלטנדיק אין דער רעכטער האַנט אַ לאַנגן שטעקן.

נו, און אַוואַדע און אַוואַדע אַרופֿגיין אַפּן סעראָ — דעם באַרג פֿון מאָנטעווידעאָ, דעם זעלבן, וועלכן עס האָט נאָך לאַנגע וואָגלעניש איבערן אַטלאַנטישן אָקעאַן דערזען פֿונדערווײַטנס מאַגעלאַנס אַ מאַטראָס און האָט אויסגעשריִען מיט פֿרייד: ‟!Monte vide eu„ — „אַ באַרג זע איך!״ — און אַזויאַרום ניט ווילנדיק געגעבן דעם נאָמען דער צוקינפֿטיקער שטאָט: Montevideo.

זיך געזעגענען מיט מאָנטעווידעאָ — הייסט אַרײַנגיין אין אַ פּאַריזשאַדאַ — אַ מין פֿליישיקע רעסטאָראַציע. דער אָפֿענער אויוון, וווּ עס טרעשטשעט פֿריילעך אַ פֿײַער, שטייט אין זעלבן צימער, וווּ די באַזוכער עסן. אין אויוון הענגט אַ גרויסע מעטאַלענע נעץ — פּאַריזשיאַ הייסט זי, אונטער וועלכער מע שאַרט צונויף ברענענדיקע קוילן. אויף דער נעץ בראָט זיך פֿלייש, וווּרשט. אַז מע זאָגט: „קום עסן אַ פּאַריזשאַדאַ״, הייסט עס ניט, כאָלילע, עסן די רעסטאָראַציע. דאָס הייסט, אַז מע רופֿט עסן געבראָטן פֿלייש, וואָס האָט אויך אַן אייגענעם נאָמען — אַסאַדאָ. אין דער האַפֿן־געגנט פֿון מאָנטעווידעאָ בין איך געווען אויף אַ מאַרק, וווּ עס שטייט אַ לאַנגע ריי אויוונס און לעבן זיי — טישלעך. דו באַקומסט אַן אַסאַדאָ, אַ שטיקל ברויט דערצו און אַ גלעזל פּראָסטן ווײַן. דאָס פֿלייש לייגט מען אַרויף אויף אַ ברעטל, ניט אויף אַ טעלער, דו צעשנײַדסט עס, פֿאַרטרינקסט יעדן ביסן מיט ווײַן און האָסט האַנאָע...

געזעגענענדיק זיך מיט מאָנטעווידעאָ, קום איך אַרײַן נאָכאַמאָל אין די היימען פֿון די אָרטיקע ייִדן, וואָס האָבן אַזוי אָרגאַניש זיך צונויפֿגעגאָסן מיטן קאָלאָריט פֿונעם לאַנד. באַם פּראָגרעסיוון טוער פּינכעס קאַנאַניטש איז די שטוב פֿול מיט קרויווים און באַקאַנטע. איידער מע זעצט זיך צום טיש, גיי איך אַרויס צוזאַמען מיט דעם באַלעבאָס אין הויפֿל באַ דער שטוב. דאָ בליִען (אום ווינטער!) עטלעכע גרויסע צונטער־רויטע רויזן. פֿון אַ לימענע־ביימל שײַנען אַראָפּ געל־ברוינלעכע פּיירעס. קאַנאַניטש טוט אַ ווײַז מיט דער האַנט אויף אַ רויז:

— פּונקט ווי פֿאַר איר איז נישטאָ באַ אונדז אין לאַנד קיין קאַלטער ווינטער, אַזוי איז פֿאַר דער פּרײַנטשאַפֿט צום סאָוועטנפֿאַרבאַנד ניטאָ באַ אונדז אין פֿאָלק קיין קאַלטער קריג...

מיט אַ צווייטן געזעגלשאַפֿטלעכן טוער, מיט אַווראָם דיִאַמאַנטן, האָב איך זיך באַפֿרײַנדעט בייס מײַן אַרומפֿאָרן איבער דער שטאָט. אַדאַנק דיִאַמאַנטן האָב איך אַ סאַך געזען אין מאָנטעווידעאָ און אין ערגעץ ניט פֿאַרשפּעטיקט. אַ קאָפּעטשקע אַ שוויִגער, האָט ער דאָך בייס מײַן לעצטן באַזוך באַ אים אין שטוב אַוועקגעלייגט אַזאַ מין פּאָליטישע רעדע:

— האַלעווײַ האַלט עס שוין אַזוי מיט זיי אין די ניו־יאָרקן, ווי עס האַלט מיט זיי דאָ...

און אָט איז אַ וואָרט פֿון לייזער טרעשטשאַן, דעם פּרעזידענט פֿון דער ייִדישער מוטואַליסטאַ:

— איך בין אַ פּראָסטער ייִד, כאָטש אַ פּרעזידענט... באַ ייִדן זײַנען אַלע פּרעזידענטן... איך זאָג אײַך ווי אַ פּראָסטער ייִד, אַז אומזיסט רעדט איר אין זיי אַזויפֿיל אַרײַן. דאָס איינציקע, וואָס וואָלט זיי געקאָנט באַפֿרידיקן, איז, ווען מע פֿאַרמאַכט די סאָוועטן און מע ברענגט צוריק אַראָפּ מיקאָלקען...

ווען איך בין געקומען צוגאַסט צו דעם פּאָרזיצער פֿונעם יובילײַ־קאָמיטעט פֿון „אונדזער פֿרײַנט״ סאַמועל טאָרעשרײַבער, האָט פּונקט אין יענער שאָ זיך אומגעקערט פֿון בוענאָס־אײַרעס זײַן טאָכטער, אַ מיידל פֿון קאָמיוגישן עלטער, ווי מע זאָגט באַ אונדז. אין בוענאָס־אײַרעס האָט זי זיך געלערנט אויף קורסן פֿון יונגע ציִעניסטן. איצט רופֿט מען די קורסאַנטן פֿאָרן „אויף פּראַקטיק״ קיין ייִסראָעל, וווּ זיי וועלן אַרבעטן אין אַ קיבוץ און מיט דעם העלפֿן בויען... סאָציִאַליזם.

— וואָס זאָגט איר אויף דעם, — האָט טאָרעשרײַבער געשאָקלט מיטן קאָפּ, — האַ, וואָס זאָגט איר אויף דעם פּלאָנטער?

דער טאַטע און די מאַמע זײַנען פּראָגרעסיווע מענטשן. די טאָכטער באָמבלט זיך נאָך ערגעץ אין פֿרעמדע נעצן — אַזאַ בילד קאָן מען זען ניט נאָר אין דער מישפּאָכע טאָרעשרײַבער... נישקאָשע, זיי וועלן זיך אויספּלאָנטערן פֿון די נעצן...

אַזוי האָב איך זיך געזעגנט מיט מאָנטעווידעאָ.

איך האָב, קאָן מען זאָגן, דאָ געטרונקען מיט אַ ברייטן אוילעם אַ מאַטע.

און טרינקען אַ מאַטע איז ניט דאָס, וואָס איר מיינט, טײַערע לייענער. איר מיינט אַוואַדע, אַז טרינקען אַ מאַטע איז דאָס זעלבע, וואָס טרינקען אַ גלעזל טיי: מע נעמט די קיילע אין האַנט און מע טרינקט. איז האָט קיין פֿאַריבל ניט, איר וועט מוזן אויסהערן, ווי‌אַזוי מע טרינקט אַ מאַטע אינדערעמעסן.

---

[1] די גאַס איז אַזוי אָנגערופֿן געוואָרן לעזיקאָרן פֿון דעם טאָג (18 יול 1830), ווען עס איז פּראָקלאַמירט געוואָרן די ערשטע קאָנסטיטוציע פֿון אורוגווײַ.

וויכטיק איז — וואָס מע טוט ניט. ווען מע טרינקט א מאטע, איז דער ערשטער קלאָל — ניט געכאַפּט זיך. אַנדערהאַלבן־צוויי שאָ איז ניט קיין סאך צײַט אף אויסצוטרינקען א מאטע, ווײַל אָט דאָס טרינקען איז קימאַט א פײַערלעכע פּראָצעדור; ווײַטער לאָזט מען ניט, אז דאָס וואסער, מיט וועלכן מע פארגיסט די זשערבא, זאָל אופֿזידן. מע מישט ניט מיט דער באָמביזשאַ[1] די זשערבע־טײעלעך אפן דעק און מע טרינקט ניט אויס דאָס וואסער ביזן סאָף, קעדיי אין שיסעלע, וואָס איז געמאכט פון אן אויסגעדויבעטער קלײנער טיקווע, זאָל ניט בולקען. די מאטע ציט מען ארײַן אין זיך, ווי דורך א שטרויעלע, — מע זופט זי ניט. דאָס שיסעלע מיט דער מאטע גיט מען איבער נאָך יעדע דרײַ־פיר שלונג דעם שאָכן, און ס'וואָלט אויסגעזען מאָדנע ווילד און ניט אָנשטענדיק, ווען איר זאָלט יעדעס מאָל אָנהייבן דאנקען. ווען עמעצער זאָגט א דאנק, איז פארענדיקט דאָס טרינקען די מאטע.

האָב איך געזאָגט, געזעגענענדיק זיך, א דאנק מאָנטעווידעאָ, א דאנק אורוגווײַ, א דאנק די ייִדישע מענטשן פון אָט דעם לאנד.

און נאָך איין זאך:

אין צוויי שוועסטער־שפּראכן, אין דער איטאליענישער און שפּאנישער, איז פאראן א וואָרט „טשאו". אף שפּאניש זאָגט מען עס באם געזעגענען זיך, אף איטאליעניש — באם באגעגענען זיך. און האגאם איך האָב זיך אין אָט דעם מאָמענט טאקע געזעגנט, האָב איך „טשאו" געזאָגט ניט אף שפּאניש, נאָר אף איטאליעניש:

— צום באגעגענען זיך, טײַערע פרײַנט, בא דער לאַ־פּלאטא...

---

[1] באָמביזשאַ — א מעטאלן רערל מיט לעכלעך אפן פלאטשיקן עק, קעדיי צו ארײַנציִען דורך זיי דאָס פארקאָכטע וואסער.

## נײַס פון אויסלאנד

### א פילם וועגן נאצישע רעדיפעס

אף אן אָוונט פון „אוניִאָן" (פארבאנד פאר ווידערשטאנד און קעגנזײַטיקער הילף) איז צום ערשטן מאָל אין פראנקרײַך באוויזן געוואָרן דער בארימטער טשעכישער פילם „דאָס געוועלב אף דער הויפּט־גאס". די הויפּט־ראָל אין דעם פילם פילט אויס די באוווסטע ייִדישע אקטריסע פון פאָלקס־פוילן אידע קאמינסקע, וועלכע איז אויסגעצייכנט געוואָרן אפן אינטערנאציאָנאלן פילם־פעסטיוואל אין קאַן.

„דאָס געוועלב אף דער הויפּט־גאס" איז אָפּגעמערקט מיצאַד די קינאָ־קריטיקער אין דער וועלט אלס איינער פון די בעסטע פילמען וועגן די נאצישע רעדיפעס קעגן די ייִדן.

מיט אן ארײַנפיר־וואָרט וועגן דעם פילם איז ארויסגעטראָטן דער פרעזידענט פון „אוניִאָן" אנדרע בלומעל.

### „דאָס ליד פון געטאָ"

מיט אזא רעפעראט איז ארויסגעטראָטן דער היסטאָריקער פון ווארשע רוטע פופּס אף אן אָוונט אין פאריזש, וועלכן עס האָט אײַנגעאָרדנט דער קולטור־ראט בא די ייִדישע פאָלקס־אָרגאניזאציעס.

ר. פופּס פארנעמט זיך באזונדערס מיט פאָרשן די לידער, וואָס זײַנען געשאפן געוואָרן אין די געטאָס. זי האָט אָנגעשריבן א בוך, געווידמעט דער טעמע.

### „שלוש נסיעות לברית המועצות"

(„דרײַ רײַזעס קיין סאָוועטנפארבאנד")

אונטער אזא נאָמען איז אין ייִסראָעל דערשינען דאָס בוך פון דער באקאנטער פּראָגרעסיווער קולטור־טוערן מארגאָט קלאוזנער, ארויסגעגעבן דורך דער געזעלשאפט פאר פרײַנטשאפט און קולטור־פארבינדונגען צווישן ייִסראָעל און דעם סאָוועטנפארבאנד.

מארגאָט קלאוזנער טיילט זיך אינעם בוך מיט די אײַנדרוקן פון אירע דרײַ באזוכן אין סאָוועטנפארבאנד. זי דערציילט וועגן אירע באגעגענישן מיט סאָוועטישע מענטשן און וועגן דער אנטוויקלונג פון דער סאָוועטישער קונסט.

### קאָנצערטן פון ייִדישן פאָלקלאָר

אין די פאראייניקטע שטאטן פון אמעריקע איז לעצטנס אופגעטראָטן מיט א רײ קאָנצערטן די באקאנטע זאמלערן און פאָרשערן פון ייִדישן פאָלקס־געזאנג רוט רובין.

### א פילם וועגן ייִדישע אלטערטימלעכקײַטן

אין באראנדאָוו, לעבן פּראָג, גרייט מען איצט א נײַעם לאנגמעטראזשיקן פילם וועגן די ייִדישע אלטערטימלעכקײַטן אין בעמען און מערן. דעם פילם רעזשיסירט עוואלד שאָרם.

הילעל אלעקסאנדראָוו*

# שאָלעם-אלייכעמס בריוו צו דאָוויד מאגידן

ינעם ארכיוו פון דאָוויד מאגידן, וועלכער געפינט זיך אין לענינגראדער אָפטייל פונעם אינסטיטוט פאר די פעלקער פון אזיע, זײַנען פארהיט געוואָרן נײַן בריוו פון שאָלעם-אלייכעמען צום אייגנטימער פון ארכיוו (געשריבענע אין רוסיש). אכט בריוו, וועלכע מיר גיבן דאָ, זײַנען געשריבן אייגנהענטיק דורך שאָלעם-אלייכעמען און באַציִען זיך צום פעריאָד יול—דעקאבער 1889; דער נײַנטער בריוו — פון 2 יאנוואר 1890 — איז געשריבן לויט שאָלעם-אלייכעמס אויפטראָג דורך י. פּאָקראסא[1]. דעם דאָזיקן בריוו דרוקן מיר ניט.

אלע בריוו באַציִען זיך צו דער צײַט, ווען שאָלעם-אלייכעם האָט געגרייט צום דרוק דעם צווייטן באנד פון די באוווּסטע זאמלביכער „די יידישע פאָלקס-ביבליאָטעק", וועלכע שטעלן מיט זיך פאָר א וויכטיקן עטאפּ אין שאָלעם-אלייכעמס שאפונג און אין דער געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור. לויטן אינהאַלט זײַנען די בריוו פארבונדן מיט צוויי איניאַנים: מיט דער פראגע פון פובליקירן דעם אנאָנימען היסטאָרישן דאָקומענט „מעשה גדולה מן אומאן ומן אוקריינע" („מײַסאָ גדוילאָ מין אומאן אומין אוקראַינע" — א גרויסע געשיכטע פון אומאן און פון אוקראַינע); וועגן א וויגליד, וועלכע עס האָט צוגעשיקט פאר דער „פאָלקס-ביבליאָטעק" ד. מאגיד.

I. לויט דער אָנווײַזונג פון ש. דובנאָוו האָט שאָלעם-אלייכעם זיך געווענדט צו ד. מאגידן, וועלכער האָט אין יענער צײַט געארבעט אין יידישן אָפטייל פון פעטערבורגער מעלוכע-ביבליאָטעק (איצט אפן נאָמען פון סאלטיקאָוו-שטשעדרין), ער זאָל באקומען אין די געהעריקע אנשטאַלטן און איבערשרײַבן דעם היסטאָרישן דאָקומענט „מעשה גדולה מן אומאן ומן אוקריינע", וועלכער באציט זיך צום יאָר 1768 („הײַדאמאטשינע"). ווי ס'איז קאָנטיק פון דער קאָרעספּאָנדענץ, האָט שאָלעם-אלייכעם געהאט אין זינען פובליקירן דעם גאנצן דאָקומענט (אין איין וואַריאַנט אָדער אין צוויי); ער האָט זיך אָבער אָנגעשטויסן אף ערנסטע שוועריקײַטן מיצאַד דער צענזור, „דער בײַטש פון אלע ארויסגעבער און אוטאָרן", ווי ער רופט זי אָן אין בריוו פון 1 דעקאבער 1889. די צענזור האָט ארויסגעשטעלט א פאָדערונג, אז זי קאָן דורכלאָזן דעם דאָקומענט בלויז אין דעם פאַל, אויב עס וועלן ווערן ארויסגעוואָרפן אייניקע ערטער. שאָלעם-אלייכעם איז אף דעם ניט אײַנגעגאנגען, ווײַל „דאָס וועט ברענגען א שאָדן דעם מאנוסקריפּט אלס היסטאָרישן דאָקומענט" (בריוו פון 4 סענטיאבער 1889). ענדלעך איז דער דאָקומענט אויסגענוצט געוואָרן אין דעם ארטיקל פון ד"ר ס. ס. קאָמאראָווסקי „די גזיירע פון גאָנטא אין אומאן און אוקראַינע"[2], אין וועלכן עס זײַנען געבראַכט פון אים לאנגע ציטאטן. אין א באמערקונג צו דעם אָנגעוויזענעם ארטיקל (ז. 34) שרײַבט שאָלעם-אלייכעם (געכאסמעט „דער הערויסגעבער"): ה' גורלאנד[3] באקלאָגט זיך אין זײַן ארטיקל „לקורות הגזרות על ישראל", אז עס האָט אים זיך ניט אײַנגעגעבן צו באקומען דעם דאָקומענט „מעשה גדולה מן אומאן ומן אוקריינע". מיט גרויס מי האָבן מיר דאָס דאָזיקע ביכל באקומען אין דעם אזיאַטישן מוזעום אין פעטערבורג. א דאנק דעם ה' ס. דובנאָוו און דעם ה' ד"ר הארקאווי, וואָס האָבן אונדז אָנגעוויזן דעם וועג, און דעם ה' ד. מאגיד, וואָס האָט זיך מאטריִעך געווען דאָס איבערצושרײַבן אות באות[4]. דאָס ביכל איז געדרוקט צוויי מאָל: אין 1838 אין סאדילקאָוו און אין 1845 אין ווילנע. דער באוווּסטער בן יעקב אין זײַן „אוצר הספרים"[5] ווײַזט אויך אָן אף דעם ביכל (כיילעק ב', נומ. 461)".

II. ווי ס'איז קאָנטיק פון בריוו נומ. 3, האָט ד. מאגיד צוגעשיקט שאָלעם-אלייכעמען עטלעכע אנאָנימע לידער. שאָלעם-אלייכעם האָט זיך מיט זיי אויפמערקזאם באקאנט און געגעבן אן אָפּרוף, אָנגעשריבן אין אזא טאָן, אז בא דעם יונגן אוטאָר זאָל ניט אָפּפאַלן דער כיישעק צו שרײַבן. פון איין זײַט אנערקענט שאָלעם-אלייכעם, אז דער אנאָנימער אוטאָר פארמאָגט „א טאלאנט פון ווערסיפיקאציע... פאראן אויך א ריטם, א ריכטיקע און א שטרענגע מאָס און אפילע געפיל"; פון דער אנדערער זײַט אָבער, פעלט אין די לידער „דער צעמענט, וועלכער

---

[1] י. פּ אָ ק ר א ס א — אוטאָר פון ארטיקל „די מאראנען" („די יידישע פאָלקס-ביבליאָטעק", צווייטער באנד, III אָפטייל — זז. 65—72).

[2] „די יידישע פאָלקס-ביבליאָטעק", צווייטער באנד, III אָפטייל, זז. 32—41.

[3] ג ו ר ל א נ ד, י ו י נ ע-כ א י ם (1843—1890) — סעמיטאָלאָג; פובליקירט א ריי מאטעריאלן פון דעם אָפטייל יידישע מאנוסקריפּטן אין פעטערבורגער מעלוכע-ביבליאָטעק; צווישן אנדערע אויך — „לעקוירויס האגזיירויס אל יִסראָעל" („צו דער געשיכטע פון גזיירעס אף יידן") אין זאמלבוך „אויצער האסיפרוט" („ליטעראַרישער אויצער"), 1887—1888 — היסטאָרישע דאָקומענטן פון דער געשיכטע פון יידן אין אוקראַינע אין XVII און XVIII יה.

[4] אָ ס-ב ע אָ ס — פּינקטלעך.

[5] ב ע ן י א ק אָ וו, י י צ כ אָ ק-א ײַ ז י ק (1801—1863) — באוווּסטער ביבליאָגראַף; זײַן גרונטווערק — „אויצער האספאָרים".

זאל צונויפבינדן די דאזיקע זאכן מיט אונדזער פאלק, און דעריבער זיינען זיי פאר דער מאסע ניט צוגעפאסט". אלס א ביישפיל ווייזט אן שאלעם־אליכעם דעם אנאנימען אווטאר, ער זאל זיך לערנען בא פרוגן, וועלכער „פילט און שרייבט ריין יידיש און פאר יידן, ניט פארגעסנדיק די אאודיטאריע, וועלכע הערט אים; דאס דארף גוט פארשטיין דער אנאנימער אווטאר, און איך בין איבערצייגט, אז ער וואלט געקאנט אנשרייבן א גוטע זאך".

די לידער האט שאלעם־אליכעם אפגעשיקט צוריק ד. מאגידן. מיט דעם איז נאך אבער דער איניען ניט פארענדיקט געווארן.

אין בריוו נומ. 5 קערט זיך שאלעם־אליכעם ווידער אום צום „אנאנימען אווטאר". קוידעמקאל ווייזט ער אן, אז ער האט זיך אנגעשטויסן, אז דער „אנאנימער אווטאר" איז דאס ד. מאגיד אליין.




פאטא־קאפיע פונעם רוסישן שארבלאט פון שאלעם־אליכעמס יארבוך „די יידישע פאלקס־ביבליאטעק" (1888, ערשטער באנד). דעם דאזיקן באנד האט שאלעם־אליכעם געשיקט אלס מאטאנע דער באוווסטער פוילישער פארגעשריטענער שרייבערן עליזא אזשעשקא (1842—1910).

אפן שארבלאט איז פאראן שאלעם־אליכעמס אווטאגראף אין רוסיש („עליזא אזשעשקא — פונעם ארויסגעבער"), אזשעשקאס אייגענע פאקסימיליע און בוך־שטאמפ („עקס ליברים").

ווי עס גיט איבער דער אייגנטימער פון אט דעם עקזעמפליאר „יידישע פאלקס־ביבליאטעק" כ' אווראם כאריט (ווילניוס), האט ער געקויפט דעם באנד מיט א יאר צוואנציק צוריק. דאס פאטא־בילד האט געמאכט מ. פליגעלים (ווילניוס).

ווייטער ווערט אנגעוויזן, אז פון די צוגעשיקטע לידער „וואלט די „וויגליד" נאך געקאנט דורכגיין, ווען איר וואלט מאסקים געווען אף איניקע ענדערונגען, וועלכע איך וועל אנווייזן". און נאכדעם גייט דער בריוו נומ. 6, וועלכער שטעלט מיט זיך פאר, אויסנוצנדיק די פעדאגאגישע טערמינאלאגיע, א מוסטערהאפטן „אוראק", וויאזוי א רעדאקטאר דארף זיך באגיין מיט א שרייבער אן אנפאנגער. טראס בא טראט אנאליזירט שאלעם־אליכעם די „וויגליד", דעם בוי פון איינצלנע פערזן, פארגלייכט אים מיט לערמאנטאווס „וויגליד" און ווייזט, וויאזוי מע דארף די ליד ענדערן; ער ווייזט אויך אן, אז „לעכאל־האפאכעס" און „נאכעס" איז א שלעכטער גראם". שאלעם־אליכעם זשאלעוועט ניט קיין צייט אף אויספאריכטן די ליד.

א באזונדער ארט פארנעמען אין דער דאזיקער קארעספאנדענץ שאלעם־אליכעמס אנווייזונגען אף דער שפראך פונעם יונגן אווטאר. ווי באוווסט, האט שאלעם־אליכעם אין פעריאד פון „דער יידישער פאלקס־ביבליאטעק" אפגעגעבן פיל אופמערקזאמקייט די פראגן פון ארטאגראפיע און דיאלעקטאלאגיע. אין ערשטן באנד „פאלקס־ביבליאטעק" (ז. 475) ווייזט ער אן, „אז דאס לאשן פון דער „ביבליאטעק" ביכלאל איז מער פויליש אלס ליטוויש, דאס הייסט — מער ווי מע רעדט בא אונדז אין פוילן, אין וואלין, אוקראינע, אלס ווי מע רעדט אין דער ליטע". דארטן איז אויך אנגעוויזן: „1. מע דארף שרייבן יידיש אזוי, ווי מע רעדט. 2. מע דארף שרייבן אזוי, אז סיי דער פוילישער לעזער, סיי דער ליטוואק זאלן קאנען פארשטיין". האלטנדיק זיך בא אט דעם אינטערדיאלעקטישן פרינציפ, האט שאלעם־אליכעם אנגעוויזן נאך אין בריוו נומ. 5: „ניט פארגעסט, אז ניינציק פראצענט לייענער פון „ביבליאטעק" זיינען אויסשליסלעך ארטיקע, פוילישע יידן".

אין דעם זעלבן בריוו לייגט פאר שאלעם־אליכעם ד. מאגידן, ער זאל אנגעבן א מעלדונג פארן דריטן באנד „ביבליאטעק" אף די היסטארישע מאטעריאלן פון דער עפאכע כמעלניצקי און גאנטע, וועלכע געפינען זיך בא אים. מיר וויסן, אז דער דריטער באנד פון דער „פאלקס־ביבליאטעק", ניט געקוקט אף שאלעם־אליכעמס ענערגישע פרווון, איז ניט דערשינען[1].

די בייגעלייגטע בריוו זיינען, לויט אונדזער מיינונג, א וויכטיקער צושטייער אין דער שאלעם־אליכעם־פארשונג, אין דער ערשטער ריי פאר זיין ארבעט אלס רעדאקטאר פון „דער יידישער פאלקס־ביבליאטעק", און גיבן א פארשטעלונג וועגן גרויסן געפיל פון פאראנטווארטלעכקייט, וועלכער איז שטענדיק געווען כאראקטעריסטיש פאר אונדזער גרויסן קלאסיקער.

---

[1] דא דארף מען אנווייזן, אז ניט נאר אין 1892 יאר, ווען עס איז פובליקירט געווארן דער באוווסטער „קאלמעוואסער צו דער יידישער פאלקס־ביבליאטעק", אין וועלכן שאלעם־אליכעם האט געגעבן צו וויסן, אז עס גרייט זיך דער דריטער באנד „ביבליאטעק", נאר אויך שפעטער מיט עטלעכע יאר האט שאלעם־אליכעם פלאנירט פארזעצן די אויסגאבע פון די זאמלביכער. אין א בריוו צו י. י. פראפוס פון 10 יון 1898 שרייבט שאלעם־אליכעם: „איך וואלט מיין „פאלקס־ביבליאטעק" איצט ארויסגעגעבן (דריטער טאם און פערטער טאם), נאר עס פעלט פאדעם, א טויזנט רובל" (שאלעם־אליכעם. אויסגעוויילטע בריוו. צונויפגעזאמלט י. מיטלמאן און כ. נאדעל. 1941).

## ערשטער בריוו

שאָלעם־אַלייכעם.
באָיאַרקע, 16.7.89

כאַשעוועד העד מאַגיד!

לויטן פאָרשלאָג פון ה. גורוויטש ווענדע איך זיך צו אײַך מיט א ביטע אומבאַדינגט אויסגעפינען די זשאַר־גאַנישע בראָשור „מעשה גדולה בטבח אומאן"[1], וועגן וועלכער ה. דובנאָוו שרײַבט מיר, אז זי געפינט זיך אין דער ביבליאָטעק פון דער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע. אויב מע וועט זי אײַך אַף אַהיים ניט אַרויסגעבן, קאָנט איר גרינג פאַר צוויי־דרײַ מאָל איבערשרײַבן זי אין א העפט; פאַר דער דאָזיקער אַרבעט וועט איר באַקומען פון מיר אַן אָנשטענדיקן האָנאָראַר, אָפּהענגיק פון דעם פאַרנעם פון ביכל. זײַט אַזוי גוט און גיט מיר צו וויסן אײַער אַדרעס.

ש. ראַבינאָוויטש.

פ.ס. איך וואַרט אַף אײַער ענטפער. אַדרעס — יוגאָ־זאַפּאַדנאַיאַ זשעלעזנאַיאַ דאָראָגאַ, סטאַנציע באָיאַרקע, דאַטשע 26.

פאַר סטראַכירטער קאָרעספּאָנדענץ — קיִעוו, סאָלאָמאָן ראַבינאָוויטש — און גאָר.

## צווייטער בריוו

### „יעווריסקאַיאַ נאַראָדנאַיאַ ביבליאָטעקאַ"

אויסגאַבע פון סאָלאָמאָן ראַבינאָוויטש.
קיִעוו, יעליזאַוועטינער גאַס, נומ. 8.
3 אווגוסט 1889.

כאַשעוועד העד,

אײַער קאַרטל האָב איך באַקומען. איך דאַנק אײַך פאָרויס פאַר אײַער מי, כאָטש איך בין נאָך ניט באַקאַנט מיט דעם טאָך פון דער זאַך, ניט מיט דעם, אַף וויפל דער מאַטעריאַל איז צוגעפּאַסט אַף פּובליקירן אין „ביבליאָטעק". דאָך האָף איך, אַז איך וועל זיך קאָנען באַנוצן מיט דעם היסטאָרישן דאָקומענט. איך בעט אײַך נאָר, אַז אַלץ זאָל זײַן א פּינקטלעכע קאָפּיע פון די אַרײַנפירן, אינהאַלט־פאַרצייכענישן און אַנדערע באַמערקונגען, וועלכע איר וועט דאָרטן געפינען. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז איר דאַרפט אויסמײַדן אייגענע באַמערקונגען אין די קאַפּיטלעס, וועלכע איר נעמט אַראָפּ. א שאָד, וואָס איר האָט מיר ניט געגעבן צו וויסן וועגן דער צאָל זײַטן אין יעדער אויסגאַבע און אַף וויפל זיי שיידן זיך אונטער איינע פון דער צווייטער, קעדיי קענען באַשליסן וואָס צו דרוקן — איין אויסגאַבע אָדער ביידע. איך וואַרט אַף אײַער דרינגענדיקן ענטפער.

מיט אַכטונג

ש. ראַבינאָוויטש.

פ.ס. דער אַדרעס איז אָנגעוויזן אַפן קעפּל פון בריוו.

## דריטער בריוו

### „יעווריסקאַיאַ נאַראָדנאַיאַ ביבליאָטעקאַ"

אויסגאַבע פון סאָלאָמאָן ראַבינאָוויטש.
קיִעוו, יעליזאַוועטינער גאַס, נומ. 8.
3 סענטיאַבער 1889.

כאַשעוועד העד דאַוויד הילאַריאָנאָוויטש!

די קאָפּיע, וועלכע האָט מיך שוין פון לאַנג אינטערעסירט, האָב איך באַקומען, און איך דאַנק אײַך זייער פאַר דער טויווע, וועלכע איר האָט מיר געטאָן. איך האָב ניט געוווּסט, אַז ביידע אויסגאַבעס שיידן זיך אַזוי ווייניק אונטער איינע פון דער אַנדערער לויטן טאָך און לויט דער פאָרם. דוכט זיך, אַז מיר וועט אויסקומען אָפּצודרוקן איין וואַריִאַנט, אָנווײַזנדיק אַף דעם אין מײַן אַרײַנפיר. איר האָט, קאָנטיק, פאַרגעסן כאַסמענען זיך „דער איבער־שרײַבער ד. מאַגיד". אָדער עפּשער ווילט איר דאָס ניט? דעמלט וועל איך אונטערשרײַבן „אַרויסגעגעבן פון שאָ־לעם־אַלייכעם", און אַלץ. איך ווייס אויך נאָך איצט ניט, צי וועל איך אָפּדרוקן די בראָשור אינגאַנצן, אָדער נאָר ביז דעם אָרט, וווּ עס הייבט זיך אָן „פּאָעזיע", דה. נגינות ע"פ אלף בית[2]. גיכער — נאָר ביז דעם דאָזיקן אָרט.

---

[1] „א גרויסע געשיכטע, ווי מע האָט אויסגעקוילעט אומאַן".

[2] נ ע ג י נ ו י ס א ל ע פ י א ל ע פ ב י י ס — געזאַנגען לויטן אַלעפבייס.

כאַטש דער האָנאָראַר, וועלכן איר האָט באַשטימט, איז אַ ביסל צו הויך פאַר די מיטלען פון דער „ביבליאָטעק“, דאָך וועט איר אים באַקומען, ווי נאָר איך וועל צוטרעטן דרוקן דעם צווייטן באַנד (גליַיך נאָך סוקעס).

בנוגע די לידער פון דעם אַנאָנימען אַווטאָר, וועלכע איר האָט צוגעשיקט, קאָן איך נאָר אָנוויַיזן, אַז בא דעם אַווטאָר איז פאַראַן אַ טאַלאַנט פון ווערסיפיקאַציע און ער פאַרשטייט דעם איניען; פאַראַן אויך אַ ריטם, אַ ריכטיקע און אַ שטרענגע מאָס און אַפילע געפיל; נאָר עס איז ניטאָ דער צעמענט, וועלכער זאָל צונויפבינדן די דאָזיקע זאַכן מיט אונדזער פאָלק, און דעריבער זיַינען זיי פאַר דער מאַסע ניט צוגעפּאַסט. ביכלאַל זיַינען נאָך פּריציַיִטיק עראָטישע לידער אָף זשאַרגאָן. דער אונטערשייד צווישן די לידער פון דעם אַנאָנימען אַווטאָר און פרוגס לידער, לעמאָשל, באַשטייט ניט אין דעם ניוואָ פון זייער טאַלאַנטירטקיַיט, פרישקיַיט אדג., נאָר אין דעם, וואָס דער אַנאָנימער אַווטאָר דענקט און פילט אָף דיַיטש און שריַיבט ייִדיש, בייס פרוג דענקט ווי ער וויל, נאָר דערפאַר פילט ער און שריַיבט ריין ייִדיש און פאַר ייִדן, ניט פאַרגעסנדיק די אַאודיטאָריע, וועלכע הערט אים. דאָס דאַרף גוט פאַרשטיין דער אַנאָנימער אַווטאָר, און דאַן, בין איך איבערציַיגט, וואָלט ער געקאָנט אָנשריַיבן אַ גוטע זאַך. אָפּשיקנדיק איַיך צוריק די „פּראָבעס“ פונעם אַנאָנימען אַווטאָר, פאַרבליַיב איך איַיער דאַנקבאַרער און איבערגעגעבענער

ש. ראַבינאָוויטש.

פערטער בריוו

„יעווריסקאיא נאראָדנאיא ביבליאָטעקא“

אויסגאַבע פון סאָלאָמאָן ראַבינאָוויטש.
קיִעוו, יעליזאַוועטינער גאַס, נומ. 8.
4 סענטיאַבער 1889.

כאָשעווער הער דאַוויד הילאַריאָנאָוויטש!

איינציַיִטיק מיט דעם וועט איר באַקומען צוריק איַיער קסאַוויאַד דורך זאַקאַזנאַיאַ באַנדעראָל. די זאַך באַשטייט אין דעם, וואָס איך האָב אים באַוויזן דעם היגן צענזאָר, און ער האָט מיר געזאָגט, אַז דורכלאָזן וועט ער אים עפּשער דורכלאָזן, נאָר ער וועט אָבער מוזן אַרויסוואַרפן און פאַרמעקן אייניקע ערטער, און דאָס וועט ברענגען שאָדן דעם מאַנוסקריפּט אַלס היסטאָרישן דאָקומענט. איך בעט איַיך דעריבער, סטאַרעט זיך דורכלאָזן דעם מאַנוסקריפּט בא איַיך. איר זיַיט דאָך מיסטאָמע באַקאַנט מיט איַיער דאָרטיקן צענזאָר. וועגן דעם רעזולטאַט בעט איך אומבאַדינגט געבן מיר צו וויסן.

איַיער איבערגעגעבענער

סאָל. ראַבינאָוויטש.

פינפטער בריוו

„יעווריסקאיא נאראָדנאיא ביבליאָטעקא“

אויסגאַבע פון סאָלאָמאָן ראַבינאָוויטש.
קיִעוו, יעליזאַוועטינער גאַס, נומ. 8.
22 סענטיאַבער 1889.

כאָשעווער הער,

הייסט דאָס, אַז מיר וועט אויסקומען אויסוואַרטן, ביז דער היגער צענזאָר וועט דורכלאָזן די בראָשור. איך האָף, אַז צוזאַמען מיט דעם איבעריקן מאַטעריאַל וועט זי אויך בעשאָלעם דורכגיין.

בנוגע די לידער פון דעם אַנאָנימען אַווטאָר... זיַיט זיך מוידע, סאָפּקאָלסאָף, אַז דאָס זיַינען איַיערע ווערק! פון אַלע איבעריקע וואָלט די „וויגליד“ נאָך געקאָנט דורכגיין, ווען איר וואָלט מאַסקים געווען אָף אייניקע ענדערונגען, וועלכע איך וועל איַיך אָנוויַיזן. איך וואַרט אָף איַיער ענטפער און אָף איַיער אויספאַריכטער ליד. ניט פאַרגעסט, אַז ניַינציק פּראָצענט לייענער פון „ביבליאָטעק“ זיַינען אויסשליסלעך אָרטיקע, פּוילישע ייִדן, און איר זיַיט דאָפּקע אַ ליטווישער. פאַרדריסלעך! אַזעלכע ווערטער, ווי „אַפּולע“ אדג., ניצן מיר קיינמאָל ניט.

גרייט צו דינען שאָלעם־אַליכעם.

פּ.ס. אומבאַדינגט שיקט צו די אויספאַריכטע ליד צוזאַמען מיט דעם אָריגינאַל, אָף וועלכן עס געפינען זיך מיַינע באַמערקונגען. צי דען רעכנט איר אָף אַן עמעס [באַליידיקן זיך]? מאָדנע!

זעקסטער בריוו

„יעווריסקאיא נאראָדנאיא ביבליאָטעקא“

אויסגאַבע פון סאָלאָמאָן ראַבינאָוויטש.
קיִעוו, יעליזאַוועטינער גאַס, נומ. 8.
13 אָקטיאַבער 1889.

כאָשעווער הער,

איך דאַנק איַיך זייער, וואָס איר האָט זיך גענומען איבעראַרבעטן דאָס לידל. צום באַדויערן, האָט איר איצט אינגאַנצן קאַליע געמאַכט די ערשטע סטראָפע מיט דעם, וואָס איר האָט אַרויסגעשניטן אַ גאַנצן פערזן־טאַקט און

דערצו האָט איר נאָך ארײַנגעשטעלט א ריין ליטווישן אויסדרוק, וועלכער איז אינגאנצן פרעמד פאר די זשארגאָן־לייענער. איך רייד וועגן דעם וואָרט „גדולענקע“. אָט נעמט און ציילט איבער:

V—V—V—V=7 שלאָף, מײַן קינד, מײַן גדולענקע,
V—V—V—V—=8 אין א פרומער שטאָט פון ייִדן.

אזויארום האָט איר גלײַך פון אָנהייב ארויסגעכאפּט א גאנצן טראָף. שטעלט זיך פאָר, ווען לערמאָנטאָוו וואָלט געטאָן אזוי, ווי איר, וואָלט זיך בא אים, לעמאָשל, באקומען אָט ווי:

Спи, младенец, мой сынок=7
Стану сказывать я сказки=8

וואָס וואָלטן מיר געטאָן מיטן רעפרען? צי דען וואָלטן מיר אײַנגעשלונגען דעם קלאנג א, מעבליע געווען, אזוי ווי איר האָט געטאָן? איך בין מעסופּעק. ווײַטער, אין דער צווייטער סטראָפע... אין דעם ערשטן וואריאַנט באקומט זיך בעסער — פאר דיך האָב איך... אין אלגעמיין איז דאָס לידל זייער גוט אויסגעפאריכט. אויב איר וועט מיר דערלויבן ארײַנטראָגן איניקע ענדערונגען, וועל איך אײַך צושיקן אײַער אויסגעפאריכטע ליד, וועלכע איר וועט אזוי גוט זײַן נאָך איין מאָל איבערשרײַבן און אן עק. דערצו: דער בעלעטריסטישער אָפּטייל פון „ביבליאָטעק“ פארענדיקט זיך שוין אין דרוק, דעריבער בעט איך אײַך צוײַלן זיך מיטן ענטפער, און דערפאר וועל איך אײַך זײַן זייער דאנקבאר. אין פּראָגראם פון זאמלבוך, דה. אין אינהאלט־פארצייכענונג, איז אײַנגעשלאָסן אײַער לידל („שלאָף, מײַן קינד“ — א לידל. ד. מאגיד).

בא דער זײַט שרײַב איך אײַך ביידע וואריאַנטן פון דער ערשטער סטראָפע. באשטעטיקט איינעם פון זיי. נאָר וואָס גיכער.

אינגאנצן אײַערער שאָלעם־אליינעם.

שלאָף, מײַן קינד, מײַן זון מײַן גיטער,
שלאָף זשע, זונעניו.
גאָט אין הימל איז דײַן היטער,
שלאָף זשע, ליו־ליו־ליו.

שלאָף, מײַן קינד, מײַן זון מײַן שיינער,
שלאָף נאָר, זונעניו.
מיר זאָל זײַן פאר דײַנע ביינער,
מוישע־לייבעניו.

דעם נאָמען קאָנט איר ענדערן, ווי איר ווילט. איר קאָנט אויך איבערארבעטן די גאנצע סטראָפע, עס זאָל נאָר אויסקומען די מאָס 5. 8. 5. 8, ווי אין אלע איבעריקע.

פּ.ס. „לעכאָלהאפּאָכעס — נאכעס“ — א שלעכטער גראם.

## זיבעטער בריוו

1.12.89, קיִעוו.

כאָשעווער הער,

איך בעט אײַך זיך ניט באומרויִקן וועגן דעם האָנאָראר. איר ווייסט זייער גוט, איבער וואָס עס פארהאלט זיך. דאָס איז, פארשטייט זיך, די בײַטש פון אלע ארויסגעבער און אווטאָרן — צענזור. איך וואַרט הײַנט־מאָרגן אף א גוטן רעזולטאט, און מיט דער ערשטער פּאָטשט וועל איך אײַך ארויסשיקן די סומע, וועלכע ס׳פאָדערט זיך, ניט געקוקט אף דעם, וואָס איך קאָן ניט (צוליב דער זעלבער סיבע...) דרוקן דעם מאנוסקריפּט אינגאנצן, נאָר איך נעם פון אים ארויס איניקע ציטאטן. נאָר פאר דעם רעכן איך אײַך ניט אָפּ, ווײַל איר האָט געארבעט און איבערגעשריבן אינגאנצן. איך פארזיכער אײַך נאָכאמאָל אין מײַן גוטער באציִונג און דאנקבארקײַט צו אײַך.

ש. ראבינאָוויטש.

## אכטער בריוו

די ייִדישע פאָלקס־ביבליאָטעק,
ארויסגעגעבן פון סאָלאָמאָן ראבינאָוויטש.
קיִעוו, יעליזאוועטינער גאס, נומ. 8,
7 דעקאבער 1889.

כאָשעווער הער
ד. ה. מאגיד.

האגאם דער צענזאָר האָט נאָך דאָס ארטיקל ניט דורכגעלאָזן, דאָך האלט איך וואָרט און שיק אײַך איבער וואָס אײַך קומט — דרײַסיק רובל. איך בעט אײַך, ערשטנס, געבן מיר צו וויסן, אז איר האָט דאָס געלט באקומען, און, צווייטנס, ניט אָפּזאָגן זיך העלפן מיר, אויב עס וועט נייטיק זײַן, אין שײַכעס מיטן ארטיקל, אין הויפּט־פארוואלטונג פאר דרוק־איניאָנים.

מיט פולער אכטונג

סאָל. ראבינאָוויטש.

---

# דער וועג פון א שרײַבער

ס'איז שוין אזוי באשערט געווען: דער פינף־און־זעכציקסטער געבוירן־טאָג פון אווראָם קאהאן, איינעם פון די ערשטע סאָוועטישע ייִדישע שרײַבער, איז קימאט צונויפגעפאלן מיטן לעצטן סאכאקל פון זײַן לעבנס־ און שאפונגס־וועג.

1919—1920... געדענקפולע יאָרן פון בירגערקריג. בערדיטשעוו, אָט די שטאָט, וווּ ס'זײַנען פון לאנגאָנען געווען קאָנצענטרירט ברייטע ייִדישע פאָלקסמאסן, האָט דאן, ווי אלע אנדערע שטעט אין לאנד, איבערגעלעבט אָט אומבאגרענעצטע פרייד פון דער נײַער, סאָוועטישער וואָר, אָט טיפן טרויער און גרויליקע שרעק פון די פעטליורישע און דעניקינישע פאָגראָמען.

דאָס שאפן קינדערהיימען פאר די יעסוימים, דאָס אָרגאניזירן די סאָוועטישע ייִדישע שול האָט שטארק פארכאפט דעם יונגן לערער אווראָם קאהאן. ער ווארפט זיך ארײַן אין ווירבל פון דער קולטור־בויונג.

ס'איז מיסטאמע ניט פאראן אזא לערער פון שפראך און ליטעראטור, וואָס זאָל יונגערהייט ניט שרײַבן קיין לידער. ניט אלעמען אָבער גליקט אָפּ ארײַנצוטרעטן אין גאָלדענעם הייכל פון ליטעראטור. די אָנגעזעטיקטקײַט פון יענע שטורמישע טעג מיט שוידער און מיט באגײַסטערונג האָט אָנגערעגט דעם אקטיוון באטייליקער אינעם באנײַטן לעבן אווראָם קאהאן טאקע אף יענעם גליקלעכן פאָעטישן געזאנג.

פאר זײַן גײַסטיקן בליק שוועבן נאָך טרויעריקע בילדער פונעם אָקאָרשט איבערגעלעבטן. אין דער זעלבער צײַט אָבער קומט שוין אויך די באזיניקונג פון דער רעוואָליוציע, וועלכע געשטאלטיקט איבער די וועלט, — און דער דיכטער איז דורכגעדרונגען מיטן פאטאָס פון בויען די ליכטיקע צוקונפט.

שוין אין 1921 דערשײַנען קאהאנס ערשטע לידער אין דער קיִעווער באָלשעוויסטישער „קאָמפאָן“, אין 1923 גייט ארויס פון דרוק זײַן ערשטע קלייניקע לידער־זאמלונג מיט א ווארעמער פאָרעדע פונעם דאן שוין ברייט באוווסטן דיכטער דאָוויד האָפשטיין, דעם דערציִער פון א היפשער פאלאנגע יונגע שרײַבער.

אווראָם קאהאן האָט זיך לאנג ניט פארהאלטן אפן ליִרישן געזאנג. ער ציט זיך צו עפּישער שילדערונג. אלס א מין בריק צו זײַן גרונטיקן פראָזע־זשאנער האָט געדינט די פּאָעמע „טריפּאָליע“, — אין דער ייִדישער ליטעראטור איז עס געווען דאָס ערשטע ווערק וועגן דער טראגישער עפּאָפּיי פונעם בירגערקריג.

אווראָם קאהאן איז געווען זייער א האָרעפּאשנער מענטש. ער האָט זיך שארף אונטערשיידט פון יענע יונגע שרײַבער, וועלכע פּראָפעסיִאָנאליזירן זיך, ווי נאָר זיי פארעפנטלעכן זייערע ערשטע ליטערארישע פּרוּוון. קאהאן זעצט פאָר די פּעדאגאָגישע טעטיקײַט אפילע דאן, ווען ער פארמאָגט שוין עטלעכע געדרוקטע ווערק, — אזש ביזן 1930. דאָס האָט געגעבן דעם שרײַבער א סאך לעבנס־דערפארונג, פארבינדונג מיט מענטשן און מיט דער צײַט.

די שול־טעמע, די טעמע פון דערציִען דעם יונגן דאָר, איז די צענטראלע טעמע קאהאנס אין די צוואנציקער און אין דער ערשטער העלפט דרײַסיקער יאָרן.

אין דער דערציילונג „אייגענע קינדער“ ווערט געשילדערט, וויִאזוי די סאָוועטישע שול שאפט א ווארעמע, היימישע אטמאָספער פארן קינד. דער הויפּט־העלד פון דער „דערציילונג וועגן געוויסן“ איז דער לערער. די טעמע פון אָט דער דערציילונג איז די קאָמוניסטישע מאָראל.

די „בילדונג“־טעמע, די טעמע וועגן דעם לערער — דעם דערציִער פונעם יונגן דאָר, איז באהאנדלט געוואָרן אין דער גרעסערער דערציילונג „אוואנגארד“. דאָ זײַנען געוויזן הויפּטזאכלעך נעגאטיווע שטריכן פון אייניקע לערער פון דער אלטער שול, וועלכע האמעווען די אנטוויקלונג פון דער סאָוועטישער פּעדאגאָגיק.

א סאָוועטישער לערער־ענטוזיִאסט איז דער פּאָזיטיווער העלד פון קאהאנס גרעסערער דערציילונג „מענטשן פון אלקער“. דאָ ווערט אנטוויקלט די טעמע וועגן דער דיפערענציִאציע פון דער אינטעליגענץ אין פּעריִאָד פון נעפּ. די פּערסאָנאזשן זײַנען געמאָלט פּלאסטישער, איידער אין דער דערציילונג „אוואנגארד“, די פּסיכאָלאָגיע פון די העלדן, זייערע צוזאמענבאציִונגען זײַנען דערלאנגט טיפער און ראפינירטער.

אגעוו, אין דער דאָזיקער, ווי אין דער פריִער אָנגעשריבענער אף דער זעלבער פּעדאגאָגישער טעמע דערציילונג „בראָכע פון קינדערהויז“, זעט זיך בולעט אָן דער איבערגאנג פון דיכטונג צו פּראָזע: די שפּראך איז נאָך א סטיליזירטע, מיט א געוויסן ריטם, אינווערסירט אאוו.

א מער רײַף ווערק וועגן דער שול איז בא א. קאהאנען „די גאָלדענע ראָטע“. דאָ האָבן מיר בילדער פונעם פארקריפּלטן שטייגער אין דער אלטער שול און בולעטע פּאָרטרעטן פון אייניקע לערער — הארצלאָזע פּעדאנטן און טשינאָווניקעס; עס זײַנען דאָ פאראן אויך אינטערעסאנטע באָאבאכטונגען איבער דער קינדערשער פּסיכאָלאָגיע. נאָר אויך אין אזא שול געפינט דער אווטאָר — און דאָס איז זייער ריכטיק — שפּראָצלינגען פון דער קומענדיקער פּראָגרעסיווער פּעדאגאָגיק, פרישע, לעבעדיקע קייכעס, וואָס וועלן מיט דער צײַט בויען די סאָוועטישע שול.

אווראָם קאהאן האָט אופמערקזאם נאָכגעשפּירט אלע פּראָצעסן, וואָס קומען פאָר אין לאנד, ביפּראט אינעם לעבן פון די ייִדישע פאָלקסמאסן. ער פארשטעמפּלט אלדאָס אלטע, אָפּגעלעבטע און שילדערט מיט ליבע דאָס נײַע, דאָס סאָוועטישע, וואָס קומט אוף און פארפעסטיקט זיך אין אונדזער לעבן.

אין פיל פון זײַנע ביזמילכאָמעדיקע ווערק ווײַזט קאהאן דעם פּראָצעס פונעם לאנגזאמען, צומאָל ווייטעקלעכן, אָבער גאנץ באשטימטן און זיכערן איבערבראָך אינעם קאָנסערוואטיוון באוווסטזײַן פונעם אלטן דאָר. אויב אין דער סקיצע „די שנור“ ווערט דערציילט, ווי ניט געוואקלט ס'איז נאָך דאָס פארגאנגענע אין דער פאָרשטעלונג פון עלטערע מענטשן (שיפרע, צום בײַשפּיל, וויל בעשום־אויפן ניט שאָלעם מאכן דערמיט, וואָס איר זון האָט כאסענע געהאט מיט א גרוזינקע), — איז דער אלטער בוקע פון דער דערציילונג „א כאזער“, אונטערן דרוק פון זײַנע קינדער־קאָמיוגיסטן, אויווער אף איינעם פון

די שווערסטע, אײַנגעפונדעוועטע רעליגיעזע פאָרורטײלן — ער פאַרפירט אין זײַן ווירטשאַפט אַ... כאַזער.

אווראָם קאַהאַן ווײַזט אַרויס אַ גרויסן אינטערעס צו די פּראָבלעמען פון דער יוגנט. די טרעגער פון די פּראָגרעסיווע, סאָוועטישע אידייען זײַנען בײַ אים מײַנסטנס יונגע מענטשן: דאָס זײַנען לערער און דערציִער אין די שוין דערמאָנטע ווערק וועגן דער שול, אויך דער אונטערוואַקסנדיקער דאָר פון דאָרף, וואָס גייט אַריבער אויף קאָלעקטיווע יעסוידעס, און פון דער גרויסער שטאָט. אין דער דערציילונג „אַרויסגעפאָרן" ווערט באַוויזן, וויִאַזוי די שטעטלשע יוגנט אַקלימאַטיזירט זיך אויפן זאַוואָד.

אין די יאָרן 1931—1932 שרײַבט קאַהאַן דעם ראָמאַן „אינזשעניערן" — דער ערשטער אין דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור ברייטער לײַוונט וועגן דער רעקאָנסטרוקציע פון אַ גרויסן זאַוואָד. דער קאַמף, וואָס קומט פאָר צווישן די נײַע, סאָוועטישע אינזשעניערן מיט דער אַלטער, כאָטש מער דערפאַרענער, אָבער קאָנסערוואַטיווער און צומאָל שעדיקערישער אינטעליגענץ, ווערט געגעבן בײַ קאַהאַנען איבערצײַגעוודיק. צווישן דער רײַכער גאַלעריי פּערסאָנאַזשן איז פאַראַן אַ היפּש ביסל קאָלאָריטפולע פיגורן, וואָס פאַרגעדענקען זיך. קאַהאַן האָט אָנגעשריבן די פּיעסע „ענערגיע", וואָס איז מיט דערפאָלג אויפגעפירט געוואָרן אין די טעאַטערן פון אוקראַיִנע.

דאָס אַרײַנדרינגען אין דער געשיכטע פון דער רעוואָלוציִאָנערער באַוועגונג באַגײַסטערט אווראָם קאַהאַנען אויף צו שאַפן זײַן היסטאָרישן ראָמאַן „אַרן ליבערמאַן" (1935); דאָ ווערט געשילדערט די אַנטשטייונג פון דער רעוואָלוציִאָנערער באַוועגונג אין דער ייִדישער סוויווע אין די 60—70־ער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט. ס׳ווערט געוויזן דאָס קאָמפּליצירטע געשטאַלט פונעם ערשטן ייִדישן סאָציִאַליסט מיט אַלע ווידערשפּרוכן פון זײַן נאַטור.

דער דערפאָלג פון דעם דאָזיקן היסטאָרישן ראָמאַן האָט סטימולירט דעם שרײַבער אויף ווײַטערדיקע פּרוּוון אין דעם דאָזיקן זשאַנער: אין 1937 יאָר פאַרעפנטלעכט ער די גרעסערע דערציילונג „בײַם טײַך גנילאָפּיאַט — עפּיזאָד פון מענדעלע מוכער־ספֿאָרימס לעבן". דאָ זײַנען אויפגעדעקט די גרונטיקע כאַראַקטער־שטריכן פונעם אָנהייבער פון דער קלאַסישער ייִדישער ליטעראַטור — זײַן הומאַניזם, זײַן נאָענטקייט צו די האָרעפּאַשנע מאַסן, צום פאַרוואָגלטן און פאַרשטויסענעם מענטשן, זײַן סינע צו די קאָהאָלשע רעדלפירער, זײַן גײַסטיקע נאָענטקייט צו דעם רוסישן פּראָגרעסיוון געדאַנק. עס ווערט אויך געשילדערט די געשיכטע פונעם געבורט — אונטער דער ווירקונג פונעם גאָגאָלישן „רעוויזאָר" — פון מענדעלעס סאַטיריש־דעמאַסקירנדיקער דראַמע „די טאַקסע".

אין 1944 שרײַבט אווראָם קאַהאַן אָן דעם ראָמאַן „אויף אונדזער ערד". לויט די פרישע מילכאָמע־שפּורן שילדערט ער די אינוואַזיע פון די דײַטשיש־פאַשיסטישע קאַניבאַלן, אויך דעם העראָיִזם פון דער סאָוועטישער יוגנט, די דרייסטקייט און אײַנגעשפּאַרטקייט פון די פאָלקס־נעקאָמע־נעמער. אַלס פּראָטאָטיפּ פונעם הויפּטהעלד פונעם ראָמאַן מישע קראַמער האָט געדינט דעם אויטאָר זײַן אייגענער זון — דער דעסאַנטניק־פּאַראַשוטיסט, וועלכער איז אומגעקומען העלדיש אויפן פראָנט. דאָס גאַנצע ווערק איז דורכגעדרונגען מיטן געפיל פון פלאַמיקן פּאַטריִאָטיזם און פעלקער־פרײַנטשאַפט.

נאָך דער מילכאָמע האָט קאַהאַן ווידער זיך געווענדט צום היסטאָריש־ביִאָגראַפישן זשאַנער. ווי אַ מין עסקיז צו דער רעאַליזאַציע פון דער גראַנדיִעזער טעמע „שאָלעם־אַליכעם" האָט קאַהאַן נאָך אין 1939 יאָר אָנגעשריבן אַן איינאַקטער „אויף דער כאַסענע" — וועגן דעם, וויִאַזוי שאָלעם־אַליכעם איז געקומען קיין בערדיטשעוו און איז דאָרט בײַגעווען אויף אַ כאַסענע בײַ אַן אָרעמען שוסטער, אָפּזאָגנדיק זיך גיין אויף אַ כאַסענע צום גוויר, וועלכער איז שטאַרק צוגעשטאַנען צו שאָלעם־אַליכעמען דורך זײַנע שליכים, ער זאָל אומבאַדינגט קומען, און צוגעזאָגט אים דערפאַר גילדענע בערג.

צום הונדערטסטן געבוירן־טאָג פונעם געניִאַלן פאָלקסשרײַבער האָט אווראָם קאַהאַן אָנגעשריבן אַ ביִאָגראַפישן ראָמאַן וועגן שאָלעם־אַליכעמען. און כאָטש די קינסטלערישע פאַרקערפּערונג פון דעם רײַכן און קאָמפּליצירטן געשטאַלט פון אונדזער באַליבטן שרײַבער אין קאַהאַנס בוך קאָן אַרויסרופן דערווידערונגען, איז דאָך דאָס עצעם נעמען אויף זיך אַזאַ העכסט פאַראַנטוואָרטלעכע טעמע כאַראַקטעריסטיש פאַר קאַהאַנס רײַכער ליטעראַרישער איניציִאַטיוו און ברייטן אידייִש־טעמאַטישן שוווּנג.

דערפאַר אָבער האָט זיך אווראָם קאַהאַנען אײַנגעגעבן דאָס לעצטע — אויך היסטאָרישע — ווערק, זײַן „שוואַנען־ליד", דער ראָמאַן „פאַרברעכן און געוויסן".

דאָס איז אַ ווערק וועגן איינעם פון די שוידערלעכסטע פאַרברעכנס פונעם צאַריזם קעגן דעם ייִדישן פאָלק אין די צענטע יאָרן פון אונדזער יאָרהונדערט — וועגן דעם באַרימטן בייליס־פּראָצעס, וועלכער האָט דעמאָלט אויפגערודערט די גאָרע וועלט. דער פולשטענדיקער דורכפאַל פון דער „שוואַרצער מייע" איז פאָרגעקומען אַדאַנק דעם מוטיקן קאַמף פון דער פּראָגרעסיווער רוסישער, אוקראַיִנישער און ייִדישער געזעלשאַפטלעכקייט, וועלכע האָט גלענצנדיק אומגעוואַלגערט די אומגעלומפּערטע בילבולים פון דער רעאַקציע, כאָטש זי, די רעאַקציע, האָט מאָביליזירט אויף באַרעכטיקן דעם בלוט־בילבל אירע פײַיִקסטע פאָרשטייער.

דער שרײַבער האָט אויפגעזאַמלט אַ גרויסן מאַטעריאַל וועגן דער בייליס־עפּאָפּיי און אָנגעשריבן אַ קינסטלעריש ווערק, וואָס לייענט זיך מיט געשפּאַנטקייט. דער ראָמאַן איז פאַרעפנטלעכט אין זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד" אין דער צווייטער העפט פון 1965.

א. קאַהאַנס שאַפונג איז לויט איר כאַראַקטער, פאַרשטייט זיך, אַ רעאַליסטישע. ווו־ניט־ווו אין זײַנע פריִע ווערק איז צו באַמערקן שפּורן פון אַנטליִענעם אימפּרעסיִאָניזם און מאַניִרלעכער סטיליזאַציע — אַ געוויסע גאָב דער ליטעראַרישער „מאָדע" פון יענער צײַט. אָבער זײַנע ווײַטערדיקע, רײַפערע ווערק זײַנען פרײַ פון דער דאָזיקער מאַניר. מע דאַרף אויך זאָגן, אַז די שטרעבונג מאַקסימאַל דערנעענטערן די שילדערונג צום עכטן לעבן אָן דעם נייטיקן סינטעטישן קינסטלערישן אָפּקלײַב ברענגט צומאָל דעם שרײַבער צו נאַטוראַליסטישער פאָטאָגראַפיע.

א. קאַהאַן איז אַ מײַסטער פון דער שטייגערישער דעטאַל. ער מאָלט ניט שלעכט אַ פּאָרטרעט, און דאָס אַלץ מאַכט די שילדערונג אין זײַנע בעסטע ווערק לעבעדיק און קאָלאָריטפול.

אין זײַנע לעצטע לעבנס־יאָרן איז אווראָם קאַהאַן געווען פול מיט ענערגיע, מיט ליטעראַרישע פּלענער. צום גרויסן באַדויערן, איז זיי שוין ניט באַשערט געווען צו פאַרווירקלעכט ווערן.

כאַיִם לויצקער.

# סערוואַנטעס

לויטן באַשלוס פונעם אַלוועלטלעכן שאָלעם-ראַט ווערט האַיאָר אין אַפּרעל אָפּגעמערקט דער 350-טער יאָרטאָג, זינט עס איז געשטאָרבן דער גרויסער שפּאַנישער שרייַבער מיגעל דע סערוואַנטעס. ווי אַלע גרויסע פאָרשטייער פון דער רענעסאַנס-קולטור, האָט סערוואַנטעס דורכגעמאַכט אַ שטורמישן לעבנסוועג. ער איז געווען אַ סאָלדאַט און אַ רייַזנדער, אַ מעלוכע-טוער און אַ קינסטלער, אַ דענקער און אַ פּאָליטיקער. און אַזוי פילזייַטיק איז ער אויך געווען אין זייַן שאַפונג: ער האָט געשריבן טראַגעדיעס און קאָמעדיעס, דראַמעס און אינטערמעדיעס, לידער און ראָמאַנען, דערציילונגען און נאָוועלן. דאָס קרוין-ווערק זייַנס איז דער באַרימטער ראָמאַן „דאָן קיכאָט“.

אין אַלע זייַנע ווערק און באַזונדערס אין „דאָן קיכאָט“ טרעט סערוואַנטעס אַרויס ווי אַ הומאַניסט, אַ קעמפער קעגן מיטלאַלטערלעכע לעבנס-פאָרמעס, קעגן פעאָדאַליזם און רעליגיעזן דאָגמאַטיזם, פאַר אַ פרייַער מענטשלעכער פערזענלעכקייַט. דאָן קיכאָט — „דער ריטער פון טרויעריקן געשטאַלט“, וואָס האַלט מילכאָמע מיט ווינטמילן, איז געוואָרן אַ פאַראַלגעמיינערונג, אַן אייביקער סימבאָל פון אַ וועלט, וואָס אירע העלדן געהערן שוין דער פאַרגאַנגענהייַט.

דאָן קיכאָט דער לאַמאַנטשער איז איינס פון די פּאָפּולערסטע קאָמישע געשטאַלטן אין דער וועלט-ליטעראַטור. אין אים איז אָבער פאַרקערפּערט ניט בלויז דאָס אָפּגעלעבטע, נאָר אויך דער טרוים וועגן אַ גערעכטיק לעבן פאַר דער מענטשלעכער פערזענלעכקייַט. דעריבער איז דער סערוואַנטעס-ראָמאַן סייַ אַ פּאַראָדיע אויף די אַלטע ריטערלעכע ראָמאַנען, אַ געלעכטער איבערן אַלטן סיידער, סייַ אַ פאַרקערפּערונג פונעם פאָלקס גלויבן אין אַ בעסערער וועלט. דאָס קאָמישע אין די געשטאַלטן פון דאָן קיכאָט, סאַנטשאָ פּאַנסאָ, דולציניע איז אַן אויסדרוק אויך פון פאָלקס-אָפּטימיזם, פון געזונטן פאָלקס-געלעכטער.

מיט דעם ראָמאַן „דאָן קיכאָט“ און מיט דער גאַנצער שאַפונג פון סערוואַנטעסן פאַרענדיקט זיך דער עטאַפּ פון רעאַליזם אין דער רענעסאַנס-עפּאָכע. דער דאָזיקער ראָמאַן האָט געהאַט אַ קאָלאָסאַלע ווירקונג אויף דער גאַנצער וועלט-ליטעראַטור און אויך אויף דער ייִדישער ליטעראַטור, אויף דער שאַפונג פון אונדזערע קלאַסיקער מענדעלע און שאָלעם-אַליכעם.

עס איז שוין לאַנג פעסטגעשטעלט, אַז מענדעלע האָט געשריבן זייַן בעסט ווערק „מאַסאָעס ביניאָמין השלישי“ אונטער דער ווירקונג פונעם סערוואַנטעס-ראָמאַן. מע דאַרף ניט זייַן קיין פאָרשער, קעדיי צו דערקענען אין ביניאָמינען און אין סענדערל דער ייִדענע די ייִדישע אָריגינעלע פונעם ריטער דאָן קיכאָט און פון זייַן נויסע-קייַלים סאַנטשאָ פּאַנסאָ. ביניאָמינס רייַזע צו די רויטע ייִדעלעך אויף יענער זייַט סאַמבאַטיען דערמאָנט דאָן קיכאָטס רייַזע און זייַנע וווּנדערלעכע טרעפונגען. אַזוי ווי בא סערוואַנטעסן, איז אין מענדעלעס ווערק אויך סימבאָליזירט ניט בלויז קאָמיזם און נישטיקייַט פון אַנאַכראָניסטישע לעבנס-דערשייַנונגען, נאָר אויך דאָס שטרעבן פון די פאָלקסמאַסן צו אַ בעסער לעבן.

וואָס איז שייַעך שאָלעם-אַליכעמען, האָט ער אַליין געשריבן: „פון כאַכמיי אומעס האָווילעם האָבן אויף מיר געווירקט מער פון אַלע גאָגאָל, הייַנע, סוויפט, טעקערייַ, דיקענס און סערוואַנטעס מיט זייַן „דאָן קיכאָט“.

די טעמע דאָן-קיכאָטיזם אין שאָלעם-אַליכעמס שאַפן איז ניט קיין זייַטיקער שטראָם, נאָר אַ צענטראַלער מאָטיוו. מענאַכעם-מענדלען האָט שאָלעם-אַליכעם אָנגערופן „דאָן קיכאָט פון מאַזעפּעווקע“ („הפרדס“, 1895). אין טאָך האָבן אויך אַ ריי אַנדערע געשטאַלטן אין שאָלעם-אַליכעמס ווערק (שימעלע סאָראַקער, די העלדן פון „פינף און זיבעציק טויזנט“, דער ברודער עליע, דער כאַווער פיניע און אַנדערע) בוילעטע שטריכן פון דאָן-קיכאָטיזם, טראַנספאָרמירט אין מענאַכעם-מענדעליזם.

דורך מענדעלען און שאָלעם-אַליכעמען איז סערוואַנטעס פאַרבונדן אויך מיט דער גאַנצער ייִדישער ליטעראַטור פונעם נאָכקלאַסישן פּעריאָד.



יעשוע ליובאָמירסקי

# ש. בעליסעס „פּאָרטרעטן און פּראָבלעמען"

שלוימע בעליסעס בוך „פּאָרטרעטן און פּראָבלעמען" איז א וויכטיקע דערשיינונג אין דער פּראָגרעסיווער ייִדישער ליטעראַטור־קריטיק.

מיר לייענען דאָ עסייען וועגן אונדזערע קלאַסיקער און זייערע מיטצײַטלער (פּערעץ, שאָלעם־אַליכעם, ווינטשעווסקי, אווראָם רייזען); וועגן סאָוועטישע שרײַבער (פּ. מאַרקיש, דער ניסטער, ש. האַלקין, אי. קיפּניס), וועגן ייִדישע שרײַבער אין פּוילן (מוישע בראָדערזאָן, אַלטער קאַציזנע, הערש־דאָוויד נאָמבערג, לייזער וואָלף, הירש גליק). אָט די עסייען פאַרנעמען העכער א דריטכייל פונעם בוך.

אין צווייטן אָפּטייל „ביכער און פּראָבלעמען" ווערט געגעבן אן אָפּשאַצונג פון אַזעלכע ליטעראַרישע דערשײַנונגען, ווי „אַנא פראַנקס טאָגבוך", ל. מילערס „אייביק לעבן", אורי פינקעלס מאָנאָגראַפיע וועגן שאָלעם־אַליכעמען, אווראָם מאָרעווסקיס „אהין און צוריק", ע. רינגעלבלומס „קסאָווים פון געטאָ" און א ריי אַנדערע.

זייער וויכטיק איז דער אָפּטייל „שמועסן וועגן וואָרט־קונסט". דאָ באַרירט דער אוטאָר קונסט־פּראָבלעמען, וואָס האָבן א שײַכעס ניט נאָר צו ליטעראַטור־קריטיק. גופא די נעמען פון די אַרטיקלען, פון וועלכע עס באַשטייט אָט דער אָפּטייל, פאַרינטערעסירן אונדז: „וועגן דער „מוזע", „עלעמענטן פון שעפערישן פּראָצעס", „וועגן אייגנאַרט", „דאָס ווירקלעכע און אויסגעטראַכטע".

דער אוטאָר באַקאַנט אונדז מיט די פּרינציפּן פון דער מאַרקסיסטישער עסטעטיק. דער לייענער וועט מיט דער מערהײַט באַהויפּטונגען געוויס מאַסקים זײַן, ווײַל זיי זײַנען פעסט באַגרינדעט. אייניקע האַנאָכעס רופן אַרויס א ווילן צו דיסקוטירן. אַזוי אָדער אַנדערש, נאָר דער בוך פאַרכאַפּט אונדז פון סאַמע אָנהייב.

לייענענדיק אים, זײַנען מיר דאַנקבאַר שלוימע בעליסן פאַר זײַן וויכטיקן אופּטו.

אין דעם עסיי וועגן מוישע־לייב האַלפּערן דעקט בעליס אויף דאָס טראַגישע אין דער שאַפונג פון אָט דעם דיכטער. האַלפּערן שטעלט זיך אונדז פאָר ווי א מין מעפיסטאָפעל: „ער האָט געזען אין איר (אין דער גאָרער וועלט. — י.ל.) נאָר דאָס בייז, דעם אומזין, דעם שווינדל, דעם כאַאָס, די קאַקאָפאָניע. פרייד רופט אַרויס בא אים סינע, אין ליכט זעט ער בלוט. א גאַנץ לעבן קראַצט ער און שאַבט אָפּ די הויט פון דער שיינער וועלט, מע זאָל זען, ווי מיִעס, ווי וווּנדיק, ווי ווייטעקדיק זי איז" (ז. 54—55).

און דאָך שפּירט איר א גוואַלדיקע ליבע פונעם אוטאָר צום דיכטער. ער רעדט מיט האַרצקלעמעניש וועגן דעם שווידער, מיט וועלכן האַלפּערנס דיכטונג איז דורכגעזאַפּט. און בעליס איז גערעכט, ווען ער שרײַבט: „מוישע־לייבס אַרײַנטראָג אין דער ייִדישער פּאָעזיע איז ביז הײַנטיקן טאָג נישט אָפּגעשאַצט געוואָרן. ער פאַרנעמט אין איר א באַזונדער און זייער כאַשעווע אָרט" (ז. 61).

בעליסעס פאַרדינסט באַשטייט אויך דערין, וואָס ניט נאָר די גדוילים האַדאָר ווערן דורך אים געאַכטעט און געקערווינט. ער אַנטפּלעקט פאַר אונדז אַזעלכע טראַגישע פיגורן אין דער ייִדישער דיכטונג, וואָס האָבן בלויז אָף א קורצער ווײַלע א שעמעריר געטאָן. צו אַזעלכע בעליסעס אַנטדעקונגען באַלאַנגט דער אומבאַוווּסטער דיכטער מוישע באַסין: בלויז דרײַ זײַנע לידער האָט בעליס דורכגעלייענט, און דאָך האָט ער אין דעם ביז גאָר באַשיידענעם אוטאָר דערשפּירט אַן עכטן טאַלאַנט. בעליס שרײַבט וועגן אים א רירנדיקע נאָוועלע אונטערן קאָפּל „א פאַרגעסענער נאָמען", און מיר וועלן שוין ניט

קאָנען אָט דעם קימאַט ניט־פאַרווירקלעכטן דיכטער פאַרגעסן.

אַן עכטער קריטיקער באַדאַרף ניט זײַן קיין „באַגאָמאַז", ער דאַרף ניט מאָלן איקאָנעס... און דאָ גייען מיר צו צו דער פראַגע: וויאַזוי באַדאַרף מען שרײַבן וועגן די גרויסע שוינכייני אָפּאַר? פאַראַן קריטיקער, וואָס ענטפערן אָף אָט דער פראַגע קאַטעגאָריש: וועגן די געשטאָרבענע (באַזונדערס וועגן די קדושים) באַדאַרף מען שרײַבן בלויז הוילע שוואַכים. איך האַלט, אַז ווי גרויס דער גאָען זאָל ניט זײַן, טאָרן מיר ניט סײַ בא זײַן לעבן, סײַ נאָך זײַן טויט האַלטן אין איין זינגען אים שירים! אַרויסגייענדיק פון אָט דעם שטאַנדפּונקט, דערווידער איך קעגן דעם גײַסט פון אַפּאָלאָגיע אין דעם אויסגעצייכנטן עסיי וועגן פּערעצן.

„פּערעץ איז געווען די ערשטע און אייציקע פּערזענלעכקײַט אין דער ייִדישער ליטעראַטור", — אַזאַ טעזיס קלינגט מאָדנע. עס ווילט זיך פרעגן דעם באַגאַבטן קריטיקער: און ווי האַלט עס, אַשטייגער, מיט אַזעלכע שרײַבער, ווי מענדעלע, שאָלעם־אַליכעם, ביאַליק? שוין זשע זײַנען זיי ניט געווען קיין פּערזענלעכקײַטן?

שרײַבנדיק וועגן דעם ניסטער, באַמיט זיך בעליס אונדז אײַנשמועסן, אַז אויך אין זײַנע ריאַליסטישע ווערק איז אָט דער שרײַבער פאַרבליבן א סימבאָליסט. ווײַס ניט יעדער וועט אין דער „מישפּאָכע מאַשבער" דערשפּירן סימבאָליזם. ס׳איז אויך א גרויסער ספק, צי בעליסעס באַהויפּטונג (ז. 23), אַז דער ניסטער „איז געווען א רעטעניש און איז געבליבן א רעטעניש", האָט אונטער זיך א גרונט...

שלוימע בעליסעס פּאָרטרעטן פון שרײַבער פאַרגעדענקען זיך דערמיט, וואָס זיי אַנטפּלעקן פאַר אונדז דאָס ווערנטלעכע, מיט וואָס דער אָדער יענער שרײַבער טיילט זיך אויס אין דער ריי פון אַנדערע זײַנע מיטצײַטלער. בעליס איז א מומכע מיט קנאַפּע שטריכן צו געבן א רעליעפע צייכענונג, אויפכאַפּן די אייגנאַרט פון דעם אָדער יענעם שרײַבער.

ער ניצט בעריײַש אויס פּאַראַלעלן, פאַרגלײַכונגען. דאָס האָט זיך

אמבוילעטסטן ארויסגעוויזן דאן, ווען ער נעמט (אינעם ארטיקל וועגן האלקינען) שילדערן דעם קאָנטראסט צווישן צוויי דיכטער. אזוי בילדעריש איז עס אָנגעשריבן, אז ס׳איז שווער זיך אָפּהאלטן און ניט ציטירן כאָטש איין שטעל:

„דער ערשטער (מארקיש. — י.ל.) איז געקומען בעקוילויס אוווראַקים (מיט דונערן און בליצן), געבראכט א געוויטער, וואָס אזא האָט נאָך אונדזער ליטעראטור ניט איבערגעלעבט, דער צווייטער (האלקין. — י.ל.) איז געווען דער דינסטער, ווארעמסטער אינסטרומענט אין אָרקעסטער פון דער ייִדישער פּאָעזיע. איינער — דער סאמע פאָרטאָ, דער צווייטער — דער סאמע פּיִאניסימאָ! מארקיש איז געקומען און איַנגענומען. נישט דערהערן אים האָט מען ניט געקאָנט, אפילע ווען ס׳האָבן געקלאַפּט די פּויקן און געשאלט די טרומייטן. האלקין האָט געדארפט ציַיט, מע זאָל דערהערן זײַן שטיל־פארכאָלעמטן פּיִאניסימאָ“ (ז. 82—83).

אינעם אָפּטייל „שמועסן וועגן וואָרט־קונסט“ דריקט דער אווטאָר אויס דײַטלעך זײַן „אני מאמין“. „זאָל מיר ווער אָנרופן, — שרײַבט ער, — א בעעמעס גרויסן דיכטער, וואָס איז נישט קלאָר, ווי קרישטאָל, וואָס איז ניט דורכזיכטיק און פריש, ווי דער טוי, וואָס זאָל נישט פארשטאנען ווערן אָדער זיך ניט באמיִען פארשטאנען צו ווערן. גרויסע קונסט איז — קלאָרע פאָרמען, גרויסע טיפע פאשטעס“ (ז. 256).

זייער א ריכטיקער שטאנדפונקט. און אז בעלים האָט ליב קלאָרקײַט, דײַטלעכקײַט, דערווײַזט ער עס ניט נאָר מיט אָט די ווערטער, נאָר טאקע בעפויעל מאמעש אין אלע ארטיקלען, וואָס זײַנען אָפּגעדרוקט אין דעם בוך — סיַי אין די פּאָרטרעטן, סיַי אין די רעצענזיעס וועגן ביכער, סיַי אין די טעאָרעטישע ארבעטן: „דאָס ווירקלעכע און דאָס אויסגעטראכטע“ און „וועגן דער „מוזע“. אינעם ערשטן פון אָט די צוויי ארטיקלען געפינען מיר אן אָפּהאנדלונג וועגן דער פּראָבלעם „טיפּ און פּראָטאָטיפּ“. בעלים דערווײַזט, אז גרויסע שרײַבער האָבן אלעמאָל מיט זייער פאנטאזיע דערגאנצט, איבערגעאַנדערשט דעם פּראָטאָטיפּ. דאָס ארטיקל איז געבויט אף א רײַכן קאָנקרעטן מאטעריאל, אף בײַשפּילן פון דער קלאסישער ליטעראטור.

דאָס ארטיקל „וועגן דער „מוזע“ שפּיגלט אָפּ דעם מארקסיסטישן צוגאנג צו דער פּראָבלעם פון שעפערישן פּראָצעס; עס ווערט דאָ אָפּגעוואָרפן די אידעאליסטישע טעאָריע, אז א טאלאנטפולער קינסטלער קאָן זיך ניט באגיין אָן דעם רועד־האקוידעש, ווען ער נעמט זיך אָנשרײַבן א ווערק. בעלים ברענגט פיל בײַשפּילן, ווי גרויסע געוינים האָבן ניט געוואָרט אף דער „געטלעכער באגײַסטערונג“. געטע, באלזאק, טשײַקאָווסקי, טאָלסטאָי, בעטהאָווען — „דאָס ייַינען געווען, — שרײַבט בעלים, — מענטשן האָרעפּאשניקעס“. „זיי האָבן זייערע ריזן־ווערק געשאפן נישט מיטן רועד־האקוידעש, נאָר אין

# מוני גלייזער

## ש. שטראוס־מארקאָ „געווען אמאָל א שטעטל“

דאָס ערשטע, וואָס קומט אפן געדאנק, ווען מיר נעמען לייענען דאָס דאָזיקע בוך, איז: ווידעראמאָל וועגן שטעטל?.. האָבן דאָך דוירעס ייִדישע שרײַבער וועגן דעם געשריבן! איז דאָך די הײַנטצײַטיקע ייִדישע ליטעראטור אופגעקומען ווי א שטעטל־ליטעראטור! אָבער וואָס מער מיר לייענען זיך איַין און פארטיפערן זיך אין ווערק — אייגנטלעך, א קינסטלערישע אווטאָביִאָגראפיע פון א ייִדישן רעוואָליוציִאָנער, אן אָפּשטאמיקן פון גאליציש שטעטל וואריש, — איבערצײַגן מיר זיך, אז ס׳איז שוין גאָר אן אנדער שטעטל, ס׳איז אזא, אף וועלכן ס׳ליגט דער כויסעם פון אונדזער צײַט, פון סאָציִאלע רעוואָליוציעס און ווירקונגען פון גרויסן אָקטיאבער, ווען אף דער טאָג־אָרדענונג ווערט שוין געשטעלט קאָנקרעט די פראגע פון איבעראנדערשן דעם סיידער־האָוילעם.

כוץ דעם, כאפּן ארום די געשעענישן אין דעם בוך — אין געאָגראפישער הינזיכט — ניט נאָר דאָס געבוירן־שטעטלע פונעם אווטאָר, נאָר אויך די שכיינעסדיקע שטאָט לעמבערג אין אמאָליקן אזויגערופענעם „קליין־פּוילן“. די צײַט פון דער האנדלונג: צווישן ביידע וועלט־מילכאָמעס. פון די 27 קאפיטלען אין דעם בוך זײַנען 12 — באשרײַבונגען פון דער רעוואָליוציִאָנערער טעטיקײַט אין אָט דער שטאָט, בילדער פון ארבעטער־מיטינגען, „רויטע“ לעווײַעס פון אומגעקומענע ארבעטער־קעמפער, גאסן־צוזאמענשטויסן מיט דער פּאָליציי, ווײַסן טעראָר.

קינסטלעריש איבערצײַגעוודיק און פסיכאָלאָגיש באגרינדעט ווערט באוויזן די אידייִישע עוואָליוציע פון דעם הויפט־העלד, וואָס איז איינצײַטיק דער דערציילער. פון א קלויזניק און אילוי ווערט איַיזיקל א באוווסטזיניקער רעוואָליוציִאָנער, א פּראָפּאגאנדיסט און אָרגאניזאטאָר פון דער ארבעטער־יוגנט. קינסטלעריש ווערט באוויזן, ווי־אזוי פון טאָג צו טאָג ווערט רײַף דאָס באוווסטזײַן פונעם יונגן מענטשן.

שלוימע שטראוס־מארקאָן האָט זיך איַינגעגעבן וואָרהאפטיק צו שילדערן די כעווליי־ליידע פון א יונגן רעוואָליוציִאָנערן קעמפער, ניט ארײַנפאלנדיק דערבײַ אין

שווערן קאמף מיטן מאטעריאל, וואָס האָט זיך, ווי יעדער מאטעריאל, קעגנגעשטעלט. זיי האָבן דעם מאטעריאל געדארפט באהערשן, פאָרמירן, איבעראנדערשן" (ז. 242).

בעליס לייקנט, זעלבסטפארשטענדלעך, ניט אָפּ די ראָל פון דער באַגײַסטערונג פונעם שרײַבער בעשאסן שאפן א ווערק. ווען מיר לייענען בעליסעס עסייען און זײַנע רעצענזיעס, שפּירן מיר, אז דער אווטאָר האָט זיי געשריבן א באגײַסטערטער, א פארליבטער אינעם מאטעריאל. ביכלאל ריידנדיק וועגן דער אייגנארט פון א דיכטער, מוז דער קריטיקער אין א געוויסער מאָס אליין ווערן א דיכטער. אויב דער קריטיקער איז ווירקלעך באגאבט, פארמאָגט ער אָן שום סאָפעק א גרויסן טעמפעראמענט און א רײַכע פאנטאזיע. ער קאָן צומאָל מיטרײַסן דעם לייענער מיט זײַנע דיכטערישע אסאָציאַציעס. אזעלכעס זעען מיר אין בעליסעס ארטיקלען, באזונדערס אין זײַן רעצענזיע וועגן ל. מילערס בוך — „אייביק לעבן" (די רעצענזיע איז געדרוקט אונטער דעם קעפּל „א פּאָעטישער סאכאקל פון א גאנץ לעבן").

אויב פון די עסייען וועגן פּערעצן, האלפּערנען, מארקישן שפּריצט מאַמעש מיט פײַער, אזוי זײַנען זיי אימפּעטפול, האָבן מיר דאָ, אין דער כאראקטעריסטיק פון ל. מילערן, צארטע ליריק, וויִאָלאָנטשעל־טענער.

ס'איז זייער גוט, וואָס שלוימע בעליס גייט ניט צו מעכאניש צו דער טעמע פונעם ווערק, וואָס ער רעצענזירט. וועמען, אשטייגער, פון די „מאָדערנע" קריטיקער וואָלט איצט זיך פארגלוסט אָפּגעבן אופמערקזאמקײַט דעם יידישן לעבן אין א קליין יידיש שטעטעלע אין פּוילן אין אָנהייב פון אונדזער יאָרהונדערט? און ש. בעליס איז גראָד א באלן געווען אָנשרײַבן א פּאָזיטיווע רעצענזיע וועגן וו. י. דזשעראָמס ווערק „א לאמטערן פאר יערוכעמקען" („יידיש בוך", 1961), ווו דער הויפּט־העלד איז דאָס כיידער־יינגל. מע קאָן מיינען, אז דאָס איז דערפאר, ווײַל יעדן פון אונדז זײַנען ליב און טײַער זיכרוינעס פון דער קינדהײַט. דאָס איז אָבער ניט אזוי. אין בעליסעס אָפּשאצונג פון דזשעראָמס בוך, פונקט ווי אין זײַן רעצענזיע וועגן „אנא פראנקס טאָגבוך" און אין די אָפּשאצונגען פון ש. דייקלס „אינדיאַנישע דערציילונגען", רינגעלבלומס „קסאָווים פון געטאָ", מאָרעווסקיס פערטן באנד זיכרוינעס („אהין און צוריק"), — אומעטום שפּירן מיר איינעם און דעם זעלבן הומאניסטישן ציל: זינגען שוואָכים דעם מענטשנס דערהויבענער נעשאָמע, רימען דאָס אקטיווע שטרעבן שענער און קליגער און בעסער איבערצובויען דאָס לעבן, פארשטארקן דעם גלויבן אינעם מענטשן.

שלוימע בעליסעס עסייען־זאמלונג לייענען מיר ווי א קינסטלעריש ווערק. א וויכטיקע ראָל שפּילט דאָ, נאטירלעך, דער סטיל, די בילדערישקײַט, די אויסגעצייכנטע שפּראַך, וואָס באצייכנט בעליסעס „פּאָרטרעטן און פּראָבלעמען".

---

קיין איבערפלעכלעכער וולגאריזאציע און אויך אין קיין אפּאָלאָגעטישן טאָן באם מאָלן בילדער פונעם דעמאלטיקן שטייגער.

אייניקע קאפּיטלען פונעם ווערק שטעלן מיט זיך פאָר זעלבשטענדיקע פארגאנצטע דערציילונגען וועגן לעבן פון באזונדערע פּערסאָנאזשן. די דאָזיקע קאפּיטלען דינען אויך ווי א ראם פאר די פּערזענלעכע זיכרוינעס פונעם אווטאָר. די קאפּיטלען „די כעוורע־קאדישע", „די סרייפע אין שטעטל", „ריווקעלע מיט די שווארצע צעפּ", „דער גראף סטאניסלאוו לאָמניצקי", „יוסעף־הערש דער דאָרפסגייער" ווערן געלייענט מיט שפּאנענדיקן אינטערעס.

דער אווטאָר ברענגט ארויס ניט נאָר די סאָציאַלע ווידערשפּרוכן און דעם קלאסנקאמף אין דער יידישער סוויווע פון יענער צײַט, נאָר אויך פאקטן פון נאציאָנאלער אונטערדריקונג, פון אנטיסעמיטיזם, וועלכע זײַנען געווען אן אָפּטע דערשײַנונג אין פארמילכאָמעדיקן האלבפאשיסטישן פּוילן.

אין בוך זײַנען צעשאָטן ניט ווייניק מאָלערישע נאטורבאשרײַבונגען, פײַנע פּייזאזש־געמעלן, וואָס הארמאָניזירן אָפּט מיטן סיפּער־האמײַסע און זײַנען אמאָל אויך סאָציאַל באפארבט: „שאבעס נאָכן עסן האָבן יונג און אלט באדעקט דעם וועג צום קארקעווער וואלד און שאָענלאנג גערוט אונטער די ביימער, וועלכע האָבן ברייטהארציק געטיילט זייער זאפטיקן רייעך פון זשיווויצע, אָן אונטערשייד פאר אָרעם און רײַך" (ז. 67). די שפּראך איז געשעפּט פון פאָלקס־קוואל, זי פארמאָגט אויך עלעמענטן פון סטיליזאציע פון כסידיש־גאליצישן דיאַלעקט און איז דורכגעדרונגען מיט א פײַנעם כוש פאר איראָניע, וואָס באלעבט נאָך מער דעם אינהאלט פון דעם ווערק.

דאָס נאָכוואָרט פון דעם רעדאקטאָר פונעם בוך מ. מירסקי גיט א פאָרשטעלונג וועגן דעם לעבנסוועג פון שלוימע שטראוס־מארקאָ. מיר דערוויסן זיך, אז דער אווטאָר איז אלס פוילישער זעלנער ארײַנגעפאלן צו די פאשיסטן אין געפאנגענשאפט. דאָרט האָט ער זיך אויסגעגעבן פאר אן אוקראַינער, און פירנדיק אין משעך פון דער גאנצער מילכאָמע־צײַט א דאָפּלט מאראנען־לעבן, האָט ער איבערגעלעבט די נאציסטישע ארישע בלוט־הינט און האָט דעם פּעריאָד באשריבן אין זײַן ערשטן אווטאָביאָגראפישן בוך „דער ראסיקער אריער", וואָס איז אויך דערשינען אין ווארשעווער פארלאג „יידיש בוך".

איצט איז ש. שטראוס־מארקאָ איינער פון די אקטיווע בויער פונעם נײַעם פאָלקס־פּוילן.

שירע גאָרשמאַן

# לייענענדיק מעראַסעס „אייביקער שאָך“

מער ווי צוריקגעהאַלטן האָב איך גענומען לייענען יִצכאָק מעראַסעס ראָמאַן.

ערשטנס, דער נאָמען — „אייביקער שאַך“. וואָס איז דאָס פאַר א שפּילן שאָך אין געטאָ?

צווייטנס, האָב איך געטראַכט: „מיסטאָמע וועל איך ווידער לייענען אַזוינס, וואָס איך און אַלע ווייסן שוין“.

אָבער קוים האָב איך גענומען לייענען, אַזוי האָב איך אויסגעזופּט ביז דער לעצטער שורע...

„אייביקער שאַך“ איז געשריבן אַנדערש, ווי אַלץ, וואָס איך האָב געלייענט אַף דער טעמע ביז איצט. דער נאָמען פון ראָמאַן, וועלכער האָט א קלונג געטאָן מיט אייגנאַרטיקע טענער, האָט דעראָבערט א פילזיניקן באַטייַט...

אַף דער ערשטער זייַט, דוכט זיך אין פינפטן אַבזאַץ, איז אָנגעשריבן: „ווען איך וואָלט געווען אַן אינזשענער, — האָט געטראַכט איזיע, קוקנדיק אַף שאַגערס האָר, וואָס האָבן זיך באַוועגט, — וואָלט איך מיט גרויס כיישעק אַראָפּגעשונדן אָט דעם ציטערנדיקן סקאַלפּ“...

...האָט איר שוין גלייַך — די „אָנגענעם־פרײדיקע“ אַסאָציאַציע, אַז די מענטשהייַט איז געווען ביז גאָר „האַרמאָניש־גערעכטיק“ אויך ביזן פאַשיזם. דער „ציוויליזירטער הומאַניזם“ האָט פון צייַט צו צייַט זיך אונטערגעהאַלטן די „פּילבאַרע“ נעשאָמע זייַנע מיט וואַרעם מענטשלעך בלוט...

שאַגער, דער הערשער פון געטאָ, וועלכער איז אַזוי אָביעקטיוו געשילדערט אין „אייביקן שאַך“, שפּילט ניט קיין פידל, ווי דאָס געשעט אין פיל ווערק, קינאָ־פילמען... שאַגער האָט לייַדנשאַפטלעך ליב שאַך...

שאַגערס געוויסן איז בלינד, ווי בא אַלע זייַנע גענאָסן, טאָקע דערפאַר איז דאָס געוויסן בא אים רויִק. „געזעץ איז געזעץ“ — פּראָקלאַמירט ער גאַנץ אָפּט.

„וואָס וואָלט געווען, ווען איך וואָלט געזעסן אַף דייַן אָרט און דו אַף מייַן שטול... איך בין זיך מוידע, כ׳וואָלט זיך זייער געערגערט. אָ, גאָט מייַנער! א גליק, וואָס דאָס קאָן ניט זייַן. עמעס?“

...באַמערקט, וואָס פאַר א וואָרט דער רעצייעך ברענגט אַרויס: „געערגערט“!

שעקער וועקעזעוו! ער וואָלט געפּויזעט, ווי א וואָרעם, ער וואָלט ענלעך געוואָרן צו די נעוויילעדיקע פאַשיסטן, וואָס האָבן געפּליסטערט: „היטלער קאַפּוט“. ער וואָלט ניט באַהערשט די שפּיל, ווי איזיע, ער וואָלט ניט געטראַכט וועגן „רעמי“...

...אָבער איזיע טראַכט, ער זיצט אַפן עלעקטרישן שטול — און טראַכט!

ער גייט אונטער דער שווערד — און האָט ליב. ער זיצט פּאָנעם־על־פּאָנעם אַנטקעגן א מיטאָלאָגישער כייַע — און קוקט אַף היגטערווייַלעכס. דאָרטן זעט ער, אַז זייַן פאָלק איז ניט קיין הערנער־ווײדלדיקס, דאָרטן זעט ער זייַן פאָלק אין גראַפישער געשטאַלטקייַט.

...איזיעס מאַמע איז ניטאָ. הונדערטער, טויזנטער מאַמעס האָבן ניט געהאַט די מעגלעכקייַט צו באַשיצן זייערע קינדער! און די ערד, די גאַז־אויוונס וואַרטן אַף נאָך און נאָך!

אָבער שאַגער זיצט אַף זייַן שטול אַנטקעגן איזיען, און די שפּיל גייט לויט פעסט אייַנגעשטעלטע געזעצן. „איך דאַרף דערפירן צו רעמי“, — קלערט איזיע, וואָרעם אויב ער וועט מאַכן רעמי, „וועלן אַלע זייַן צופרידן“. שאַגער זיצט אַף א שטול, אָבער דער לייענער זעט, ווי דער בלוטיקער קעלעוו שווימט אין רויטע, וואַרעמע כוואַליעס און פילט זיך ווי א פיש אין וואַסער.

...„— און איך האָב געבוירן א טאָכטער און איר א נאָמען געגעבן אינע, — האָט געזאָגט אַווראָם ליפּמאַן“.

די פּראָזע כאַזערט זיך איבער אין ראָמאַן פּונקט אַזוי ביבליש עטלעכע מאָל (דער אַווטאָר בייַט נאָר דעם נאָמען פון נייַגעבוירענעם). אָבער וויפל מאָל אַווראָם ליפּמאַן (אָדער אַנדערע יִדישע טאַטע־מאַמע) זאָלן ניט האָבן געבוירן זין און טעכטער, זייַנען זיי אַלע פאַרמישפּעט אַף אומקום, אויב נאָר זיי זייַנען דאָרטן, ווו די פאַשיסטישע אויסוואורפן געוועלטיקן.

זייער אייַנגעהאַלטן איז דער אַווטאָר אין זייַן שילדערן סיטואַציעס, מענטשן. אפילע ווען ער מאָלט שאַגערן, איז ער אָביעקטיוו.

וועגן טשעך, וועלכער שטייט באַם געטאָ־טויער און וואָרנט אינע ליפּמאַן: „אַוונט־צייַט האָט שאַגער ליב צו נישטערן באַם טויער“, זאָגט דער אַווטאָר: „פונדעסטוועגן איז גוט, וואָס אַף אונדזער ערד לעבן און גייען אַרום ניט נאָר דייַטשן, וואָס אַף דער דאָזיקער ערד זייַנען פאַראַן א סאַך, א־סאַך מענטשן“.

„פונדעסטוועגן“ — אַזאַ רויִק, אַזאַ וואָכעדיק וואָרט, אָבער עס דינט ביז גאָר דער באַדאַכטקייַט, דער רעגלמעסיקייַט פון ריטם, וועלכער פליסט אונטער און איבער דעם טעקסט...

פאַרשטייט זיך, אַז מיר קאָנען דאָ גרייַזן, ווייַל דעם ערשטן „שליסל“ האָבן מיר ניט, מיר לייענען דעם ראָמאַן אין האַלפּערנס און זינגערס איבערזעצונג פון ליטוויש. אָבער א געוויסע דערפאַרונג זאָגט אונטער, אַז די איבערזעצונג אַנטשפּרעכט דעם אָריגינאַל...

עס איז ריכטיק, אַז „אייביקער שאַך“ איז געשריבן אַנדערש, ווי מע שרייַבט בא אונדז. אָבער אין דער אייראָפּעיִשער ליטעראַטור איז אַזאַ אָרט שרייַבן ניט נייַ.

דער ראָמאַן פון פראַנצויזישן שרייַבער ראָבערט מערל „טויט איז מייַן מעלאָכע“, וועלכער איז דערשינען אין מאָסקווער פאַרלאַג פון אויסלענדישער ליטעראַטור אין 1963, איז אָנגעשריבן רויִק, גלייַכמעסיק, קימאַט לייַדנשאַפטלאָז. קאַלטבלוטיק שילדערט ראָבערט מערל א דייַטשישע מישפּאָכע, ווו צווישן שוועסטערלעך וואַקסט בא טאַטע־מאַמע קאַטוילִיקן א יונג רודאָלף. ער וואַקסט און ווערט דערצויגן לייַטיש, אָבער ער איבערצייַגט דעם לייענער, אַז פאַשיסטן זייַנען ניט אַראָפּגעפאַלן פון א פאַנטאַסטיש־מערדערישער פּלאַנעטע, ווי עס זייַנען קיינמאָל אַף אונדזער ערד ניט אַראָפּגעפאַלן אַנדערע געטרייַע אויספילער פון גערעכטלאָזיקייַט...

ראָבערט מערל ברענגט זייַן העלד קיין נירנבערג און זעצט אים אַוועק אַף דער באַשולדיקונגס־באַנק. און ווען

דער פּראָקוראָר רופט אויס: „איר האָט פאַרניכטעט דרײַ מיט א האַלבן מיליאָן מענטשן!", דערווידערט רודאָלף אַזוי: „איך בעט אנטשולדיקונג, איך האָב פאַרניכטעט נאָר צוויי מיט א האַלבן מיליאָן".

ווען דער פּראָקוראָר פרעגט אים: „אײַערע אייגענע קינדער האָט איר ליב?", ענטפערט רודאָלף: „פאַרשטייט זיך". „ווי זשע קומט אין העסקעם די ליבע צו אײַערע אייגענע קינדער מיט אײַער באַציִונג צו די יִדישע קליינע קינדער?" — פרעגט דער פּראָקוראָר. „דאָס זײַנען גאַנץ באַזונדערע זאַכן. אין לאַגער בין איך געווען א סאָלדאַט. אין מײַן היים בין איך דאָס ניט געווען", — דערקלערט רודאָלף. און ער גייט צו דער טליִע, אָבער צו קיין ספּייקעס דערגייט ער ניט...

מיר ווייסן ניט, צי שאָגער איז אופגעהאַנגען געוואָרן, ווי מיר ווייסן ניט, וויפל פאַרברעכער עס גייען אַרום ביז הײַנט. אָבער איין זאַך איז קלאָר — רודאָלף לאַנגע איז א פּיירע פון דעם זעלבן בוים, אַף וועלכן שאָגער און טויזנטער, טויזנטער ענלעכע זײַנען אויסגעצײַטיקט געוואָרן...

ייִצכאָק מעראַס איז נאָך ניט זייער באַהאַוונט אין „מאַכן" ראָמאַנען, אָבער ער איז א קלוגער, א דענקענדיקער שרײַבער. טאַקע דעריבער לייענט זיך זײַן ראָמאַן מיט שפּאַנונג און דער לייענער ווערט באַרײַכערט. דער לייענער פאַרטראַכט זיך.

מיר האָבן שוין געלייענט אין דער געטאָ־ליטעראַטור, אַז פאַר געבוירן א קינד אין געטאָ איז לויט די פאַשיסטישע געזעצן געקומען טויט־שטראָף. אָבער דער אַווטאָר פון „אייביקן שאַך" דערציילט, אַז אַרײַנשפּריצן אַרישע זוימען יִדישע פרויען האָט די פאַשיסטישע „עקספּערימענט־מעדיצין" דערלויבט. און עס ווערט קורץ געשילדערט, ווי צוויי יִדישע פרויען געבוירן קינדער פון אַזאַ עקספּערימענט. ליזע, וועלכע ליגט מיט ראָכלען אין א קליינער פּאַלאַטע, זאָגט: „איך ווייס ניט, וואָס אַזוינס איז א מאַנצבל, איך האָב נאָר איין מאָל זיך געקושט, אָבער דערפון האָט מען דאָך ניט קיין קינדער".

עס איז שווער צוצוטראַכטן א גרעסערע פּײַן פאַר א יִדישער פרוי, ווי די פּײַן צו טראָגן, געבוירן, צולייגן צו דער ברוסט דאָס, וואָס האָט זיך אויסגעצײַטיקט פון אַרײַנשפּריצן פאַשיסטישע זוימען, עס איז פּײַנלעכער, ביטערער פון ביטערסטן טויט!

וואָס זשע טוט ייִצכאָק מעראַס?..

ער לייגט אַוועק בא ליזעס ברוסט דאָס מיידעלע, וועלכע די אַלטע בראָניסלאַווע האָט אָפּגעראַטעוועט, ווען די פאַשיסטן האָבן דאָס יִדישע מיידעלע טײַבעלע אַוועקגעשלעפּט אומברענגען מיט אירע רעטער אינאיינעם. בייס בראָניסלאַווע דערציילט וועגן דער שרעקלעכער געשעעניש אַווראָם ליפּמאַנען, גייט ער מיט נאָך צוויי יִדן און ברענגט דאָס אייפעלע צו ליזען. „טראָגט עס אַרויס, איך קאָן ניט קוקן אַף קיין קינדער!.." — האָט ליזע אויסגעשריִען.

„דעמאָלט האָט אַווראָם ליפּמאַן צוגערופן די מאַנצבלען, זיי האָבן אַוועקגעזעצט ליזען און זי געהאַלטן לײַכט אַרומגענומען. ליפּמאַן האָט צעשפּיליעט ליזעס העמד און צוגעלייגט צו איר ברוסט דאָס קינד..."

אַזוינס האָט געקאָנט טרעפן נאָר בא זייער א קלוגן און פילבאַרן אַווטאָר. פּײַן, מענטשלעך אין דער העכסטער מאַדרייגע האָט ייִצכאָק מעראַס געפונען די טרייסטרעפואַ פאַר דער אַף טויט פאַרוווּנדעטער, נאָר ניט געטייטער ליזען.

עס איז שווער צו זאָגן, צי האָט מעראַס געלייענט פּערעצן, אָבער עס איז דאָך מאַמעש אַן עכטע מאָטאָנע צו פּערעצעס „דרײַ" — ווען דער אַלטער יִדישער שנײַדער אַווראָם ליפּמאַן קריגט שמיץ און נעמט פאָרט ניט אַראָפּ דאָס היטל פאַרן פאַשיסט. „מע טאָר ניט, אַזאַ מינהעג בא אונדז".

עס זײַנען דאָ אויך שורעס אין ראָמאַן, וואָס זײַנען ניט זייער אייגנאַרטיק. צי דען מוז עסטער, טאַקע גראָד ווי אַנדערע מיידלעך אין רויִקע סיטואַציעס, צופּן די ווײַסע לעפּלעך פון א בלימעלע, קעדיי צו זײַן זיכער אין קעגנזײַטיקער ליבע?..

„אייביקער שאַך" איז, דוכט זיך, דאָס ערשטע ווערק פונעם יונגן אַווטאָר. און אורטיילן איז געוווּנטשן לויטן געראָטענעם, אײַנגעגעבענעם. עס קאָן זייער זײַן, אַז אינע ליפּמאַן וואָלט בא אַן אַנדער אַווטאָר אַנדערש גערעדט, געטראַכט און געהאַנדלט. אָבער אין דעם, אַז אַן עמעסער שעפּער איז דערפרייט, ווען ער טרעפט באַגאַבונג, — לאָזט זיך גלייבן. און מעראַס איבערצײַגט אונדז אין דעם טרעפלעך דורך אינע ליפּמאַן: „דער איקער איז — דו זאָלסט האָבן א דובליאָר. איך בין זייער צופרידן, וואָס מײַן דובליאָר איז מירקע, מירע סעגאַל. זי וועט זײַן א גרויסע זינגערין, מײַן מירקע..."

אינע איז צופרידן, וואָס זי האָט א ווערטפולן דובליאָר. איזיע איז פאַרדײַגעט. ער קאָן ניט פאַרשטיין, פאַרוואָס די פאַשיסטן לאָזן קיין בלומען ניט פלאַנצן אין געטאָ. יאַנעק האָט א ביז גאָר וויכטיקן שמועס מיט איזיען. וועגן וואָס? וועגן דעם, אַז ער, איזיע, זאָל ניט באַוועלן עססערן, מירקעס שוועסטער... ווײַל מירקע איז שוין אומגעבראַכט און ער, יאַנעק, איז איצט עסטערקעס שוץ...

און דאָס אַלץ קומט פאָר, ווען דער פאַשיסטישער אויסוווּרף שאָגער איז הערשער, ריכטער, „געזעץ־היטער" פון געטאָ, ווען דער שמײַסער יאַשקע פעלער „מיטן רויטן דרײַגאָרנדיקן קאַרק און מיט די קליינע פאַרלאָפענע אייגעלעך" איז דינסטגרייט!

אומענדלעך, ניט אויסצומעסטן איז די טראַגעדיע, וואָס דער פאַשיזם האָט געבראַכט פאַר דער מענטשהײַט ביכלאַל, פאַר אונדזער פאָלק ביפראַט. און אומענדלעך ניט אָפּצוּוועגן איז דער אויסדויער פון די פאַרפלאָגטע, אָפּגעשלאָסענע יִדן אין די געטאָס...

ניט קיין „רעמי" האָט דער פאַשיזם געקראָגן — א טויט־קלאַפּ האָט אים געטראָפן!

ייִצכאָק מעראַסעס ראָמאַן „אייביקער שאַך" שטייט אין איין ריי מיט די ווערק, וועלכע זײַנען דורכגעזאַפּט מיט ווייטעק פאַר די אומשולדיק־פאַרשניטענע. עס אַרט אונדז ניט, וואָס אין ראָמאַן זײַנען פאַראַן פאַרדריסלעכע אָנפאַנגערישע ערטער. עס פרייט אונדז, וואָס מיר האָבן געפונען מעראַסן, ווײַל ער איז באַגאַבט. ווײַל מיר גלייבן אין זײַן דערפאָלג.

עס איז אונדז נאָר א גרויסער שאָד, וואָס מיר ווייסן ניט, ווו שאָגער איז איצט, וואָס פאַר א שטעלע פאַרנעמט ער, צי עפּשער איז ער גאָר אַן „ערלעכער" באַלמעלאָכע?..

א שאָד, א שאָד, וואָס די שאָגערס זײַנען איצט צעוואָרפענע „לאַמעדוואָווניקעס", פאַרוואָגלטע און ניט־פאַרוואָגלטע גאָרגלשנײַדער, פאַר וועלכע די „הומאַנישע" פּאָליטיקער פאָדערן פאַרגעבונג. דעריבער טאַקע איז זייער וויכטיק, וואָס „אייביקער שאַך" וועקט מיט רופנדיקן ווייטעק, מיט שטילן געשריי: „ניט פאַרגעסן! ניט פאַרגעבן!"

# בלעטערנדיק זשורנאַלן און צײַטונגען

אינעם אמעריקאַנער זשורנאַל „American speech“ („אמעריקאַנישע רייד־שפּראַך“) איז אָפּגעדרוקט אַן אַרטיקל: „ייִדישע אידיאָמען אין דער ענגלישער שפּראַך פון די אמעריקאַנער“ (אָקטיאַבער־נומער 1962). אַוטאָר — ליליאַן מערווינג פּײַנסילווער. מיר ברענגען דאָ אייניקע אויסצוגן פון דעם דאָזיקן אַרטיקל:

„דאָ ניט לאַנג האָב איך געקויפט אַ קאָסטיום אין אַ מאַגאַזין פון גרייטע מאַלבושים אין פּענסילוואַניע, און איך בין געבליבן דערשטוינט, ווען דער אייגנטימער פונעם מאַגאַזין (ניט קיין ייִד) האָט פאַמיליאַר מיך אַ קלאַפּ געטאָן איבער דער פּלייצע און דערבײַ געזאָגט (אין ענגליש, נאָר פּונקט ווי איבערגעזעצט פון ייִדיש): „טראָגט געזונטערהייט!“ איך האָב אים אַ פרעג געטאָן, פונוואַנען קומט צו אים אַזאַ אויסדרוק, האָט ער מיר געענטפערט: „בײַ מײַן געוועזענעם באַלעבאָס; יענער פלעגט צושטעלן קאָסטיומען צו ייִדן, וואָס האַנדלען מיט גרייטע מאַלבושים, און אָפט פלעגט ער אָנווענדן די שטאַרק פּאָפּולערע איבערזעצונג פון דעם דאָזיקן אויסדרוק“.

„נאָך מער איז פאַרשפּרייט די ענגלישע וואָרט־באַ־וואָרט־איבערזעצונג פונעם ייִדישן אויסדרוק „איך דאַרף עס, ווי אַ לאָך אין קאָפּ“.

„דאָס גוטמוטיקע, עטוואָס איראָניזירנדיקע ווערטערפּאָרל מיט „שמ“ אין אָנהייב פונעם צווייטן וואָרט איז אָפּט צו הערן אין דער שטייגער־שפּראַך פון סאַמע פאַרשיידענע קרײַזן. אַשטייגער, אין אַן אַרויסטרעטונג פונעם באַרימטן אַרטיסט דזשעם פּאַארס איז אָנגערופן איינער פון די פּערסאָנאַזשן מיטן נאָמען סאַנטאַ־שמאַנטאַ; אין איינער אַ קאַריקאַטור איז דער אָביעקט כענדריק־שמענדריק; דער פילאָסאָפישער קאָמענטאַר פון דער זשורנאַליסטקע אינעסע ראָבס האָט דעם נאָמען מעגאַטאָן־שמעגאַטאָן“.

„סינטאַקסיש ניט־גלאַטיק קלינגט אינעם גערעדטן ענגליש אַזאַ אויסדרוק, וועלכער אַנטשפּרעכט דעם ייִדישן „גענוג שוין!“ — „Enough already!“ אַזוי אויך — „go know!“ — „גיי ווייס!“.

„אויסער בוכשטעבלעכע איבערזעצונגען (קאַלקעס) פון ייִדישע אידיאָמען זײַנען אין דער רייד־שפּראַך פון די אמעריקאַנער אַרײַנגעדרונגען און פאַרשפּרייט געוואָרן — ווי זיי גייען און שטייען — אַזעלכע ייִדישע ווערטער און אויסדרוקן, ווי צימעס (a tsimes), האַקט מיר ניט קיין טשײַניק (Stop hacking me a tshaynik), הער אויף מיר דרייען אַ קאָפּ (don't drey me a kop), אַ גאַנצע מעגילע (a whole megile)“.

„אייניקע ענגלישע ווערטער, וואָס גילטן אין דער גערעדטער שפּראַך, אַנטשפּרעכן קלאַנגלעך געוויסע ייִדישע אויסדרוקן. אַ גוטע באַלעבאָסטע רופט מען berry („בעריע“), פון געהאַקטע לעבער איז געוואָרן... „gehakte lobor“.

■

# כראָניק

## אונדזערע לייענער אינפאָרמירן

מ. פ ע ל ד מ א ן (בוכאַרע): דאָ איז געעפנט געוואָרן אַ באַוועגלעכע אויסשטעלונג פון דער פּעריאָדישער פּרעסע. צווישן די ליטעראַריש־קינסטלערישע זשורנאַלן, וועלכע זײַנען עקספּאָנירט אויף אַ באַזונדערן סטענד, איז פאָרגעשטעלט דער זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד“.

---

פינף יאָר עקזיסטירט אין בוכאַרע אַ פאָלקס־פילהאַרמאָניע, מיט וועלכער עס פירן אָן פּעדאַגאָגן פון דער אָרטיקער מוזיקאַלער שול. אין דער נײַער קאָנצערט־פּראָגראַם פון דער פילהאַרמאָניע זײַנען אײַנגעשלאָסן צוויי הײַנטצײַטיקע ייִדישע זינגלידער: „זיי קעמפן“ (ליד וועגן וואַרשעווער געטאָ) — מוזיק פון ז. קאָמפּאַנייעץ, און „אַ ליבע צו אַ פאַסטעכל“ — מוזיק פון ר. באָיאַרסקאַיאַ.

---

פ. ש ט א ר ק מ א ן (מאָהילעוו־פּאָדאָלסק): דער דיכטער שלוימע רויטמאַן האָט ניט לאַנג צוריק באַזוכט זײַן היימשטאָט מאָהילעוו־פּאָדאָלסק. לויט דער איניציאַטיוו פון דער היגער ליטעראַרישער פאַרייניקונג איז אין דער שטאָטישער ביבליאָטעק פאָרגעקומען אַן אָוונט, געווידמעט דער שאַפונג פונעם דיכטער.

מיט אַ וואָרט וועגן רויטמאַנס שעפערישן וועג איז אַרויסגעטראָטן די לערערן פון ליטעראַטור ג. מייעראָוויטש. די לייענער פון דער ביבליאָטעק מ. גאָראָבעץ, אי. באַבאַק האָבן גערעדט וועגן רויטמאַנס פילאָסאָפישע לידער, וועגן די פּאַטריאָטישע מאָטיוון אין זײַן שאַפונג. אין נאָמען פון די לייענער פון „סאָוועטיש היימלאַנד“ איז אַרויסגעטראָטן י. אַקסעלראָד.

דער פאָרזיצער פון דער ליטעראַרישער פאַרייניקונג א. גרינטשוק האָט וואַרעם באַגריסט דעם בען־איר און אים דערציילט וועגן דער שעפערישער טעטיקייט פון די יונגע ליטעראַטן. צווישן אַנדערס האָט ער דערמאָנט, אַז שלוימע רויטמאַן איז אַמאָל אויך געווען אַ מיטגליד פון דער מאָהילעווער ליטעראַרישער פאַרייניקונג.

צום שלוס פון דער באַגעגעניש האָט שלוימע רויטמאַן פאָרגעלייענט זײַנע לידער אין ייִדיש און אין דער איבערזעצונג אויף רוסיש.

די אָרטיקע צײַטונג «Наддністранська правда» האָט וועגן דער באַגעגעניש אָפּגעדרוקט אַ גרעסער אַרטיקל פון א. ראַכלין אונטערן נאָמען „די צווייטע באַגעגעניש מיטן דיכטער“.

---

ב. א ט ל א ס און ה. ק א פּ ל ו ן (שטאָט גאָרקי): דער טעאַטער־אַנסאַמבל אונטער דער אָנפירונג פון אַנע גוזיק האָט דאָ מיט דערפאָלג באַוויזן „בלאָנדזשנדע שטערן“ לויט שאָלעם־עליכעמען. די צײַטונג „גאָרקאָווסקי ראַבאָטשי“ האָט אָפּגעדרוקט אַ וואַרעמען אָפּרוף וועגן די אַרויסטרעטונגען פונעם אַנסאַמבל.

## אויסשטעלונג פונעם קינסטלער זינאָווי טאַלקאַטשאָוו

אין לאָקאַל פון דער רעדאַקציע „סאָוועטיש היימלאַנד" איז איינגעאָרדנט א פּערסאָנעלע אויסשטעלונג פונעם באַקאַנטן יידישן קינסטלער זינאָווי טאַלקאַטשאָוו, וועמעס אַרבעטן עס זיינען עטלעכע מאָל פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין אונדזער זשורנאַל.

אַף דער אויסשטעלונג ווערן עקספּאָנירט ז. טאַלקאַטשאָווס צוויי נייע סעריעס צייכענונגען און געמעלן, געווידמעט י.־ל. פּערעצן, און א ריי אַרבעטן פון זיינע באַוווּסטע סעריעס „אָשווענטשים" און „טרעבלינקע".

## דעם אָנדענק פון אַן אַלטן קולטור־טוער

דעם 15 מאַרט וואָלט 100 יאָר, זינט עס איז געבוירן געוואָרן דער יידישער אַקטיאָר און קולטור־טוער כאַיִם־הירש גורעוויטש. א געבוירענער אין שטעטל ליעפּין (וויטעבסקער גובערניע), קומט ער אין די 80־ער יאָרן קיין טשערניגאָוו. ער פאַרוואַלטעט דאָ מיט א צייטונג־קיאָסק און איז גלייכצייטיק אַן אומדערמידלעכער ביכער־פאַרשפּרייטער.

כאַיִם־הירש גורעוויטש גרינדעט אין טשערניגאָוו א יידישן דראַמקרייז, וועלכער טרעט אַרויס אָנהייבנדיק פון 1888 מיט ספּעקטאַקלען און קאָנצערטן. א פייִיקער אַקטיאָר און רעזשיסער, פּאָפּוליאַריזירט ער דאָס יידישע וואָרט, פירט אויף גאָלדפאַדנס פּיעסן און פילצאָליקע פּיעסן, וועלכע ער פאַרפאַסט אַליין.

גורעוויטש דרוקט לידער און אַרטיקלען אינעם יידישן זשורנאַל „די וואָך", וואָס איז דאַן דערשינען אין פּעטערבורג. אין 1900 איז אין בערדיטשעוו אַרויס זיינס א ביכל לידער.

כאַיִם־הירש גורעוויטש איז געשטאָרבן אין 1920 יאָר. ביז די לעצטע מינוטן פון זיין לעבן האָט ער ניט אופגעהערט צו אַרבעטן אין טעאַטער און צו פאַרשפּרייטן די יידישע ליטעראַטור.

* * *

עס איז געוואָרן 75 יאָר דעם יידישן זשורנאַליסט און שריפטשטעלער שאָלעם קופּערשמיד (א. בלינדער).

פון די ערשטע טעג פון דער סאָוועטנמאַכט איז שאָלעם קופּערשמיד א מיטאַרבעטער פון די צייטונגען „קאָמוניסטישע פאָן", „עמעס" און „שטערן". ער האָט פאַרעפנטלעכט א ריי פאָרשערישע אַרבעטן וועגן יידישער גראַמאַטיק אין די וויסנשאַפטלעכע זשורנאַלן „שריפטן", „די יידישע שפּראַך", אַרויסגעלאָזט א זאַמלונג פון יידישע פאָלקסלידער. שאָלעם קופּערשמיד איז דער אַוטאָר פון אַן עסיי „דאָס פאָלק זינגט" וועגן דער אַלטער און נייער ליד און וועגן יידישע פאָלקס־זינגער. אין 1948 איז אין מאָסקווער אַלמאַנאַך „היימלאַנד" געווען אָפּגעדרוקט זיינער אַן עסיי „שאָלעם־אַלייכעם אין בעלאַצערקאָוו".

סאָף מילכאָמע איז אין מאָסקווע דערשינען ש. קופּערשמידס א זאַמלונג „יידישע פאָלקסלידער וועגן דער גרויסער פּאַטערלענדישער מילכאָמע" אונטער דער רעדאַקציע און מיט א פאָרוואָרט פון י. דאָברושין.

א. טיימאַן.

## קאָוועד זייער אָנדענק

### מוישע יודאָווין

אין מינסק איז געשטאָרבן דער יידישער אַרבעטער־דיכטער מוישע יודאָווין. פון סאַמע אָנהייב פון דער גרויסער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע האָט מ. יודאָווין געדרוקט זיינע רעוואָליוציאָנערע לידער אין די יידישע קאָמוניסטישע צייטונגען. אין 1918 איז דערשינען אין וויטעבסק זיין בוך לידער „קנוילנצייט".

מוישע יודאָווין פאַרבלייבט אין זיקאָרן פון דער יידישער סאָוועטישער פּאָעזיע ווי איינער פון אירע ערשטע פאָרשטייער.

### גוטע מאַרגאַליס

אין עלטער פון 77 יאָר איז אין מאָסקווע געשטאָרבן גוטע מאַרגאַליס. דערצויגן אין אַן אָרעמער פאַמיליע אין ליטע, האָט מאַרגאַליס פון דער פריִער יוגנט אָנגעהויבן זיך באַטייליקן אין דער רעוואָליוציאָנערער אַרבעטער־באַוועגונג אין רוסלאַנד און פּוילן.

גוטע מאַרגאַליס האָט א סאַך אופגעטאָן אין געביט פון פּאָפּוליאַריזירן די יידישע סאָוועטישע קולטור.

### יאַנקעוו נאַדאַלני

אין עלטער פון 72 יאָר איז אין אומאַן (טשערקאַסער געגנט) געשטאָרבן יאַנקעוו נאַדאַלני. פיל אונדזערע שרייבער ווייסן דעם נאָמען פון דעם דאָזיקן אַלטן יידישן לערער. דאָס איז געווען א טיכטיקער קולטור־טוער, א פאַרליבטער אין דער יידישער סאָוועטישער ליטעראַטור. ער האָט פיל קויכעס אָפּגעגעבן, קעדיי דערנענטערן די ליטעראַטור צום לייענער. אין א גרויסער מאָס אַדאַנק יאַנקעוו נאַדאַלנין איז אומאַן א שטאָט, ווו יידישע שרייבער, אָנהייבנדיק פון בערגעלסאָנען, האָפשטיינען, קוויטקאָן, פעפערן, פינינבערגן, פלעגן זיך אָפט טרעפן מיט זייערע לייענער אַף ליטעראַרישע באַגעגענישן און אָוונטן.

מיר וועלן פאַרהיטן דעם אָנדענק פון אונדזער טייערן פריינט.

הערשל פּאָליאַנקער, אַווראָם גאָנטאַר, מאָטל גרוביאַן, מויני שולמאַן, הערש רעמעניק, מאָטל שטורמאַן, הערש אינגער.

---

## טיקן־טאָעס

אין מ. שאַפּיראָס א רעפּליק „וועגן איינער אַן אויסשטעלונג" („סאָוו. היימל." נומ. 2, 1966) זיינען מאַכמעס א טעכנישן פאַרזען אַריינגעפאַלן צוויי דרוקפעלערן: אָנשטאָט יאָהאַן בערנשטיינס א מיסיאָנעריש ביכל דאַרף זיין: יאָהאַן בעשענשטיינס א מיסיאָנעריש ביכל, און אָנשטאָט אָנהייב XV יאָרהונדערט דאַרף זיין: אָנהייב XVI יאָרהונדערט.

# שרײַבער און ווערק

## נאָטיצן אַפֿן קאַלענדאַר

עס איז געוואָרן 80 יאָר, זינט עס איז געבוירן געוואָרן די באַוווּסטע געזעלשאַפֿטלעכע טוערן און שרײַבערן גינע מעדעם.

גינע מעדעם איז געבוירן אין פּוילן אין אַ פֿאַרמעגלעכער אַסימילירטער פֿאַמיליע. נאָך אין די יונגע יאָרן איז זי אַן אַקטיווער אָנטיילנעמער פֿון דער אַרבעטער־באַוועגונג.

די געזעלשאַפֿטלעכע טעטיקײַט פֿון גינע מעדעם האָט אָנגענומען אַ באַזונדערס באַדײַטנדיקן פֿאַרנעם אין די לעצטע צענדליקער יאָרן, ווען זי באַטייליקט זיך אַקטיוו מיט פּען און וואָרט אינעם קאַמף קעגן מילכאָמע, קעגן פֿאַשיזם, פֿאַר שאָלעם און דעמאָקראַטיע. זי טרעט אַרויס אין פֿאַרשיידענע לענדער פֿאַר גרויסע אַודיטאָריעס אַרבעטער און אינטעליגענץ. אין די יאָרן 1936—1937 נעמט זי אַן אַקטיוון אָנטייל אין דער אינטערנאַציאָנאַלער באַוועגונג צו־הילף דער רעפּובליקאַנישער שפּאַניע.

גינע מעדעם איז פֿון לאַנגע יאָרן אַן איבערגעגעבענער פֿרײַנט פֿונעם ראַטנפֿאַרבאַנד. זי האָט פֿיל אויפֿגעטאָן, כּדי צו פּאָפּולאַריזירן די מאַסמיטלען פֿון דער ראַטנמאַכט אויף געזונט מאַכן דאָס עקאָנאָמישע לעבן פֿון די ייִדישע מאַסן.

אַלס זשורנאַליסט און שרײַבער אַרבעט מיט גינע מעדעם אין דער ייִדישער פּראָגרעסיווער פּרעסע פֿון אַ ריי לענדער (אין דער „מאָרגן־פֿרײַהײַט“ און אַנד.). פֿון אירע ליטעראַרישע ווערק דאַרף דערמאָנט ווערן דער אויטאָביאָגראַפֿישער בוך „אַ לעבנס־ווערק“ און „לענדער, פֿעלקער, קאַמפֿן“ (רײַזע־אײַנדרוקן איבער די לענדער פֿון אייראָפּע, אַזיע, אַפֿריקע,



אַמעריקע און באַזונדערס אין סאָוועטנפֿאַרבאַנד — אין ביראָבידזשאַן).

גינע מעדעם לעבט איצט אין לאָס־אַנזשעלאָס (קאַליפֿאָרניע, פֿש״א).

דעם 14 אַפּרעל איז געוואָרן פֿינף און זיבעציק יאָר, זינט עס איז געבוירן געוואָרן איינער פֿון די ערשטע ייִדישע סאָוועטישע דיכטער אַווראָם שוויכעט.



אַווראָם שוויכעט איז געבוירן אין שטעטל טשודנאָוו (וואָלינער גוב.). נאָך אַ ייִנגל, האָט ער זיך באַטייליקט אין דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע. אין 1919 טרעט ער אַרײַן אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. אײנצײַטיק נעמט שוויכעט אַן אַקטיוון אָנטייל אינעם בירגערקריג אַלס שלאַכטמאַן אין דער 9־טער שיסער־דיוויזיע אויפֿן וראַנגעל־פֿראָנט. נאָכן בירגערקריג האָט שוויכעט זיך פֿאַרנומען מיט פּאַרטיייִשער אַרבעט.

זײַן שעפֿערישע טעטיקײַט האָט אַווראָם שוויכעט אָנגעהויבן אין דער ליטעראַרישער גרופּע „ווידערוווקס“ (קיִעוו, 1922) און אין פֿאַרלאַג „ליריק“, אין וועלכן עס איז דערשינען זײַן לידער־זאַמלונג „אָנגריף“, וועגן וועלכער דאַוויד האָפֿשטיין ,האָט געשריבן אין זײַן פֿאָרוואָרט, אַז „אַ. שוויכעט האָט געבראַכט זײַנע לידער פֿון אָנגריף אויף פּערעקאָפּ“.

סוף 1922 פֿאָרט שוויכעט אַריבער קיין מאָסקווע, וווּ ער לערנט אין אינסטיטוט פֿון רויטער פּראָפֿעסור און באַטייליקט זיך אַקטיוו אין דער ליטעראַרישער אַרבעט פֿון דער ייִדישער סעקציע מאַפּפּ צוזאַמען מיט די שרײַבער כ. גילדין, אַ. וועוויאָרקע, י. ראַבין און אַנדערע. אײנצײַטיק אַרבעט ער אַלס עקאָנאָמיסט אין פֿאַרשיידענע סאָוועטישע מעלוכע־אַנשטאַלטן. ער דרוקט זײַנע לידער אין פֿאַרשיידענע זשורנאַלן. שוויכעט האָט אויך פֿאַרעפֿנטלעכט אין זשורנאַל „פּיִאָנער“ אַ קינדער־פּיעסע „אין וועג“ און אַ ריי אַרטיקלען אויף פֿאַרשיידענע טעמעס.

אין אָנהייב פֿון דער גרויסער פֿאָטערלענדישער מילכאָמע איז אַווראָם שוויכעט פֿרײַוויליק אַוועק אויפֿן פֿראָנט, וווּ ער איז העלדיש אומגעקומען אין אָקטיאַבער 1941.

עס איז אַלט געוואָרן 60 יאָר זאַלמען קאַהאַן. מיט פֿערציק יאָר צוריק האָבן אין מינסקער „אָקטיאַבער“ זיך באַוויזן זײַנע ערשטע קאָרעספּאָנדענצן. פֿון דעמאָלט אָן דינט ער טרײַ דער ייִדישער סאָוועטישער פּרעסע און ליטעראַטור. ער איז געווען אַן אַקטיווער קאָרעספּאָנדענט פֿונעם מאָסקווער „עמעס“, כאַרקאָווער „שטערן“ און אין די יאָרן פֿון מילכאָמע — פֿון דער „אײניקײַט“.

נאָכן פֿאַרענדיקן אין 1930 דעם אוניווערסיטעט אַרבעט ז. קאַהאַן אין כאַרקאָווער צײַטונגס־טעכניקום און אין אינסטיטוט פֿאַר זשורנאַליסטיק.

אין 1934 האָט דער מינסקער ליטעראַרישער זשורנאַל „שטערן“ אָפּגעדרוקט ז. קאַהאַנס ערשטע דערציילונג „סטודענטן“. ז. קאַהאַן איז באַזונדערס טעטיק אין זשאַנער פֿון עסטראַדע־דראַמאַטורגיע.



# רעפֿאַעל כוואַלעס



דער שול־הויף ווינטער (1946, גואש)

דער קינסטלער פון פאָלקס־פּוילן רעפֿאַעל כוואַלעס שטאַמט פון ווילנע. אין דער מאָלעריי־קונסט איז ער גע־קומען מיט בילדער פון אַלט־ווילנע, פון אירע גאַסן און הייפֿעלעך. שטענדיק מאָלט כוואַלעס די לאַנדשאַפֿטן פון זיין היימשטאָט.

שוין ביז דער מילכאָמע האָט דער יונגער מאָלער באַ־וויזן זיינע אויסשטעלונגען אין ביאַליסטאָק, וואַרשע, שפּע־טער אויך אין מינסק און אין מאָסקווע.

נאָכן קריג האָט רעפֿאַעל כוואַלעס זיך אומגעקערט קיין ווילנע, וווּ ער שאַפֿט אַ סעריע בילדער און צייכענונגען וועגן די ליידן פון זיין רויִנירטער מיצאַד די פֿאַשיסטן היים.

אין די שפּעטערדיקע יאָרן הייבט זיך אָן אַ נייער עטאַפּ אין כוואַלעסעס שאַפונג. אָנשטאָט די טרויעריקע געטאָ־מאָטיוון באַווייזן זיך זיינע נייע פאַרבנרייכע, טעמפּעראַ־מענטפולע בילדער, אין וועלכע ער באַזינגט די נאַטור, דאָס לעבן. אָבער אויך די טעמע וועגן דער מילכאָמע לאָזט אים ניט צורו, ער קערט זיך צו איר אום און באַ־ווייזט זי מיט אויסגעוואַקסענער מייסטערשאַפט.

רעפֿאַעל כוואַלעס איז שעפעריש אין פאַרשיידענע זשאַנ־רען (פּייזאַזש, קאָמפּאָזיציע, פּאָרטרעט, נאַטורמאָרט). ער מאָלט מיט אייל־פאַרבן, אַקוואַרעל, טעמפּערע, גואַש. אין אַלע זיינע שאַפונגען פאַרהיט ער זיין אייגנטימלעכקייט און זיין אינדיווידואַליטעט.

מיר ברענגען אָף דער ביילאַגע עטלעכע ווערק פון דעם טאַלאַנטפולן קינסטלער.

קאָמפּאָזיציע (1956, אַקוואַרעל)





מײַנע פּאַלאַצן (1957, אײל)

אין געטאָ אַרײַן (1946, אײל)



דערמאָנונג (1961, אײל)



## טײַערע לייענער!

אויב דער טערמין פון אײַער אבאָנירונג אף „סאָוועטיש היימלאנד“ אפן 1966 ענדיקט זיך אין יון כוידעש, פארגעסט ניט באצײַטנס באנײַען זי אפן צווייטן האלבן יאָר.

די אבאָנירונג ווערט אָנגענומען דורך אלע אָפטיילונגען פון „סאָיוזפעטשאט“ און אין אלע פאָטשטאָפטיילונגען.


**СОВЕТИШ ГЕЙМЛАНД (СОВЕТСКАЯ РОДИНА)**

Ежемесячный литературно-художественный журнал

Орган Союза писателей СССР

*(на еврейском языке)*

Год издания шестой

Издательство «Советский писатель»





Адрес редакции журнала: Москва, Центр, ул. Кирова, 17.

Телефоны: главный редактор — Б 8-27-91; ответственный секретарь — К 4-46-69; отделы прозы и поэзии — Б 8-49-42; отдел критики — Б 3-96-07.



Художеств. и техн. редакция: И. Шустер и А. Токер

Корректоры А. Стрельник и Д. Грозовская

Подписано к печати 16/III 1966 г. Формат 70×108$^{1}/_{16}$. Печ. л. 10(13,70). Бум. л. 5+2 вклейки. Уч.-изд. л. 16,21. Цена 50 коп. Заказ 1238.

Московская типография № 7 Главполиграфпрома Государственного Комитета Совета Министров СССР по печати. Пер. Аксакова, 13.

Цена 50 коп.

70821



# СОВЕТИШ ГЕЙМЛАНД

# СОВЕТСКАЯ РОДИНА

## № 4

1966

**В НОМЕРЕ:**

**К годовщине со дня рождения В. И. Ленина.** Воспоминания А. В. Луначарского. Б. Яковлев. Воинственный оптимизм.

Стихи еврейских поэтов народной Польши К. Сегала, Д. Сфарда, М. Шкляра.

А. Печерский. Им нет прощения (о суде над палачами лагеря смерти в Собибуре).

М. Елин. Четыре рассказа.

Г. Ошерович. Вавилонская башня. (Поэма).

**Стихи** М. Лифшица, Ш. Чернявского.

А. Губерман. У нас в Фельштине. (Рассказ).

И. Рабин. Сосны и ели. (Повесть).

И. Друкер. Музыканты. (Роман. Продолжение).

**ТРИБУНА ЖИЗНИ**

А. Вергелис. Уругвай. (Очерк. Окончание).

**ЛИТЕРАТУРА И ИСКУССТВО**

Письма Шолом-Алейхема. Публикация Г. Александрова.

Е. Лойцкер. Путь писателя.

Ш. Горшман. Читая книгу И. Мераса «Вечный шах».

Е. Любомирский. О книге Ш. Белиса «Портреты и проблемы».

Хроника. Заметки на календаре.